אַרויסגעגעבן
מיט יראת־הכבוד און טיפער ליבשאַפט
צום 80סטן געבוירן־יאָר פון
עלי שעכטמאַן
דורך אַ קאָמיטעט
אין ניו־יאָרק, טאָראָנטאָ, בוענאָס־איַירעס

און יוסף האָט דערקענט זײַנע ברידער,
און זיי האָבן אים ניט דערקענט. (בראשית)

פֿאַראַן אַ דור וואָס שילט זײַן פֿאָטער,
און בענטשט ניט זײַן מוטער. (משלי)

איך באַשווער אײַך הײַנט, פֿויגלען, אײַך, ווינטן, אײַך, האָגלען,
מײַן זייונג ניט קלײַבן, מײַן זייונג ניט שלאָגן!
איך האָב מיר מײַן זייונג אויף אַקסלען געטראָגן
פֿון וועגן פֿון ווײַטע, פֿון וואַנדער, פֿון וואָגל...
(דוד האָפֿשטיין)

# א

און דערנאָך, און ווײַטער, אַז דאָך, און פֿאַרט, טאָקע על־פּי נס, טאָקע ווי נאָר דורך אַ העכערן כּוח, פֿון אַלע פֿאַרשטעלט־און סכּנותדיקע באַרגשפּאַלטן און וואַסער־קאַלוואַראָטן, שוין אַ האַלב־בלינדער, מיטן שטעקן, מיטן איינציקן אַנשפּאַר, אין דער אײַנשטעלעריש־פֿאַרוואָרצלטער האַנט, מיטן געשטרײַפּטן וואַלענעם שאַרף אויף דעם ניט־געבויגענעם רוקן, אויף די נאָך אַלץ פֿון חידוש אונטערגעהויבענע אַקסלען, בײַ דער בלוטיקער שײַן פֿון די אזכּרה־ליכט, אין זײַן אייביקער אבֿלות, אין דער גרויסער אַליין־און עלנטקײַט, — האָט דען ווען־און־ווו אויף דער ערד געלעבט אַ דיכטער וואָס זאָל זאָגן קדיש נאָך זײַן אויסגעהרגעט און פֿאַרברענט פֿאָלק? — אַז ער, אלישע בן־מאיר בן־ארי־הכהן, איז נאָך טיפֿער אין די יאָרן אַרײַן, שוין אין דעם שקיעה־טאָל אַראָפּגע־נידערט, שוין צו דעם דרײַפֿערטל יאָרהונדערט פֿון זײַן לעבן זיך דערקליבן — אַ לאַנגער, אַ גורל־וויכערדיקער וועג, וואָס הייבט זיך אָן דעמאָלטן, אין יענעם סופֿזומערדיקן פֿאַרנאַכט, און דאָרטן, אין דעם ווײַט־וואַלדיקן פּאָלעסיער דאָרף, ווו די נאַהאַדיִערן, די טאָכטער פֿון ר׳ אהרן הלוי, האָט אים, דאָס אַכטע קינד, בײַם פֿאָרעזן זיך אויפֿן גאָרטן געבאָרן, צווישן די ווײַס־גרינלעכע היפּט־לעך קרויט, טונקל־ברוינע מאָן־פּעסעלעך אויף די שוואַרצע שטענגלעך, בײַ די

שוין בלינדע סאָנישניקעס און געל־בײַכיקע טיקוועס, מיט די אויסגעצויגענע העלדזער, ווי צו דער שחיטה... בײַ די פּילקאָלירנדיקע ריחות פֿון די נאָך בליִענדיקע מאַלוועס, אַסטרעס, נאַסטורציעס און געאָרגינעס; דאָרטן, אויפֿן גאָרטן, ליגנדיק אויפֿן פֿאַרנאַכטיק־לאַנגן שאָטן פֿון דעם אַלטן ברייט־צע־צווײַגטן באַרנבוים, אונטער די שוין אָפּגעקילטע, שוין נידעריקער געוואָרענע הימלען, איז זײַן ערשטער געשריי דאָ, אויף דער ערד, אין דעם טומל און געפּילדער פֿון די שאַרעס פֿייגלען אויף די סטאַוו־וואַסערן, אין דעם גאָלד־באַברעמטן לילאָוון נעפּל אַרײַנגעפֿאַלן... — פֿון יענעם דאָרף, פֿון דעם ווײַט־וואַלדיקן, מיט די סינקע־געשמירטע ווענט אונטער די שטרויענע דעכער, פֿון זון און ווינט איבערגעטרוקנטע, ווי די פֿויערשע בערד; מיט די וואָרעמע סעדער, שוין ערבֿ־בלעטערפֿאַל, אויסגעשטערנט־פֿאַרביקע, ווי די געקעסטלט־אויסגענייטע חגא־העמדער; מיט די האַרבסטיק־ווײַניקע ריחות פֿון עפּל, פֿײַכטע ווערבעס, פֿון טאָפּאָלן מיט רויטע מולד־סערפּן, וואָס וויגן זיך אין די נעכט אויף די שפּיץ צווײַגן; מיטן סופּזומערדיקן געדיכטן שטויב אויפֿן שליאַך, וואָס די כודאָבע הייבט אויף, גייענדיק מיט אַ רעוועריַ פֿון דער פּאַשע, פֿון די סטערניע־פֿעלדער, מיט די איבערגעפֿולטע ראָזעווע אײַטערס — פֿון די טונקל־ברוינע, כמעט שוואַרצע דויקעס, טריפֿט זיי שוין די מילך... — פֿון יענעם ווײַטן וואַלד־וועלטיקן קאַנט, פֿון יענע טיף־זאַמדיקע וועגן, ווו ס'זײַנען די שלייפֿן פֿון זײַן זיידנס וואָגן, פֿון יענעם קרומען ראָד פֿאַרבליבן, ווו בײַ דער וואַלד־שקיעה וויל ער, אלישע בן־מאיר, דער נאָהאַדיִערנס, זײַן מאַמעס קול, איר וווּנדערלעכן לשון, איר נשמהדיקן ניגון דערהערן... — די וועגן פֿון דאָרטן, פֿון די בערג בײַם דניעפּער־טײַך, ביז אַהער־צו, ביז צו די בערג פֿון יהודה, זײַנען אים מיט אָנגעגליטע יסורים־שטיינער פֿאַרוואַלגערט געוואָרן, מיט וויכערדיקע פֿלאַמען פֿאַרשטעלט געווען, מיט די ציינער אין דעם לעצטן שטערן זיך אײַנגעביסן, אויפֿן ראַנד פֿון אומקום־תהום, מיט אַלע זײַנע גילגולים, זיך געפֿונען, שוין בײַ יענע גיהנום־טויערן געשטאַנען, ווו בײַם אַרײַנגאַנג דאַרף מען אַלע הייסע דימיונות און האָפֿענונגען אויפֿן שוועל איבערלאָזן... — און דאָך האָט ער זיך אַהער, צו דעם לאַנד פֿון זײַנע אָבֿות, דערקליבן, דאָך איז ער, דער לעצטער ייִדישער שרײַבער פֿונעם גרויסן שבֿט יהודה אין גלות, אַהער, צו די בערג פֿון ירושלים, דערגאַנגען און אָנגעקומען פֿון דאָרטן, ווו אין יעדן פֿאַרנאַכט, בײַם זון־לעשן־זיך, איבער די טיפֿע און שיטעווידיקע ווײַסע זאַמדן לענג־אויס דעם דניעפּער־טײַך געשפּאַנט, איבער

זײַן עלנט־און אַליינקײַט געטראָטן שטיל, — ס'זאָל חלילה ניט פֿאַרלאָרן ווערן קיין איין טראָפּן פֿון יענער פֿרייד, וואָס ער האָט אין זײַן קראַנקן האַרץ, נאָכן אינפאַרקט, מיטן אויפֿקום פֿון דער מדינה געטראָגן... און אַזוי טאָג־איִן, טאָג־אויס, נאָכן אַרויסגיין פֿון תּפֿיסה, נאָכן ניצול ווערן, מיטן אייבערשטנס חסד, פֿון סטאַלינס, פֿון סמערדיאַקאָוו דעם צווייטנס האַק, וואָס האָט אין משך פֿון יאָרן, פֿאַר די אויגן פֿון דער גאַנצער וועלט, פֿון קיינעם ניט געשטערט און ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן, די ייִדישע קולטור און אירע גרויסע זינגער אומגע־בראַכט... געשפּאַנט דאָרטן, נאָכן טאָג שלײַפֿן און פֿײַלן יעדער שורה, איטלעך וואָרט פֿון וועגן די באַיאַרס, געגאַנגען דאָרטן, בײַם זון־לעשן־זיך, אין די טיפֿע זאַמדן, צו דער ייִדישער מדינה, צו דער אויסגעטרוימטער וואָר פֿון זײַן פֿאָלק, צום טרוים פֿון צוויי טויזנט יאָר בלוטיקן גלות... געגאַנגען לענג־אויס דעם דניעפּער־טײַך, קוים די פֿיס פֿון די שיטעווודיקע זאַמדן אַרויסגעשלעפּט, מיטן ניט־געשטילטן בריִענדיקן ווייטיק אין אַלע בלוטן, וואָס דער טרוים איז מקוים געוואָרן שוין דעמאָלטן, ווען דער גרויסער טרוימער, דער עקשנות־דיקער בעל־ביטחון, איז שוין מיט ווײַב און קינד אין באַבי־יאַר, אין פּאָנאַר, אין די בערג אַש פֿון אוישוויץ און טרעבלינקע געלעגן... דער טרוים איז מקוים געוואָרן און ער, דער טרוימער, איז דאָרטן, אין די שוואַרצע אזכּרה־ליכט פֿאַרבליבן! — און אַזוי, כּמעט אַ פֿערטל יאָרהונדערט, מיט דער נשמה אין די פֿײַערדיקע צער־און צאָרן־רינגען, איז ער, אלישע בן־מאיר בן־אריה הכּהן, איבער יענע טיפֿע זאַמדן לענג־אויס דעם דניעפּער־טײַך, פֿון יענעם דזשונגל־שווילי־לאַנד, געגאַנגען אַהער, צום מקוים געוואָרענעם טרוים. — און איז דערגאַנגען און אָנגעקומען!

און שוין דאָ, אין גרונטפֿעסטיקײַט, ווו אַ דאַך איבער זײַן יצירה־לעבן געוואָלט און באַדאַרפֿט געפֿינען, שוין דאָ, בײַ די אויסגעטרוימט־און אויסגע־בענקטע בערג פֿון ירושלים, שוין דאָ איז ער, דער ייִדישער שרײַבער, פֿון די נײַע נבֿיאים, פֿון די נײַע לוחות־געבער, וואָס זייערע קינדער שרײַען אויף דער גאַנצער וועלט, אָן שום חרפּה, מיט חוצפּה, מיט באַרימערײַ און פֿאַרריסנקײַט: לא יהודים, ישׂראלים אנחנו... זיי, אָט די נײַע איזראַעליטן, האָבן אים, אלישען בן־מאיר בן־אריה הכּהן, צו אַ ווײַט־פֿרעמדן, צו אַ גר, צו אַ לועזית־שרײַבער צוגעגליכן, און אויך דאָ אויף ביטערער אַליין־און עלנטקײַט פֿאַרמישפּט... שוין דאָ, ווו מ'וויל פֿון שערבלעך אַ ווונדערקרוג צונויפֿקלעפּן, פֿון אָסיקע־שפּענער אַ דעמב אויפֿשטעלן, דעם אויסגעטרוקנטן ברונעם מיט טוי אָנפֿילן;

שוין דאָ, אין זײַן פֿאַרשטויסן־און פֿאַרטריבנקייט, ווו זײַן ענטפֿער און קעגנ־שטעלן־זיך אין דער זעלביקער ווי דאָרטן, בײַם דניעפּער־טײַך, התבודדות און שווײַגן . . . אין די נעכט, מיטן געשטרײַפּטן שאַרף אויף די אַקסלען, נאָך מיטן שטויב פֿון די וואַנדער־און וואָגל־וועגן אויף די וויִעס, נאָך מיט די איבער־געטרוקנט־צעשפּאָלטענע ליפּן פֿון היץ און קעלט, פֿון ווײ און ווינט, מיט צע־שלאָגן־און צעבלוטיקטע פֿיס, מיט די פֿײַערדיקע פֿײַן־רינגען אויף דער נשמה, בײַ די שוואַרצע אזכּרה־ליכט, זײַן צוואה פֿאַר די קומענדיקע דורות ווײַטער מיטן בלוט פֿון האַרצן געשריבן, געפֿײַלט און געשליפֿן, און אין די פֿאַרטאָגן אין זײַן האַלב־דרימל, דער טאָכטערס קול געהערט פֿון דאָרטן, פֿון די ווײַטע קאַרפּאַטן־בערג, און אויך זײַן טאַטן מיט די גרויסע גאולה־בענקענדיקע אויגן, מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט אויפֿן יאַר־יאַריד געזען שטיין און בעטלען בײַ דער וועלט אַ ברעקל מזל, און ניט פֿאַר זיך, און אַפֿילו ניט פֿאַר איר, פֿאַר דער נאָהאַדיִערן, פֿאַר זײַן טרייסט און קרוין, נאָר פֿאַר זיי, פֿאַר די קינדער זײַנע, וואָס האָבן בײַם לייגן זיך שלאָפֿן אויף דער ערד ניט געוויינט, נאָר פֿון הונגער געלאַכט . . . און אויך דאָ, אין די קאַיאָרן, אין דעם האַלב־דרימל, געזען ווי עמעצנס אַ פֿאַרבלוטיקטער פֿינגער קריצט מיטן נאָגל צווישן די שאָטנס פֿון די דרײַ קיפּאַריסן אויף דער וואַנט: אין דער וועלט איז קיים היים ניטאָ, און אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ!

און אויך דעמאָלטן, אין די נעכט מיט די אויסגעלאָשענע שטערן, צווישן די שאָטנס פֿון די דרײַ קיפּאַריסן אויף דער וואַנט, וויכערט יענע פֿײַערדיקע באָרד פֿון זײַן גמרא־מלמד, פֿון ר׳ שמואל־יאָסלען: גורל, אלישע, גורל, דעם גורל קאָן אַ מענטש ניט מתקן זײַן. אין אַ פֿינצטערן גורל, אלישע, קאָן מען שוין קיין ליכט ניט אָנצינדן. אין אַ פֿינצטערן גורל וועלן זיך פֿאַרלעשן אַפֿילו די ליכט פֿון בית המיקדש . . . אַז מ׳ווערט געבוירן אין חודש אלול, שוין בײַ דער שקיעה, ליגט מען שוין דעם גאַנצן לעבן אין דער קאַלטער ערד . . . גורל, אלישע, גורל!

און דאָ דערזעט ער, אלישע, הינטער שמואל־יאָסלס פּלייצעס, טאַקע דאָרטן, צווישן די שאָטנס פֿון די דרײַ קיפּאַריסן, דעם משוגענעם, פּיטשען, שטיין, מיט אַן אָפֿן אויג, אַן אויסגעטרוקנטס, אַ רויטס, די פֿינגער פֿוןביידע הענט אין דער פֿאַרפּלאָנטערטער פּעך־שוואַרצער באָרד, אַ באַרוועסער, אין דעם לאַנגן פּיטש נאַסן ווײַסן קיטל, ווי ערשט פֿון טײַך אַרויסגענומען, און לאַכט אויף אַ קול:

— גורל, גורל... געבוירן געוואָרן אויפֿן גאַרטן... ייִדן זײַנען געבוירן געוואָרן אין מידבר... אברהם אבינו איז געבוירן געוואָרן בײַם כּומר, בײַ תּרחן... חנינא בן דוסאס ציגן האָבן געבראַכט בערן אויף זייערע הערנער... די מוטער שׂרה האָט געבוירן יצחקן בײַ הונדערט יאָר... גורל, גורל! געבוירן געוואָרן אויפֿן גאַרטן, בײַ דער שקיעה... דער וואָס ליגט אויף דער ערד, דער קוקט אין די הימלען אַרײַן... פֿון דער שקיעה, שמואל־יאָסל, ווערט שפּעטער אַ זריחה... עשׂרה חלקים יסורים בעולם — תּשעה בירושלים ואחד בכל העולם... כאַ־כאַ־כאַ... גורל, גורל!

און אַזוי, אין אָט דער אַליין־און עלנטקייט, — ס׳איז אים אַפֿילו שווער, דעם אַלטן שרײַבער, צו דערציילן, אויפֿדעקן און מגלה־זײַן, וואָס אין זײַן האַרצן טוט זיך, ווײַל ווּ נעמט מען אויף דעם אַזוי פֿיל כּוחות? ווּעמען איז עס געגעבן געוואָרן צו קאָנען איבערגעבן, וואָס אין האַרצן טוט זיך און קומט דאָרטן פֿאָר, וואָסערע פֿײַערן ס׳וויכערן דאָרטן? אַז טאָג נאָך טאָג, נאַכט נאָך נאַכט, שעה נאָך שעה און רגע נאָך רגע ווערן דאָך דאָרטן, אין זײַן האַרצן, אויך בײַ די אזכּרה־ליכט, גאָלדענע בריקן געבויט, וואָס פֿירן אים באַלד אין שוואַרצן תּהום אַרײַן; אין זײַן האַרצן, ווערן אויך קרישטאָלענע פּאַלאַצן אויפֿגעשטעלט, וואָס ווערן תּיכּף פֿאַר אים ענגער פֿון תּפֿיסות; דאָרטן, אין זײַן האַרצן, ליגן פֿרילינגדיקע הימלען מיט מערערע בית־עלמינס ווי דאָ אויף דער ערד... — און אַזוי, אַ פֿרעמדער, אַ פֿרעמדער אין זײַן אייגענעם טרוים, אין זײַן אַליין־און עלנטקייט, נאָך אין דער גרעסערער ווי דאָרטן, בײַם דניעפּערטײַך, ווּ אין די נעכט פֿון אויסגעלאָשענע שטערן נאָך שטאַרקער און נאָך שאַרפֿער די נאָענטקייט פֿון לעבן געזען; דאָרטן, בײַ די וויי־און צאָרן־ברינעמער, ווּ יענע ליכט פֿון דער אויפֿגעקומענער מדינה פֿאַרט פֿון אויג ניט פֿאַרלאָרן, געגאַנגען ווי זי, ווי די מומע ליבע, וואָס אויפֿן וועג צו איר קינד, צו דניאלקען, אין דער זאַווערוכע־נאַכט אַרײַנגעפֿאַלן... — און אַזוי, שוין דאָ, אַ פֿרעמדער אין זײַן אייגן לאַנד, — אַנומלטן, פֿאַר די צען יאָר זײַן דאָ, און גראָד אין די ערשטע לבֿנון־וואָכן, קלינגט מען אים אָן, אלישען בן־מאיר, פֿון דער טעלעוויזיע: מ׳וואָלט וועלן מיט אים אַ שמועס האָבן! — ענטפֿערט ער זיי: — גוט, שוין צײַט... נאָר איך וועל אין דער טעלעוויזיע רעדן ייִדיש!... — איז מען דאָרטן גלײַך אַנטשוויגן געוואָרן, מיט אַ מאָל דעם לשון פֿאַרלאָרן... ייִדיש? מ׳קאָן דאָרטן אין דער טעלעוויזיע, שעהען־לאַנג רעדן ענגליש, פֿראַנצייזיש, דײַטש... אָבער ייִדיש? ס׳איז דאָך שוין גאָר ניט כּכל הגוים! — און

אַזוי, אין זײַן אַליין־און עלנטקייט, אָבער ניט־געבויגן און ניט־אײַנגעבויגן געוואָרן, מיטן שטעקן אין דער האַנט, געהיט און פּאַמעלעכן, שוין אַ האַלב־בלינדער, אַראָפּגענידערט אַהין, אין דעם שקיעה־טאָל, און אויך דאָרטן, שוין אויפֿן דנאָ פֿון זײַן לעבן, נאָך אַלץ אין מיטן וועג זיך געזען שטיין, נאָך אַלץ געהאַלטן, אַז מיט זײַן וואָרט ביזן סוף ניט דערגאַנגען, נאָך ניט אויסגעפֿילט יענע הייליקע שליחות פֿון דעם יהודה־שבֿט בײַ די טײַכן פֿון בבֿל־רוסלאַנד, פֿון יענע גלות־ייִדן, וואָס האָבן זיך אין דער נשמה פֿאַר קיינעם ניט געבויגן, פֿאַרמאָגט פֿײַערדיקע הערצער, אויסגעשטאַנען, בײַגעקומען די גרעסטע אכזריותן און קיין מאָל דעם ביטחון ניט פֿאַרלאָרן, מיטן גאַנצן האַרצן אין דער גאולה־שלימה געגלויבט און אויף דער רוצחישער וועלט מיט פֿולע אויגן טרויער און רחמים געקוקט . . . — שוין דאָרטן, אין דעם שקיעה־טאָל, זײַן אַליין־און עלנטקייט ווײַטער ניט ווי אַ קללה, נאָר ווי אַ פֿון גאָט געבענטשטע מתּנה געטראָגן, ווײַל ווי דאָרטן, בײַם דניעפּער־טײַך, געליטן דאָך פֿאַר דער ליבשאַפֿט און געטרײַשאַפֿט צו זײַן אויסגעהרגעטן פֿאָלק, פֿאַר זײַן טרינקען פֿון די קוואַלן, וואָס רוישן און זינגען מיטן ייִדיש־לשון אין אַלע זײַנע ביינער . . . דאָרטן, שוין אין דעם שקיעה־טאָל, די זיבעטע רער פֿון זײַן מנורה געשמידט, דעם זיבעטן ספֿר פֿון וועגן די באַיאָרס געשריבן, פֿון וועגן יענע ייִדן וואָס זײַנען ניט פֿון ליים, נאָר פֿון שטיין באַשאַפֿן געוואָרן, וואָס האָבן מיט זייער לײַב און לעבן, אין ביטערן, אין פֿײַערדיקן געראַנגל פֿאַרן קיום־העם, מיט זייער פּײַן און בלוט, מיט זייערע ביינער און נשמות, אין משך פֿון דורות, דעם וועג צו דער מדינה דורכגעבראָכן און אויסגעטראָטן — און די אַלע רייד וועגן די גלות־ייִדן פֿון די הײַז־יודקהס, זײַנען פּשוט דרשות פֿון שוואַרצע און ווייסטע שׂונאי־ישׂראל . . . — ניט פֿון ליבשאַפֿט און ניט פֿון בענקשאַפֿט זײַנען זיי, אָט די יודקהס, קיין ארץ־ישׂראל געלאָפֿן, נאָר פֿון שׂינאה צום גלות־פֿאָלק, ווײַל יענע, די אָרומיקע פֿעלקער, האָבן זיי, אָט די פּעלצן־איבערקערערס, צו זייער טיש ניט געוואָלט צולאָזן, פֿון איין שיסל מיט זיי ניט געוואָלט עסן . . . האָבן זיי, אָט די יודקהס, די אויסגעשפּיגענע, זיך אין דעם לאַנד פֿון די אָבֿות דערמאָנט, און גענומען קיין ארץ־ישׂראל לויפֿן, און דאָ פֿון זיך אַ „נײַ־פֿאָלק״ געוואָלט שאַפֿן . . . משה רבינו האָט מורא געהאַט פֿון זיך אַ נײַ פֿאָלק שאַפֿן, נאָר זיי, אָט די יודקהס, אָט די מיטן מינדערווערטיקן געפֿיל, מיטן קאָמפּלעקס, זיי האָבן זיך געהאַלטן ראוי, פֿאַר אויסדערווײלטע, פֿאַר אָנגעמאָסטן און פֿון גאָלד־אויסגעגאָסענע דערצו . . . מ׳איז ניט געגאַנגען מיטן גלות־פֿאָלק, מיט

זײַנע מינהגים, מיט זײַן װוּנדערלעכן לשון קיין ארץ־ישׂראל, ווי עזרא הסופֿר איז פֿון גלות־בבל מיט די ייִדן געגאַנגען...

שוין דאָ, אין דעם שקיעה־טאָל, בײַם סיום־הספֿר, שוין כמעט אָן ראיה געבליבן, דעמאָלטן האָט זי, שיינדל, זײַנע תּירוצים מער ניט געוואָלט הערן, אויף נסים ניט געוואָלט זיך פֿאַרלאָזן און אים, אלישען, אויף דער אָפּעראַציע, שוין אויף דער פֿערטער, אין „הדסה״ אַוועקגעלייגט, — דאָס איינציקע אויג פֿון אויסגעלאָשן ווערן צו פֿאַרהיטן.

## ב

און שוין אין אַ וואַך אַרום, אין דעם קאַיאַר מיט דער אויסגעבלייכט־קיַילעכדיקער, מיט דער ערבֿ־רעגנדיקער ירושלימער לבֿנה איבער די ברייט־צעוואָרפֿענע, איבער די רחבֿות־מוראדיקע טיפֿע טאָלן ביַי דער „הדסה" — פֿון יענע קדמון־יאָרן שלאָגט אויף אים תּמיד, אויפֿן אַלטן ייִדישן שריַיבער, מיט גרויליקייט און הייסן טרויער — איבער יענע קאַיאַריקע טאָלן דערזעט ער ווידער גיין אַ באָרועסע זיַין עלטערע טאָכטער, און הערט ווי זי שריַיט צו אים פֿון יענע בלוילעך־טונקעלע פֿיַיכטע נעפּלען אַרויס: וואָס זאָל איך טאָן? איך בין אַזוי פֿאַרוואָרפֿן און וויַיט פֿון אײַך, איר דאָרטן, ביַי די אָנגעגליטע מידבר־זאַמדן און איך דאָ, ביַי די קאַלטע און געדיכט־באַוואַלדיקטע, ביַי די פֿרעמדע קאַרפּאַטן־בערג . . . איך קאָן פֿון דאַנען ניט אַרויס, איך קאָן פֿון דאַנען ניט געפֿינען דעם וועג צו אײַך. פֿון אונטער די שוואַרצע שאָטנס, פֿון אונטער די אומגעלומפּערטע, פֿון אונטער די ווילד־צעוואַקסענע נאַכט־ברעמען, פֿון אָט דעם אייביקן פֿינצטערן פֿאַרטאָג קאָנען מיר זיך ביידע ניט אַרויספּלאָנטערן! — וויל ער זי, די טאָכטער זיַינע, מיט דעם שווער־יסורימדיקן גורל, טרייסטן, דאָס הארץ איר מיט ביטחון אָנפֿילן, איר פּיַין, וואָס נאָר פֿאַר די ווינט־וועלדער קאָן זי אים אויסשריַיען, יענעם פּיַין וויל ער איר, דער טאַטע, שטילן און לינדערן, נאָר דאָ נעמט מען אים די הענט און פֿיס צום שמאָלן בעטל בינדן, דעם קאָפּ צווישן צוויי וועגטלעך אַריַינלייגן, מ׳וויקלט אים אויף ניט קאָנען זיך אַ ריר טאָן, מ׳גיט אים אַ שטאַרק־ווייטיקדיקע נאָדל אונטערן רעכטן אויג, און ס׳צינדן זיך מיט אַ מאָל אָן איבער אים גרויסע ליכט־לאָמפּן, — די אָפּעראַציע הויבט זיך אָן . . . וועט דאָס רעכטע אויג דאָ ניצול און מיט בלינדקייט ניט געשלאָגן ווערן, צי ס׳וועט אויך, ווי דאָס לינקע, נאָך דער צווייטער אָפּע־ראַציע, ביַי אַ ברעקל ליכט אין דער פֿינצטערניש פֿאַרבליַיבן און ער, אלישע בן־מאיר, וועט שוין נאָר צווישן שוואַרצע אזכּרה־ליכט זיצן און ניט זען ווּהין דעם אות צו שטעלן . . . אויף אויסווייניק, פּירזאָגן, קאָן ער דאָך ניט, ער מוז ביַי זיַין טיש, מיט דער פּען אין דער האַנט, ווי מיט אַ גראַב־איַיזן, די ווײַ־און צאָרן־ברינימער אויף ס׳ניַי פֿון זיך, פֿון זיַינע טיפֿסטע טיפֿענישן אויסגראָבן,

אויפֿן פֿײַער פֿון דער נשמה אויסגליִען און דערנאָך שוין קאָן דאָס אויסגע־לײַטערט וואָרט, אין זײַן ריטעם און ניגון אויפֿן פּאַפּיר אויסגעשפּינט ווערן, און זײַן תּיקון געפֿינען.

און דערצו נאָך, און דאָס סאַמע וויכטיקסטע: ער קאָן שוין ניט, אלישע בן־מאיר, גראָד בײַם אָראָפּנידערן אַהין, אין דעם שקיעה־טאָל, גראָד דאָרטן, אויפֿן דנאָ פֿון זײַן לעבן, קאָן ער שוין נאָר מיט זיי, מיט יענע ווײ־און צאָרן־ברינ־מער, זײַן יצירה־דאָרשט, זײַן צעגליטע נשמה ניט שטילן; ער קאָן שוין מער אין יענער צײַט־ערדישקײַט ניט פֿאַרבלײַבן, ווײַל אַ גאָר נײַע בענקשאַפֿט, שוין גאָר אַ נײַע ליבשאַפֿט, נאָר ביז אַהער־צו פֿון אַזאַ ניט געוווּסט, עפּעס אַ גאָר נײַער טרויער, גאָר ניט קיין ערדישער, איז אים, דעם אַלטן ייִדישן שרײַבער, די לעצטע יאָרן אין די בלוטן אַרײַן און שלאָגט אין האַרצן, אין די אויגן... ער מוז שוין, קיין אַנדער וועג דאָ, אויף דער ערד, פֿאַר אים ניטאָ מער; ער מוז פֿון די צײַט־ערדישע ווײ־און צאָרן־ברינימער אַרויס און אין דעם אייביק־צעכוואַליעטן ים אַרײַן. אָבער ווי אַזוי וועט ער אויף יענע שטורמישע וואַסער־בערג אַ בלינדער זיך קאָנען לאָזן שווימען.

און אַז די נאָדלען אַרום אויג ווערן שטיל־און שטילער, — די שוועסטער, די עולה פֿון רוסלאַנד, גלעט אים אויס מיט אירע צאַרטע פֿינגער דעם ווייטיק, בענטשט ער, דער אַלטער כּהן, אירע הענט, ווי ער האָט געבענטשט די טרייסט־און היילנדיקע הענט פֿון דער מומע ליבע, פֿון דעם „שטילן זומער", פֿון איוועז און סטיסיעז, פֿון יענע באַיאַר־טעכטער, וואָס האָבן געטראָגן אין זייערע נשמות אַזוי פֿיל גוטסקײַט, רחמים, ליבשאַפֿט, מסירת־נפֿש פֿאַרן מענטשן... — ווי׳ל ער זיך לאָזן לויפֿן אַהין, צום טיפֿן טאָל, וווּ אויפֿן ראַנד, אין די פֿײַכט ווילד־גראָזן, אונטער דער אויסגעבלייכט־קײַלעכדיקער, אונטער דער ערבֿ־רעגנדיקער לבֿנה, וווּ אין יענע בלווילעך־טונקעלע נעפּלען זיצט אויך דער נבֿיא מיטן קאָפּ איןביידע הענט אַרײַנגעגנומען, וויל בײַ אים, בײַ דעם גרויסן גלות־נבֿיא, בײַ יחזקאל בן־בוזי הכּהן, איין מאָל אויף אַלע מאָל, אַ קלאָרע תּשובֿה האָבן: צי איז טאַקע די האַנט פֿון גאָט געווען אויף דעם טאָל פֿון די פֿאַרטרוקנטע ביינער? — נאָר דאָ טוט ער, אלישע בן־מאיר, פֿון אַ שאַרפֿן ווייטיק אין אויג אַ צאַפּל מיטן גאַנצן גוף, — ס׳איז געקומען די נאָדל אין סאַמע אויג אַרײַן, געקומען די סאַמע גורלדיקסטע רגע... אָט די נאָדל דאַרף דאָס אויג באַפֿרײַען פֿון דער אָנגעלאָפֿן און אָנגעזאַמלטער פֿליסיקײַט, וואָס האָט קיין אויסגאַנג ניט געהאַט.

אָבער וואָס מ׳טוט מיט אים, און וואָס ס׳קומט דאָ פֿאַר מיט זײַן אויג ווײַטער, פֿילט ער שוין מער ניט, ווײַל ער איז שוין ווײַט פֿון דאַנען, אויפֿן כוטער, מיט יענעם גילגול זײַנעם, אויף די טאַליקעס, בײַם וואַלד, ווו די שאָף און רינדער פֿאַשען זיך. יענער גילגול ליגט בײַם סטאַוו אין די גראָזן און זײַנע אויגן פֿילן אָן די נשמה מיט פֿאַרבן פֿונעם סוף פֿאַליענדיקן תמוז־טאָג, פֿאַרן זון־זעגן־זיך, און הערן ווי די שקיעה־קאָלירן הויבן אָן צו זינגען אין אים מיט ווערטער, וואָס קומען אָן פֿון ערגעץ־ווו, פֿון די פֿאַרפֿלאַמטע הייכן . . . שרעקן זיי אים אָט די זינגענדיקע קאָליר־ווערטער, פֿאַרשטייט זיי ניט — אין אַזאַ מיט־זומערדיקן פֿאַרנאַכט, אַן איבערגעפֿולטער מיט ריחות פֿון בליִענדיקע ווייצן־און קאָרן־פֿעלדער, פֿון ליַין און קאַנאַפּליעס, מיטן פֿאַרשיכורטן פֿײַף פֿון די איוואָלגעס אין וואַלד, בײַ אַזעלכע פֿאַרפֿאַליעטע שקיעה־הימלען, פֿון וואַנען נעמען זיי זיך, פֿון וואַנען קומען זיי מיט אַ מאָל אָן צו אים, אָט די ווערטער:

כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס,
הימלען שוואַרצע,
און די ערד גייט אונטער מיר צום האַרצן.
און דער וואַלד באַהאַלט פֿון מיר זײַן לשון . . .
רינט מײַן בלוט אין הייסן זאַמד דאָ
און ווערט אין פֿײַער אויסגעלאָשן.

דעמאָלטן, אַ פֿאַרטראָגענער פֿון אומדערוואַרטע קאָליר־ווערטער, ליגנדיק אין דער הייסער שקיעה בײַם סטאַוו, ווו אין די שפּיגל־וואַסערן, אין די פּערל־דיקע ווידערשײַנען, האָבן די צוויי פּאַסטעכער, באַזיל זאַליעסקיס ייִנגלעך, זיך געבאָדן און געשטיפֿט . . . פֿון דאָרטן, פֿון די שקיעהדיקע שײַנשפּילן אין סטאַוו, דערהערט ער פּלוצעם ווי דער עלטערער ייִנגל, אין זײַנע יאָרן, סטעפּאַן, וואָס לערנט אים פֿון ווערבע אַ סופּילקע אויסשנײַדן און דערנאָך אויף דעם דודעלע ניגונים אויסשפּילן, קעמט אים אין פֿעלד מיטן האַרטן בערשטל פֿון חזיר־האָר דעם קאָפּ אויס, זאָגט אים ווי יעדער קווייט און גראָז הייסט, ווי אַזוי די פֿייגלען לויט די פֿעדערן און לויטן פֿײַף פֿון דער ווײַט פֿון וואַלד אַרויס צו דערקענען . . . דאָ דערהערט ער פּלוצעם ווי סטעפּאַן רופֿט און שרײַט צו אים ניט מיט זײַן, נאָר מיט אַ ווילד־דערשראָקן קול:

— אַנטעק טרינקט זיך! — און וויל דעם קלענערן ברודערל, אַנטעקן, פֿון דער וואַסערגרוב, וווהין דער אַכטיאָריקער איז אַרײַנגעפֿאַלן, אַרויסשלעפּן. דערזעט ער אָבער ווי אויך סטעפּאַן הייבט דאָרטן אָן מיטן קאָפּ אונטערן

וואָסער אָוועקגיין. דעמאָלטן ניט געטראַכט און ניט געקלערט, געוואָרפן זיך מיטן אַנטאָן אין סטאַוו אַרײַן, צוגעשווומען — ביז הײַנטיקן טאָג וווּנדערט אים ווי אַזוי די צוויי ייִנגלעך האָבן זײַן יענעם גילגול אין וואָסערגרוב ניט אַרײַנ־געשלעפּט — און זיי ביידען פֿון דאָרטן, פֿון אומקום געראַטעוועט... און שפּעטער, שוין אין מיטן האַרבסט, האָט זייער פֿאָטער, באַזיל זאַליעסקי, דער געהויקערטער פּויער, אלישעס יענעם גילגול, דעם פֿערצניאָריקן, פֿון תּליה אַרויסגענומען.

און דערנאָך, שוין נאָך דעם ווי דער פּאָלעסיער פּויער האָט אים, יענעם גילגול, פֿון דעם תּליה־שלייף אַרויסגענומען — באַזיל זאַליעסקי, זײַן ווײַב יאַדוויגאַ, די צוויי זין, סטעפֿאַן און אַנטעק, די צוויי שיינע טעכטער, וויק־טאָריאַ און אַנטאָנינאַ, זיי אַלע זײַנען שפּעטער, בעת דער קאָלעקטיוויזאַציע, פֿון זייער אויסגעהאָרעוועטן הויף, פֿון זייערע אויסגעוואָרעמטע ווענט, מיט אכזריות אַרויסגעריסן און קיין סיביר אויף קנעכטשאַפֿט און אויף אומקום פֿאַר־שיקט געוואָרן — ווייסט ער שוין ווידער ניט, אלישע בן־מאיר, אַוווּ ער געפֿינט זיך, פֿאַרלירט דעם כוטער מיט די ריחות פֿון בליענדיקן לײַן און קאָנאָפּליעס, דעם וואַלד מיטן פֿײַף פֿון דער איוואָלגע, דעם סטאַוו מיט די שפּיגלוואָסערן, מיט די פּערל־פֿינקלענישן בײַם זונפֿאַרגיין און פֿאַלט מיט אַ מאָל אין אַ פֿינצ־טערניש אַרײַן, אין יענער טרויער־בענקשאַפֿט, אין דער ניט־ערדישער, וואָס איז אים די לעצטע יאָרן אין די בלוטן אַרײַן און שלאָגט אים אין האַרצן, אין די אויגן... און דערצו יאָך ערגעץ דאָרטן, אין מוח, אין אַ ווײַטן ווינקל, פּלאָנ־טערן זיך צוויי שורות:

דער נבֿיא האָט געשלאָגן זיך מיט לייבן
און דו מיט זיך — אין פֿינצטערניש — אַליין...

אַפּנים אַז ס׳איז שוין נאָך דער אָפּעראַציע, ווײַל זיי, שיינדל מיט לארען, וואָס האָבן פֿריער, בײַם פֿירן אים אויפֿן שמאָלן בעטל, ווי אויף אַ מיטה, צו דעם אָפּעראַציע־צימער באַגלייט, זיי גייען ווידער פֿוןביידע זײַטן פֿון דעם זעלביקן בעטל, ווו ער ליגט שוין מיט פֿאַרבונדענע אויגן... ער ווייסט ניט וווּהין מ׳פֿירט אים, און ווער קאָן עס וויסן? אַלע וועגן פֿירן דאָך אין ערגעץ ניט, די ערד איז דאָך קײַלעכדיק: אַלע וועגן פֿירן דאָך נאָר צו אכסניות, צו אַ צוקאָפּנס, ווו דאָס לעבן זאָל קאָנען איבערנעכטיקן... ער פֿילט זייערע, שיינדלס און לארעס הענט אויף זײַנע... און באַלד הערט ער ווי מ׳לייגט אים איבער אויף אַ געלעגער מיט אַ הויכן צוקאָפּנס... שוין אין דער לעצטער

אכסניה? ס'איז אים קאַלט. ער בעט מ'זאָל אים שטאַרקער און וואַרעמער אײַנ־דעקן. אין דער אכסניה יאָגן אויף אים ווינטן ... כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס, פֿאַלן פֿון די הייכן, כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס, יאָגן פֿון דער ערד ... — און אויך בעט ער, אלישע בן־מאיר, מ'זאָל אים מיט עפּעס־וואָס דעם ווייטיק אין רעכטן אויג שטילן. און אויך פֿרעגט ער:

— ווּ בין איך?

— ביסט שוין נאָך דער אָפּעראַציע, — זאָגט אים שיינדל.

— האָט זי לאַנג געדויערט?

— ניין, אַ שעה מיט אַ פֿערטל.

— איז שוין טאָג, צי ס'איז נאָך נאַכט?

— שוין גרויסער טאָג ... אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט מען אַראָפּנעמען דעם באַנדאַזש פֿון אויג ...

— און איך וועל דעמאָלטן אײַך זען?

— אַוודאי, ווי נאָר מ'וועט דיר געבן נײַע ברילן.

— און דערנאָך? — טראַכט שוין אלישע נאָר פֿאַר זיך אַליין, ניט צו מצער זײַן, און ניט צו פֿאַרשאַפֿן זיי, שיינדלען און לאַרען, איבעריקע עגמת־נפֿש — און דערנאָך, אַז מ'וועט אים די נײַע ברילן געבן, דערנאָכדעם וועט זיך די ליכט אין אויג אָנצינדן? — און דאָ דערהערט ער יענעמס קול:

— גורל, אלישע, גורל!... דער גורל און דעם שׂטן קאָן אַ מענטש ניט גובֿר זײַן. ניין, אלישע, ניין! אָדער דו דאַרפֿסט זיך אונטערגעבן, אָדער דו דאַרפֿסט אַ קלאַפּ טאָן מיט דער טיר און אַוועקגיין פֿון דער וועלט ...

— ר' שמואל יאָסל, — פֿרעגט שוין בײַ אים אלישע. — איז גורל און שׂטן אַלציינס?

— דער שׂטן, אלישע, באַגלייט דעם גורל, ווי אַ שאָטן ... בײַ טאָג איז דער שאָטן קלענער, בײַ נאַכט גרעסער. אין לבֿנה־נעכט, אלישע, איז דער שאָטן גאָר, גאָר גרויס! דו דאַרפֿסט שוין קאָנען בײַ דײַנע יאָרן פֿאַרמוחן זיך, תּופֿס זײַן ... — אָבער וואָס זײַן גמרא־מלמד רעדט צו אים ווײַטער, הערט ער שוין ניט. יענעמס ווערטער פֿאַלן שוין אין זײַן פֿײַער־וויכערדיקער באָרד אַרײַן און אלישע, אַן אָפּגעשוואַכט־און מידער, נאָכן אײַננעמען דעם אפּטאלגין צו שטילן דעם ווייטיק אין אויג, ווערט בײַ זײַן רבינס שײַטער־באָרד כמעט אויף אַ גאַנצן מעת־לעת אַנטשלאָפֿן.

# ג

און שוין נאָכן אָפּבינדן די אויגן, און ביז צו באַקומען די נײַע ברילן, איז ער, אלישע בן־מאיר, צוויי סופּיאַריקע, שוין ווינטערדיקע חדשים, בײַ די בערג פֿון ירושלים, אין אַ האַלב־פֿינצטערער, אין אַ אַש־כמאַריקער, אין אַ משונה שאָטן־וויכערדיקער וועלט אַרײַן, ווו אַלע קאָליר־פֿאַרבן מישן און בײַטן זיך, ווו אַלץ ווערט מיט אַן אַלט־זילבערדיקן, מיט אַ גרינלעכן פֿאַרהאַנג אָפּגעשיידט, פֿאַרשטעלט, און ווי אונטער אַ פֿאַרשלאָסענער רעטעניש, ווי אונטער אַ טיפֿן סוד פֿאַרבאָרגן . . . און גראָד דעמאָלטן, ווי אויף וווּנדער, ווי אין זכות פֿון די זיידעס זײַנע, די כהנים און לויים, זײַנען יענע אָנהייב־ווינטערדיקע חדשים אָן רעגנס און ווינטן, אָן מידבר־קעלטן געשטאַנען, געבענטשט געוואָרן מיט ווייכער וואַרעמקײַט, ממש מיט פֿרילינגדיקער זון, און מיט זיסע ריחות פֿון בליִענדיקע רויזן . . . און שיינדל, נאָך אירע צוויי אָפּעראַציעס, נאָך מיט די ווייטיקן אין ביידע פֿיס, האָט אים דעמאָלטן, אין יענע אַלע טעג, פֿאַר דער האַנט אין נאָענסטן סעדל אַרײַן געפֿירט, ווו אין די אַקאַציע־ביימער, אין די נאָך פֿילבלעטערדיקע, אָבער שוין געל־געוואָרענע, האָבן פֿייגלען, פֿאַרן שטעלן זיך פֿון די קעלטן, זייער בענקשאַפֿט־ליד, זייער פֿרייד פֿון לעבן אויסגעזונגען, יענע פֿרייד, וואָס אויך אין אים, אין דעם אַלטן יִדישן שרײַבער, שלאָגט אין די אָדערן, און ווי שווער זײַן לעבן זאָל ווײַטער ניט ווערן, וויפֿל יסורים און שטרויכלונגען זאָל אים אויפֿן וועג, שוין דאָרטן, אין דעם שקיעה־טאָל, ניט געשטעלט ווערן, וועלן זיי אים ניט אײַנברעכן, ניט אײַנבייגן, די פֿרייד פֿון לעבן, דעם גלויבן אין זײַן שליחות ניט אויסלעשן — די מאַמע האָט דאָך אים אין זײַן האַרצן אירע ווערטער, איר גרויסע ירושה, דעם אוצר פֿון איר נשמה, איבערגעלאָזט:

— שווער, אלישעלע, שווער, אוי ווי שווער, אָבער מיר דאַרפֿן דאָס אויס־שטיין און בײַקומען!

און דאָרטן, אין יענעם סעדל, וואָס צווישן די גאַסן פֿון אורוגווײַ און

גוואַטעמאַלאַ, בײַם בית־כנסת אויפֿן נאָמען פֿון רבי עקיבא, איינעם פֿון די גרעסטע תנאים פֿון דער משנה, דעם קדוש, פֿון די עשׂרה הרוגי מלכות, דעם געוועזענעם פּאַסטעך בײַם רײַכן ירושלימער כלבא שׂבֿוע, וואָס האָט אים, דעם פֿיך־היטער, דעם פֿאַרליבטן אין זײַן טאָכטער, אין רחלען, פֿאַר קיין איידעם ניט געוואָלט האָבן... און ער, דער שאָף־פּיטערער, וואָס האָט אין זײַן האַרצן געטראָגן דעם פֿלאַם און די הייליקייט פֿון ליבע, האָט שפּעטער אָפּגע־ראַטעוועט פֿון פֿאַרניכטונג די וווּנדערלעכע ליבע־פּאָעמע שיר־השירים; און ער, רבי עקיבא, דער יחיד במינו, דער גדול בתורה, דער עמוד האש פֿאַר די דורי־דורות, ער איז אויך דער באַגײַסטערטער פֿון בר כוכבאס אויפֿשטאַנד געוועזן און זײַנע פֿיר־און צוואַנציק טויזנט תּלמידים געשיקט צו שלאָגן זיך ביזן לעצטן טראָפּן בלוט פֿאַרן הייליקן לאַנד און פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון פֿאָלק... און זיי, די הײַנטיקע, די „גדולי התּורה", דער שיריים פֿון גרויסן חסידות, זיי האַלטן זיך בײַם קוצו של יוד, קאָנען מיט זייערע דריבנע פֿליגעלעך פֿון דער פֿאַרשטאַר־און אָפּגעטעמפּטער הלכה ניט אַרויסהייבן זיך, זיי לאָזן ניט זייערע תּלמידים צו גיין דינען אין צה"ל... — און אויך דאָרטן, אין יענעם סעדל, ווו אין די אַקאַציע־ביימער זינגען פֿייגלען אויס, פֿאַרן שטעלן זיך פֿון די קעלטן, זייער הייסע בענקשאַפֿט־ליד, דאָרטן אונטער דער ממש פֿרילינגדיקער זון, אַרויף־צו, פֿילן קינדער אָן דעם פֿרימאָרגן מיט פֿאַרשײַט־פֿריידיקן געפֿילדער בײַם הוידען זיך אויף די וויג־ברעטער, בײַם אַראָפּגליטשן זיך פֿון די הייכ־קײַטן, בײַם דרייען זיך אויף די געפֿאַרבטע קאַרוסעל־פֿערדלעך... ריין און שיין איז דעם קינדס הייליק־ערדישער געלעכטער!

דאָרטן, אין יענעם סעדל, אין דעם געבענטשטן מיט זוניקער וואַרעמ־קײַט, הגם די ערד דאָרשט און לעכצט נאָך רעגנס, די וואַסערן אין כנרת זײַנען שוין ווײַט פֿון די ברעגן... דאָך, אין זײַן מצבֿ, אין זײַן האַלב־פֿינצטערער, אין דער משונה שאָטן־וויכערדיקער וועלט, אַ פֿאַריאָגטער הינטער דעם זילבערדיק־גרינלעכן געדיכטן פֿאַרהאַנג, פֿרייט זי אים, אלישען בן־מאיר, אָט די שפּעט־זומערדיקע וואַרעמקײַט מיט אירע זיסע ריחות פֿון בליענדיקע רויזן, און דער עיקר שטאַרקן זײַן געמיט און מוט די קוואַל־שפּרודלדיקע קינדער־פֿריידן... און ער הערט ווי שיינדל לייענט אים די וווּנדערלעכע, ווי פֿון מאַרמאָר־שטיין אויסגעהאַקטע, די מיט פּײַן און פּײַער אָנגעפֿילטע לידער פֿון מאַרינאַ צוועטאַיעוואַ, וואָס נאָך יאָרן וואָגל און וואַנדער איבער פֿרעמדע לענדער אַהיים זיך אומגעקערט, צו איר אויסגעבענקט און אויסגעקרענקטער

הייליקער רוס, און דאָרטן, אויף איר מאַמע־ערד, אין איר פֿאָטערלאַנד, האָט זי, די גרויסע דיכטערין, פֿון עלנטקייט און הונגער דאָס לעבן זיך גענומען.

— שרעקלעך, — זאָגט שיינדל, — זייער שרעקלעך!

— יאָ, ביז גאָר, ביז גאָר... אָבער רוסלאַנד רעדט אויף דער שפּראַך פֿון אירע לידער...

און דעם אַלטן ייִדישן שרײַבער דאָרטן, אין יענעם אַקאַציע־סעדל, ווו אין די צווײַגן זינגען אויס די פֿייגלען, פֿאַרן שטעלן זיך פֿון די קעלטן, זייער הייסע בענקשאַפֿט־ליד, דאָרטן, אין דער דערבאַרעמדיקער, אין דער חסדימדיקער וואַרעמקייט, אונטער דער ממש פֿרילינגדיקער זון, דאָרטן נעמט אים מיט אַ מאָל אַדורך, דעם גרויסן בעל־נסיון, יענע קעלט פֿון אַליין־און עלנטקייט... און דערצו נאָך שפּילט מען ערגעץ טשײַקאָווסקיס אַנדאַנטע קאַנטאַבעלע, אַ וויי־געזאַנג פֿון אַליין־ און עלנטקייט. אָבער יענער טרויער איז גאָר אַן אַנדערער. יענער טרויער קומט פֿון אַ שעפֿעריש־יחידישן אומרו, פֿון יענעם עלנט־קוואַל, וואָס איז פֿאַר גרויסע קינסטלער באַשאַפֿן געוואָרן. און זײַן, אלישע בן־מאירס, אַליין־און עלנטקייט גייט דאָך פֿון יענע שוואַרצע אזכּרה־ליכט, פֿון יענער אייביקער אבֿלות נאָך זײַן אויסגעהרגעט פֿאָלק... זײַן אַליין־און עלנטקייט דאָ איז דאָך נאָך גרעסער און פֿאַר אים אַ סך מאָל שווערער ווי דאָרטן, בײַ דעם דניעפּער־טײַך. אויך דאָ, בײַ די בערג פֿון ירושלים, אויך דאָ איז ער אַ פֿרעמדער, אַ לועזית!... אויך דאָ, אין דעם מלכות ישׂראל, וואָס איז אויפֿגעקומען אויפֿן בלוט פֿון מיליאָנען גלות־ייִדן, פֿון אַנדערהאַלבן מיליאָן קינדער... אויך דאָ איז ער, דער שרײַבער פֿון יענעם גרויסן שאַפֿערישן פֿאָלק, פֿאַר זײַן שרײַבן אויפֿן וווּנדערלעך־שיינעם, אויף דעם רײַך־פֿאַרביקן, אויף דעם קוואַל־שפּרודלדיקן, אויף דעם טויזנטיאָריקן זאַפֿטיקן לשון, וואָס האָט אַ וועלטפֿאָלק באַשאַפֿן, און פֿון אונטערגאַנג פֿאַרהיט... אויך דאָ, אין דעם מלכות ישׂראל, איז ער, אלישע בן־מאיר בן־אריה הכּהן, אַ פֿרעמדער. אים האָט מען דאָך, ווי אַ לועזית, אין דעם העברעער־פֿאַראיין פֿון שרײַבער ניט אַרײַנגענומען... ער, אלישע בן־מאיר, הייסט עס, איז אַ שרײַבער פֿון גאָר אַן אַנדער פֿאָלק! און ניט פֿון אַפּגעלאָזן־און צעטראָגנקייט, ניט פֿון אומגעדאַכט־און אומבאַקלערטקייט האָט מען אים, דעם ייִדישן שרײַבער פֿון דעם גרויסן שבֿט־באיאר, בײַ זײַן אָנקומען אין לאַנד אַרײַן, אַהין, בײַם ים פֿאַרוואָרפֿענעם, אין יענעם מושבֿ־זקנים פֿאַרפֿירט.

אָבער אלישע בן־מאיר, וואָס האָט דעמאָלטן, אין יענע ערשטע טעג,

דאָרטן, אין יענעם פֿאַרוואָרפֿענעם מושבֿ־זקנים בײַם ים, ווו די כוואַליעס האָבן בײַנאַכט ממש אין פֿענצטער אַרײַן געשלאָגן, דעמאָלטן, אויפֿן אויסגעבענקטן ברעג, מיט אַזוי פֿיל יסורים און מאַטערנישן זיך דערקליבן, דאָרטן האָבן אין זײַן און אויך אין שיינדלס די פֿײַערדיקסטע רינגען אין זייערע צעווייטיקסטע נשמות זיך אַרײַנגעשניטן אוןביידע האָבן אין יענער נאַכט שווײַגנדיקערהייט, אַקסל צו אַקסל צוגעשפּאַרט, — מ׳זאָל פֿון די פֿיס ניט אומגעוואָלגערט ווערן און אין די אָניאָגנדיקע כוואַליעס ניט אַרײַנפֿאַלן; האָט איצטער, שוין שפּעטער, בײַם צו וויסן געבן, אין צוויי מיט אַ האַלבן יאָר אַרום, אַז ער, דער ייִדישער שרײַבער, קאָן אין דעם העברעער־פֿאַראיין ניט אַרײַנגענומען ווערן . . . דאָ בײַם אָפּשיידן זיך פֿון אים און אָפּזונדערן, בײַם צעטיילן זיך אָפּן און קלאָר אויף צוויי אומות מיט צוויי לשונות, אויף דעם אַראָבעריזירטן עבֿרית און ייִדיש . . . דאָ איז ער שוין, אלישע בן־מאיר, אין ייִאוש ניט אַרײַנגעפֿאַלן, אויפֿן ראַנד פֿון תּהום זיך ניט דערזען שטיין. ער האָט נאָר דעמאָלטן געטראַכט: מ׳האָט דאָך באמת באַדאַרפֿט טראָגן אין האַרצן אַ ווילדע שׂינאה צום אַלטן פֿאָלק אויף צו אָפּלייקענען זײַן טויזנטיאָריקע בלוטיקע ייִדיש־תּקופֿה, וואָס האָט איבערגעלעבט, איבערגעטראָגן, אויסגעשטאַנען די קרייץ־פֿאָרער, די כמעלניצקיס, די גאָנטעס, די פּעטליורעס, די סטאַלינס, די היטלערס . . . און צום באַוווּנדערן, אין אָט דער בלוטיקער ייִדיש־תּקופֿה, האָט דאָס פֿאָלק אין די גזירה־פֿײַערן געלײַטערט און געשמידט זײַן שפּראַך און פֿון איר, ווי פֿון גאָלד, אייביקע און אַלמענטשלעכע קולטור אוצרות געשאַפֿן, און ניט אויף איין אָרט, און ניט אין איין לאַנד, נאָר איבער דער גאַנצער וועלט, איבער אַלע זיבן ימען . . . און זיי, זיי אַליין, אָט די אָפּלייקענערס און אָפּשפּעטערס, אָט די פֿאָלסיפֿיקאַטאָרס פֿון דער ייִדישער געשיכטע, זיי, אָט די, וואָס וואַרפֿן אויפֿן מיסט אַרויס דורי־דורות ייִדישן וועלטגאַנג, זיי, זיי אַליין זײַנען דאָך פֿון אָט דער ייִדיש־תּקופֿה געבוירן געוואָרן, האָבן דאָך פֿון יענער ייִדיש־תּקופֿה, פֿון יענער גלות־מאַמע, ניט נאָר מילך, קינדער־פֿרייד און לעבן־חיות, נאָר אויך אויסדויער, אויסוואַרט, עקשנות, און דער עיקר ביטחון פֿון אירע בריסטן געזויגן; יענע גלות־מאַמע האָט זיי דאָך אויף די פֿיס געשטעלט און פֿאַר דער האַנט אין דער וועלט אַרויסגעפֿירט . . . און דערנאָך האָבן זיי פֿון דאָרטן, שוין פֿון יענער זײַט גבֿול, שוין ווי גלות־אָפּלייקענער, גענומען אויף דער מאַמען שטיינער וואַרפֿן, זי שעלטן און מיט דער בלאָטע גלײַך מאַכן.

און נאָך, און דאָס וויכטיקסטע, וויל ער דאָ, דער אַלטער אלישע בן־מאיר

בן־אריה הכהן, זאָגן: זײַן קאַמף, זײַן שלאָגן זיך פֿאַר ייִדיש, איז ניט נאָר ווײַל ייִדיש איז דאָס האַרץ פֿון פֿאָלק, — זײַן גערעאַנגל פֿאַר ייִדיש איז אויך דער תּמצית, דער תּוך, דער שוואַרצאַפּל פֿון זײַן קאַמף פֿאַר פֿרײַהײַט, קעגן וועלכן ס׳איז צוואַנג, קעגן אַנבינדן מיט גוואַלד און מיט כּוח דורכפֿירן וויזיעס, אידעאַלן, ווי נויטווענדיקײַט... ער קאָן זיי, אָט די נויטווענדיקײַטן, נאָך פֿון דאָרטן, פֿון בײַם דניעפּער־טײַך, ווו אויך ער, ווי אַ נויטווענדיקײַט, איז פֿאַר ייִדיש דאָרטן, אין דער עמגעבע־תּפֿיסה פֿאַרשפּאַרט געוואָרן, און ווען ניט יענער, סטאַלין, סמערדיאַקאָוו דער צווייטער, וואָלט דעמאָלטן ניט קראַפּירט, וואָלט אויך ער, אלישע, ערגעץ אין לאַגער אומגעקומען און ווי זײַן ברודער, פּינחס, פֿאַר ניט־אײַנבייגן זיך, פֿאַר מרידה, שוין דאָרטן, אין דער טורמע אויפֿן ים־אינדזל, קעגן אומרעכט און הפֿקרות, דערשאָסן געוואָרן, ווײַל אויך ער, אלישע, האָט פֿון קינדווײַז אָן געטראָגן אין זײַן נשמה מרידה קעגן דער מינדסטער עוולה, אומיושר און אומגערעכטיקײַט קעגן אונטערטעניקײַט, הכנעה, מה־יפֿיתדיקײַט, קעגן פּשרות־און קדוש־שפּרינגען פֿאַר גדולים... ניטאָ אין דער וועלט — האָלט ער, דער אַלטער ייִדישער שרײַבער, — אַזאַ אידעאַל, אַזאַ וויזיע, וואָס זאָל ווערט זײַן אַנגעבינדן צו ווערן מיט גוואַלד אַפֿילו איין־און־איינציקן יחיד, בפֿרט נאָך אַ גאַנצן פֿאָלק...

און אלישע בן־מאיר דערפֿילט דאָרטן מיט אַ מאָל, אין יענעם פֿרימאָרגנ־דיקן אַקאַציע־סעדל, אין יענער דערבאַרעמדיקער, אין דער חסדימדיקער וואַרעמקײַט, אַז אויב ער וועט זיך פֿון אָט די געדאַנקען, פֿון אָט די מחשבֿותן און איבערטראַכטענישן באַלד ניט אָפּקערן און אָפּווענדן, וועט זײַן האַרץ דעם ווייי און צאָרן ניט אויסהאַלטן און יענער, וואָס איז שוין צוויי מאָל איבער אים געשטאַנען, וועט ווידער, און שוין אונטער אָט דער ממש פֿרילינגדיקער זון, פֿאַרן גאָרגל מיט די קאַלט־ביינערדיקע פֿינגער נעמען וואַרגן און אים מיטן ביטער־רחמנותדיקן קול אויפֿן אויער זאָגן:

— די יאָרן וואָס זײַנען דיר, אלישע בן־מאיר, געגעבן געוואָרן פֿון גאָט פֿאַר דײַן ערדישן לעבן, גייען צום סוף, ענדיקן זיך. דיר זיינען פֿאַרבליבן רגעס... אָבער דײַן שרײַענדיקער צער פֿאַרן ניט־אויספֿילן דײַן שליחות ביזן סוף, דערגייט צו מײַן האַרצן... זאָל עס דיך ניט חידושן, איך בין טאַקע דער מלאך־המוות, אָבער איך בין דאָך ניט מער ווי דער שליח פֿון דעם האַר פֿון דער וועלט... האָב איך דעם גרויסן אינדזל יאָרן...

— דו רעדסט צו מיר ווידער פֿון וועגן יענעם אינדזל יאָרן?

— יאָ, פֿון יענעם, פֿון נאָך דעם גרויסן חורבן...

— פֿון די אומגעבראַכטע קינדער אין באַבי־יאַר, אין טרעבלינקע, אין אוישוויץ, אין פּאָנאַר?

— יאָ, פֿון יענע, און פֿון נאָך אַ סך גריבער און טאָלן... — און דאָ בייגט ער זיך, דער מלאך־המוות, איַין נאָך נידעריקער צום אויער פֿון דעם אַלטן בלינדן שרײַבער, שפּאַרט זיך מיט די שאַרפֿע ריפּן אין זײַן לינקן אַקסל אָן און רעדט צו אים, צום גרויסן אָבֿל, נאָך שטילער, רוימט אים שוין, ווי אַ סוד, און שנײַדט אים, אלישען בן־מאיר, נאָך אַ פֿײַערדיקן רינג אין דער נשמה אַרײַן: — מ׳האָט יאָ דעמאָלטן געקאָנט ראַטעווען אַ ביסל לעבנס... אָבער יענע, וואָס האָבן עס געקאָנט טאָן, יענע האָבן דאָס אויסקויף־געלט געהיט פֿאַר זייערע אידעאַלן...

— האָ? — טוט אלישע אַ צאַפּל און אַ ציטער מיטן גאַנצן גוף. — האָ?

— דײַנע לעצטע רגעס לעשן זיך באַלד אויס... ענטפֿער מיר, פֿון יענעם אינדזל יאָרן...

— ניין, מלאך־המוות, ניין, אויפֿן חשבון פֿון יענעם אינדזל יאָרן וויל איך ניט פֿאַרלענגערן מײַן לעבן אַפֿילו אויף קיין איין רגע ניט! דו הערסט מיך?

— אָבער יענע יאָרן, אלישע בן־מאיר, גייען דאָך סײַ ווי לאיבוד, דו וועסט דאָך אַפֿילו ניט וויסן אויפֿן חשבון פֿון אַוועלכן אומגעבראַכטן קינד דו וועסט דאָ, אויף דער ערד, ווײַטער לעבן און אויספֿילן דײַנע גרויסע שליחותן... איך אַליין ווייס דאָך שוין אויך ניט צו וועמען די אַדער יענע יאָרן געהערן.

— ניין, גוטער מלאך־המוות, ניין! קלעם זיך גיכער און שטאַרקער אײַן מיט דײַנע ביינערדיקע פֿינגער אין מײַן לעצטער רגע לעבן... אויפֿן חשבון פֿון בלוט? צוליב גרויסע שליחותן... ניין, ניין! ניין! כ׳וויל לעבן, הוי, ווי איך וויל לעבן... אָבער נאָר אויף מײַנע אייגענע יאָרן, ניט אויף פֿאַרבלוטיקטע!!!

— וואָס איז מיט דיר? — פֿרעגט אים דאָ שיינדל. — דו הערסט דאָך שוין ניט ווי איך לייען דיר צוועטאַיעוועס לידער... מיט וועמען רעדסטו עס? — און זי נעמט אים פֿאַר דער האַנט. — לאָמיר אַ ביסל אַרומגיין. דו ווילסט מיך האַלטן אונטער דער האַנט, אַזוי איז דיר גרינגער צו גיין?

## ד

און אין יענע צוויי חדשים נאָך דער אָפּעראַציע אויפֿן אויג, וואַרטנדיק אויפֿן בריל־אייגל, אויף דעם שטאַרק פֿאַרגרעסער־גלעזל, וואָס דאַרף אים אויף ס׳נײַ די פֿאַרביקע שײנקײַט פֿון דער שקיעה איבער די ירושלימער בערג באַווײַזן, דעמאָלטן, אין יענע טעג, איז ער, אלישע בן־מאיר, נאָכן סעדל, וווּהין שיינדל פֿירט אים, פֿרימאָרגן־אײַן און פֿרימאָרגן־אויס, פֿאַר דער האַנט אַהין, און דאָרטן, אונטער יענע שטיל־רוישנדיקע, אונטער יענע ברייט־צעשפּרייטע אַקאַציע־צווײַגן, דאָרטן בלעטערן זיי ביידע יענעם שווערן יזכּור־בוך פֿון זייער ביידנס לעבן בײַם דניעפּער־טײַך און אויך שוין דאָ... אָבער דאָך און באַזונדערס פֿאַרהאַלטן זיי זיך בײַ יענע אייביק גרינע בלעטער־יאָרן, בײַ יענע פֿרײַ און בלי־פֿרילינגן, וואָס זײַנען מיט דערוואַרטונגען, מיט האָפֿענונגען, מיט לעבעדיקע חלומות פֿול געווען... דאָרטן, אין יענעם סעדל בײַם בית־הכּנסת פֿון רבי עקיבֿא, אונטער די פֿאַרשפּעטיקט־וואַרעמע הימלען, בײַ די הייסע בענקשאַפֿט־געזאַנגען פֿון די פֿייגלען פֿאַרן שטעלן זיך פֿון די ווינטער־רעגנס און מידבר־ווינטיקע קעלטן, דאָרטן האָבן זיי אויך ביידע, אלישע מיט שיינדלען, זייער גאָלדענע חתונה געיום־טובט און דערנאָך, שוין אין שטוב, בײַם געדעקטן טיש, לחיים געטרונקען פֿאַר זייער געבענטשטן האַלבן יאָרהונדערט שאַפֿן און אויסשטיין... פֿאַר זייערע קינדער, וואָס זײַנען דאָ, אין ישׂראל, ניט ווײַט פֿון זיי, און פֿאַר יענע, וואָס לעבן דאָרטן, אין דעם ווײַט־פֿאַרוואָרפֿענעם דאָרף, בײַ די ווילד־וואַלדיקע קאַרפּאַטן־בערג... און דערנאָך גייט שיינדל צו זיך, און אויפֿן וועג, ווי אַ תּפֿילה, זאָגט זי:

> אַ דאַנק אײַך, וואַנדער־וועגן ברייטע!
> פֿאַר מידע גלידער, וואַנדער־שטויב,
> פֿאַר נעכט בײַ פֿײַערן, פֿאַר טעג צעזייטע,
> פֿאַר אַלע צייכנס פֿון מײַן גאַנג —
> אײַך אַלע מײַן געזאַנג.*

---

*) דוד האָפֿשטיין

און זעצט זיך דאָרטן, אין איר צימער, צום איבערזעצן אויף רוסיש אַ ווײַטערדיקן קאַפּיטל פֿון די וויי־און צאָרן־ברינימער, פֿון די פֿײַערדיקע רינגען אויף דער נשמה, און ער, אלישע, אין דער שטיל, אין דעם ווינקל, וואָס בײַם פֿענצטער צום טאָל אַרויס, טאַפּט אָן מיט יידע הענט אויפֿן טישל און שליסט אײַן די ראַדיאָ, וואָס איז אויף דער קלאַנגען־כוואַליע „א" אַנגעשטעלט און אין זײַן משונה שאָטן־וויכערדיקער וועלט טוט אַ פֿלייץ אַרײַן מאָצאַרטס „רעק־וויעם"... און וואונדערלעך, און אומפֿאַרשטענדלעך, און שטוינענדיק... גראָד בײַ דער טרויער־און לוויה־מוזיק ווערט זײַן שאָטן־וויכערדיקע וועלט געשטילט און אײַנגעשטעלטער. ער הייבט אָן, אלישע בן־מאיר, צו זען קלאָרער און בולטער, און ס׳גייען פֿאַר אים אויף זאַכן וועלכע זײַנען פֿאַר זײַן פֿריערדיקער שאַרפֿער ראיה פֿאַרהוילן געוועזן, זייער קאָליר און שטאַלט שוין לאַנג פֿאַרגעסן געוואָרן... און איצטער, גראָד אין זײַן בלינדקײַט, יענע פֿאַר־לאָרן און פֿאַרגעסענע וועלט מיט אַ מאָל דערזען, — זי איז פֿאַר אים פֿון די פֿאַרשטעלטע און פֿאַרבאָרגן־געוואָרענע ווײַטן אין אַ זון־קאַיאָריקער ליכט אויפֿגעגאַנגען און פֿאַר דעם, וואָס ער האָט אַזוי מורא געהאַט, אויפֿגעהערט צו שרעקן זיך.

און אַ גאַנצן לעבן, — און אויך דאָס איז ניט צו דערקלערן מיט ווערטער — פֿון קינדווײַז אָן, הגם קיין מאָל אויף די אויגן ניט געליטן, פֿון קיין שום טראָפּנס ניט געוווּסט, פּשוט אָן אויסנעמלעך־געראָטענע און געבענטשטע ראיה געהאַט, און דאָך איז אים די מורא פֿאַר בלינדקײַט נאָכגעגאַנגען... און תּמיד, ווי נאָר אַ בלינדן אויפֿן וועג אָנגעטראָפֿן, אַזוי פֿלעג אים, אלישען, נאָך דעמאָלטן, נאָך קליינערהייט, אַ ציטער איבערן לייב דורכלויפֿן. און דערצו נאָך, שוין ווי אַן אָנשיקעניש און צושטייעניש, ווי נאָר פֿון שטוב אַרויס, אַזוי קומט אים באַלד אַ בלינדער אַנטקעגן און שוין ניט־ווילנדיק, ווי פֿון עמעצן געטריבן געוואָרן, דעם בלינדן פֿוס־טריט נאָכגעגאַנגען, ביז יענער איז אין אַ שטוב אַרײַן.

און שוין דעמאָלטן, נאָך קליינערהייט, אין די בין־הזמנים, אויף די זונטיק־מאַרקן און יאַר־יאַרידן זיך אַרומגעדרייט צווישן די סטאַרצעס, וואָס שפּילן אויף די קאָבזעס און זינגען צו: — דײַטע, נע מינײַטע. גיט, און מײַדט ניט אויס! — און דערבײַ די וויעס צום הימל געהויבן און מיט די בלוילעכע ווײַסלען אויף דער וועלט געקוקט. פֿון אָט די בלינדע ווײַסלען פֿלעג אים,

אלישען, שוין דעמאָלטן, אַ טרויער אָנכאַפּן... מערער נאָך פֿון יענע איז אים אין דער נשמה אַרײַן דעם בלינדן מאַקאַרס רויטלעכע ווײַסלען און זײַן געזאַנג, וואָס איז געווען ווי אַ צאַרנדיקער געשריי פֿון אַ פֿאַרברעכן וואָס איז קעגן אים באַגאַנגען געוואָרן. זײַן קאַבזע האָט ניט געשפּילט, נאָר ווי פֿון צאָרן געכריפּעט... אים מאַקאַרן, דעם נידעריק־דאַרן, מיט די אַרויסשטאַרצנדיקע גרויסע לאַפּאַטקעס פֿון הינטער דער קאַנאַפּליאַנער העמד, מיט זײַן הויכן, אַריבערן קאָפּ, קרומלעך־סוקעוואַטן שטעקן אין די שוואַרץ־אַדערדיקע הענט, מיט דער טאַרבע איבערן אַקסל, אים, מאַקאַרן, האָט נאָך אלישע פֿון דאָרטן, פֿון זײַן דאָרף, פֿון וואַסקאָוויטש, געקענט. וועגן אָט דעם מאַקאַרן האָט אים איין מאָל אויפֿן יאַריד פּיטשע געזאָגט:

— אָט דער אַ בלינדער טראָגט אין זײַן טאָרבע ניט קיין סקאָרינקעס ברויט, נאָר קללות פֿאַר דער וועלט. כי־כי.. און קללות פֿון בלינדע ווערן מקוים!

— פֿון וואַנען ווייסטו דאָס, פּיטשע, אַז קללות פֿון בלינדע ווערן מקוים?

— אַז איך זאָג, מסתמא ווייס איך, כי־כי... ניט קיין מלך, ניט קיין מלכּה, אָבער אַ קרוין אויפֿן קאָפּ טראָג איך... כי־כי... טראָגן טראָג איך פֿערציק שלייערס, זעכציק העמדער, און ווי נאָר איך גיי אַרויס אויפֿן ווינט בלײַב איך נאַקעט... כי־כי... אָך, סאַראַ היץ, ווי אין דעם סאַמע סאַמאַראָדנעם תּמוז... דער אייבערשטער האָט אין אלול אַרויסגעשלעפּט די זון פֿון איר פֿוטערפֿאַס, כי־כי... צום הימל פֿלי איך מיט די פֿיס אַרויף, פֿון הימל פֿאַל איך מיטן קאָפּ אַראָפּ, כי־כי... — און פּיטשע טוט מיט אַ מאָל אַן עפֿן יענץ, דאָס תּמיד פֿאַרמאַכטע אויג, ווו ס׳ליגט בײַ אים דער גרויסער סוד פֿון זײַן לעבן באַהאַלטן און לויפֿט אַוועק צום ברונעם, וואָס אויפֿן פֿערדמאַרק, נעצט אײַן דאָרטן זײַן ווײַסן קיטל אין דער קאַרעטע וואַסער, טוט אים באַלד צוריק אויף זיך אָן אַ פֿיטש נאַסן, טונקט אויך אײַן דעם קאָפּ אין דער קאַרעטע וואַסער, וויל נאָך אויך מיט די באָרוועסע פֿיס אַהין אַרײַנקריכן, נאָר די פּויערים טרײַבן אים דורך. לויפֿט ער, פּיטשע, צווישן די וועגענער מיט טעפּ צו אלישען, כאַפּט אים אָן פֿאַר דער האַנט:

— קום, אלישע, נאָר קוק מיר ניט אונטערן פֿאַרמאַכטן אויג... כי־כי... וועסט זיך סײַ ווי צו מײַן נשמה ניט דערקלײַבן... פּיטשע זיצט אײַנגעוויקלט אויף דער זון אין זיבן פּעלצן און ווער ס׳וועט אים אויסטאָן, דער וועט אַ גאַנצן

לעבן וויינען מיט ביטערע טרערן... כי־כי־כי... קום, וועל איך דיר ווײַזן איינעם וואָס די קללה פֿון אַ בלינדן איז אויף אים געפֿאַלן. די גאַנצע וועלט שטייט אויף קללות... צום הימל פֿליט מען מיט די פֿיס אַרויף, פֿון דעם הימל פֿאַלט מען מיטן קאָפּ אַראָפּ! כי־כי!...

— און ווּ איז ער יענער, דער פֿאַרשאָלטענער?

— דאָרטן, טאַקע אויפֿן פֿערדמאַרק, אויף דער טאַרהאָוויצע. דו קענסט אים אויך, ער איז דײַן קרובֿ, ברוך־בער נאַהאַדיִער, כי־כי... נעכטן בײַ נאַכט איז ער געקומען צו מיר, ברוך־בער, אויפֿן אַלטן בית־עלמין, דאָרטן שײַנט די לבֿנה שטאַרקער. דאָרטן איז דער מולד תּמיד גרעסער און פֿײַערדיקער... ניין, ער רעדט ניט דײַן קרובֿ, ניין! ער נעמט צונויף שטיקער האָלץ, צווײַג־לעך, צינדט אָן און זיצט דערנאָך ביז טאָג און קוקט אין פֿײַער אַרײַן, כי־כי... איך האָב אויך ליב פֿײַער... און אַרום דעם פֿײַער קלײַבן זיך צונויף אַלע תּושבֿים פֿון בית־עלמין. בײַ נאַכט איז דער אַלטער בית־עלמין פֿול מיט לעבן... אָט אָ דער יאַריד, אלישע, וואָס רוישט ווי אַ בינשטאָק, איז דאָך ניט מער ווי אַ וויסטער חלום! אָט יענץ מענטשעלע, דו זעסט אים, ער איז דאָך אַפֿילו קיין בין ניט ווערט... בינען האָבן שׂכל, אַ־אַ! און די, אלישע, אָט די זײַנען דאָך גאָלע מתים... און מתים קאָנען דאָך משיחן ניט אַראָפּברענגען, כי־כי־כי! ערשט נאָכן טויט וועלן זיי אָנהייבן לעבן... אַמאָל האָט געלעבט אַ מלך, וואָס האָט געוואָלט באַוועזן אַ פּאַלאַץ פֿון ביינער, כי־כי־כי! — און פּיטשע בלײַבט מיט אַ מאָל שטיין, טוט פֿון זיך דעם נאַסן קיטל אויס און נעמט אים שפּרייטן אויפֿן רוקן פֿון אַן אויסגעשפּאַנט געלן פֿערד, וואָס שטייט מיטן קאָפּ צום וואָגן, טרײַבט פֿון זיך אָפּ מיטן ווײדל די האַרבסטיק־זלידנע פֿליגן, און פֿרעסט פֿון קעסטל סיטשקע.

לאָזט אים אלישע דאָרטן איבער, פּיטשען, צו שפּרייטן דעם נאַסן קיטל אויפֿן רוקן פֿונעם געלן פֿערד, מײַדט אויס די טאַרהאָוויצע, דערווײַטערט זיך פֿון די בלינדע סטאַרצעס, פֿון זייערע בלוילעכע, באַזונדערס פֿון מאַקאַרס בלוטיקע ווײַסלען און פֿון זײַן מיט צאָרן כריפּענדיקער קאָבזע, דרייט זיך פֿון צווישן די וועגענער און שטעלן אַרויס, פֿון צווישן די אָנגעשטעלטע, אַרויסגע־שטעלטע, פֿון די אָנגעלייגטע סחורות אויף דער ערד, פֿון צווישן דעם שטויב און טומל... און לויפֿט צו די סקאַלעס, צום וואַסערפֿאַל, וואָס בליצט אין גאָלד פֿון זון. דאָרטן, אין דעם פֿליִענדיקן שפּינוועבס, ווייעט מיט זיסע ריחות

פֿון יאָדלעס און מיט ערדישער ביטערקייט פֿון פּאָלין. דאָרטן, אויפֿן באַרג, ווערן די ביימער פֿון טאָג צו טאָג פֿלאַמיקער, און דער ראַבינע־בוים צופּוסנס, איז שוין גאָר מיטן האַרבסטיקן פֿייער אַרומגעכאַפּט, — אַ קײַלעכדיקער שײַטער־פֿײַער וואָס ווערט ניט אויסגעלאָשן פֿון די שטאַרקסטע ווינטן און ברענט אָן אַ רויך. דאָרטן הערן זיך נאָך די לעצטע געזאַנגען פֿון די שטאַרן, — זיי געזעגענען זיך מיט זייער שטיבל־היים פֿאַרן לאָזן זיך אין דעם ווײַטן וועג צו די וואַרעמע לענדער.

און מיט יענעם, מיט ברוך־בערן, וויל ער זיך, אלישע, גאָר ניט טרעפֿן. אויך פֿאַרן נאָהאַדיִער קרובֿ, ווי פֿאַר די בלינדע, האָט ער מורא. אויך יענער טרײַבט אָן אויף דער נשמה עפּעס אַ פֿינצטערקייט. אַלץ וואָס טאַטע־מאַמע רעדן וועגן אים מיט פֿאַרשטעלטע און מיט האַלבע ווערטער, איז ניט צו גלייבן . . . יענעם רופֿט מען, הינטער די אויגן, גאָר ניט בײַם נאָמען, נאָר „דער יום הדין״. ער באַווײַזט זיך אויף זייער זעלטן. אַ מאָל אין אַ יאָר. אַ מאָל אין צוויי. פֿון איין מאָל ביזן צווייטן ווערט אים שווערער צו דערקענען: מ׳ווייסט ניט, און קיינער פֿרעגט בײַ אים ניט, ווו ער איז געווען און וווהין ער איז אויף אַזאַ צײַט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן . . . און אַז מ׳וועט אים שוין יאָ פֿרעגן, וועט ער סײַ ווי סײַ ניט ענטפֿערן. ער קומט דער „יום הדין״ נאָך אָפּגעריסענער, נאָך פֿאַר־וואַקסענער, די אויגן נאָך גרעסער געוואָרענע, נאָך ברענענדיקערע, און רויכערן זיך, ווי דער גרויסער ליולקע־ציבעק אין זײַן ווינקל מויל. און יענער ברוך־בער נאָהאַדיִער, איז דאָך אַ מאָל רײַך געווען, גרויסע געשעפֿטן געפֿירט, מיט וואַלד און מיט תּבֿואה, מיט לעדער־און פֿוטערוואַרג געהאַנדלט, און אויך פּאַפּירן אין די אײַזנבאַנען געהאַט, — אַפֿילו דאָרטן, אין אַ הויכן קאָמיטעט, אַ וואָרטזאָגער געווען.

און הגם פֿון יענעמס, פֿון דעם נאָהאַדיִערס לעבן, זיך אָנגעהערט, אים ניט איין מאָל געזען, אים נאָכגעגאַנגען, און אויך דעם וועג אים פֿאַרלאָפֿן: ניט אַזוי יענעמס לאַנגע האָר ביז די אַקסלען, די גרויסע ווײַס־זאַווערוכעדיקע באָרד מיט דעם ליולקע־ציבעק אין ווינקל מויל האָט אים געחידושט, נאָר יענעמס אויגן, די גרויסע, די ברענענדיקע, — זיי האָבן אלישען צו זיך געצויגן און געשראָקן. און וואָס מער געצויגן און געלאָקט, אַלץ מער געשראָקן . . . ס׳האָט אים דעמאָלטן געדאַכט, אלישען, אַז אויך ברוך־בער איז אַ בלינדער און פֿון זײַנע בלינדע ברענענדיקע אויגן גייט, ווי פֿון ליולקע־ציבעק, אַ שוואַרצער

רויך . . . און באַהאַלטן אויף יאָרן, און אונטער זיבן שלעסער פֿאַרשלאָסן, איז פֿאַר אים, פֿאַר אלישען, יענער „יום הדין" פֿאַרבליבן.

און אויך שפּעטער, אַז שוין אַ שרײַבער געוואָרן, ניט געקאָנט, הגם ניט איין מאָל געפּרוּווט פֿון וועגן יענעם נאָהאַדיער, פֿון וועגן זײַן קרובֿ שרײַבן, נאָר שוין בײַ די ערשטע שורות שטיין געבליבן . . . עפּעס אַלצדינג איז דאָרטן, אין ברוך־בערס לעבן, אומקלאָר, אומוואָר און פֿאַרבאָרגן געווען. יענער גילגול זײַנער, דער שרײַבער, בײַם דניעפּער־טײַך, האָט כוח געהאַט אויסצואָקערן, אויסצוגראָבן און איבערקנעטן הרודעס ערדישן לעבן, געהאַט אויף דעם געגנוג פֿאַרב און קאָלירן, שײַן און שאָטן, און אויך אייגענעם ניגון און קרעפּטיקן וואָרט געהאַט, אָבער דאָ, אין דעם נאָהאַדיערס לעבן, איז פֿון אָנהויב אָן שוין גאָלע רעטעניש און מיט סודי־סודותדיקײַט פֿול געווען, — ניט צו פֿאַרשטעלן זיך און ניט צו אויסמאָלן.

און אפֿשר טאַקע דערפֿאַר איז אים, אלישען, אין אַלע זײַנע גילגולים, יענער ברוך־בער, ווי אַ צווייטער שאָטן, בײַנאַנד מיט זײַן אייגענעם, באַזונ־דערס אין לבֿנה־נעכט, תּמיד פֿאַר די אויגן געגאַנגען. יענעמס שאָטן, ברוך־בערס, איז אַ סך מאָל גרעסער געווען פֿון זײַן אייגענעם און דאַך, וויפֿל אלישע האָט דעמאָלטן ניט געפּרוּווט, געוואָלט אויף דעם נאָהאַדיערס שאָטן זיך שטעלן, פֿון דעם סוד־סודותדיקן נעפּל יענעם אַרויסוויקלען, אָבער ס'האָט זיך אים, אלישען, ניט אײַנגעגעבן, — דער „יום־הדין" ווי אַ כּישוף־פֿויגל, האָט זיך ניט געלאָזט כאַפּן.

און אויך שפּעטער, אין די נעכט פֿון צוהערן זיך, צי דער „שוואַרצער וואָראָן" איז שוין אין הויף אַרײַנגעפֿאָרן, צי קלאַפּן שוין אויף די טרעפּ די שטיוול פֿון די גרויע מאַקינטאָשן, און באַלד וועלן זיי אַרײַן און פֿון לעבן אים מיטן וואָרצל אַרויסרײַסן, מיט שיינדלען און מיט זייערע צוויי קינדער אויף אייביק צעשיידן . . . גראָד אין יענע נעכט פֿון אויסטערלישער אַכזריותדיקײַט, אין די נעכט פֿון אויסגעלאָשענע שטערן, ווען אַלע אוממעגלעכקײַטן זײַנען מעגלעך געוואָרן, גראָד דעמאָלטן האָט ער ווידער געוואָלט, אלישע, יענעם שאָטן, ברוך־בערס, אין ביין און אין פֿלייש אָנטאָן . . . און אפילו שוין דאָרטן, אין טורמע, בײַם באַבי־יאַר, שוין דעמאָלטן, ווען אַלע ייִדישע שרײַבער זײַנען אין די עמגעבע־קעלערן פֿאַרשפּאַרט, אין די סמערדיאַקאָוו־לאַגערן פֿאַרשיקט געוואָרן, און די וועלט, און אויך אַלע דאָ, אין מדינת ישראל, האָבן אַ פֿולן מויל

מיט וואַסער אָנגעגומען... דעמאָלטן, אין יענע קאַשמאַר־יאָרן, אַלע ייִדישע ביכער פֿאַרברענט, דעם אַלף־בית אויפֿן פֿײַער צעשמאָלצן, שוין דעמאָלטן, אין טורמע, ווו אַלע זײַנע חושים ביז צום לעצטן אָדער אַנגעגליט און פֿאַרשאַרפֿט געווען, אַפֿילו שוין דעמאָלטן און דאָרטן יענעם שאָטן פֿון דעם געדיכטן נעפּל ניט געקאָנט אַרויסנעמען, און נאָר קלאָרער געזען ווי בײַ יענעם שאָטן שלאָגן אַרויס שטאַרקער די שוואַרצע רויכן פֿון די ברענענדיקע אויגן.

# ה.

און ערשט שפּעטער מיט יאָרן, שוין דאָ, בײַ די בערג פֿון ירושלים, בײַ די דרײַ קיפּאַריסן, וואָס שלאָגן זיך אַרײַן דורכן שמאָלן פֿענצטער מיט דער גרי־נער לאַמטערן־שײַן, און וויגן זיך אין טרויער דאָרטן בײַ זײַן טיר, און אויף דער וואַנט טאַקע בײַ יענער גרינער לאַמטערן־שײַן שרײַבט אבֿנר מיטן פֿאַר־בלוטיקטן פֿינגער: „אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ, און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ", און ער, ר׳ שמואל־יאָסל צווישן יענע דרײַ זיך־וויגנדיקע קיפּאַריסן בײַ דער טיר, גיט צו:

— גורל, אלישע, גורל!

דאָרטן, בײַ די אויסגעבענקטע בערג פֿון ירושלים, אין זײַן אַליין־און עלנטקײַט, שוין נאָכן אַראָפּנידערן אַהין־צו, אין דעם שקיעה־טאָל, און ניט אַליין, נאָר מיט אַלע זײַנע גילגולים, און מיט די באַיאָרס, מיט יענע וווּנדער־יִדן, וואָס זײַנען אויך, ווי ער, ווי אלישע בן־מאיר בן־אריה הכהן, דאָ פֿרעמדע... און אויך האָבן מיט אים אַהין־צו, אין דעם שקיעה־טאָל, יענע יִדן פֿון שטעטל אַראָפּגענידערט, יענע יִדן, וואָס דער גרויסער אָקטאָבער, נאָך די מאַכנאָ־פּאָגראָמען און פּעטליוראַ־שחיטות, האָט ווי אַ נויטווענדיקײַט די בירגער רעכט בײַ זיי צוגענומען, דעם ביסן ברויט פֿון מויל אַרויסגעריסן, די בתי־מדרשים אין שפּײַכלערס פֿאַר תּבֿואה און פֿאַר האַלצקאַמערס געמאַכט... שוין דעמאָלטן, שוין דאָרטן, אויף יענעם שיידוועג, האָט יענער יונגער אלישע מיט ווייטיק געזען, ווי מ׳רײַסט אויף דור־דורות יִדיש לעבן, ווי מ׳האַקט דעם שטיינערנעם באַרג מיט לאַמען און ווי דאָרטן, שוין אונטער דעם צעלעכערט־און צעדלובעטן באַרג, צווישן די שטיבער מיט די פֿאַרלוירן־בהלה־דעכער, שטייט דער משוגענער און שרײַט צו דער וועלט:

— ס׳וועלן ניט בלײַבן קיין יִדן... ס׳וועט ניט זײַן קיין תּורה!

און דאָרטן, שוין בײַ די אויסגעבענקטע בערג פֿון ירושלים, שוין נאָכן אַראָפּנידערן אַהין־צו, אין דעם שקיעה־טאָל, גראָד דאָרטן, נאָך דער אָפּע־ראַציע אויפֿן האַלב־לעבעדיקן אויג, גראָד אין זײַן משונה־וויכערדיקער וועלט, האָט מיט אַ מאָל, אלישע בן־מאיר, יענעם שאָטן, ברוך־בערס, בײַ אַ גרויסער ליכט דערזען.

און דערזען אים ווי דעמאָלטן, ווי קליינערהייט, קלאָר און דײַטלעך, ווי בײַ יענעם פֿײַער־שײַטער אויפֿן אַלטן בית־עלמין, נאָך יענעם גרויסן יאָר־יאָריד, שוין נאָכן זון־פֿאַרגיין, — דער הימל, ווי די ערד, איז אין טונקלקײַט אַרײַן, די ערשטע הענער קרייען און פֿון ערגעץ ווייעט מיט טרוקענע האָפּן... אין יענעם פֿאַרנאַכט, דער טאַטע איז נאָך אין קלויז פֿאַרבליבן, געדאַרפֿט נאָך דאָרטן, מיטן קאָפּ אויפֿן שטענדער, אַרײַנטענהן און אַרײַנשמועסן מיטן מלך מלכי המלכים, אָבער שוין ניט ווי בײַם דאַווענען מיט געשריי און מיט טרערן, נאָר שוין שטיל, מיט געבעט: עד מתי, ביז וואַנען, ריבונו של עולם?... — און זי, די מאַמע, די שטאָלצע נאַהאַדיקערן, מיטן טרויעריקן שמייכל אויף די ליפּן, נאָכן געבן די קינדער צו שטיקעלעך ברויט מיט האַלבע געל־בײַכיקע, גרויס־יאָדעריקע, וואַסערדיקע אוגערקערס, גייט זי זוכן ווו צו לײַען און ווו צו באָרגן אויף שבת... אין יענעם פֿאַרנאַכט, לויפֿט ער, אלישעלע, צום אַלטן בית־עלמין. אַוודאי וועט ער, דער כהן, זײַן פֿוס אויפֿן פֿעלד ניט שטעלן, זיך האַלטן פֿון דער ווײַטנס, ער וויל נאָר זען, וואָס זיי יידע, פּיטשע מיט ברוך־בערן, טוען דאָרטן? וואָס דער משוגענער זאָל דאָרטן ניט טאָן, וועט עס אים, אלישען, ניט שטאַרק חידושן. יענער, פּיטשע, קאָן אין יום־כּיפּור, צו נעילה, אַרויפֿשפּרינגען אויפֿן בעלעמער, און נעמען גוואַלדעווען: — דו, דו, דו... דו, וועלט, דו ביסט פֿול מיט שׂינאה, מיט קינאה, מיט רציחה, מיט בלוט... דו, דו, דו... — און צעלאַכט זיך מיט אַ מאָל מיט עפּעס שוין גאָר אַ מאָדנעם ווילדן געלעכטער. דער רבֿ, דער טיפֿער זקן, דער אַלטער מקובל, ר׳ וועל־וועלע, וואָס שטייט בײַם עמוד, איז מפֿסיק די תּפֿילה. קיינער טרײַבט אים ניט, פּיטשען. ייִדן שטייען מיט די טליתים איבער די קעפּ אין גרויס ציטערניש. ער שפּרינגט אָבער באַלד אַליין, פּיטשע, פֿון דער בימה אַראָפּ, לייגט זיך אויף דער ערד בײַם אָפֿענעם אָרון־קודש און פֿאַרדעקט דעם פּנים מיט אַ פּאָלע פֿון זײַן נאָסן קיטל. פּיטשע, ווייסט ער, אלישע, — די מאַמע האָט אים אַליין געזאָגט — פּיטשע טראָגט אין דעם לינקן אויג, אונטער דער צוגעמאַכטער וויע, אַ גרויסן סוד, אַ שווערע זינד, וואָס ער איז אין לעבן באַגאַנגען... — אָבער יענער, ברוך־בער, וואָס בינדט אים מיט פּיטשען, וואָס פֿאַר אַ שותּפֿותדיקײַט און וואָס פֿאַר אַ יד־אחת האָבן זיי צווישן זיך?

און הגם ער האָט מורא געהאַט, אלישעלע, פֿאַר די מתים, וואָס הייבן אָן, ווי נאָר די נאַכט פֿאַלט צו, אַרויסקריכן פֿון זייערע קבֿרים, שאַרן זיך און שורשען מיט זייערע תּכריכים לענג־אויס די הײַזער, גייען פֿאַרבענקטע צו

טאַטע־מאַמע, צו ווײַב און קינדער ... אָבער ס׳ציט אים אַהין־צו, אלישען, צום בית־עולם, ניט צו אָפּשטעלן און ניט צו בײַקומען זיך; און דערצו נאָך שוין ניט ווײַט פֿונעם הייליקן אָרט, שוין די קבֿרים־שטיבלעך בײַם צעבראָכענעם פּאַרקן געזען, שוין בײַ נאָטעס אײַנגעפֿאַלענער קרעניצע, דאָרטן, ווו זײַן שוועסטער, גאָלדע־רחל, האָט אין דער בוראַן־נאַכט, פֿאַרן שטעלן זיך מיט יואלן, מיטן נאַראָדיטשער האַרבער, אונטער דער חופּה, געפֿירט אים דעמאָלטן, פּיטשען, צו ליפּעס קבֿר, נאָר אַהין־צו ניט דערגאַנגען און גאָר בײַ דעם אײַנגע־פֿאַלענעם ברונעם, וואָס אַלע מײַדן אים אויס, ווי אַ וויסט־פֿאַרשאָלטן אָרט, גראָד דאָרטן האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, גאָלדע־רחל, און גענומען שרײַען אין שיטנדיקן שניי מיט צאָרן אויפֿן משוגענעם:

— פֿון וואַנען האָסטו גענומען, ווילדער תּם, פֿאַרדרייטער מוח, צעיושע־טער קאָפּ, ווער האָט דיר געזאָגט, און פֿון וואַנען האָסטו גענומען, אַז מײַן נשמה בענקט נאָך אַ פֿלאַקערדיקן שײַטער, נאָך אַן אָדלער, וואָס זאָל מיך אַוועקטראָגן אויפֿן הויכן געטלעכן באַרג? פֿון וואַנען, משוגענער, האָסטו עס גענומען? ... און דאָס האָסטו, שיינער גולם, געוואָלט ווערן מײַן אָדלער, דאָס האָסטו מיך געוואָלט אַוועקטראָגן אויפֿן הויכן געטלעכן באַרג, אונטער די הימלען? און דאָס האָסטו אָפּגעטאָן פֿון גרויסער ליבע צו מיר?

און טאַקע דאָרטן, בײַ יענער אײַנגעפֿאַלענער קרעניצע, וואָס אַלע מײַדן זי אויס, ווי אַ פֿאַרשאָלטן אָרט, ווײַל צוריק מיט יאָרן, ניט הײַנט געדאַכט, דער־ציילט מען, און מיט האַלבע ווערטער, קינדער זאָלן צום תּוך ניט דערגיין, האָט זיך אין יענעם ברונעם דעם רב׳ס ר׳ וועלוועלעס טאָכטער, די בת־יחידה, געוואָרפֿן טרינקען, נאָר איינער, פֿון אַ פֿאַרבײַגעפֿאָרענער בויד, אַ יונגער ציגײַנער, האָט דאָס מיידל פֿון טויט געראַטעוועט, זי מיט זיך אין בויד אַוועק־געפֿירט, און דערנאָך מיט איר חתונה געהאַט. און די קרעניצע, וואָס פֿון איר האָבן ייִדן וואַסער פֿאַר די סאַמאָוואַרן גענומען, איז אין גיכן און פּלוצלינג אײַנגעפֿאַלן. אלישעלע האָט דעמאָלטן ניט געקאָנט פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס און צוליב וואָס האָט זי, גאָלדע־רחל, אים, פּיטשען, גראָד אַהין, צו יענער קרעניצע, אין דער זאַווערוכע־נאַכט געפֿירט? ער אַליין, אלישעלע, פֿלעגט יענעם ברונעם תּמיד אַרומגיין און ווי אַלע אויסמײַדן. נאָר דעמאָלטן, אין דעם סופֿזומערדיקן פֿאַרנאַכט, נאָכן גרויסן יאַרמאַרק, איז ער אויך בײַ יענער אײַנגעפֿאַלענער קרעניצע געבליבן שטיין: אַרויף־צו, בײַם אַלטן בית־הקבֿרות, מיט סווירעפּקע און געדיכטן לאָפּוך פֿאַרוואַקסן, דאָרטן, בײַ דעם פֿון שטיינער

צעוואַלגערטן פּאַרקן, פֿון דאָרטן נעמט אַ שוואַרצע כמאַרע רויך זיך אַרויס־רײַסן און באַלד שלאָגט אַרויס אַ פֿלאַם פֿײַער.

און אָט בײַ יענעם פֿלאַם פֿײַער האָט ער זייביידן, פּיטשען מיט ברוך בערן, דערזען. און הגם פֿון יענעם פֿלאַקער־שײַטער איז דער אַרום פֿינצטערער געוואָרן, און פֿאַרבײַ דער אײַנגעפֿאַלענער קרענעצע האָבן זיך אָנגעהויבן ווײַסע אײַלנדיקע שאָטנס, צו צוויי, צו דרײַ, שאַרן און מיט די תכריכים רוישן — די מתים זײַנען שוין צו דער קאַלטער שול געגאַנגען...
דאָך וויל ער פֿאַרט, אלישע, שוין מיטן פֿראָסט פֿון שרעק אין אַלע ביינער, נאָך נאָענטער אַהין, צו יענע צוויי צוגיין און אַ קוק געבן: האָט פּיטשע דאָס לינקע אויג דאָרטן, בײַם שײַטער אויפֿגעעפֿנט? און דער עיקר וויל ער, אלישעלע, זען דאָרטן ברוך־בערס פּנים, וואָס די צוואָקסענע באָרד פֿאַרשטעלט און באַהאַלט ביז צו די אויפֿגעריסן־ברענענדיקע אויגן, — ס׳דוכט, אַז בײַ יענעם איז שוין גאָר קיין פּנים ניטאָ. ער וויל אַהין לויפֿן, אלישע, און פֿון דאָרטן, פֿון הינטער דער בערעזע, וועט ער זיי ביידן בײַם שײַטער־פֿלאַם קאָנען גוט זען... נאָר דאָ נעמט אים עמעצער אָן, און ביז שטאַרקן ווייטיק פֿאַר דער האַנט:

— אָט וווּהין דו ביסט פֿאַרקראָכן? — זאָגט דער טאַטע מיט כּעס, און אלישע פֿילט, אַז באַלד וועט ער דאָ געשלאָגן ווערן. — וואָס דאַרפֿסטו האָבן בײַ דער אײַנגעפֿאַלענער קרענעצע, און שוין בײַ דער נאַכט?

— איך האָב נאָר געוואָלט כאַפּן אַ קוק וואָס ברוך־בער מיט פּיטשען טוען דאָרטן אויפֿן בית־עולם בײַם שײַטער? — איז זיך אלישע באַלד מודה פֿאַרן טאַטן, וואָס דאַרף שוין צו עמעצן אויסלאָזן זײַן האַרץ, נאָכן ליגן מיטן קאָפּ אויפֿן שטענדער, שוין נאָכן געוואַרט־און געהאָפֿטן יאָר־יאַריד, שוין נאָכן בעטלען בײַ דעם וואָס־לעבט־אייביק אויף שבת... דער טאַטע בלײַבט אויך שטיין און קוקט אַ היפּשע ווײַלע אַהין, צום פֿונאַנדערגעברענטן, צום פֿונקען פֿליענדיקן שײַטער אין דער נאַכט, און זאָגט שוין צו אלישעלען אָן רוגזא:

— קום, זאָל זיך אויף זיי ביידן דער אייבערשטער מרחם זײַן.

— טאַטע, — פֿרעגט שוין אלישעלע נאָכן אָפּגיין אַ היפּשן וועג פֿון דער אײַנגעפֿאַלענער קרענעצע און פֿון יענעם פֿלאַקערפֿײַער אויפֿן הייליקן אָרט; בײַם טאַטן ציטערט נאָך די האַנט. — פֿאַרוואָס רופֿט מען אים, ברוך־בערן, „יום־הדין?״ — ענטפֿערט ער ניט. ערשט אויף די גערטנער, גייענדיק איבער די ליידיקע בייטן, וואָס שמעקן שאַרף אין דער נאַכט מיט איבערגעברענטע שטענגלעך, שוין בײַ דער שטוב, ווו פֿון דעם פֿענצטער, פֿון די אונטערשטע

צוויי געלע טאָפּליעלער שלאָגט אַרויס אַ געלע שײַן פֿונעם אָנגעצונדענעם לעמפּל פֿאַרן אויסבעטן און שלאָפֿן גיין, דאַרטן, בײַ דער טיר, זאָגט ער, דער טאַטע:

— פֿאַר גרויסע זינד ווערט באַצאָלט שוין דאָ, אויף דער ערד. דער גיהנום הייבט זיך אָן נאָך בײַם לעבן...

וויל דאָ אלישעלע כאַפּן די געלעגנהײַט, און פֿרעגט ווײַטער: — און וואָס פֿאַר אַ זינד איז ער, ברוך־בער באַגאַנגען?

— נאָך ניט פֿאַר דײַן עלטער... ווערסט אויסוואַקסן...

אויף די מאַמע, אַז ער האָט בײַ איר געפֿרעגט, אויך זי האָט כמעט אַזוי געענטפֿערט:

— גראָב זיך ניט, מײַן קינד, ס'איז נאָך ניט פֿאַר דײַנע יאָרן. ווערסט אויס־וואַקסן, אפֿשר ווערסטו דאָס אַ מאָל פֿאַרשטיין.

און אויסגעוואַקסן איז ער דווקא גיך, שוין בײַ צוועלף יאָר, נאָך דער מאַמעס טויט, בר־מיצווה געוואָרן און פֿון די קינדעריאָרן, און פֿון דעם טאַטנס שטוב מיטן גראָבן שטרויענעם שוואַרצן דאַך, און פֿון יענע אָנגעשנייטע גערטנער אין דער פֿרעמדער וועלט אַרויס און דאַרטן, אין יענער ווינטער־דיקער וועלט, אין דער זשיטאָמירער מוסר־ישיבֿה גמרא, די דריי בבֿא'ס, געלערנט און יעדן אָוונט, אין דער פֿינצטערער קלויז, געוויינען פֿון דערוואַק־סענע בחורים, אַ כליפּען און אַזאַ קרעכצערײַ געהערט, וואָס האָבן אים אין אַ פּחד און אין אַ קדחת אַרײַנגעוואָרפֿן... שוב יום אחד לפני מיתתך... און באַלד „זאָגט" איינער מוסר און ס'הייבט זיך שוין אָן יללת און אַ סך פֿאַלן שוין חלשות... און אין יענער קלויז מיט די פֿאַרביקע שויבן אונטער דער הרובע אויף דער באַנק, מיטן קוליק צוקאַפּנס, געשלאָפֿן, און איבער זיבן הײַזער אין דעם בורנעסל, אין דער מאַמעס, מיט די האַלב־צעפֿאַלענע שיכלעך, מיטן טאַטנס אַלטער באַראַשקאַווער היטל איבער די אויגן, מיט די ווערטער וואָס קלאַפּן אין דער נשמה:

כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס, פֿאַלן פֿון די הייכן,<br>כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס, יאָגן פֿון דער ערד...

איבער זיבן פֿאַרווייעטע הײַזער אין דער וואָך נאָך אַ ביסן ברויט און אַ ביסל הייסן געקעכץ געגאַנגען, און אין יענע יאָרן פֿון הונגער, פֿון בירגער־

קריג, פֿון פֿאַגראָמען... און דערנאָך איז דער כוטער מיט דער תּליה געקומען... און באַלד די יאָרן פֿון שאָפֿן אונטער סמערדיאַקאָווס האַק, און דערנאָך די פֿינף מלחמה־יאָרן אין דער אַרמיי, דאָס שווער פֿאַרווונדיקט ווערן אויפֿן אָדער־טײַך, דער ווייטיק ווערט ביז הײַנט ניט געשטילט, באַזונדערס אין די נעכט; און שיינדל מיט די צוויי קליינע קינדער דאָרטן איינע אַליין, אין דעם ווײַט־פֿאַרוואָרפֿענעם כאַרעזמער קאַנט, אין די קאַראַקומער זאַמדן... און דער עיקר, דער גרויסער חורבן פֿון ייִדישן פֿאָלק. און ווידער אונטער סמערדיאַקאָווס האַק שטיין: די ווילדע שחיטה אויף ייִדישע שרײַבער, דאָס פֿאַרברענען ייִדישע ביכער און צעשמעלצן דעם אלף־בית אויפֿן פֿײַער... און ס'איז געטאָן געוואָרן אָפֿן, פֿאַר די אויגן פֿון דער גאַנצער ייִדישער וועלט און מדינת ישׂראל, און אין משך פֿון יאָרן־יאָרן, — דעם וויי־געשריי פֿון ייִדישע שרײַבער אין די סטאַלינישע מאַרד־קעלערן האָבן דאָך אַלע געהערט און דעם פֿלאַם פֿון די ברענענדיקע ייִדישע ביכער האָבן דאָך אַלע געזען... און... און... אַלע האָבן געשוויגן!!!

און ערשט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, שוין בײַ די בערג פֿון יהודה, שוין בײַם סוף פֿון זײַן דערנער־וועג, שוין מיט אַלע פֿײַערדיקע רינגען אויף דער צעבלוטיקטער נשמה, שוין נאָכן פֿאַרענדיקן דאָ, אין דער עלנטקײַט, זײַן לעבנס־ווערק פֿון וועגן די באַיאַרס, וואָס דאַרפֿן ווי אַ מײַלשטיין און שײַן־וואַרפֿער פֿאַר די קומענדיקע דורות בלײַבן, שוין נאָך דעם סיום־הספֿר, שוין נאָכן אַראָפּנידערן מיט אַלע זײַנע גילגולים און געשטאַלטן און אויך מיט איר, מיט זײַן געטרײַער און איינציקער לעבנס־יצירה באַגלייטערין, מיט שיינדלען, אַהין, אין דעם שקיעה־טאַל, שוין נאָך אַלע נסיונות, נאָך אַלע באַשערט־און באַווערטקײַטן, שוין נאָך אַלע גזרות וואָס זײַנען אים, ווי אַ האָגל אויפֿן וועג אויסגעפֿאַלן, שוין נאָכן דורכגיין אַ ניט־אײַנגעבויגענער, אַ ניט־אײַנגע־בראָכענער, ניט פֿאַרלוירן דעם גלויבן פֿון אַלע דורות אין זײַן פֿאָלק, ניט אָנגעוווירן דעם ציטער, די ליבשאַפֿט, די באַגײַסטערונג פֿאַרן פֿרילינגדיקן קנאָספּ, פֿאַר יעדן פּיפּס פֿון אַ וואַראַבעלע און וואָרקע פֿון אַ טויב, פֿאַר די זונ־אויפֿגאַנגען און שקיעות, פֿאַר יעדער טראָפּן ווענע־ראָסע, פֿאַר יעדער שלאַקסרעגן און זאַווערוכע... שוין נאָכן דורכגיין זײַן געפּײַניקטן לעבן, וואָס איז דער איינציקער און גרויסער לערער געווען, — דעם שׂכר־לימוד האָט ער, אלישע בן־מאיר בן־אריה הכהן, זייער אַ טײַערן געצאָלט, מיטן בלוט פֿון זײַן האַרצן... ערשט דעמאָלטן, שוין דאָרטן, אין דעם שקיעה־טאַל, האָט ער, דער

אַלטער יִידישער שרײַבער, דער אייביקער אָבֿל, שוין נאָך דער אָפּעראַציע אויפֿן האַלב־לעבעדיקן אויג, שוין אין זײַן משונה־וויכערדיקער וועלט, יענעם ווײַטן שאָטן מיט אַ מאָל קלאָר דערזעען און פֿון אים, פֿון זײַן קרובֿ, פֿון דעם נאַהאַדיִער, פֿון וועגן ברוך־בערן „דעם יום־הדין״, און אויך פֿון דעם רבֿס בת־יחידה, העסיען, און פֿון איר טאָכטער ליוציא, זיך גענומען צו דערציילן פּשוט, און אַזוי ווי ס׳איז געווען, און אַזוי ווי ס׳האָט געטראָפֿן און פֿאַרלאָפֿן.

ו

אָבער ביז דעמאָלטן ביז צו קאָנען מיטן גלייַכן אות און וואָרט פֿון וועגן דעם „יום־הדין" צו דערציילן, ביז צו באַקומען יענע שטאַרקע, די פֿאַר־גרעסער־בריל, און קאָנען די הענטל־פֿעו אין האַנט אַרײַן נעמען, ביז דעמאָלטן גייען נאָך וואָך־און וואָכן אַוועק און ער בלײַבט, אלישע בן־מאיר, אין יענער משונה־ווילכערדיקער וועלט, און שוין ניט נאָר אין די נעכט, נאָר שוין אויך בײַטאָג, נאָכן זײַן מיט שיינדלען אין יענעם סעדל, ווו זיי בלעטערןביידע די שווערע, די יסורימדיקע, אָבער די וונדער־שיינע יאָרן זייערע, און זי זאָגט אים דאָרטן, אונטער דער האַרבסטיק־פֿרילינגדיקער זון, בײַ דעם שטילן רויש פֿון די אַקאַציע־צווײַגן, מיטן דיכטערס שורות:

געבענטשט איז דער, וואָס קאָן עס זיך פֿאַרגינען
אַזוי פֿיל פֿײַנט
און פֿײַנט אַזוינע
ערלעך־שוידערלעך פֿאַרדינען.

און שוין פֿאַרן אַרויסגיין פֿונעם סעדל, שוין פֿאַרן אַהיים גיין, צוגעבן:

און איידער דער מענטש וועט דערוועגן
זיך דורכשנײַדן וועגן
אין לויטערן שויס —
פֿאַרבלענדט אים מיט אייביקער שיינקייט
און לײַטערט אים אויס...*

און דערנאָך שוין דאָרטן, אין דעם ווינקל, וואָס בײַם פֿענצטער, בײַ די ראַדיאָ־קלאַנגען־כוואַליעס, אין יענער משונה־ווילכערדיקער שײַן־וועלט, ווו אַלע מאָל יאָגט אַדורך פֿאַר די בלינדע אויגן זײַנע יענע שורה מיטן טונקל־

---

*) דוד האָפּשטיין.

רויטן, מיטן בלוטיקן שפּיגלשריפט: „אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ", און אויך דערזעט ער, אלישע בן־מאיר, אין זײַן וויכערדיקער וועלט יענעם אויסגעהוילטן בוים ביז צו דער קאָרע, אָט־אָט ברעכט ער זיך און פֿאַלט אײַן, הגם נאָך מיט ברייטע און גרין־בלעטערדיקע צווײַגן, וואָס וווּנדערן און חידושן ביז צום שטוינען... מיינט ער ווידער, דער אַלטער ייִדישער שרײַבער, אַז דאָס איז יענער אויסגעהוילטער בוים אין וועלכן ס'האָט זיך געוואָלט באַהאַלטן פֿון זײַנע פֿאַרפֿאָלגער דער נבֿיא, אָבער באַלד דערזעט ער, אלישע, דער גרויסער בעל־נסיון, מיטן אויג פֿון זײַן נשמה, אַז אין יענעם אויסגעהוילטן בוים קלײַבן זיך גאָר אַרײַן בערדיקע מיט ווײַב און קינדער... שרײַט ער צו זיי ווידער, בן־מאיר, פֿון זײַן וויכערדיקער וועלט אַרויס, וויל זיי וואָרענען, וויל זיי דאָך און פֿאָרט דעם טעות, דעם פֿאַלשן און געפֿערלעכן טראָט זייערן אויפֿדעקן און אַנטפּלעקן, נאָר יענע פֿאַרשטייען ניט זײַן לשון, הערן ניט זײַן וויי־געשריי, און קוקן אויף אים ווי אויף אַ צעטומלטן, ווי אויף אַ בלינדן מרה־שחורה און ווי אויף אַ חסר־דעה... און זײַן קול קערט זיך אום צוריק אין זײַן האַרצן און שלאָגט זיך דאָרטן אין אַ בלוטיקן טרויער.

און אַז אויפֿן אויג שוין די בריל געהאַט און ווידער די אַלטע וועלט דערזען, נאָר שוין אין אַן אַנדער אויסזען, אין אַ נײַער מראה און שטאַלט, אין אַ נײַעם געמעל און אָפּבילד, — ניט ווי פֿריער, אַלץ איז שוין געוועלבט, רונדיק און אויסגעבויגן געוואָרן, די שטערן אין בײַנאַכטיקן הימל, ווי גרויסע צעצווי־טעטע סאָנישניקעס... און וואָס ס'דאַכט זיך אים אויס נאָנט, ווײַזט זיך באַלד אַרויס ווײַטער, קאָן מיטן פֿוס אויפֿן טרעפּל ניט טרעפֿן און פֿאַלט, און אויך די שיך זײַנע משונהדיק גרויסע, ער ווייסט שוין אַפֿילו ניט, צי נאָך אַזאַ פּאָר וועט ער אין ירושלים קאָנען קויפֿן... און אויך ווייסט ער ניט, און ער קאָן שוין אויף זיכער ניט זאָגן, צי די אמתע וועלט האָט ער פֿריער, פֿאַר דער אָפּע־ראַציע, געזען, צי גאָר איצטער, אין אָט דער שטאַרק פֿאַרגרעסער־בריל?

און נאָך וואָכן זײַנען אַוועק ביז ער האָט זיך, אלישע בן־מאיר, צו אָט דער פֿאַרגרעסערטער, צו אָט דער געוועלבט־קאָסער און אויסגעבויגענער וועלט צוגעוווינט, ביז זי האָט זיך אויסגעגלײַכט, אַ תיקון און אַ נאַטירלעכן פּנים באַקומען... און ערשט דעמאָלטן זיך צום טיש געזעצט און געקאָנט די פּען אין האַנט אַרײַן נעמען און אויפֿן דינעם ווײַסן בויגן פּאַפּיר די ערשטע שורות אָנשרײַבן: און די בת־יחידה, העסיע, האָט מיט פּלײַס, און ממש מיט ברען, געטרײַ און איבערגעגעבן, און דער עיקר מיט אַ שײַנענדיקן פּנים געהאָלפֿן

דער מאַמען צו גרייטן אויף שבֿועות, ווי דער מינהג ביַי ייִדן, מילכיקע מאכלים און אויך די שטוב מיט גרינסן און קווייטן אויסגעצירט. און די רביצין האָט שוין גרויס נחת געקליבן און עס דעם מאַן איבערגעגעבן. נאָר דער טאַטע, דער מקובל, האָט זיך ניט געפּרייט וואָס די טאָכטער איז פּלוצלינג פֿון יענעם צושטאַנד און געמיט, פֿון יענעם שווערן עצבֿות מיט אַ מאָל און צו אַזאַ ענדע־רונג געקומען...

און די טאָכטער האָט זיך דעמאָלטן טאַקע אין אַ בהלה געפֿונען. מ׳האָט שוין גאָר ניט געוווּסט ווי אַזוי, און מיט אַוועלכע מיטלען פֿון יענעם שוואַרצן געמיט זי אַרויסנעמען. פֿון טאָג צו טאָג אַלץ שווײַגנדיקער געוואָרן, ווי דעם לשון פֿאַרלוירן. זיך גענומען אויסבאַהאַלטן און אין אַ ווינקל פֿאַרקריכן... און געשען איז מיט איר, מיט העסיען, אָט וואָס:

— נאָכן חתונה מאַכן די פֿיר זין — און אַלע זיצן זיי שוין מיט כּבֿוד אויפֿן כּיסא־הרבנות — איז זי, העסיע, די איינציקע און די מיזינקע, מיט טאַטע־מאַמע פֿאַרבליבן צו פֿרייען זייערע הערצער אויף די עלטערע יאָרן. טאַטע־מאַמע האָבן זי אין ערגעץ ניט געוואָלט אָפּלאָזן, אויף איין טאָג זיך מיט איר שיידן, אַן איידעם אין שטוב אַרײַן געוואָלט נעמען און יענער זאָל שוין ר׳ וועלוועלעס ממלא מקום ווערן, זײַן כּיסא־הרבנות פֿאַרנעמען. און פֿאַר העסיען איז טאַטע־מאַמעס ווילן און ווונטש הייליק געווען. און אויך האָט זי טיף געגלויבט אין השגחת הבורא. ס׳האָט שוין געהאַלטן בײַם שליסן דעם שידוך מיטן שאַרי־גראָדער רבֿס זון, מיטן עילוי, מיטן בקי וחריף, מיטן יחיד במינו, וואָס רבנים האָבן אים שוין צו דער בר־מיצווה גערופֿן ר׳ יעקבֿ־יוסף... נאָר דאָ האָט זיך דער גורל, דער שׂטן אַליין אַרײַנגעמישט און נחמן נאַהאַדיִער, דער פּאָסעסאָר און סוחר, וואָס זײַן נגידותשאַפֿט, זײַן עשירות, האָבן אויגן און מײַלער אויפֿ־געריסן, ער, דער נאַהאַדיִער, איז דאָ דעם וועג פֿאַרלאָפֿן, וועלטן אײַנגעבראָכן און זי, די זיבעצניאָריקע העסיע, וואָס האָט שוין געקענט, ווי די מאַמע אירע, אַ בלאַט גמרא אָפּלערנען, זי, העסיע, איז אַ כּלה געוואָרן פֿאַרן נאַהאַ־דיִערס בן־יחיד, פֿאַרן שיינעם און קלוגן, פֿאַרן פֿיראונצוואַנציק־יאָריקן משׂכּיל, פֿאַר ברוך־בערן, וואָס האָט שוין אַליין געשעפֿטן אין דער וועלט געפֿירט.

דער קנס־מאָל האָט אַכט טעג געדויערט. פֿריער דאָרטן, בײַ דעם פּאָסע־סאָר אין הויף, פֿאַר די צוויי מישפּחות, פֿאַר דעם נאַהאַדיִערס און דעם רבֿס, מיט צוויי קאַפּעלעס, פֿון באַרדיטשעוו אַראָפּגעבראַכטע, קלעזמער, — שאַמ־פּאַניער ווײַנען האָבן זיך דאָרטן, ווי וואַסער געגאָסן. דער פּאָסעסאָר האָט בײַם

טאַנצן מיט די רבנים, מיט אַלע צוזאַמען און מיט איטלעכן באַזונדער, צוויי פּאָר שטיוול צעריסן. און אויך זיי, די פּראָסטע וואָלד־און ערד־ייִדן, די נאַהאַ־דיִער, האָבן געטאַנצט מיט די אַטלאַסענע זשופּיצעס, מיט די פֿוטערנע שטרײַמלעך, מיט די ווײַסע זאָקן ביז די קני . . . און אויך די נאַהאַדיִער ווײַבער, אין די אייגענע האָר, האָבן מיט די רביצינס, אין די פּאַרוקן, געטאַנצט אַזוי, ביז יענע האָבן אָנגעהויבן פֿון די פֿיס פֿאַלן . . . און צוויי פֿאָטאָגראַפֿן האָבן עס אַלץ אויף קאַרטעס אַראָפּגעכאַפּט און אָפּגעמענטשלט. און דערנאָך, אין דרײַ טעג אַרום, איז ערשט די שׂימחה אין שטעטל אַריבערגעטראָגן געוואָרן, און דאָרטן האָט מען אין די גאַסן טישן געדעקט פֿאַר גרייס און קליין, און די טישן האָבן זיך געבויגן און געבראָכן פֿון געקאָכטס און געבראָטנס, פֿון געפּרעגלטס און געבאַקנס, פֿון זיס־און געזאַלצנס, פֿון ביר־און בראָנפֿן. און די צוויי קאַפּע־ליעס האָבן אויך דאָרטן געשפּילט און סטרונעס געריסן . . . און אַלע, פֿון גרויס ביז קליין, האָבן זיך גאָר ניט געקאָנט אָנלויבן און אָנשפּיגלען אין חתן־כּלה,ביידע ווי צוויי טאָפּאָלן, געוויקסיקע און שיינע, טאַקע נאָר פֿון גאָט אַליין אַ פּאָר.

און די חתונה האָט באַדאַרפֿט אָפּגעשפּילט ווערן אין אַ האַלב יאָר אַרום, הגם די נאַהאַדיִער האָבן די חתונה געוואָלט פּראַווען פֿריִער, אין דריי חדשים אַרום, נאָר זיי, דער רבֿ מיט דער רביצין, האָבן אַזוי גיך ניט געוואָלט שיידן זיך מיט דער טאָכטער, און אַזוי איז עס געבליבן. נאָר דאָ איז מיט אַ מאָל אומדער־הערט און שוין גאָר אומדערוואַרטס געשען: צוויי וואָכן נאָכן קנסמאָל האָט ברוך־בער, אָן איין וואָרט, אָפּגעשיקט די תּנאָים.

דער רב, דער בעל־מקובל, ר׳ וועלוועלע, וואָס ציט די גאָלדענע קייט פֿון שמעון בן יוחאי און זי, די רביצין, חנה־לאהלע, וואָס ציט איר ייחוס פֿון רש״י, ביידע, וואָס האָבן דעם שידוך גאָר ניט געוואָלט און ערשט אין חדשים אַרום, סוף כּל סוף, זיך געלאָזט אײַנברעכן און די טאָכטער פֿאַר אַ שנור צו די נאַהאַ־דיִער אָפּגעגעבן, זיי ביידע זײַנען פֿונעם אָפּשיקן די תּנאָים געפּלעפֿט און פֿאַר־לוירן געוואָרן, ניט געקאָנט גאָר פֿאַרשטיין און עס דערקלערן . . . דער עיקר אָבער געשראָקן זיך פֿאַר דער טאָכטער: זי זאָל, חלילה וחס, ניט קראַנק ווערן. נאָר זי, העסיע, הגם בײַם באַקומען די תּנאָים שטאַרק בלייך, אַפֿילו די שוואַרצע אויגן זײַנען איר אויף אַ רגע ווײַס געוואָרן, דאָך באַלד גענומען טאַטע־מאַמע צו באַרויִקן: זי האָט עס לכתחילה, פֿון ערשטן טראָט געפֿילט . . . איר כּבֿוד? . . איר כּבֿוד איז דאָ אויף אַ האָר ניט אָנגערירט געוואָרן . . . — און

זי האָט תיכּף די נאָהאַדיִער מתּנות צונויפֿגענומען, דעם חתנס גאָלדן זייגערל מיט אַ האַמער צעקלאַפּט, ווי דערמיט אים, דעם געוועזענעם חתן, געזאָגט: — יענע צײַט פֿון מײַן כּלה־זײַן, איז ניט מער ווי אַ ביסל שטויב! — און די אַלערליי מתּנות מיטן טאַטנס שמש אַהין־צו, די נאָהאַדיִער, אָפּגעשיקט.

— דער ברוך־בער, וואָס וויל אַזוי מ׳זאָל אים רופֿן באָריס, — האָט זי אין יענעם טאָג, נאָכן אָפּשיקן דעם צעקרישלטן זייגערל, געזאָגט דעם מאַמען. — דער ברוך־בער מיט זײַן פֿאָרן יעדן פֿרימאָרגן רײַטנדיק אין די ווײַסע רײַט־הויזן אויפֿן שוואַרצן פֿערד, זײַן האַלטן און פֿירן זיך איז מיר געווען ניט צום האַרצן. ווײַט און פֿרעמד פֿון עפּעס גאָר אַן אַנדער וועלט. מײַן באַשערטער זיווג, מאַמע, וועט ערשט קומען . . .

— מיטן אייבערשטנס הילף . . . בעסער, טאָכטער, פֿון אַזאַ איינעם באַקומען די תּנאים, איידער מ׳זאָל אים שפּעטער דאַרפֿן שיקן אַ גט.

— פֿאַרשטייט זיך, — האָט העסיע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — אַוודאי, געוויס . . . — און די ערשטע צײַט איז טאַקע ניט געווען צו באַמערקן אויף איר פּנים, אין איר גיין און שטיין, אין אירע העוויות און תּנועות, קיין שום ענדע־רונג, ווי ס׳וואָלט מיט איר גאָרניט ניט געשען. נאָר שפּעטער זײַנען אירע אויגן אָפּט ווידער ווײַס געוואָרן און אין אַ מין בהלה אַרײַן:

— מאַמע, עפּעס האָבן אַלע אָנגעהויבן מיך אויסמײַדן. כ׳ווייס ניט, מאַמע, פֿאַרוואָס, כ׳ווייס ניט . . . און בײַנאַכט זע איך מאָדנע חלומות. איך זע ווי ס׳דרייט זיך אויף דער סטעליע, מיטן קאָפּ אַראָפּ, אַ דריידל, און פֿון אַלע פֿיר זײַטן איז עס מיט עפּעס פֿאַרשריבן. דאָס דריידל דרייט זיך נאָר מיטן כּוח פֿון מײַנע אויגן. וואָס שטאַרקער איך קוק, אַלץ גיכער דרייט זיך עס, נאָר איבער־לייענען וואָס דאָרטן, אויפֿן דריידל, איז אָנגעשריבן, קאָן איך ניט. און קוקן פּאַמעלעכער קאָן איך אויך ניט . . . און שוין פֿאַר טאָג האָט זיך מיר געחלומט, אַז מײַן אויג האָב איך בײַ זיך אַרויסגענומען, האַלט עס אויף דער האַנט און מיטן צווייטן אויג קוק איך אויף דעם . . .

— צעוואָרעמטער כּוח הדמיון . . . זאָגט די רביצין. — וואָס אַ מענטש קאָן איבערחלומען, וועט עס דער ערגסטער שׂונא ניט אָנווינטשן . . . איך וועל דיר געבן, טאָכטער, אַן עין־הרע־בייגעלע . . . שמייכלסט? ס׳קאָן ניט שאַטן.

און העסיע האָט דאָס עין־הרע־בייגעלע גענומען. אָבער שוין מער פֿאַר דער מאַמען פֿון וועגן חלומות ניט דערמאָנט, הגם זיי יעדער נאָכט און פֿאַרכ־טיקער געזען: זי גייט אַרום, העסיע, אַ בלינד געוואָרענע, ערגעץ אין אַ וואַלד,

און קאָן דעם וועג אַהיים צו טאַטע־מאַמע ניט געפֿינען. און ס׳איז ניטאָ בײַ וועמען צו פֿרעגן. און אויב עמעצער קומט אַ מאָל יאָ אַנטקעגן, ווייסט ער ניט און קאָן זי אויף יענעם וועג צו דער היים ניט אַרויספֿירן. און אַנדערע וואָס קומען איר אַנטקעגן אָן, מײַדן זי גאָר אויס, לויפֿן דורך פֿאַרבײַ און רופֿן זיך אויף איר קול ניט אָפּ, און פֿון אַלע זײַטן נעמען שרײַען סאָוועס. הייבט זי אויך אָן צו שרײַען מיט אַלע כּוחות און לויפֿט ווײַטער, און זי ווייסט ניט וווּהין זי לויפֿט, און פּלוצלינג פֿאַלט זי אין אַ גרוב אַרײַן... — נאָר שפּעטער, אין אַ חודש צײַט אַרום, שוין ניט קיין חלום, נאָר וואָס אויף דער וואָר האָט מיט איר געטראָפֿן, דאָרטן בײַם טײַך, בײַם אַריבערגיין די קלאַדקע — ניט ביכולת געווען צו אויסבאַהאַלטן, צו טראָגן עס אַליין אין האַרצן, און פֿאַר ביידן, פֿאַר טאַטע־מאַמע בײַם טיש, בײַם וואַרמעס עסן, אַזוי זיך, ווי אַ שפּאַס, ווי פֿון אַ נאַרישקײַט, ווי דערמיט גאָרניט אויסן זײַן, ווי אַ פּשוטער מאַלע־וואָס, דערציילט:

— נעכטן פֿאַרנאַכט בין איך געגאַנגען צום טײַך, און ווי תּמיד גיי איך אַהין־צו, פֿון יענער זײַט „בראָוואַר". בײַם אַריבערגיין די קלאַדקע זע איך ווי אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר זיבן־אַכט טראָגט אַ שווערן קאָשיק, גייט אויסגעבויגן, אַז אָט באַלד פֿאַלן זיי ביידע, דאָס מיידעלע מיטן קאָשיק, אין וואַסער אַרײַן. וויל איך העלפֿן, מאַכט דאָס מיידעלע אַ געשריי: ניין, ניין, ניין!

— פֿאַרוואָס ווילסטו ניט איך זאָל דיר העלפֿן? — פֿרעג איך זי.

— ווײַל איר זײַנט... איר זײַנט...

— וואָס בין איך?

— אַ קרעציקע...

ווער האָט דיר אַזעלכס געזאָגט?

— אַלע, אַלע זאָגן. די מאַמע, די מומע רייזל, ברײַנדל די דאַרע. איר גייט אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער בונדע ווײַל איר דאַרפֿט פֿאַרשטעלן דעם האַלדז, די פֿיס.

— און וואָס נאָך זאָגט מען?

— אַז איר גייט זיך באָדן פֿון יענער זײַט „בראָוואַר", ווו קיינער באָדט זיך ניט, כּדי מ׳זאָל אײַך ניט זען... און דער חתן האָט אײַך דערפֿאַר אָפּגע־שיקט... — און העסיע צעלאַכט זיך דאָ ביז טרערן. — מער האָב איך שוין ניט געהערט... וואָס דאָס קינד האָט דאָרטן ווײַטער געפּלאַפּלט...

— צו אונדזערע שׂונאימס קעפּ! — זאָגט די רביצין מיט אַ ביטערן

שמייכל. — אָט ווי מ׳קאָן אויסטײַטשן צניעות, בושה... געהיט און באַוואָרנט זאָל מען ווערן פֿון אַזאַ לשון־הרע, פֿון אַזאַ רכילות.

און דער רבֿ, דער מקובל, וואָס שרײַבט שוין יאָרן זײַן ספֿר „סודות הבורא״, ער ווערט ניט אַזוי פֿון דער טאָכטערס רייד, ווי פֿון איר געלעכטער אויפֿגעציטערט. דער קאָפּ נויגט זיך אים נידעריק צום טיש אַראָפּ און די באָרד פֿאַלט אים אין טעלער זופּ אַרײַן. ער זיצט אַזוי לאַנג און קוקט פֿון אונטער דעם שטאַרק געקנייטשטן שטערן, פֿון אונטער די געדיכטע ברעמען אַרויס, מיט די האַלב־צוגעמאַכטע דורכדרינגענדיקע אויגן אויף דער טאָכטער, דער עיקר אויף אירע טרערן, וואָס קומען פֿון איר שרײַענדיקן געלעכטער... און ענדלעך זאָגט ער:

— זאָל דער אייבערשטער דיר העלפֿן, מײַן קינד, אויסשטיין די שווערע יסורים! מאָרגן וועל איך פֿאַסטן! — און פּלוצלינג, פֿאַר ווײַב און טאָכטער שוין גאָר ניט צו פֿאַרשטיין, גיט ער צו: — איך וועל פּרוּוון דאָרטן, אין הימל, ברעכן דעם גזר...

ז

און אלישע בן־מאיר, וואָס האָט אין משך פֿון זײַן לעבן דאָרטן, בײַם דניעפּער־טײַך, ניט איין מאָל אָנגעהויבן, געוואָלט פֿון וועגן דעם „יום־הדין״ אָנשרײַבן און דאָך, בײַ אַלע זײַנע דעמאָלטיקע יונגע כּוחות, ניט געקאָנט פֿאָרט ווײַט גיין, ווײַל צום תּוך, צום תּמצית, צום קערן זיך ניט געקאָנט דער־גראָבן... בלײַבט אויך דאָ, בײַ די בערג פֿון ירושלים, אָן אײַנגעבויגענער, ניט צום אויסגלײַכן זיך, מיט דער אויסגעצויגענער האַנט איבערן טיש: וועט ער איצטער, דער אַלטער ייִדישער שרײַבער, וואָס איז מיט שווערע נסיונות אָנגע־לאָדן און האָט זיך צום מהות, צום מאַרך דערקליבן, און דער עיקר, ער קאָן שוין אויף זיך נעמען און שטעלן, וועט אים שוין אָבער אויף דעם כּוחות קלעקן?

נאָר אָפּלייגן נאָך אַ מאָל און ווידער אויף שפּעטער, קאָן ער שוין ניט, די יאָרן גייען אויס... און יענער, דער גוטער מלאך־המוות, וואָס האָט אים, בן־מאירן, געוואָלט דעמאָלטן פֿון יענעם אינדזל־יאָרן אריכת־ימים געבן און ער, דער ייִדישער שרײַבער, האָט זיי, יענע יאָרן פֿון די געהרגעטע און פֿאַראַשטע קינדער ניט געוואָלט נעמען, ניט געוואָלט פֿון יענעם אינדזל־יאָרן אַפֿילו אויף איין און איינציקער רגע זײַן לעבן פֿאַרלענגערן... יענער, דער גוטער מלאך־המוות, קומט אַלע נאָכט מיט זײַן אויסגעקרימטן חוזק־שמייכעלע און נעמט אים אָן, ר׳ אלישען, מיט די קאַלטע ביינערדיקע פינגער פאַרן גאָרגל... ניין, אָפּלייגן אויף שפּעטער טאָר ער שוין ניט, הגם זײַן נשמה ברענט נאָך העל, אַפֿילו צו שטאַרק, אָבער שוין דאָרטן, אויפֿן דנאָ פֿונעם שקיעה־טאָל, און ווי אַ ליכט פֿאַרן אויסלעשן זיך. ניין, ער קאָן שוין ניט אָפּלייגן אויף שפּעטער, ער מוז אײַלן, ער מוז מיט זײַן שליחות דערגיין און אָנקומען אַהין־צו...

און אלישע בן־מאיר, שוין בײַ די ערבֿ־שנייִקע מידבר־ווינטיקע יהודה־בערג, מיטן ברוין־געשטרײַפּטן שאַרף אויף די אונטערגעהויבענע, און אויף די נאָר אַלץ תּמיד־פֿאַרוווּנדערטע אַקסלען, בײַ דעם שוואַרצן פֿלאַם פֿון די אזכּרה־ליכט, און מיט יענעם הייסן טרויער פֿון די וויי־און צאָרן־ברינימער,

וואָס ווילן פֿון אים ניט אָפּטרעטן און זיך דערוויטערן, שרייבט ער ווייטער — הגם ער ווייסט אַז נאָר געציילטע וועלן זיך עס קאָנען פֿאָרשטעלן און אויס־מאָלן — ביי דעם קאַאָריקן גרויס־טראָפּנדיקן טבֿת־רעגן, וואָס קלאַפּט אין זיין שמאָלן פֿענצטער, דערציילט ער מיט זיין פּערלדיקן כּתבֿ אויף די דינע בויגנס פּאַפּיר פֿון וועגן יענעם גורלדיקן גזר און יום־הדין אַזוי:

— און דער רבֿ האָט געפֿאַסט, געגאַנגען אין מקווה, שעהנווייז אין טבֿילה געווען. און ניט נאָר צוליב טהרת הגוף, נאָר כּדי די נשמה, ביחידות, צוגרייטן צו די עולמות־עליונים, געוואָלט דאָרטן, אין די הימלען, דעם גזר ברעכן, ניט דערלאָזן צום גרויסן אומגליק, וואָס ער, דער מקובל, האָט אין זיין טאָכטערס דעמאָלטיקן געלעכטער ביים טיש דערהערט, און אין אירע בהלה־אויגן דערזען... און זי, די מאַמע, די רביצין, די מלומדתטע, וואָס ציט איר ייחוס פֿון רש״ין, האָט נאָך דעמאָלטן, פֿאַרן שטעלן זיך מיט אים, מיטן אוראייניקל פֿון ר׳ וועלוועלען זשיטאָמירער, אונטער דער חופּה, דעם תּנאי אויסגענומען: ער, איר קומענדיקער מאַן, זאָל קיין רבי, קיין גוטער־ייִד, קיין בעל־מופֿת ניט ווערן, ניט אַריינמישן זיך אין דעם אייבערשטנס סדר העולם... זי ווייסט, און זי גלייבט, אַז דער צדיק הדור קאָן אויפֿטאָן אין הימל אַ סך זאַכן, קאָן ברעכן גזרות, אָבער פֿאַר דעם ווערט ער, דער צדיק, פֿאַרן אַריינמישן זיך אין סדר העולם, שווער געשטראָפֿט — דער צדיק צאָלט דערפֿאַר מיטן לעבן פֿון זיינע אייגענע קינדער... און זי האָט דאָך פֿאַר די אויגן איר עלטער־זיידן, דעם גרויסן בעל־מקובל פֿון לאַאַנץ, ר׳ אליהו בעל־שם, און דער עיקר זיין אייניקל, דעם מיכלשטאטער בעל־שם, זעקל־לייב וואָרמסער... ווער ס׳איז נאָר צום מיכלשטאטער מיט אַ צעבראָכענעם גוף און צעווייטיקטער נשמה געקומען, דער איז פֿון אים געהאָלפֿן געוואָרן! נאָר ער אַליין, דער מיכלשטאטער, האָט פֿאַר זיין לעבן צו דער קבֿורה געבראַכט זיינע אייגענע פֿערצן קינדער.

— איך וויל ניט, — האָט זי זיך דעמאָלטן ניט געלאָזט פֿון גרויסע רבנים איבערשפּאָרן, — איך וויל ניט אַז מיטן טויט פֿון מיינע קינדער זאָלן געבוירן ווערן ביי עקרות מיט גוואַלד קינדער. די פֿרייד וואָס קומט אויף מיט יסורים און ליידן פֿון אַנדערע, אַזאַ פֿרייד קאָן קיין תּקומה ניט האָבן, אַזאַ פֿרייד טראָגט נאָר אַריין טרויער אין דער וועלט... זיך אַריינמישן אין דעם אייבערשטנס סדר איז אַ זינד, אַ שווערע זינד!

נאָר איצטער, צוזעענדיק וואָס מיט איר טאָכטער קומט דאָ פֿאָר, ווי יענע, איר בת־יחידה, די שטילע און ריינע טויב, פֿאַלט פֿון טאָג צו טאָג אין שוואַרצן

ייאוש אַרײַן, אַז דער אומגליק טרעט שוין באַלד דעם שוועל פֿון איר שטוב אַריבער, אַז דער מלאך־המוות קאָן זיך הײַנט־מאָרגן בײַ איר קינדס צוקאָפּנס שטעלן, האָט זי, די מאַמע, דעם מאַן אירן ניט געשטערט אין סדר העולם זיך אַרײַנמישן, און אויך אַליין, אין זכות אָבֿות, בײַם אייבערשטן געבעטן און געפֿאָדערט...

און דאָרטן, אין הימל, האָט מען זיך סוף־כּל־סוף אָפּגערופֿן. נאָך די לאַנגע ווינטערדיקע חדשים פֿאַרשפּאַרט זײַן ניט־אַריבערטרעטן דעם שוועל אין דרויסן אַרויס, ניט לאָזן בײַ זיך די הרובע אײַנהייצן, — איר פֿענצטער ווערט אין די גרויסע פֿרעסט ניט פֿאַרפֿרוירן, שטייט אין דער שוואַרצער שאָל, ווי אין אָבֿלות אײַנגעוויקלט און קוקט פֿון הינטערן אַראָפּגעלאָזטן פֿאָרהאַנג צו דער פֿאַרשנייטער וועלט, ווי איבערן פֿאַרגעלטן וועג פֿאָרן הין־און־הער שליטנס מיט אָנגעפּעלצטע פּויערים; און אין איינעם אַ פֿרימאָרגן, שוין פֿאָרן וועסנע שטעלן זיך, דער טאָג גיסט זיך אָן אַלץ מער און מערער מיט שײַן, אין די שנייען, בלוי־בליציקע, צוויטען שוין די ווערבעס; אונטערן דאָך וואָרקען אומרויִק־אויפֿגערעגט די טויבן און די טראָפּנס אויף דער זון פֿאַלן, ווי פֿונקען פֿײַער פֿון דער סטריכע: אין יענעם פֿרימאָרגן, געשפּאַנט אין צוויי שוואַרצע פֿערד מיט ווײַסע פֿלעקן אויף די שטערנס, כמעט בײַם סאַמע פֿענצטער, ווי אומישנע, ווי וויסנדיק אַז זי, העסיע, שטייט הינטערן פֿאָרהאַנג, פֿאָרט פֿאַרבײַ אין אַ פֿריילעך־געפֿאַרבטן שליטעלע שטיל, פֿאַוואַלינקע, ברוך־בער מיט דער ווײַב, מיט דער שיינער בלאָנדער אַנדע, מיט זײַן שוועסטערקינד, מיט וועלכער פֿון קליינערהייט אַ ליבע געשפּילט... און אין יענער רגע ווען זיי ביידע, פֿון דער קעלט און פֿון גליק פֿאַרפֿאַליעטע, מיט מזל און מיט קרישקע־לעך זון באַשאָטענע, אַזוי פֿאַמעלעכקע און געלאַסן, מיט צעשטראַלט־לאַכנדיקע פּנימער פֿאַרבײַ איר פֿענצטער דורכגעפֿאָרן, אין יענער רגע איז איין טריף פֿון יענע פֿײַערדיקע ערבֿ־וועסנע טראָפּנס אויף איר, אויף העסיעס נשמה געפֿאַלן און זי האָט מיט אַ מאָל פֿון זיך די שוואַרצע שאָל אַראָפּגעוואָרפֿן.

און דעמאָלטן האָט גראָד ער, דער מקובל, זיך שטאַרק דערשראָקן פֿאַר דער טאָכטערס נײַעם גילגול, פֿאַר איר פּלוצעמדיקן איבעראַנדערשן זיך, פֿאַר איר אַרויסגיין, און ממש אין איין אויגן־בליק, פֿון אַזאַ ייאוש אין אַ מאָדנער אויפֿגערוימטקײַט, און דער עיקר, דער בײַט פֿון אירע אויגן: פֿון בהלה, פֿון פֿאַרלאָרנקײַט, צו להכעיסדיקײַט, צו ניט־אָפּשטעלן זיך פֿאַר גאָרניט, צו גיין אויפֿן שאַרף פֿון מעסער... און אַפֿילו ניט אַזוי די אויגן אירע האָבן אים דער־

שראַקן, דעם טאַטן, ווי איר שטיל געוואָרענער קול, אַן איַינגעהאַלטן־צוגע־שטיקטער, ווי פֿאַרן לעצטן געשריי אין לעבן... און אין זײַנע תּיקון־חצותן דאָרטן, אין דעם אַנגעהייצטן בית־דין שטיבל, בײַ די זיך שמעלצנדיקע צוויי חלבֿנע ליכט, האָט זיך שוין געלאָזט הערן אין זײַן געוויין אויפֿן חורבן בית־המיקדש נאָך אַ געוויין, שוין אַן אַ ברעקל האָפֿענונג, אַ געוויין, ווי בײַ אַן אָפֿענעם קבֿר. און דערנאָך, שוין נאָך די קינות און תּפֿילות, שוין צו פֿאַרטאָג צו, געשריבן מיט דער גענדזענער פֿעדער זײַן ספֿר „סודות הבורא", און געוואָלט אַהין, צו יענע סודות, מיט זײַן נשמה זיך דערגראָבן.

און זי, די מאַמע, פֿרייט זיך מיט איר קינדס פּלוצעמדיקן ענדערן זיך צום גוטן, און טיילט זיך מיט איר פֿרייד מיטן מאַן: די טאָכטער, ברוך השם, קערט זיך אום צו אירע טאָג־טעגלעכקײַטן, צו איר פֿריערדיקן שטייגער און פֿירן זיך, גייט ווידער אין אירע מיידלשע אייגנשאַפֿטן אַרײַן. און דער מקובל הערט דער ווײַבס רייד, שאָקלט צו מיטן קאָפּ און זעט דערבײַ פֿאַר זיך דער טאָכטערס אויגן, און באַזונדערס הערט ער יענעם איַינגעהאַלטן־צוגעשטיקטן קול אירן...

און זי, העסיע, האָט זיך פֿאַרט מיט יעדן טאָג געבעסערט... אויף פּסח אַ נײַ קלייד און שיך זיך געלאָזט נייען, און אויף שבֿועות, מיט פֿלײַס, און ממש מיט ברען, געטרײַ און איבערגעגעבן, און דער עיקר, מיט אַ שײַנענדיקן פּנים געהאָלפֿן, ווי דער מינהג בײַ ייִדן, מילכיקע מאכלים גרייטן, און אויך די שטוב מיט גרינס און קווייטן אויסגעצירט, אַז שוין ניט נאָר זי, די מאַמע, נאָר אויך ער, דער טאַטע, האָט זיך אָנגעהויבן צו באַרויִקן.

און דאָ, אין דעם ערשטן טאָג שבֿועות, איז עס געשען: טאָקע דעמאָלטן, אַלע פֿענצטער אין דעם וווּנדערלעך בעז־צעבליטן פֿרילינג אַרײַן אָפֿן, צו דער זון, וואָס אין די באַגילדטע בלויקײַטן פֿון טיפֿן הימל, שוין נאָך אקדמות, אין דער גרויסער שול, אַן איבערגעפֿולטע מיט ייִדן, מיט מקבל־תּורהדיקע, מיט עונג־יום־טובֿדיקע; אין דעם „מאָוער", ווו ס׳האָט געדאַוונט אַן אָנגעפֿאָרענער חזן, און כמעט שוין נאָך קריאת־התורה, שוין בײַ דער שבֿועותדיקער הפֿטורה, וואָס דער רבֿ האָט אַלע יאָר, שוין ווי אַ חזקה, באַקומען און אָנגעהויבן מיט זײַן ווייך־האַרציקן קול צו לייענען: וַיְהִי בִּשְׁלוֹשִׁים שָׁנָה בְּחֲמִשָּׁה לַחֹדֶשׁ וַאֲנִי בְתוֹךְ הַגּוֹלָה עַל נְהַר כְּבָר נִפְתְּחוּ הַשָּׁמַיִם וְאֶרְאֶה מַרְאוֹת אֱלוֹהִים... — און דאָס איז געווען אויפֿן דרײַסיקסטן יאָר, אין דעם פֿערטן חודש, אין דעם פֿינפֿטן טאָג פֿון דעם חודש, און איך בין צווישן די פֿאַרטריבענע בײַם טײַך כְּבָר, האָבן זיך

געעפֿנט די הימלען און איך האָב געזען זעאונגען פֿון גאָט . . . — און דאָ איז זי אַרײַן, די טאָכטער, און אַ נאַקעטע, ווי די מאַמע האָט זי געהאַט, אויפֿן שוועל אַזוי, מיט אויפֿגעהויבענע הענט, געבליבן שטיין, און אויסגעשריִען:

— זעט, יידן, קוקט, איך בין ניט קיין צרעת . . . אויף מײַן גוף איז ניטאָ קיין שום אויסשיט!

און אַלע זײַנען דאָ פֿאַרגליווערט געוואָרן. בײַ אַלעמען האָט דאָ אָפּגע־נומען דאָס לשון, און ער, דער רבֿ, איז פֿון דער בימה אַראָפּ פֿון זיך דעם טלית מיט דער זילבערנער עטרה אויסגעטאָן און אויף דער טאָכטער אַרויפֿ־געוואָרפֿן:

— גיי, מײַן קינד אַהיים. איך בין דיר מוחל, און גאָט וועט דיר אויך פֿאַרגעבן . . .

און פֿון אויבן, פֿון דער עזרת נשים, האָט זיך דערהערט:

— די רביצין... די רביצין...

נאָר וואָס מיט איר מאַמען איז דאָרטן פֿאָרגעקומען, האָט שוין די טאָכטער ניט געהערט. זי איז געלאָפֿן, העסיע, ניט אַהיים, נאָר צום ברונעם, וואָס ניט ווײַט פֿון בית־עלמין, דאָרט דעם טלית פֿון זיך אַראָפּגענומען, און זיך מיטן קאָפּ אין דער טיפֿער פֿולוואַסערדיקער קרענעצע . . . נאָר אַ יונגער ציגײַנער פֿון אַ פֿאַרבײַפֿאָרנדיקער בויד, האָט באַצײַטנס זײַנע הענט אונטערגעשטעלט, אין אַ פֿאַרביקער שאַל זי אײַנגעוויקלט, אויף די הענט אין בויד אַוועק־געטראָגן, צווישן זײַן מישפּחה אַרײַנגעזעצט, און די פֿערד אין אַ גאַלאָפּ אַוועקגעיאָגט.

און די רביצין איז שוין פֿון עזרת נשים, אַ האַלב־לעבעדיקע, אין איר בעט אַרײַנגעלייגט געוואָרן. עפּעס האָט זי נאָך גערעדט פֿון ניט־אַרײַנמישן זיך אין דעם אייבערשטנס סדר־העולם . . . קיינער האָט אָבער אירע רייד ניט פֿאַר־שטאַנען, און דער רבֿ איז אין דער צײַט איבער דער שטוב אַרומגעלאָפֿן, אַפֿילו אין בית־דין־שטיבל געזוכט, נאָר די טאָכטער אין ערגעץ ניט געפֿונען. און אויך אויף זײַן רופֿן זי, קיין אָפּרוף און קיין ענטפֿער ניט באַקומען. און דאָ האָט שפּעטער דעם קאַוואַלס זון דעם טלית מיט דער זילבערנער עטרה אַרײַנ־געטראָגן:

— בײַ דער קרענעצע, אַן־אַ דאָרטן, אויף דער ערד געלעגן.

און דער רבֿ איז שוין אַהין, און נאָך אים גרויס און קליין, און מיט די קרוקעס פֿון דער פּאָזשאַרנע, צו נאָטעס ברונעם, וואָס ניט ווײַט פֿון בית־

עלמין, געלאָפֿן: נאָר פֿון דאָרטן, פֿון דער צעבויטעטער קרענעצע, צוויי פּאָר־זשאַווערטע עמער אַרויסגעשלעפּט... וואָלט דער טלית ניט געלעגן אין זאַמד בײַ דער קרענעצע, וואָלט מען נאָך געקאָנט טראַכטן: דאָס מיידל באַהאַלט זיך אויס ערגעץ־ווו, ביז ס׳וועט צופֿאַלן די נאַכט, אויפֿן הייליקן אָרט, הינטער אַ מצבֿה־שטיבל, אָבער אַזוי?

— זי דאַרף זײַן נאָר דאָרטן, אין ברונעם, די קרוקעס קאָנען זיך אין איר ניט פֿאַרטשעפּען, זי איז דאָך נאַקעט, — און שעפּסל דעם קאַוואַלס בחור, חנא, לאָזט זיך מיט אַ לייטער אַראָפּ, גייט עטלעכע מאָל מיטן קאָפּ אונטערן וואַסער אַוועק, שאַרט מיט די הענט איבערן דנאָ, און אין אַלע פֿיר ווינקלען, אונטער די צעברינעס...

— ניטאָ זי דאָרטן, — קריכט ער אַן אויסגעווייקטער אַרויס. — אין דער קרענעצע איז זי ניטאָ!

— ווו זשע קאָן זי יאָ זײַן?

גייט מען שוין אַהין, צו דער איינציקער, צו דער האַלב־אײַנגעפֿאַלענער, צו נאַטעס שטוב, ווו ס׳לעבט דאָרטן יאָרן און יאָרן אַליין די טיפֿע זקנה, די עין־הרע־אָפּשפּרעכערין, וואָס אַחוץ דער שאַרפֿער ראיה זײַנען שוין אַלע אבֿרים אין איר אָפּגעשטאָרבן.

— יאָ — זאָגט זי, — כ׳האָב מיט מײַנע אויגן אַליין געזען ווי אַ נאַקעטע האָט זיך געוואָלט אַרײַנוואַרפֿן אין קרענעצע.

— נו? — פֿרעגט דער רבֿ מיט צאַפּל און ציטער.

— כ׳האָב אָנגעהויבן, רבי, שרײַען, מײַן קול איז אָבער צו קליין, און מײַנע פֿיס גייען שוין ניט... נאָר דאָ איז אָנגעפֿאָרן אַ בויד, כ׳וואָלט געמעגט שווערן, ציגײַנער, און מ׳האָט די נאַקעטע אין בויד אַרײַנגענומען.

— און וווהין, וווהין איז די בויד... אויף רעכטס, אויף לינקס? דאָ צעגייען זיך דאָך די וועגן.

— אויף רעכטס, רבי, געפֿאָרן, ניין, אויף לינקס... און אפֿשר אויף רעכטס? אויף לינקס, רבי, אויף לינקס, אין וואַלד אַרײַן, אויפֿן לוהינער וועג...

און מ׳איז אויף רעכטס, און אויף לינקס, מיט פֿעלד און וואַלד, מיט באַרג און טאָל, צופֿוסנס און אויף פֿערד און וואָגן, אַכט טאָג, אַרומגעגאַנגען און אַרומגעפֿאָרן אָבער קיין סליד און קיין סימן פֿון דעם רבֿס טאָכטער ניט געפֿונען. און ער, דער מקובל, האָט מוצאי שבֿועות די ווײַב צו קבֿורה

געבראַכט, אָפּגעזועסן שיבֿעה, געשטאַנען בײַם עמוד אין דעם פֿאַרשטויבטן טלית, וואָס האָט זיך אין זאַמד בײַם ברונעם געוואַלגערט, ווײַל געהאַלטן אַז דער טלית זײַנער איז געהייליקט געוואָרן דורך דער טאַכטערס יסורים . . . און שפּעטער, אַז דער ברונעם איז פּלוצעם, אין דער נאַכט פֿון תשעה באב, מיט אַ מאָל אײַנגעפֿאַלן און פֿון זיך אַליין פֿאַרשאָטן געוואָרן, האָט דער מקובל, נאָך תיקון־חצות„ אין דעם יסורים געהייליקטן טלית ווײַטער מיט דעם געגנדזענעם פֿעדער געשריבן זײַן ספֿר „סודות הבורא״.

## ח

און דער רבֿ, ר׳ וועלוועלע, הייבט אויך אָן אָפּצוריכטן גלות, — ווי געטאָגט דאָרטן ניט גענעכטיקט, מיט אַ ריפּטל אַלט־געבאַקן קאָרענע ברויט, מיט זאַלץ פֿון דער טאָרבע, און מיט אַ קווערטל וואַסער פֿון אַ ברונעם, אַלע פֿאַרנאַכט, נאָכן זון־זעצן־זיך, ערגעץ־ווו פֿאַרפֿאַסט און אָפּגעפֿאַסט... אויך פֿריער פֿלעג ער איטלעך יאָר, פֿון שבֿועות ביז צו די סליחות־טעג, אַוועקגיין גלות אָפּריכטן, — פֿון וועגן זײַנע וואַנדער־און וואַגלענישן איז אויך דעמאָלטן אַ סך גערעדט און דערציילט געוואָרן. נאָר איצטער, נאָכן אומדערוואַרטן און אומגעהערטן בראָך, נאָכן אומגליק, וואָס מיט איר, מיט דער בת־יחידה, איז געשען פֿאַרלאָפֿן זיך, האָבן אַלע פֿאַרשטאַנען, אַז דער מקובל אין די צעשלאָגן־פֿאַרדאַרטע שטיוול, אין דער געלאַטעט־קאָרטענער קאַפּאָטע, מיטן געקניפּטן שטריקל אַרומגעגאַרטלט, מיטן אַלטן קאַשקעט אויפֿן גרויסן קאָפּ, מיט דער טאָרבע אויפֿן אַקסל, ווו דער טלית און תּפֿילין, דער זוהר, אַ בלײַשטיפֿט מיט אַ פּאָר בויגעלעך פּאַפּיר, אויף קאָנען אין וועג עטלעכע שורות צו די „סודות הבורא" צושרײַבן, און אויך אַ לאַמטערן מיט ליכט און שוועבעלעך, און אַ סידור, — ר׳ וועלוועלע האָט אויסנווייניק ניט געדאַוונט, אַפֿילו אויף זײַן וווּנדער־זיכּרון ניט געוואָלט און מורא געהאַט צו פֿאַרלאָזן זיך; און אַזוי, מיטן שטעקן אין דער האַנט, איבער וועגן און שטעגן, דער עיקר איבער מקומות, ווו ציגײַנער שטייען אײַן, אָדער פֿאָרן אין די בוידן־וועגענער אַדורך, פֿון זון־אויפֿגאַנג ביז צו איר שקיעה, געגאַנגען די טאָכטער זײַנע זוכן.

אָבער די טאָכטער איז ווי אין וואַסער אַרײַנגעפֿאַלן, הגם דאָרטן, אין נאָטעס קרענעצע, האָט מען זי ניט געפֿונען. דאָך, אין איינעם אַ טאָג, דער רבֿ איז שוין אויף זײַן וואַנדער־און וואַנדל־וועג, אין זײַן אָפּריכטן גלות געווען, האָט דאָ עמעצער איבערגעגעבן: — אויפֿן הייליקן אָרט, לעם קבֿר פֿון דער רביצין, זיצט אַ ציגײַנערין... — איז מען גלײַך געלאָפֿן אַהין, נאָר דאָרטן קיינעם ניט געטראָפֿן, בײַם מצבֿה־שטיבל האָט מען נאָר דרײַ פֿרישע ציינדלעך קנאָבל געפֿונען ליגן.

און דערנאָך האָט מען שוין פֿון וועגן דער גרויסער שׂרפֿה אין נחמן נאָהאָ־דיִערס הויף גערעדט. אין איין נאַכט זײַנען פֿון דעם פּאָסעסאָרס הײַזער און שטאַלן, פֿון אַלע זײַנע שפּײַכלערס תּבֿואה און האָפּן, לײַן און קאָנאָפּליע, לעדער און פֿוטערוואַרג, נאָר פֿאַרקוילטע האָלאָוועשקעס און גרויסע קופּעס אַש פֿאַרבליבן: און וועגן יענע גרויסער שׂרפֿה האָט מען שוין געזאָגט:

— ס׳איז דעם ציגײַנערס פֿײַער. ס׳האָט ער אונטערגעצונדן. טאַקע דער ציגײַנער, וואָס האָט זי, העסיען, פֿון טויט געראַטעוועט, טאַקע ער נעמט פֿאַר איר נקמה!

און שפּעטער דערציילט מען שוין, אַז טאַקע דעמאָלטן, אין דעם ערשטן חודש פֿון דעם רבֿס גלות־אַפּריכטן, אין זײַן בלײַבן אויף נאַכט דאָרטן, ווי דער טאָג גייט אויס: בײַם וועג אונטער אַן אָסאָקאָר־בוים, אין פֿעלד אונטער אַ קאָפּנע גערשטן, אונטער אויסגעשטערנטע, אָדער אונטער רעגנדיקע הימלען... ערגעץ דאָרטן, נאָכן תּיקון־חצות, נאָכן אויסלעשן דעם לאָמטערן, האָבן זיך אים פֿײַערדיקע שורות אין הימל, צווישן די צווײַגן, באַוויזן:

— זוך מיך נישט, טאַטע, דו וועסט מיך ניט געפֿינען... מײַן גורל האָט מיך שוין ווײַט פֿון דיר פֿאַרוואָרפֿן... אין אַן אַנדער וועלט... איך וועל אָבער פֿאַרבלײַבן דײַן טאָכטער ביזן טויט און מײַנע קינדער, לויטן דין, וועלן זײַן ייִדן, בני ישׂראל... אונטערן גלאָק, טאַטע, וועל איך קיין מאָל, אין קיין פֿאַל, זיך ניט שטעלן... — און זי האָט אים אין שטערן אַ הייסן קוש געטאָן. האָט ער פֿון פֿרייד אַ געשריי געגעבן: — טאָכטער, העסיע! — נאָר איבער אים איז אַ וואָלף מיט ברענענדיקע אויגן געשטאַנען און פֿון זײַן אָפֿענעם מויל האָט ברייִקע סלינע געקאַפּעט. זאָגט צו אים ר׳ וועלוועלע מיט זײַן ווייך־האַרציקן און זיסן קול:

— חיה, לעבעדיקע בריאה, אונדז ביידן האָט דער־וואָס־לעבט־אייביק באַשאַפֿן, ברוך הוא וברוך שמו... ברוך מרחם על הבריות... גיי דיר, גאָטס באַשעפֿעניש, ווײַטער דײַן וועג, און איך וועל מיר גיין ווײַטער מײַן וועג. אונדזערע ביידנס וועגן דאָ אויף דער ערד זײַנען דאָך פֿון אים, פֿון השם יתברך, אָנגעצייכנט...

און דער שטילער, און וואַרעמער, און זיסער קול איז צום וואָלפֿס האַרץ דערגאַנגען. די חיה האָט נאָך אַ פּאָר רגעס געקוקט אויפֿן מענטשן, אָבער שוין אַן פֿײַער אין די אויגן, זיך באַלד אויסגעדרייט און אין טיפֿעניש פֿון וואַלד פֿאַרשווונדן געוואָרן.

און ער, ר׳ וועלוועלע, האָט ווידער דאָס שטיקל חלבּנע ליכטל אָנגעצונדן און בײַ דער סיוועך לאַמטערנע־שײַן טאַקע דאָרטן, אין וואַלד, מיט זײַן רבניש זערנעלע־כתבֿ, מיטן בלײַשטיפֿטל פֿון וועגן די געזעענע פֿײַערדיקע שורות אין הימל, און אויך פֿון וועגן דער חיה פֿאַרשריבן, כדי שפּעטער, שוין בײַ זיך אין שטיבל, און שוין מיט זײַן פּירוש און גירסא, מיט זײַן באַלײַכט־און אויסטײַטש, קאַנען מיט דער גענדזענער פֿעדער, און מיט סופרישער טינט, אין זײַן „סודות הבורא״ אַרײַנשטעלן.

און אויך דאָרטן, אין וואַלד, און אויך דעמאָלטן, אין יענער נאַכט, פֿאַר זיך אָפּגעפּסקנט: די טאַכטער מער און ווײַטער ניט זוכן. אין די פֿײַערדיקע שורות, וואָס אין הימל געזען, גלייבט ער מיט זײַנע אַלע רמ״ח אבֿרים. זי וועט פֿון דעם בלוטיקן וועג פֿון אירע אָבֿות ניט אַראָפּגיין. און מיט דער צײַט, מיט יאָרן, אַז אַלץ וועט דאָ פֿאַרגעסן ווערן, וועט זי זיך אַהיים אומקערן, אָדער צו וויסן געבן, ווו זי געפֿינט זיך, און ער וועט צו איר גיין.

און וואָכן, ווי וואַסערן אין טײַך, זײַנען געלאָפֿן ווײַטער, און די צײַטן פֿון יאָר האָבן זיך געביטן, אין זומער־היצן און אין ווינטער־פֿרעסט געברענט, און העסיע האָט זיך אַהיים ניט אומגעקערט, און אויך ניט צו וויסן געגעבן אַוווּ זי געפֿינט זיך. און אונטער די שניי־פֿאַרשאָטענע דעכער, אין די לאַנגע אויפֿדער־נאַכטן, בײַם פֿליקן פֿעדערן אין די זיפּן, בײַ די אָנגעהייצטע הרובעס, בײַ דער מאָגערער שײַן פֿון די אַכטער לעמפּלעך, האָבן די אַלטע נאָך אַלץ, אין דער שטיל, קינדער זאָלן ניט הערן, מיט האַלבע ווערטער און רמזים דערציילט, אַז דער ציגײַנער האָט זי, דעם רבֿס טאָכטער, בײַנאַכט, באַהיט און באַוואָרנט זאָל מען ווערן, פֿריער אין די קאַרפּאַטן־בערג, דערנאָך אין וואַלאַכיע, און שפּעטער שוין אין דעם ווײַטן שפּאַניער־לאַנד פֿאַרפֿירט. זיי האָבן אַפֿילו געוווּסט, אַז ברוך־בער האָט זיך מיט איר ערגעץ דאָרטן געטראָפֿן.

און ברוך־בער האָט זיך מיט איר טאַקע באַגעגנט. אָבער ניט דאָרטן, אין שפּאַניע, נאָר דאָ, אין קרים, בײַם שוואַרצן ים. און געשען איז עס אויך אומגע־ריכט, אומדערוואַרט, און פּלוצלינג: זיי האָבן דעמאָלטן ביידע, די אַמאָליקע נאָהאַדיערס, וואָס האָבן שוין געלעבט דאָרטן, אין סאנקט־פּעטערבורג, ברוך־בער מיט דער ווײַב, מיט דער שיינער בלאָנדער אַנדאַ — פֿאַרצויגן פֿון הינדע — אויך אין יענעם זומער אויפֿן טאַורידער האַלבאינדזל, בײַם שוואַרצן ים, צופֿוסנס די בערג מיט די סטאַדעס שאָף, צווישן די ווײַנגערטנער, רויזן און שאַלפּיי, לעוואַנדעס־און מאַראַנצן סעדער פֿאַרבראַכט, אין אַלע שפּיל־און

פֿאַרברענג־ערטער פֿון יאַלטע, פעאָדאָסיע, און יעוופּאַטאָריע פֿאַרווײַלט זיך: שוין ווידער, ווי אַלע יאָר, איבער מיסכאָר און אַלופּקע, סעמעאיז און גורזוף, און איבער אַלושטע צופֿוס געשפּאַנט, און אויף אייזעלעך געריטן... דערנאָך שוין מיט דער לוקסוס־שיף איבערן ים אַ רײַזע קיין קאַווקאַז געמאַכט, און אויך דאָרטן אַ חודש מיט דרײַ טעג פֿאַרבראַכט. און שוין מידע, שוין גלײַכגילטיקע צו דער וועלט און אויך צו זיך, באַזונדערס זי, אַנדאַ, וואָס ניט קרים, און אויך ניט קאַווקאַז, האָבן איר ווידער ניט געהאָלפֿן, ווי פֿריער, שוין צען יאָר נאָך דער חתונה, און אַ עקרה פֿאַרבליבן, — כאָטש גיי און אייגן צו אַן אונטער־געוואָרפֿן ממזרל... — און שוין מידע, שוין מיט רחמנות איינער צום צווייטן, שוין ווידער מיט די טיפֿע תּבֿיעות און תּרעומות אין האַרצן, מיט די ניט־אַרויס־געזאָגטע פֿירוואָרפֿן, און מיטן אַרויפֿלייגן איינער אויפֿן אַנדערן די שולד, זיך פֿון קאַווקאַז צו זייער טאַווריִדער דאַטשע, צופֿוסנס די בערג, אומגעקערט און גענומען זיך קלײַבן אין וועג אַרײַן, צוריק אַהיים.

און ווען אַלץ איז שוין צונויפֿגעלייגט געוואָרן, די לעדערנע קופֿערטס אין די געשטרײַפֿטע צודעקן מיט געלע רימענס געבונדן: די צוויי ווײַסע פֿערד, געשפּאַנט אין דעם שוואַרצן, אין דעם לאַקירטן פֿאַעטאָן אויף די גומענע רעדער, וואַרטן שוין דאָרטן, בײַ דער אָפֿענער וועראַנדע, אָפּצופֿירן צום פֿרי־מאָרגנדיקן עקספּרעס־באַן, דעמאָלטן פֿאַרווילט זיך אים, ברוך־בערן, לויפֿן זיך אויסבאָדן. ער, דער נאָהאַדיִער, אין פֿעלד און וואַלד געוואַקסן, וויל זיך נאָך איין מאָל מיטן שוואַרצן ים בײַם זון־אויפֿגאַנג קוויקן, צווישן די זילבער־שוימיקע, אין די בלוי־באַגילדטע כוואַליעס אַ שווים טאָן, — די וואַסערן פֿון שוואַרצן ים פֿאַרמאָגן דאָך עפּעס אַן אַנדערן, אַ גאָר באַזונדערן געזאַלצענעם טעם, און שמעקן דערצו מיט דעמבענער קאָרע... לויפֿט ער, ברוך־בער, איבערן ליידיקן ברעג, איבערן פֿײַכטן וואַרעמען זאַמד צו די וואַסערן, וואָס בליצן שוין מיט די ערשטע פֿײַערדיקע שטראַלן, — זי האַלט, די גרויסע קײַלעכדיקע זון, אין אויפֿגיין, שוין האַלב פֿון ים אַרויס, ס׳פֿאַלן פֿון איר גלײיִקע טראָפּנס און די מעוועס מיט די קרומע פֿליגלען טראָגן זיך איבער זײַן קאָפּ מיט אַ פֿאַרשיכּורטן געפֿילדער, און אויך אים, ברוך־בערן, כאַפּט אַרום אַ פֿרייד, און אויך אים ווילט זיך אין די כוואַליעס זינגען פֿון פֿאַרגעניגן און צופֿרידנקײַט. אָבער דאָך, לאַנג צו פֿאַרהאַלטן זיך אין אָט דער נימאַוסדיקער שיינקײַט, קאָן ער ניט, די צײַט וואַרט ניט. און דאָ, בײַם אַרויסגיין פֿון ים, קומט אים אַנט־קעגן מיט אויסגעשטרעקטע הענט, אין אַ דין־פֿאַרביקן, ביז צו די פּיאַטעס

לאַנגן, יאַפּאַנישן קימאָנאָ, אַ ציגײַנעריןן, מיט ברייט־צעעפֿנטע זייער גרויסע קוילן־שוואַרצע אויגן. ערגעץ ווו האָט ער זי שוין געזען... דאַכט זיך דאָרטן, אין קאַווקאַז, אין אַ קאַבאַרע־קעלער, צווישן קלאַנגען פֿון ליטאַווורעס און צימבאַלן, פֿידלען און פֿלייטן, טאַצן און גלעקלעך, אין טונקעלע שײַנען, אין יאַגנדיק־קאָלירטע שאָטנס; דאָרטן האָט ווילד געטאַנצט, צוקלאַפּנדיק מיט די קאַסטאַניעטן, די ציגײַנערין אַזאַ זאַבאַר, און עמעצער האָט זיך דעמאָלטן אויף אַ קול געוווּנדערט:

— אַ בלינדע, און זאָל אַזוי טאַנצן!

— אַ בלינדע?

— יאָ, אַ בלינדע.

— פֿון געבוירן?

— ניין. מ׳זאָגט אַז פֿון שווערן גיין צו קינד...

און הגם אָט די ציגײַנערין איז אויף יענער טענצערין ביז גאָר ענלעך, דאָך, און פֿאָרט, אַן אַנדערע. בײַ אָט דער מיט די גרויסע, מיט די אַ ביסל פֿאַרשניטן־קאָסלעכע אויגן, מיט דעם אומגעוויינטלעכן אויסנעם־לענגלעכן פּנים, איז דער קאָפּ אַ גרויער. נאָך קיין מאָל אַזאַ יונגע פֿרוי מיט אַזאַ ווײַסן קאָפּ האָר ניט באַגעגנט... אָבער בלינד איז זי דאָך, גייט געהיט און געוואָרנט, און מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי אויף עפּעס ניט אָנצושטויסן זיך. און אַז מיטן אָנגעשטעלטן אויער צו דער ווײַט דערהערט, צי דערפֿילט, ווי עמעצער דערנעענטערט זיך, האָט זי בײַ יענעם אַ פֿרעג געטאָן:

— זײַנען דאָ קיין גריבער ניטאָ?

— ניין, — זאָגט ער. און נעמט זי, ניט ווילנדיק אָן בײַ דער האַנט. — קומט, איך וועל אײַך העלפֿן...

בלײַבט זי דאָ מיט אַ מאָל ווי אײַנגעבראָכן שטיין. איר פּנים ווערט דאָ פֿאַרגליווערט אין אַ ווייטיקדיקן, אין אַ ניט־פֿאַרשטעלטן, אין אַן אָפּגעדעקטן, אין אַ נאַקעטן טרויער... נאָר די לאַנגע וויִעס איבער די אָפֿענע גרויסע שוואַרצע אויגן נעמען איר ציטערן, זי כאַפּט זײַן האַנט אין אירער:

— ברוך־בער?

— פֿון וואַנען ווייסט איר מײַן נאָמען? — פֿרעגט ער שוין מער דער־שראָקן ווי פֿאַרחידושט.

— איך בין העסיע... געוועזן דײַן כּלה... די קרעציקע... איך געדענק דײַן האַנט און דײַן קול... פֿאַרנעם זיך און ווער גלײַך פֿון דאַנען אַנטרונען,

ווײַל באַלד קומט מײַן מאַן, מאַטעאָ באַנגאַ, און זײַן שטאָלענער קרומער מעסער וועט בלײַבן שטעקן צווישן דײַנע ריפּן, אין סאַמע מיטן האַרץ...

— האָסטו מורא פֿאַר מײַן לעבן?

— ס׳וואָלט געווען אַ צו גרינגער טויט פֿאַר דיר... אַ צו גרינגער! דער יום־הדין דאַרף ערשט שפּעטער קומען. און ער וועט אויף דיר קומען!... ער וועט קומען אויף דיר, דער יום־הדין... איך ווייס ניט פֿון וואַנען, און אויף וועלכן אופֿן, נאָר ער וועט קומען אויף דיר, ברוך־בער, דער יום־הדין... ס׳וועט דיר באַצאָלט ווערן, און מיט אַ שווערער שטראָף! — און די בלינדע אויגן ווערן איר נאָך ברייטער צעעפֿנט און דער פֿלאַם פֿון דער אויפֿגייענדיקער זון איבערן ים צעברענט זיך אין זיי שטאַרקער, און זי טוט מיט אַ מאָל אַ זאָג ניט צו אים, נאָר ערגעץ אַהין, צו די בלענדיקע ראַנד־הימלען, וואָס זי זעט זיי מיט איר נשמה: — מענטשלעכע יסורים זײַנען ניט קיין הני אויף צו באַמיסטיקן וויסטעניש, און מענטשלעך בלוט איז ניט קיין וואַסער אויף צו באַגיסן פֿאַרטרוקנטע ערדן...

אירע לעצטע ווערטער פֿאַרשטייט ער שוין בכלל ניט. דאָך, אַן אַרומגעכאַפּטער מיט דעם אומקלאָרן און פֿאַרטונקלטן אומרו פֿון אָט דער באַגעגעניש, און דער עיקר פֿון איר אָנזאָגן אים אַ יום־הדין, וויל ער זיך פֿאַרענטפֿערן: ניט ער איז אין אירע יסורים שולדיק, דער טאַטע זײַנער, וואָס האָט געוואָלט דעם גרויסן רבֿ, דעם גאון, דעם בעל־מקובל, פֿאַר אַ מחותן האָבן... ער, ברוך־בער, האָט שוין דעמאָלטן נאָר באַדאַרפֿט אויסקלײַבן צווישן רחמנות און פֿרײַהייט... און ער האָט אויסגעקליבן דאָס צווייטע, הגם גאָר אין גיכן האָט ער שוין דערזען אַז זײַן פֿרײַהײַט איז אַ אָפּגענאַרטע, איר שיינקײַט אַ פֿאַרפֿירערישע... ניין, מיט אַנדען איז ער ניט־גליקלעך, ניין. אַוודאי איז דער אופֿן מיט וועלכן ער האָט די פֿרײַהײַט אויסגעקליבן, אַוודאי... נאָר אויך דאָ איז ער ניט־שולדיק, זי, אַנדאַ, האָט עס אים דעמאָלטן אונטערגעטראָגן...

אָבער זי, העסיע, מיטן ווײַסן קאָפּ האָר — צו דרײַסיק יאָר גרוי געוואָרן — איז שוין אין דעם דינעם פּילפֿאַרביק־געקווייטלטן קימאָנאָ, מיט די אויסגעשטרעקטע הענט, ביז צו די היפּטן, אין ים אַרײַן. און דערצו נאָך האָט מיט אַ גיכן און ברייטן טראָט געשפּאַנט אַ באָרוועסער, האַלב נאַקעטער, מיט דעם גערדיכט, געקרײַזלטן קאָפּ שוואַרצע האָר און באָרד, לענג־אויס דעם נאַסן ברעג, יענער ציגײַנער, וואָס האָט דאָרטן, אין דעם קאַבאַרעט־קעלער, נאָך העסיעס טאַנצן, לידער געזונגען און זיך אַליין אויף דער גיטאַרע צוגעשפּילט; יענער

ציגײַנער, איר מאַן, מאַטעאָ באַנגאַ, האָט זיך אויף גיך אַהער דערנעענטערט און פֿאַר אים איז אַ קינד געלאָפֿן, פֿון אַ יאָר נײַן, פֿון אַ ווילדער שיינקײַט . . .

און נאָך, און עפּעס שוין גאָר אַ מאָדנער פּחד איז אים דאָ, ברוך־בערן, מיט אַ מאָל באַפֿאַלן. און ניט אַזוי פֿון מורא פֿאַרן ציגײַנער, וואָס האָט צוריק מיט צען יאָר דעם טאַטנס הויף אונטערגעצונדן . . . נחמן נאָהאָדיִער האָט דעם הויף באַלד אויפֿגעשטעלט, און נאָך אַ שענערן ווי פֿריער, שוין פֿון שטיין און פֿון אײַזן געבויט. נאָר באַלד, אין דרײַ חדשים אַרום, מיטן שטעלן זיך פֿונעם ווינטער, מיט פֿערד און שליטן, דרײַ ווערסט פֿון דער היים, איז דער טאַטע אין אַ זאַווערוכע אַרײַנגעפֿאַלן, און פֿאַרפֿרוירן געוואָרן. — ניין, ניט פֿאַרן ציגײַנער, פֿאַר איר מאַן, מאַטעאָ באַנגאַ, האָט ער זיך אַזוי, ברוך־בער, דערשראָקן, נאָר פֿאַר דער מיידעלעס ווילדער שיינקײַט . . .

— וואָס האָסטו זיך אַזוי לאַנג פֿאַרהאַלטן? מיר קאָנען דאָך צום פּאַיעזד פֿאַרשפּעטיקן.

— דו וועסט ניט גלייבן, אַנדאַ, נאָר איך האָב זיך דאָרטן, בײַם, אַרויסגיין, פֿון ים, מיט העסיען באַגעגנט . . .

— מיט וועלכער העסיען?

— דעם רבֿס טאָכטער, מיט מײַן אַמאָליקער כּלה . . . דאָס איז טאַקע זי, די בלינדע ציגײַנערין, אַזאַ זאַבאַר, וואָס האָט דעמאָלטן געטאַנצט אין דעם קאַבאַרעט־קעלער . . . איך האָב אויך איר טעכטערל געזען, אַ ווילדע שיינקײַט . . .

— און פֿון דעם ביסטו אַזוי דערשראָקן געוואָרן? דו ביסט דאָך ווײַס, ווי אַ בערעזע!

ער ענטפֿערט איר ניט, אַנדען, זעצט זיך אויך לעם איר אין פֿאַעטאָן אַרײַן, און די פֿערד רירן זיך פֿון אָרט.

# ט

און דאָ, בײַם פֿאַרענדיקן דאַרטן, אין יענעם קאַיאַר, בײַם זון־אויפֿגאַנג איבערן שוואַרצן ים, מיט דער באַגעגעניש פֿון העסיען מיט ברוך־בערן, בלײַבט ער שוין אלישע בן־מאיר, אין דער מיטערנאַכט, בײַם שוואַרצן פֿלאַם פֿון די אַזכּרה־ליכט, מיטן שאַרפֿן ווייטיק אין די לענדן, וואָס איז אים פּלוצעם, באַלד צוויי וואָכן, און מיט אַ מאָל באַפֿאַלן, אויף ניט אויסצוגלײַכן זיך, אויף ניט איבערצושטעלן אַ פּוס, אויף ניט צו רירן זיך פֿון אָרט. און דער האָגל קלאַפּט, און דער שניי אויף זײַן שמאָלן פֿענצטער בײַ די בערג פֿון ירושלים, און די דרײַ טונקעלע קיפּאַריסן אין דער גרינער לאַמטערן־שײַן פֿאַלן פֿונעם ווינט צום שוועל פֿון זײַן טיר, און אויף דער וויכער־שאָטנדיקער וואַנט האַלט זיך אין איין ווירבלען: אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ... און אונטערן אָנגעגליטן שאַרבן לויפֿן אים אָן די שורות:

אָט דאָ, בײַם אָנגעשנייטן פֿענצטער,\
איך ראַנגל זיך און ראַנגל,\
דעם לעצטן שטערן בײַס איך מיט די ציין,\
דער נבֿיא האָט געשלאָגן זיך מיט לייבן,\
און איך,\
אין נאַכט,\
מיט זיך אַליין...

און עקיבא באַיאַר, אָט יענער וווּנדער־קלעזמער, וואָס האָט זײַן פֿידל קיין מאָל אויף די דניעפּער־ווערבעס ניט אויפֿגעהאַנגען, אין די ביטערסטע, אין די שחיטה־יאָרן, פֿון שטאָט צו שטעטל געגאַנגען, אויף גאַס און געסלעך, די ערד איז פֿון פֿעדערן ווײַס און בליצט מיט צעדריבלט־און צעבערעקלטן גלאָז פֿון אויסגעזעצטע פֿענצטער, ער, עקיבא, האָט דעמאָלטן און דאָרטן זײַנע התלהבֿות־פֿײַערדיקע, די באַיאַרישע פֿריילעכסן געשפּילט, — ייִדן זאָלן אין ייִאוש ניט אַרײַנפֿאַלן... ער, עקיבֿא, דער אַלטער פּאַרטיזאַן פֿון די פּאָלע־סיער וועלדער, וואָס פֿאַר זײַנע אויגן האָבן די דײַטשן זײַן איינציקע שוועס־

טער, איוועז, און אויך סטיסיעס זון, דעם פֿערצניאַריקן, זרחלען, אויפֿן פּלאַץ בײַם קלויסטער אויפֿגעהאַנגען, און די פּעטליע פֿון דער תּליה איז שוין אויך אויף זײַן, עקיבֿאס, האַלדז פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן און זיי, די דײַטשן, האָבן שוין נאָר באַדאַרפֿט די טאַבורעטקע פֿון אונטער זײַנע באָרוועסע פֿיס אַרויס־שלאָגן... ער, עקיבֿא, וואָס איז אויך מיט אים, מיט אלישען בן־מאיר, אַהער, קיין ארץ־ישׂראל, מיט פֿרייד געפֿאָרן, פֿון שׂינאת־המן, פֿון שׂינאת־חינם צו זיך אַהיים געלאָפֿן, אויך ער, עקיבֿא, איז דאָ אַ פֿרעמדער און אַ ווײַטער; ער, דער באָיאַר, איז שוין גאָר ניט קיין זון פֿון דעם גרויסן וועלטפֿאָלק, נאָר שוין עפּעס איינער פֿון אַן אַשכּנזישער עדה, וואָס רעדט ניט אויף דער גרויסער, ווונדער־רײַכער, אויף דער טויזנטיאָריקער שפּראַך פֿון זײַן פֿאָלק, נאָר אויף עפּעס אַן אַנדער לשון, אויף אַ לועזית... און אויף דעם בית־מדרש ווו ער, עקיבֿא, דאַוונט, און אויף דער שטוב ווו ער, עקיבֿא, וווינט, שמירט מען שוין האַקנקרייצן, און מיט אויפֿשריפֿטן: אַשכּינאַצים... ער, עקיבֿא, שוין אַ זקן, מיט דער געדיכטער ווײַסער באָרד, מיטן טאַטנס, מיט גבֿריאל באָיאַרס שטעקן, וואָס ער האָט מיט זיך אַהער־צו מיטגענומען, ער, עקיבֿא־פֿרײַנט, עקיבֿא־חבֿר, פֿרעגט דאָ מיט ביטערן פֿאַרדראָס בײַ אים, בײַ אלישען בן־מאיר, וואָס זיצט אין דער האַלב־נאַכט בײַ דעם שוואַרצן פֿלאַם פֿון די אַזכּרה־ליכט, בײַם אָנגע־שנייטן פֿענצטער, מיט דער אויסגעצויגענער האַנט אויפֿן טיש:

— פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס, — פֿרעגט ער פֿאַרביטערט, עקיבֿא, הינטער דעם אַלטן שרײַבערס אײַנגעבויגענע פּלייצעס פֿון דעם שאַרפֿן ווייטיק אין די לענדן. — פֿאַרוואָס, און מיט וואָס איז זי, העסיע, בילכער פֿון סטיסיען?... פֿאַרוואָס דערציילסטו ניט פֿון וועגן אירע, פֿון וועגן סטיסיעס באַגעגעניש דאָ, בײַם כּותל מערבֿי, מיט עזריקן, מיט מײַן אייניקל, וואָס זי, סטיסיע, האָט אים פֿון זײַן געבוירן אָן, פֿון זינט מײַן טאָכטער דאַלי איז דאָרטן, אין דער ענקאָ־וועדע טורמע, אויף דער נאַסילקע אויסגעגאַנגען... און פֿאַרוואָס דער־ציילסטו ניט פֿון אַבֿרהם באָיאַר, וואָס איז נאָך דעמאָלטן, ווי נאָר פֿון וואַלד אַרויס, טאַקע באַלד נאָך דער מילחמה, מיטן אייניקל אויף די הענט, מיט רחלס און גבֿריאלס קינד, קיין ארץ־ישׂראל אַוועקגעגאַנגען... און וואָס איז דאָ פֿון זיי געוואָרן? און פֿאַרוואָס דערציילסטו ניט פֿון מײַן איידעם, פֿון דער מומע ליבעס זון, פֿון דעם גרויסן באָיאַר־מאָלער מיט די אויסגעדרייטע פֿינגער אין די סטאַלינישע, אין די סמערדיאַקאָוו־קעלערן... פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס האָסטו זיך ראַפּטעם גאָר גענומען צו ברוך־בערן, צום נאָהאַדיִער?

— ליבער און האַרציקער פֿרײַנט מײַנער, עקיבֿא באַיאַר, — רעדט צו אים בן־מאיר מיט צוגעמאַכטע אויגן פֿון ווייטיק און מידקײַט. — מיר קאָנען זיך שוין אַזוי פֿיל יאָרן, פֿון נאָך פֿאַר דער צווייטער וועלט־מילחמה, נאָך פֿאַר דעם גרויסן חורבן פֿון ייִדישן פֿאָלק, נאָך איידער סטאַלין...

סמערדיאַקאָוו דער צווייטער...

— יאָ, עקיבֿא־פֿרײַנט, ער, סמערדיאַקאָוו דער צווייטער... נאָך איידער ער האָט זײַן בלוטיקע האַק אַראָפּגעלאָזט אויף דער ייִדישער קולטור און אויף אירע שאַפֿער...

— דעמאַלטן האָט נאָך דער באַלעבאַטישער משרת, דער כלים־טרעגער, יצחק יאַנאַסאָוויטש, ניט אויפֿגעהויבן די גלעלע פּען אויף צו שרײַבן רכילות, אויף צו שפּריצן מיט גיפֿטיקער שׂינאה אויף ייִדישע שרײַבער, און אויך אויף דיר! אַוודאי האָט ער דאָס געטאָן פֿאַרשטעלט און מיט פּחדנות, אונטער אַן אות ב... אָט דער טכויר האָט אויף דיר אַ שוואַרצן שאָטן געוואָרפֿן...

— יאָ, עקיבֿא־פֿרײַנט, יאָ, דעמאָלט האָט עס נאָך קיינער ניט געוואַגט צו טאָן, די זון האָט נאָך דעמאָלטן געלויכטן. און טכוירן־רכילותניקעס האָבן מורא פֿאַר שײַן... נאָר לאָמיר, עקיבֿא־פֿרײַנט, וועגן דעם שוין מער ניט רעדן. דאָס זײַנען דאָך בילבולים פֿון אַ קראַנקן מוח... עקיבֿא־פֿרײַנט, עקיבֿא־חבֿר, מיר קענען זיך שוין אַזוי פֿיל יאָרן, דו ביסט נאָך דעמאָלטן, ערבֿ דער גרויסער בלוטיקער שקיעה, אין מײַנע „פּאָלעסיער וועלדער" אַרײַן, און אַזוי אומדער־וואַרט; דו ביסט דאָך אַליין צו מיר געקומען... און געקומען ביסטו צו מיר אין מײַנע שווערע טעג. שוין דעמאָלטן בין איך אין אַ טרויער אַרײַנגעפֿאַלן. שוין דעמאָלטן האָט עמעצער אין די נעכט דאָרטן, בײַם דניעפּער־טײַך, אויף מײַן וואַנט מיט בלוט געשריבן: אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ... דעמאָלטן ביסטו געקומען און מיך אויף דײַן כּישוף־וועגעלע אַרויפֿגעזעצט און מיך געפֿירט אַהין, אין דעם טרוים־און וווּנדערלאַנד... דו, עקיבֿא־פֿרײַנט, דו, עקיבֿא־חבֿר, דו האָסט דאָך מיך געלערנט צו האָפֿן און צו גלייבן! און דו האָסט אויף דעם פּשוטע ווערטער געהאַט, קלאָרע, זאַפֿטיקע, ערדישע האַרציק ייִדישע, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט ניט נאָר חן, קלאַנג, טעם און ריח, נאָר דער עיקר, טיפֿן מיין, טיפֿן נעכטן און ווײַטן מאָרגן. דו האָסט דאָך אָפֿט געזאָגט דאָס סאַמע פֿאַרבאָרגנסטע וואָס מיר איז דאָרטן אויפֿן דנאָ פֿון דער נשמה געלעגן... דו האָסט דאָך מיך תּמיד פֿאַר־שטאַנען. פֿאַרוואָס זשע ביסטו איצטער צו מיר מיט טענות געקומען? דו ווייסט

דאָך גוט אַז אויך דאָ וועל איך גאָרניט ניט אויסבאַהאַלטן און ניט פֿאַרשטעלן. און איך וועל וועגן סטיסיען און אברהמען, און וועגן דניאלן דער מומע ליבעס, וואָס מיטן פּענדזל אין מויל מאָלט ער מיט פֿאַרבן ווי די באַנדיטן האָבן זײַן מאַמע לעבעדיקערהייט אין וואַלד באַגראָבן... איך האָב געזען, עקיבֿא־פֿרײַנט, ווי ער ליגט אויף דער ערד, ווי ער שטייט אויפֿן לייטער מיטן פּענדזל אין מויל... נאָר אַ באַיאַר קאָן האָבן אַזאַ ווילן, און אַזאַ כּוח! און מ׳דאַרף זען זײַנע אויגן בײַם מאָלן, זײַן טאַטנס, שמריהס גרויסע שוואַרצע פֿײַערדיקע אויגן, וואָס קוקן אַרויס אויף משיחן, יענע, שמריהס, אויגן, בעת ער האָט אָנגענומען דעם טשערנאָבילער רבין .פֿאַר דער באָרד און געפֿאָדערט פֿון יענעם, פֿון דעם צדיק הדור, ער זאָל דעם גואל אַראָפּברענגען... און ער מאָלט דאָך דאָ, דניאלקע, אויף ס׳נײַ אַלע בילדער וואָס זײַנען דאָרטן, אין דעם רישעות־לאַנד, פֿאַרבליבן. דעם קינסטלער דרייט מען דאָרטן אויס די הענט אין די קעלערן, מ׳ברעכט אים דאָרטן אויס די פֿינגער, נאָר זײַנע בילדער טאָר מען פֿון דעם סטאַלין־לאַנד...

— פֿון סמערדיאַקאָווס קיניגרײַך...

— יאָ, עקיבֿא־פֿרײַנט, יאָ, זיי טאָרן פֿון סמערדיאַקאָווס קיניגרײַך ניט אַרויסגעפֿירט ווערן. די בילדער דאַרפֿן בלײַבן דאָרטן. ס׳איז שוין זייער פֿאַר־מעגן... איך וועל וועגן דניאלקען, פֿון וועגן דעם לעצטן ווונדערלעכן באַיאַר־קינסטלער שרײַבן. די באַיאַרס זײַנען דאָך די פֿײַערדיקסטע רינגען אויף מײַן נשמה, וואָס ברענען ווי דער דאָרנבוש אין מידבר...

— ברענט אין דײַן דאָרנבוש דער פֿײַער פֿון גאָט?

— דער פֿײַער פֿון דעם גלות־ייִד... ס׳איז אַלץ איינס, עקיבֿא־פֿרײַנט, ס׳איז אַלץ איינס... העלף מיר, עקיבֿא־חבֿר, העלף מיר פֿון שטול זיך אויפֿ־הייבן, דער ווייטיק אין די לענדן לאָזט מיך ניט אויף די פֿיס זיך שטעלן. גיב מיר דײַן האַנט, אָט אַזוי, העלף מיר אין בעט זיך לייגן און איך וועל דיר דער־קלערן...

— זײַנען זיי, העסיע מיט ברוך־בערן, זײַנען זיי אויך רינגען אויף דײַן נשמה?

— יאָ, עקיבֿא־פֿרײַנט, יאָ... דער שניי וועט שוין באַלד פֿאַרשיטן מײַן שמאָלן פֿענצטער, און דער ווינט פֿון די בערג וועט באַלד צעברעכן די קיפּאַ־ריסן בײַ דער שוועל פֿון מײַן טיר. עקיבֿא־פֿרײַנט, שפּיל מיר אויס אויף דײַן גלות־פֿידל אַ באַיאַרישן פֿריילעכס... — און עקיבֿא נעמט שפּילן. אָבער ניט

קיין פֿריילעכס, נאָר אַ ווינט־ניגון, אַ זאַווערוכע־ניגון אין פֿעלד . . . און אלישע בן־מאיר, שוין ליגנדיק מיטן ווייטיק אין בעט, די אָפֿענע אויגן צום פֿאַרשנייטן פֿענצטער, ביי די דריי גרין־וויכערדיקע קיפּאַריסן, ווערט דאָ מיט אַ מאָל אונטער עקיבֿאס שפּילן פֿאַרטראָגן אַהין־צו, אין יענער זאַווערוכע, אין וועלכער ביידע, ברוך־בער מיט אַנדען, זיינען אַריינגעפֿאַלן דעמאָלטן, בעת זייער קומען פֿון פּיטערבאַרג צו דער פּלימעניצע אויפֿן קנסמאָל, קיין נאַהאַדי . . . דעמאָלטן, נאָכן שרייבן די תּנאים, אויף מאָרגן, די שׂימחה איז נאָך אין פֿולן ברען געווען, בעט ער, ברוך־בער, ביים שוואָגער אַ פֿערד און שליטן, ער וועט צופֿאָרן, און דאָרטן, אין שטעטל, אַ דעפּעש קיין באַקו קלאַפּן . . . ניין, ער דאַרף ניט קיין אָנטרייבער. אַ נאַהאַדיִער קאָן נאָך אַליין האַלטן די ווישקעס אין די הענט . . . יאָ, אַוודאי, אַנדאַ פֿאָרט אויך מיט מיר. ס'איז דאָך אַזאַ שיינער ווינטערדיקער און מחיהדיקער פֿאַרנאַכט.

און מיטן אויסגעפּיטערט־שיינעם פֿערד, מיטן גלאַנציק־גלאַטן קאַשטאַן, געשפּאַנט אין דעם גרינגן, אין דעם פּלוימקאַלירטן שליטעלע, צווישן די צוויי אויסגעבויגענע דישלען, אין דעם נייעם, מיטן ריח פֿון פֿריש אויסגעאַרבעטן לעדער, אין דעם סקריפּענדיקן כאָמוט, אונטער דער דוהע מיטן אויסגע־שייערטן קופּערנעם גלעקל, זיינען זיי אַרויסגעפֿאָרן ביידע, ברוך־בער מיט אַנדען, אין שטעטל אַריין, צו דער פּאָסט, די טעלעגראַמע פֿון דאָרטן אָוועקשיקן.

ביים אַרייניאָגן אַהין, אין דעם ווינטערדיקן, אין דעם סוף־טאָגיקן, אין דעם פֿון פֿראָסט בלאָווען שטעטל, ווו פֿון אַלע אָנגעשנייטע דעכער שלאָגן אַרויס גרוי־שוואַרצע רויכן, דאָרטן איז ברוך־בער שיער אויף אַ מענטש ניט אַרויפֿ־געפֿאָרן, קוים דעם צעהיצטן קאַשטאַן איינגעהאַלטן, — ביי ברוך־בערן זיינען דאָ מיט אַ מאָל אַלע בלוטן פֿון פּנים, און אויך די פֿאַרפֿלאַמטקייט פֿון פֿראָסט אָפּגעלאָפֿן. ער איז ווייסער געוואָרן פֿון דעם שניי. ער האָט באַלד דערקענט דעם רבֿ, ר׳ וועלוועלען, הגם שוין אין זיינע טיפֿע יאָרן אַריין, אַ סך שמאָלער און קלענער געוואָרן, דער גרויסער שטערן שוין צעקאַרבט, ווי די קאָרע ביים אַלטן דעמב, און די באָרד זיינע וויגט זיך שטיל אין איר בלענדיקער ווייס־קייט . . . ער איז, דער מקובל, אויפֿן מיטן וועג, ווי געוואָרט און אַרויס־געקוקט, אין אַ פּויערשער סוויטקע, מיט אַ שטריקל אונטערגעבונדן, אין אַ זייער אָפּגעטראָגענעם, אין אַן אויסגעריבן פֿוטערנעם שטריימל אויפֿן קאָפּ, און מיט ביידע הענט אויפֿן שטעקן געשטאַנען אָנגעשפּאַרט.

— רבי, — רעדט ברוך־בער קוים אַרויס — ווי אַזוי שטעלט מען זיך עס אַוועק אויפֿן מיטן וועג?

— איך וואַרט אויפֿן שמש... — און ער הייבט אויף, ר׳ וועלוועלע, זײַנע גרויסע שוואַרצע פֿײַערדיקע אויגן אויף ברוך־בערן. מיט אַזעלכע אויגן, נאָר בלינד־אָפֿענע, האָט אויף אים, אויף ברוך־בערן, דעמאָלטן געקוקט העסיע, אין יענעם פֿרימאָרגן, בײַם אויפֿגיין פֿון דער זון איבערן שוואַרצן ים... און דער נאָהאָדיִער ווערט דאָ נאָך מערער דערשראָקן. ער צווייפֿלט ניט, אַז אויך דער רבֿ, ר׳ וועלוועלע, האָט אים, ברוך־בערן, דאָ דערקענט. אָבער באַלד, נאָך אַלץ ניט גערירט פֿון אָרט, נאָך אַלץ מיט ביידע שמאָלע הענט אָנגעשפּאַרט אויפֿן שטעקן, אונטערן קאָפּ פֿון דעם מיט אַ מאָל שטיין־געבליבענעם פֿערד, ווערן בײַם זקן די אויגן פֿול מיט חסד און רחמים, און ער קוקט שוין אויף אים, אויף ברוך־בערן, מיט עפּעס אַ מין טרויער, וואָס שלאָגט אים, דעם מקובל, פֿון דער נשמה, פֿון דער טיפֿעניש, ווי פֿון אַ קוואַל אַרויס, און זאָגט:

— דו זאָלסט זיך אויף נאַכט אין וועג אַרײַן ניט לאָזן, נעכטיק איבער דאָ... נו, אָט קומט שוין מײַן אריה־לייבו! — און ר׳ וועלוועלע גייט מיט זײַן שמש אַוועק ווײַטער, אין „מאָוועր״ אַרײַן, דאַוונען מינחה.

פֿון ר׳ וועלוועלעס רייד, פֿון זײַן פּלוצעמדיקן הייסן אים, ברוך־בערן, ניט לאָזן זיך אויף נאַכט אין וועג אַרײַן, ווערט ער אויך, אין דער ערשטער רגע, אַ ביסל צעטומלט, טוט אַפֿילו אַ טראַכט צו בלײַבן דאָ איבערנעכטיקן בײַ יענעם, בײַם ווײַטן קרובֿ, בײַם קבצן, דעם מטופּל מיט קינדער... נאָר באַלד פֿאַר־שעמט ער זיך, ברוך־בער, דער וועלטלעכער, וואָס אַחוץ יום־כּיפּור טרעט זײַן פֿוס דעם שוועל פֿון דער סינאַגאָגע ניט אַריבער; ער, דער משׂכּיל, וואָס פֿאַר־מאָגט שיינע שראַנקען מיט יקר־המציאותן, אַלטע כּתבֿ־ידן אויף העברעיִש און רוסיש, די ווענט מיט טײַערע אוילבילדער באַהאָנגען, גיט ל. פּינסקערן, דעם דאָקטער, היפּשע געלטן אויף אַרויסצוגעבן די רוסישע בלאַט, וואָס דאַרף לערנען יידן די שפּראַך פֿון לאַנד, זיי זאָלן ווערן מיט מענטשן און מיט די אַרומיקע פֿעלקער גלײַך, און סוף כּל סוף שוין אויפֿהערן צו רעדן אויף דעם וויסטן זשאַרגאָן... און זי, אַנדאַ, די ראָמאַנען־שלינגעריִן, גאָכן רבֿס דער־ווײַטערן זיך מיטן שמש, צעלאַכט זיך אויף אַ קול:

— פּלאַפּלערײַ פֿון אַ תּם, פֿון אַ פֿאַראַנאַיִקער... טו נאָר אַ קוק אויפֿן אָנטאָן זײַנעם, אויף דער אַלטער סוויטע מיט דעם פֿאַרדאַרטן שטרײַמל, אַ לץ... ס׳איז דאָך נאָך היפּשער טאָג. דער וועג אַהין, צום שוואָגער, איז מיט

דער האַנט צו דערלאַנגען, אַ ווערסט פּופּצן ניט מער, פֿאַרן קאַשטאַן אַ מינוט צוואַנציק גאַנג! און וויפֿל דאַרף געדויערן די טעלעגראַמע געבן? ביז די זון וועט אונטערגיין וועט מען דאָך שוין זײַן דאָרטן, אין נאַהאַדי.

און באמת, אין אַ פֿערטל שעה אַרום זײַנען זיי שוין, נאָך בײַם זון־זעצן־זיך, אויפֿן אײַנגעפֿאַרענעם וועג ווײַט אין פֿעלד געווען. די זיך־אַנגעצונדענע שנייען אויף די רחבֿותן, באַזונדערס זי אַליין, די זון, אַ גרויסע, אַ קײַלעכדיקע, אַ געדיכט־פֿאַרפֿלאַמטע, און פֿון דאָרטן, פֿון רעכטס, אין די נידעריקע מאַרין־הימלען שנײַדט זיך אַרײַן אַן אַנגעגליטער מולד, האָבן אים, ברוך־בערן, שוין גאָר באַרויִקט.

— סאַראַ שיינקײַט, — זאָגט ער צו אַנדען, וואָס איר קאָפּ איז אים אויפֿן אַקסל אַנגעשפּאַרט. — סאַראַ שיינקײַט... איך בין דאָך שוין געפֿאָרן אין ווינטערדיקע פֿאַרנאַכטן אין די בערג פֿון קאַווקאַז, אין די אַלפּן פֿון שוויי־צאַריע... נאָר אַזאַ שיינקײַט האָב איך נאָך ביז אַהער־צו קיין מאָל ניט געפֿילט.

— ניט געזען, נאָר געפֿילט?

— יאָ, אַנדע, געזען האָב איך, נאָר ניט געפֿילט. ס׳פֿאַרכאַפּט דאָך ממש בײַם האַרצן.

— און מײַן שיינקײַט? — פֿרעגט זי ביי אים אויפֿהויבנדיק דעם קאָפּ. — און מײַן...

— אַנדע, — שלאָגט ער דאָ איר איבער. — אַנדע, זע נאָר, ווי דער הימל איז מיט אַ מאָל שוואַרץ געוואָרן, די זון, דער מולד זײַנען ווי אין אַ תּהום אַרײַנגעפֿאַלן. סאַראַ ווינטן ס׳נעמען יאָגן... ס׳הייבט זיך דאָך אויף אַ זאַווערוכע!

— וואָס איז מיט דיר הײַנט? — הייבט זי פֿון חידוש די מיט זילבערטוי באַדעקטע אַקסלען. — פֿריער האָט דיך דעם תּמס רייד געשראָקן, איצטער שרעקן דיך שוין די ווינטן... מיר זײַנען דאָך שוין ניט־ווײַט פֿון דעם דאָרף, מ׳הערט דאָך שוין ווי די הינט בילן... — און זי, אַנדא, די נאַהאַדיִערן, וואָס האָט אין סכּנה־צײַט אויפֿן מזל ניט געוואָלט זיך פֿאַרלאָזן, אין קיין שום גורלות ניט געגלייבט, הגם צו אָפּשפּרעכערינס און קאָרטנוואַרפֿערינס געגאַנגען, — נאָך אַלץ אויף אַ קינד האָבן געהאָפֿט... זי, אַנדא, וואָס האָט זיך תּמיד פֿאַר־לאָזט נאָר אויף איר אייגענעם כּוח און שׂכל, זיך קיין מאָל פֿאַר גאָרניט אָפּגע־שטעלט, און מיט אַלע מיטלען, וואָס נאָר אין איר רשות געווען, אָפּגעראָמט און געבראָכן אַלע שטערונגען און מחיצות, וואָס האָבן זיך אויף איר וועג

געשטעלט, — זי וואָלט דעמאָלטן, ווען ברוך־בער שיקט ניט אָפּ די תּנאים דעם רבֿס טאָכטער, זי וואָלט אים, און אויך זיך, דעמאָלטן אומגעבראַכט... זי, אַנדאַ, אויך אַ פּאָסעסאָרס, יחיאל נאַהאַדיִערס טאָכטער, וואָס האָט גוט געקאָנט האַלטן די ווישקעס און געניט אַ פֿערד אַנטרײַבן, זי האָט איצטער בײַ אים, בײַ ברוך־בערן, פֿון די הענט די לייצעס אַרויסגענומען און דעם טונקל־קאַשטאַ־נאָוון אָגער אַנטקעגן די זיך־אויפֿגעהויבענע גליוועדיקע ווינטן אין גאַלאָפּ געלאָזט יאָגן.

נאָר באַלד ווערן יענע, שוין די נאָענטע, די הינט־בילערײַען אין דעם ווילדן פֿײַף פֿון די ווינטן פֿאַרפֿאַלן און ביידע, ברוך־בער מיט אַנדען, ווערן אין אַ שיכּור־צעהוליעטער, אין אַ וויוענדיקער זאַווייע מיט פֿערד און שליטן פֿאַר־טראָגן, פֿון וועג אַראָפּגעשלאָגן, און אויך אין דעם ווײַס־פֿינצטערן געווירבל די שעה פֿאַרלאָרן.

און די ווײַס־וויכערדיקע פֿינצטערניש מערט זיך, און ווערט וואָס ווײַטער אַלץ געדיכטער און שווערער, פֿאַלט ביז צו ווייטיק אויף די אַקסלען, און די בוראַן־ווינטן אַרום פֿײַפֿן און וויען אַלץ שטאַרקער און זיי הערן שוין ניט, ברוך־בער און אַנדאַ, וואָס איינער שרײַט צום צווייטן, און דעם פֿריערדיקן, דעם ריינעם קלאַנג פֿון דעם אויסגעשײַערט־קופּערנעם גלעקל אונטער דער דוהע, הערט מען שוין אויך ניט, און די פֿראָסט־שטעכיקע, די אומברחמנות־דיקע שנייען פֿאַרשלאָגן די אויגן, — ניטאָ קיין ברעקל שטערן אין די הייכן און ניט קיין נאָקעט־שוואַרצן בוים אויף דער ערד... וואָלטן כאָטש גזלנים באַפֿאַלן, פֿון זיי וואָלט מען זיך פֿאַרן פֿערד און שליטן, פֿאַר די צוויי פֿוטערס, פֿאַרן ביסל צירונג געקאָנט אויסקויפֿן, זיי וואָלטן שוין ערגעץ־וווּהין אונטער אַ וואַרעמען דאַך געבראַכט געוואָרן...

און דעם אָגער זעט מען שוין אויך ניט. ער יאָגט ערגעץ און טראָגט זיי אין אומקום אַרײַן, — אַנדאַ האָט אים, דעם קאַשטאַן, אויף זײַן אייגענעם באַראָט, אין אָט דער וויסט־און פֿינצטערניש, געלאָזט גיין. ברוך־בערן באַפֿאַלט דאָ אַ פּחד: זײַן טאַטע, נחמן נאַהאַדיִער, אַזאַ דעמב, איז דאָך דעמאָלטן, נאָכן אָפּשיקן די תּנאים, אין אַ זאַווערוכע אומגעקומען, און אַ האַלב ווערסט פֿון דער שטוב... און זי, העסיע, די בלינדע, האָט דאָך אים דעמאָלטן געזאָגט:

— דער יום הדין, ברוך־בער, וועט נאָך אויף דיר קומען. איך ווייס ניט ווען, און אויף אַ וועלכן אופֿן... נאָר ער וועט קומען דער יום הדין, ער וועט קומען... — אמת, פֿון יענעם זון־אויפֿגאַנג איבערן שוואַרצן ים זײַנען שוין

פּופּצן יאָר פֿאַרלאָפֿן, און מער האָט ער זי שוין, די בלינדע, ניט באַגעגנט און אויך פֿון איר ניט געהערט, אַחוץ איין מאָל, אַז זי טרעפֿט זיך אַלע זומער מיט אים, מיטן טאַטן, ביי זיין גלות־אַפּריכטן, ערגעץ דאָרטן, אין יענעם וואַלד, ווו דער וואָלף איז איבער אים, איבערן מקובל, מיטן אָפּענעם מויל געשטאַנען.

און מיטן רבֿ, מיט ר׳ וועלוועלען, האָט ער זיך, ברוך־בער, אַלע יאָרן קיין מאָל ניט באַגעגנט. פֿאַרוואָס האָט ער אים גראָד היינט אויפֿן מיטן וועג געטראָפֿן שטיין און שיער אויף אים מיטן צעהיצטן אָגער ניט אַרויף... און פֿאַרוואָס האָט אים יענער פּלוצלינג גאָר געזאָגט, ווי געוואָרנט: — לאָז זיך ניט אויף נאַכט אין וועג אַריין. נעכטיק איבער דאָ...

און די זאַווערוכע הייבט אָן צו פֿאַרווייען און צו פֿאַרשיטן מיט שניי דעם שליטן. און דער קאַשטאַן הייבט זיך שוין אָן פֿון די כּוחות אַרויסצושלאָגן, בלייבט שוין אַלע מאָל שטיין. שריַיט ער, ברוך־בער, שוין ניט מיט זיין קול:

— וויאָ־אָ־אָ! — און צו אַנדען. — ווער נאָר ניט אַנטשלאָפֿן! הערסט מיך? וויאָ־אָ־אָ!

י

און אין יענער גורלדיקער ווירבל־צעבושעוועטער נאַכט, ווו פֿון מאָל צו מאָל, ווי אויף קאַטאָוועס און לצנות־טרײַבן, ווי אויף שפּאַט און אויסצולאַכן, ווי אויף אָפּצונעמען די לעצטע האָפֿענונג, שוין ווי אַ בלוטיקע קללה, ווערן די שוואַרץ־לילאָווע כמאַרעס אויף אַ רגע פֿון יענעם פֿלאַמיקן מולד־סערפּ צעשניטן און אַ בלענד־פּערלדיק שנירל שײַן טוט אַ קוועל . . . און באַלד ווערט די ווײַס־וויכערדיקע פֿינצטערניש נאָך געדיכטער און ביטערער, און די הפֿקר־דיקע ווינטן מיטן ווילדן פֿײַף טרײַבן נאָך שטאַרקער דעם פֿראָסט אין די ביינער אַרײַן אויף צו פֿאַרגליווערן און פֿאַרפֿרירן: אין יענער גורלדיקער שעה, שוין ביידע, ברוך־בער מיט אַנדען, האַלב־לעבעדיקע, ווייסן שוין אַפֿילו ניט צי פֿאָרן זיי אָדער שטייען מיט פֿערד און פֿאַרווייעטן שליטן ערגעץ־ווו אויף איין אָרט, שוין בײַם תהום פֿון אומקום . . . דעמאָלטן נעמען זיך דרייען אונטער זייערע פֿאַרשנייטע וויעס פֿײַערדיקע פֿונקען, און אויך דערהערן זיי אין דעם רויש פֿון די ווינטן דונערן, ווי ערגעץ דאָ ניט ווײַט וואָלטן פויקן געקלאַפּט, און באַלד שוין ניט צו גלייבן און באַנעמען, בלײַבט דער קאַשטאַן שטיין מיטן קאָפּ בײַ אַ פֿענצטערל, וואָס איז אין אַ פֿלאַקער פֿײַער.

— אַנדע, אַנדע, מיר זײַנען בײַ אַ שטוב, בײַ אַ שטוב מיט מענטשן!

און ס׳איז טאַקע גאָר קיין חלום און אויסדאַכט ניט געווען. מענטשן העלפֿן זיי פֿון שליטן אַרויסקריכן, אויף די פֿאַרזעסן־און פֿאַרקליאַקנעטע פֿיס זיך שטעלן, פֿירן זיי אונטער אַ נידעריקן דאַך, ווו ס׳הערט זיך נאָך אַ פֿידל און טאַצן קלאַפּן, ווו אין אַ גרויסן אויוון פֿלאַקערט אַ פֿײַער, ווו ס׳שמעקט מיט הערינג, זויערער קרויט און הני . . . עמעצער נעמט פֿון זיי די פֿוטערס אַראָפּ, די פֿילצן־וואַלינקעס, און רײַבן זיי די באָרוועסע פֿיס מיט שניי, און לייגן זיי די הענט אין קאַלטע וואַסער אַרײַן, און אויך גיט מען זיי צו בלעכענע קווערט־לעך אָקרעפּ אויסטרינקען און צו ריפּטלעך האַרטן שוואַרצן ברויט.

און אַז בײַם פֿלאַקער־פֿײַער זיך דערוואַרעמט, און שוין אַ ביסל צו זיך געקומען, קוקן זיי זיך ביידע אַרום און זען שוין בײַ אַ לאַנגן טיש פֿון גראָבע ברעטער אויף קלעצער, וואָס אין דער ערד אײַנגעגראָבן, זיצן בערדיקע לײַט אין רויטע העמדער און שוואַרצע קאַמזוילן און לעם זיי ווײַבער מיט פונצאָווע פנימער און בונט־געקווייטלטע קאָפּטלעך, אין די אויערן טרייסלען זיי זיך לאַנג־אַראָפּהענגענדיקע אוירינגלעך, — ציגײַנער און ציגײַנערינס... אָבער קיין אויפֿגערוימט־און פֿריילעכקײַט איז בײַם טיש ניטאָ. מ'הערט פֿון דאָרט ניט קיין האַפֿערדיקן געלעכטער, אַפֿילו אַ פֿאַרשײַטן שמייכל אין די אויגן זעט מען בײַ קיינעם ניט, און אויך די פֿידל וואָס טוט אַ שפּיל און די טאַצן וואָס קלאַפּן צו, אויך זיי זײַנען ניט צום הוליען און צו שעפּן פֿאַרגעניגנס, — אַלעמענס קעפּ, אין דער שײַן פֿון דעם פֿלאַקער־פֿײַער זײַנען אין אַ בלוט־רויטן שאָטן פֿון פּײַנלעכקײַט, פֿון עפּעס אַ געפֿאַלן־און צעבראָכנקײַט.

און אויך זעען זיי שוין ביידע, ברוך־בער און אַנדאַ, אָפֿענער און קלאָרער די שטוב, ווהין זיי זײַנען פֿון דער פּלוצעמדיקער זאַווערוכע פֿאַרטראָגן געוואָרן: אַן אַ סטעליע, און אונטער אַ שטרויענעם דאַך. אויף די קראָקוועס זיצן הינער און אויך פֿליען דאָרטן איבער פֿון אָרט אויף אָרט טויבן... ניט קיין שטוב, נאָר אַ לאַנגע שטאַל, ווו ס'שטייען פֿערד און הריזען די לײדיקע קאָריטעס, און אויף דער הוילער ערד ליגן בהמות און זיפֿצן שווער מיט די אײַנגעפֿאַלענע בײַכער. אַ שטאַל מיט אַ גרויסן פֿלאַקערנדיקן אויוון, ווו פֿון אויבן, אויפֿן פּעקעליק, קעפּל צו קעפּל שלאָפֿן קינדער און נידעריקער, אויף דער לעזשאַנקע, מיטן ווײַסן קאָפּ צעשויבערטע האָר אויף אַ זאַק שטרוי, שטאַרבט אַ ציגײַנערין. איר אויסגעטרוקנטער פּנים שוין אויסגעצויגן, די קינבאַקן פֿאַרשאַרפֿט, די הויט שוין געל־שוואַרץ, די געקווייטלטע שאַל אויף איר האָרצן הויבט זיך נאָך און לאָזט זיך אַראָפּ, אָטעמט שווער און מיט כריפּנ־דיקן פֿײַף... זי שטרענגט נאָך אָבער אָן די לעצטע כּוחות און וויל דעם קאָפּ אויפֿהייבן, דעם אויער אָנשטעלן, ווי געוואָלט פֿאַרן פֿאַרגיין, פֿאַרן אַרײַנגעלייגט ווערן אין דער פֿאַרפֿרוירענער ערד, אַ קול דערהערן... און אַפּנים יענעם קול אויף וועלכן פֿאַרן טויט, פֿאַרן אָפּגעבן די נשמה געוואַרט, דערהערט זי יאָ... און די פֿאַרמאַכטע אויגן צעעפֿענען זיך איר מיט אַ מאָל ברייט, טרוקן־פֿיבערדיקע, און קוקן מיט עפּעס אַ ניט־ערדישן טרויער און צאָרן אויף די, וואָס זײַנען פֿון דעם גורלדיקן שניי־בוראַן אַהער־צו פֿאַרטראָגן געוואָרן... און ברוך־בער טוט דאָ אַ ציטער:

— זי, די בלינדע... דעם רבס טאָכטער, העסיע...

און ער וואָלט שוין, אין אָט דער רגע, געלאָפן פון דאַנען, פון אָט דער שטאָל מיטן פלאַקערנדיקן אויוון, פון אָט די ציגײַנער, וואָס שווײַגן אַרום טיש פאַרביסן און קוקן אויף אים מיט ניט־גוטע אויגן, ווי זיי, אָט די וואַנדער־און וואָגלדיקע, וואָלטן אים אויך דערקענט און געוווּסט, אַז ער, ברוך־בער, האָט אויף אַזאַ'ן, אויף זייער ליבלינג, אַמאָל אַן עמער בלאָטע פלוצעם אויסגעגאָסן, אויף איר, אויף דער ריינער תמימותדיקער נשמה, אויף איר אַזאַ וויסטן בילבול אויסגעטראַכט און דערמיט איר לעבן, צו זיבעצן יאָר, צעבראָכן... ער וואָלט זיך פון דאַנען, דער עיקר פון אָט די בלינדע טרויער־און גרימצאָרנדיקע, פון אָט די ערב־גסיסה אויגן, געלאָזט אין דער וועלט אַרײַן לויפן. אָבער וווהין? דער שניישטורעם טרייסלט די ווענט און וועט באַלד דעם דאַך אַראָפּטראָגן. ער וועט דאָך אויך, ווי דער טאַטע זײַנער, אין דער זאַווערוכע אומקומען... און ווי אַזוי קאָן ער, און אויף ווערמען זאָל ער דאָ איבערלאָזן איינע אַליין זי, אַנדען, וואָס איז שוין קראַנק געוואָרן און אַ קדחת וואַלגערט זי פון די פיס... און דערצו נאָך גייט צו אים צו איינע, ביז אַהער גאָר ניט געזען זי, אַ יונגע, אַ ווילדשיינע ציגײַנערין, וואָס אירע אויגן האָבן אים שוין איין מאָל אַזוי דער־שראָקן, צוריק מיט אַ פּופּצן יאָר, דאָרטן בײַם זוו־אויפגאַנג איבערן שוואַרצן ים. דעמאָלטן נאָך אַ קינד געווען. פון אַ יאָר נײַן. געלאָפן צו דער בלינדער מאַמע... זי גייט צו אים צו, אָט די בילד־און ווילד־שיינע ציגײַנערין, און הייסט אים:

— גייט, און גיט איר, מײַן מאַמען, די האַנט!

און דאָס ווערט מערער מיטן ווונק ווי מיטן וואָרט געזאָגט. און ער ווייסט אַז די בלינדע וויל זײַן האַנט אין אירער נעמען כדי צו זיכער זײַן אַז דאָס איז ער, ברוך־בער, און זי וועט אויף אים ווידער, ווי אין יענעם פאַרטאָג, נאָר שוין פאַרן טויט, איר לעצטע קללה, ווי אַ שטיין וואַרפן. דאָך און פאָרט... ווען אין דרויסן וואָלט שוין אַפילו אַ שטילע, אַ זומערדיקע, אַ היי־שמעקנדיקע לבנה־נאַכט געשטאַנען און ער זאָל יאָ קאָנען און האָבן וווהין, און אויך מיט אַנדען, פון דאַנען צו אַנטרינען ווערן, וואָלט ער שוין אויף דעם, ברוך־בער, קיין כוח ניט געהאַט און שוין ניט מסוגל געווען, ווײַל די אויגן פון דער יונגער ציגײַ־נערין, — די טאָכטער פון העסיען און מאַטעאַ באַנגאַ, וואָס איז אין אַ מעסער־געשלעג אומגעקומען און איבערגעלאָזט די עלף־יאָריקע ליוציאַ אויף דער

בלינדער מאַמע, אויף דער טענצעריןָ... יענע אויגן פֿון דער יונגער ציגײַ־נערין האָבן אים מיט אַ מאָל פֿאַרכּישופֿט און ער האָט שוין איבער זיך די שליטה אָנגעוווירן.

און ער, דער תּקיף, דער גרויסער נגיד, דער בר־יכולת, וואָס שוין פֿון קליינערהייט געוווינט געוואָרן צו געוועלטיקן און צו שאַפֿן זיך, ער איז דער יונגער ציגײַנערין נאָכגעגאַנגען און דער בלינדער מאַמע אירער, וואָס שטאַרבט אויף דער לעזשאַנקע בײַ דעם פֿלאַקערדיקן אויוון, אין דער פֿון ווינטן וווייענדיקער שטאַל, ווו אונטער דעם שוין צעלעכערטן דאַך, אויף די קראָקוועס, קרייען צוויי הענער צו דעם גרין־זאַווערוכעדיקן פֿאַרטאָג, זײַן האַנט איר, העסיען, געגעבן.

און אירע אויסגעטריקנט־ביינערדיקע קאַלט־פֿײַכטע פֿינגער האָבן נאָר איין רגע געהאַלטן זײַן האַנט, אויף וועלכער זי האָט אַזוי געוואַרט, ווי נאָר זײַן קול דאָ, אין דער שטאַל דערהערט, און באַלד זיי פֿון זיך מיט שׂינאה אָפּגעוואַרפֿן. ער האָט געוואַרט אויף אירע קללות, נאָר זי, ר׳ וועלוועלעס טאָכטער, הגם זיך אויפֿגעזעצט און אין די ברייט־צעעפֿנטע בלינדע אויגן האָבן די לעצטע פֿײַערן פֿון פֿאַרדראָס און באַליידיקונג געוויכערט, דאָך די שוין שוואַרץ געוואָרענע ליפּן פֿאַרביסן, און ניט געשאָלטן. זי האָט נאָר די טאָכטער אַ רוף געטאָן, ווי איר דאָס סאַמע וויכטיקסטע פֿאַרן טויט געוואָלט זאָגן און אָנזאָגן, אָבער אַחוץ דעם נאָמען ליוציא ניט געקאָנט אויסרעדן. זי איז מיט אַ מאָל, ווי אַ אונטערגעהאַקטער בוים, מיטן ווײַסן צעשויבערשטן קאָפּ אויפֿן זאַק שטרוי אַ פֿאַל געטאָן און די פֿײַפֿלען פֿונעם האַרצן האָבן איר אָנגעהויבן צו שפּילן דעם לעצטן ניגון דאָ אויף דער געבענטשטער און פֿאַרשאָלטענער ערד.

און פֿון דער זײַט, פֿון דעם פֿלאַקערדיקן אויוון, פֿאַלט אַ גלײַיקער שאָטן אויף איר האַלדז מיט די בלאָװ־אויפֿגעלאָפֿענע אָדערן, און באַזונדערס אויף אירע אויגן, נאָך שוואַרצע, נאָך לעבעדיקע, נאָך מיטן וויכערדיקן צער און פֿאַרדראָס, ברייט־צעעפֿנטע, ווי זי, די בלינדע, וואָלט פֿאַרן טויט נאָך איין מאָל וועלן, שוין דעם לעצטן מאָל, און שוין אויף אייביק, אַ קוק געבן מיט אירע אַמאָליקע יונגע, פֿולע מיט גלייבן און האָפֿענונג, מיט יענע ליכטיקע אויגן אויף דער וועלט... נאָר באַלד גייט יענער גלײַיקער שאָטן אַראָפּ אויף אירע ווינקלען מויל, די פֿולע מיט יִיאוש, און מ׳דערהערט דאָ די צוויי ווערטער: טאַטע... מאַטעאָ... ווי זי וואָלט אין איר לעצטער רגע־לעבן בײַ זיי ביידע

מחילה געבעטן. ביי אים, ביים טאַטן, פֿאַר ניט־ווּעלן גיין מיט איר קינד, מיט ליוציאַ, צו אים, און זיך אומקערן אַהיים, ווי ער האָט דעמאָלטן, דער טאַטע, טאַקע דאָרטן אין וואַלד, שוין נאָך איר מאַנס טויט, געבעטן. און אויך ביי אים, ביי מאַטעאָ באַנגאַ, וואָס האָט איר לעבן געראַטעוועט און אַזוי פֿיל ערדישע פֿרייד פֿאַרן גוף געגעבן... אָבער גראָד דעמאָלטן, טאַקע אין יענע נעכט פֿון איר גרויסער התלהבֿות און גוף־באַגייסטערונג, טאַקע דעמאָלטן, אַז זי האָט שוין קיין אייגענעם גורל, קיין אייגענע השׂגות ניט געהאַט, שוין צונויפֿגעבונדן און צונויפֿגעגאָסן געווען מיט אים אין איין לעבן און אין איין טויט... אָט גראָד דעמאָלטן פֿלעג זי אַ טיפֿער טרויער אַרומנעמען און זיך שטיל, און ביטער צעוויינען.

און טאַקע באַלד, נאָכן זאָגן די צוויי ווערטער: טאַטע... מאַטעאָ... ציט זי אויס, העסיק, די פֿיס און די פֿייפֿלען פֿונעם האַרצן ווערן איר אַנטשוויגן. איר פּנים הייבט אָן זיך צו לייטערן אין גלייזיקן שאָטן... די ליפּן אָבער נאָך אַלץ פֿאַרביסן, ווי איינגעהאַלטן אין זיך, שוין אויף אייביק, אַ ווייטיקדיקן געשריי. און אויך די אויגן, שוין ווייס־געלבלעכע, שוין ליידיקע, בלייבן אָפֿן און קוקן אויף אים, אויף ברוך־בערן, וואָס שטייט ווי געליימט געוואָרן ביי דער לעזשאַנקע. אירע אָפֿענע אויגן, שוין אָן שוואַרצאַפּלען, וואַרפֿן אויף אים אָן אַזאַ פּחד, אַז ער וויל איר די אויגן צומאַכן. נאָר זי, ליוציאַ, דערלאַנגט אים דאָ אין פּנים אַזאַ פּאַטש, אַז ס'קלינגט אָפּ אונטער דעם זאַווערוכעדיקן דאַך... און זי, די טאָכטער, פֿאַרמאַכט מיט איר האַנט אַליין דער מאַמעס אויגן.

אין די ערשטע מינוטן האָבן אַלע ווי אין דער געשטאַרבענער פֿאַרגעסן. די ציגיינער האָבן זיך געהאַלטן אין חידושן וואָס ליוציאַ האָט דעם פֿאַרטראָגענעם אַהער פֿריער צו דער מאַמע צוגעפֿירט, זיין האַנט איר, דער גוססדיקער, געהייסן געבן, און דערנאָך אים אַזאַ פֿלאַם אין פּנים דערלאַנגט... און ער, דער הויכער, ברייטבייניקער געזונטער מאַנצביל, הגם שוין מיט ווייסע שלייפֿן און היפּשער גרויקייט אין דער שיינער באָרד, נעמט צו דעם פּאַטש אָן קעגנשטעלן זיך, אָן אַ וואָרט צו זאָגן, און ניט דערפֿאַר, אויך דאָס האָבן זיי, די ציגיינער געזען, ווייל יענער איז דאָ צווישן פֿרעמדע לייט אין אַזאַ אָרט אַריינגעפֿאַלן און האָט מורא... אָבער נאָך מערער פֿון זיי, פֿון די ציגיינער, האָט עס זי, אַנדאַ, געזען און דערפֿון אויפֿגעקאָכט געוואָרן: ער, ברוך־בער, דער גדלן, דער אין זיך פֿאַרליבט־און איינגעגלייבטער, דער גבֿר, און וואָס האָט נאָך

תּמיד אין וועג ביי זיך אַז אַנגעלאָדענעם רעוואָלווער, ער זאָל פּלוצלינג אַ געשלאָגענער פֿאַר אָט דער ציגיינערין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ בלייבן שטיין... און שוין דאָ, אין אָט דער שטאַל מיטן פֿלאַקערנדיקן אויוון, ווּ זי קאָן בשום אופֿן ניט דערוואַרעמען זיך, ס׳טרייסלט און ס׳וואַרפֿט זי פֿון קעלט, שוין דאָ דערפֿילט זי, אַנדאַ, און מיט אַלע אירע חושים, אַז ברוך־בער ווערט פֿון איר שוין אויף שטענדיק דערווייטערט. אָט די יונגע ציגיינערין האָט אים שוין אַ כּישוף אָפּגעטאָן.

# יא

און דאָ, באַלד נאָך העסיעס אויספֿעלן, נאָך איר אויסהויכן די צעבלו־טיקטע נשמה, נאָכן צומאַכן איר די בלינדע אויגן דאָרטן, אויף דער לעזשאַנקע, אין דער שטאָל מיטן פֿלאַקערנדיקן אויוון, צווישן די ציגײַנער, ווײַט פֿון איר היים, פֿון איר טאַטן, פֿון דעם מקובל, וואָס איז אין יענער נאַכט, ווי תּמיד, אויף־געווען, און נאָכן תּיקון לאה צו די ווײַטערדיקע „סודות הבורא" זיך געגומען, געוואָלט דאָרטן דערגיין, זיך דערגראָבן, צוליב וואָס, צוליב וועלכן תּכלית העולם, זײַנען זיי, די רכילות און עלילת דם, אָנגעשיקט געוואָרן אויפֿן יידישן פֿאָלק, וואָס איז פֿון זיי, פֿון אָט די שוואַרצע בילבולים, אין משך פֿון דורי־דורות מיט טײַכן בלוט אָפּגעגאַנגען . . . נאָר פּלוצעם, און שוין אויפֿן דנאָ פֿון אָט דעם סוד געווען, מיט דער געגדזענער פֿעדער אין דער פֿאַרחלשטער האַנט געבליבן אין טיפֿן טרויער זיצן, ווײַל מיט אַ מאָל דערפֿילט און קלאָר דערזען ווי דאָרטן, אין אָט דעם שניישטורעם שטאַרבט זײַן טאָכטער . . . און ער וויקלט זיך, דער מקובל, שטײַפֿער אײַן, ווי אין דער טאָכטערס יסורים און נסיונות, אין יענעם אַלטן, שוין זייער און ביז גאָר אַלטן טלית מיט דער זילבערנער עטרה, וואָס ער האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף איר דעמאָלטן, אין דעם ערשטן טאָג שבֿועות, בעתן האַלטן נאָך אין אָנהייב פֿון דער הפֿטורה, — ואני בתוך הגולה על־נהר כְּבָר נפֿתחו השמים ואראה מראות אלקים . . . און דאָ איז זי אין „מאָווער" אַרײַנגעלאָפֿן, פֿאַר אַן עדה יידן אויפֿן שוועל פֿון דעם מקום־קדוש אַ נאַקעטע מיט אויפֿגעהויבענע הענט געבליבן שטיין, און ניט מיט איר קול אויסגעשריִען:

— זעט, יידן, קוקט, איך בין ניט קיין צרעת . . . אויף מײַן גוף איז ניטאָ קיין שום אויסשיט! — און באַלד אַוועקגעלאָפֿן, שוין אײַנגעוויקלט אין דעם טלית, אין ברונעם אַרײַן זיך וואָרפֿן.

און אלישע בן־מאיר, וואָס זעט זייביידן, דעם אַלטן טאַטן דאָרטן, אין דעם בית־דין שטיבל, אין דעם יסורימדיקן טלית אײַנגעוויקלט, וואָס וויל אין דער וועלט, אין די צען ספֿירות, מיט דער געגדזענער פֿעדער אין דער פֿאַר־

חלשטער האַנט, דערגראַבן זיך צו די סודות פֿון דעם בורא... און די טאָכ־טער זײַנע דאָ, נאָכן אויסהויכן די צעבלוטיקטע נשמה, אויף דער לעזשאַנקע, אין דער שטאָל מיטן פֿלאַקערנדיקן אויוון, און אויך זיי, ברוך־בער מיט אַנדערע, וואָס פֿאַלן אַרײַן אין יענער זאַווערוכע פֿון גורל־און באַשערטקײַטן, וואָס זײַנען אַזוי אומקלאָר און פֿאַרשלאָסן אין זיך, אַזוי פֿאַרגראָבן און פֿאַר־סודותדיקט און דערבײַ, פּשוט צום שטוינען, אַזוי וואָרהאַפֿטיק און אָפֿן... אים, דעם אַלטן כּהן בײַ די חורבֿות פֿון דעם דריטן בית־המיקדש, וואָס שרײַבט בײַ די שוואַרצע אַזכּרה־ליכט, און וואָס טראָגט שוין אַזוי פֿיל יאָרן אין האַרצן דעם גרויסן ווייטיק פֿון שׂינאת־חינם, אים, נאָך העסיעס טויט, שנײַדט זיך דאָ, בײַ די בערג פֿון ירושלים, בײַ זײַן שמאָלן פֿאַרשנייטן פֿענצטער, נאָך אַ פֿײַערדיקער רינג אין דער נשמה אַרײַן.

— עקיבֿא־פֿרײַנט, פֿאַרוואָס האָסטו אויפֿגעהערט אויפֿצושפּילן דעם ווינט־און ווינטער־ניגון פֿון די ווײַטע פֿאַרשׂרפֿעטע פֿאַלעסיער וועלדער? אין יענעם טרויער־ניגון האָבן דאָך געקוועלט די האָפֿן און געצווירט די הייוון פֿון גרויסן ייִדישן לעבן... אין מײַן אַליין־און עלנטקײַט דאָ, אין דעם שקיעה־טאָל... ניין, גרויסער שאָטן מײַנער, דו ווייסט דאָך, ניט פֿון אומעט און פֿון לאַנגווײַל... איך וואָלט דאָך געקאָנט, איך זאָל נאָר וועלן, מסיבות און אסיפֿות און אויך קערמישלעך האָבן, און די צײַט דאָרטן פֿאַרשווענדן און אומ־ברענגען... גרויסער שאָטן מײַנער, עקיבֿא־פֿרײַנט, האַלט פֿאַר מיר, ווי אַמאָל פֿאַר די באַיאַרס, יענע דרשה פֿון וועגן דעם פויערל, וואָס איז געגאַנגען איבערן ווײַסן ווינטערדיקן פֿעלד און דער ווינט, דער פֿראָסט, און די זון, האָבן זיך פֿאַרוועט, ווער פֿון זיי וועט פֿון דעם פויערל די סוויטקע אַראָפּרײַסן... און וואָס מער דער ווינט האָט געבושעוועט, און וואָס שטאַרקער דער פֿראָסט האָט געברענט, אַלץ מער האָט זיך דאָס פויערל אין זײַן סוויטקע געוויקלט... נאָר אָט האָט אַ שײַן און אַ וואַרעם געטאָן די זון, און דאָס פויערל האָט גלײַך פֿון זיך די סוויטקע אַראָפּגעוואָרפֿן... און דו פֿלעגסט, עקיבֿא־פֿרײַנט, מיטן ניגון פֿון אַ בעל־דרשן פֿאַרענדיקן: — וואָסער פויערל, וועלכער פויערל. ניט קיין פויערל האָט ער, דער צדיק קרילאָוו, גאָר געמיינט, נאָר דאָס ייִדישע פֿאָלק... האַלט פֿאַר מיר, גרויסער שאָטן מײַנער, עקיבֿא־פֿרײַנט, האַלט פֿאַר מיר כאָטש נאָך אַ מאָל יענע וווּנדערלעכע דרשה מיטן ניגון...

נאָר עקיבֿא איז שוין ניטאָ דאָרטן, אין דער גרינער לאַמטערן־שײַן, צווישן די דרײַ וויכערדיקע קיפּאַריסן בײַ דער טיר, דאָרטן דרייט זיך אַרום פּיטשע,

וואָס האָט פֿון גרויסער ליבע צו גאָלדע־רחלען, פֿריער איר מאַן, ליפּען, און שפּעטער שוין אויך זי אָפּגעסמט.

פֿון אָנהייב מיינט ער, אלישע, אַז פּיטשע איז פֿון דרויסן אַ פֿאַרשנייטער אַרײַנגעקומען, נאָר באַלד זעט ער דעם טעות אײַן: פּיטשע, ווי ער וואָלט פֿון אַ זומער־נאַכט אַרויסגעגאַנגען, דרייט זיך אום דאָרטן, בײַ דער טיר, צווישן די דרײַ וויכערדיקע קיפּאַריסן, אַ באַרוועסער און אין דעם ווײַסן קיטל, וואָס איז אים אין דער לינקער זײַט מיט בלוט פֿאַרגאָסן. ציטערט ער אויף, דער אַלטער ייִדישער שרײַבער, ווײַל די שוואַרצע אזכרה־ליכט אויף זײַן ׳טיש צעברענען זיך מיט אַ מאָל העלער, ווי געוואָלט שטאַרקער באַלויכטן אים, דעם אַרײַנגעקומענעם פּיטשען.

— דאָס בלוט, אלישע, — גייט ער צו און שאַרט נאָך פֿון די ליכט אַראָפּ די אָנגעברענטע קנויטן. — דאָס בלוט, אלישע, ווערט ניט אויסגעטריקנט... ניט אָפּגעבליאַקעוועט, ניט אויסגעצוויטעט... אויף מײַן קיטל איז דאָס בלוט פֿון יענעם ווינטן טאָג ווען די דײַטשן מיט די היגע גוים האָבן אויסגעהרגעט אַלע ייִדן פֿון שטעטל, און איך בין געגאַנגען מיטן הילצערנעם צלם אויף די פּלייצעס צום טאָל, וואָס איז פֿול געווען מיט נאַקעטע פֿאַרבלוטיקטע גופֿים פֿון אַלט און יונג און קינדער... דאָרטן, בײַ יענער גרוב, ווו ס׳האָבן זיך נאָך געהערט קינדערשע געשרייען מאַ־מע, מאַ־מע־לע... ווײַל מ׳האָט זיי ניט געשאָסן: די קינדער האָט מען לעבעדיקערהייט געוואָרפֿן אויף צו דער־טרינקען זיי אין דעם בלוט פֿון זייער פֿאָלק... דאָרטן האָב איך אין דער בלוטיקער ווייכער ערד אַרײַנגעשטעלט דעם צלם און אונטערגעצונדן די שטרוי מיט וועלכער כ׳האָב אים פֿריער אַרומגעוויקלט. און דער צלם האָט אָנגעהויבן פֿלאַקערן... דאָ איז צוגעלאָפֿן אַ דײַטש און מיר אַרײַנגעשאָסן אַ קויל אין האַרצן. און פֿון דעמאָלטן אָן, אלישע, טראָג איך שוין ניט קיין ווײַסן, נאָר אַ פֿאַרבלוטיקטן קיטל. די ייִדישע פּאָן וואָלט באַדאַרפֿט זײַן ניט קיין ווײַס־בלויע, נאָר אַ ווײַס־רויטע... און פֿון דעמאָלט אָן, אלישע, זײַנען שוין בײַ מיר אויך ביידע אויגן אָפֿן. פֿון דעמאָלט אָן האָב איך שוין ניט קיין שום סודות פֿאַר דער וועלט, און דערצו נאָך ווייסטו דאָך שוין, אלישע, אַלע פֿאַרבאָרגענע ווינקלען פֿון מײַן נשמה. נו, אַזוי דאַכט זיך דיר... קיינער קען ניט דעם מענטשנס נשמה, קיינער... דער מענטש ווערט אין זײַן נשמה, ווי אַן אַרויס־געוואָרפֿענער אין צעכוואַליעטן ים, אין גרויסע מאַטערנישן דערטרונקען! אָבער אַז פּיטשע איז אַ משוגענער, דאָס ווייסטו דאָך גוט, און אַלע ווייסן

עס... כי־כי־כי... און אַ משוגענער מעג דאָך אַלצדינג זאָגן און רעדן אָפֿן, אַפֿילו אויך אַזעלכעס, וואָס קלאָרע פֿאַרשטייען ניט...

און בן־מאיר דערהערט דאָ ווידער יענע רייד, וואָס ער האָט שוין אַמאָל פֿון פּיטשען געהערט דעמאָלטן, אין די בלוטיקע פּעטליוראַ־יאָרן, ווען זיי, די פֿרײַע זין פֿון דער פּעטערדיקער, פֿון דער מוטער־אוקראַינע, די נײַע קאָזאַקן־הײַדאַמאַקעס, אין די שוואַרצע באַשליקן, די גרויע קאַראַקולנע יאַלעמס אויף דער זײַט, די לײַנענע היטשקעס האָר איבער די פֿאַרלאָפֿן־צעבויטעטע, איבער די פֿון שׂינאה־שיכּורע געל־בלויע אויגן, האָבן איבער די ייִדישע שטעטלעך געהוליעט... דעמאָלטן, אין איינעם אַ סוף־זומערדיקן, שוין קאַלטן אויפֿ־דערנאַכט, פּיטשע שווענקט אויף די „סקאַלעס״, אין דער מיט לבֿנה־דורכגע־נומענעם וואַסערפֿאַל, זײַן קיטל און שפּרייט אים דערנאָך אויף די נידעריקע ביימלעך, וואָס וואַקסן אַרויס פֿון צווישן די שטיינער, דעמאָלט האָט אים, דעם עלף־יאָריקן אלישען, פּיטשע געלערנט צו פֿאַרשטיין און אַרײַנקוקן אין דער וועלט:

— הער און פֿאַרגעדענק, — האָט אים דעמאָלטן פּיטשע געזאָגט דאָרטן, בײַם לבֿנה־דורכגענומענעם רוישיקן וואַסערפֿאַל, אין יענעם ווײַטן סוף־זומערדיקן אויפֿדערנאַכט מיט די ריחות פֿון ברוינעם שיפּאָוניק און שוין מיטן האַרבסטיקן פֿײַער אַרומגעכאַפּטע ראַבינע־ביימער. — הער, אלישע, הער און פֿאַרגעדענק... דער קודשא ברוך הוא האָט באַשאַפֿן ניט קיין זיבן טעג, נאָר אַכט... פֿון וועגן דעם אַכטן טאָג שווײַגט אָבער די תּורה. זי שווײַגט, אלישע, זי שווײַגט... דאָרטן, אין דער תּורה, ווערן אַ סך זאַכן פֿאַרשוויגן. דאָרטן, אלישע, אין דער תּורה, האָט זיך אין משך פֿון דורות געפּאָרעט ניט איינער... מ׳האָט דאָרטן געקירצט, געשניטן, אַרויסגעוואָרפֿן, צוגעגלעט און פֿאַר־פֿײַנערט, איבערגעשריבן און צוגעשריבן... אויך יענעם, דעם אַכטן טאָג, אלישע, האָט מען פֿאַרשוויגן. מ׳האָט גערעדט נאָר פֿון זיבן טעג. און פֿאַר־וואָס? און פֿאַרוואָס? איז הער, אלישע, הער, ווײַל דער אַכטער טאָג איז געבליבן אַ ליידיקער! דו הערסט, אלישע, אַ ליידיקער... דער ריבונו של עולם האָט אים ניט געהאַט מיט וואָס צו פֿאַרפֿולן. שוין געווען נאָך דער יצירה שוין נאָך מעשׂה־בראשית... און ער האָט דאָך געמוזט מיט עפּעס, דער אַכטער טאָג, פֿאַרפֿולט ווערן. קיין ליידיקייט, אלישע, קאָן אין דער וועלט ניט זײַן! דער זיבעטער טאָג איז שוין אָנגעפֿולט געוואָרן נאָר מיט רו, מיט שבת, מיט קדושה... און דער אַכטער טאָג איז פֿאַרבליבן אַ ליידיקער! און ער האָט

דאָך געמוזט, אלישע, געמוזט פֿאַרפֿולט ווערן... ווערט ער פֿאַרפֿולט מיט בלוט! מיט טרערן! מיט צער! און דער קודשא בריך הוא, האָט עס געוווּסט, און דערפֿאַר טאָקע האָט ער אדם מיט חוהן פֿאַרשפּאַרט אין גן־עדן... אָבער דער אַכטער טאָג האָט דאָך געמוזט פֿאַרפֿולט ווערן, געמוזט! געמוזט! און קַיִן האָט געהרגעט זײַן ברודער הבֿלן... דער אַכטער טאָג האָט אָנגעהויבן פֿאַרפֿולט ווערן... און גאָטס טאָג, אלישע, איז דאָך אָן אייביקײַט, גיסט זיך בלוט... כּי־כּי... איך האָב פֿון אָט דעם אַכטן טאָג איין מאָל גערעדט מיט אים, מיטן מקובל, מיט ר׳ וועלוועלען...

— נו, און וואָס האָט ער געזאָגט?

— ער האָט, ווי תּמיד, מיך געהערט און געוויינט. כּי־כּי... — און פּיטשע שפּרינגט דאָ אויף, ווי עפּעס וואָס גאָר וויכטיקס און זייער נייטיקס זיך דער־מאָנט, שלעפּט דעם אויסגעשפּרייטן נאַסן קיטל פֿון די ביימלעך אַראָפּ, טוט אים אָן, און לויפֿט פֿונעם באַרג, ווי אַ געשפּענסט אין דער לבֿנה־ליכט, אין קלויז אַרײַן, ווו די מוסרניקעס וויינען, כליפּען און קרעכצן, און איטלעכער אויף זײַן בינטל עבֿרות, וואָס ער האָט שוין אָפּגעטאָן, אָדער וואָס ער וועט נאָך ערשט טאָן... און וואָס מער און וואָס ווײַטער גייען זיי שטאַרקער פֿון זיך אַרויס און מיט אַ מאָל ווערן אַלע אַנטשוויגן און הערן זיך צו ווי איינער רופֿט אויס: — שובֿ יום אחד לפֿני מיתתך! — און נײַע בכיות ילֿלות ברעכן אויס ביז מ׳בלײַבט אין חלשות ליגן... — און אלישע האָט זיך דעמאָלטן בײַם וואַסער־פֿאַל, אין יענער סוף־זומערדיקער אלול־נאַכט ניט דערוווּסט פֿון זייערע, פֿון פּיטשעס און ברוך־בערס, נעכט אויפֿן אַלטן בית־עלמין, און וואָס זיי האָבן דאָרטן ביידע אין דעם פֿײַער־שײַטער געזען. אין דרײַ טעג אַרום, און אויך דאָרטן, אויף די „סקאַלעס״, און אויך נאָכן זון־זעצן־זיך, אַז פּיטשע האָט ווידער אין דעם לבֿנה־דורכגענומענעם וואַסערפֿאַל, געשווענקט זײַן קיטל, האָט ער אויף אלישעס פֿרעג געענטפֿערט:

— כּי־כּי... וואָס איך האָב דאָרטן אין שײַטער געזען? כּי־כּי... דאָס ליגט בײַ מיר באַהאַלטן אונטערן צוגעמאַכטן אויג... כּי־כּי... און וואָס דײַן קרובֿ, דער „יום־הדין״, דער געשטראָפֿטער, האָט דאָרטן אין פֿײַער געזען, דאָס ווייס איך דאָך געוויס ניט... כּי־כּי... ער האָט גאַנצענע נעכט געקוקט אין פֿײַער אַרײַן און געשוויגן. און אַ מענטש וואָס האַלט אין איין שווײַגן איז דאָך שוין ווײַטער פֿון אַ משוגענעם... כּי־כּי... ער איז שוין אויף יענער זײַט... שוין אין דעם תּהו־ובֿהו... כּי־כּי... איין מאָל האָט ער יאָ אַ זאָג געטאָן: „דער

פֿלאַקערדיקער אויוון אין שטאָל...״ פֿון וועלכן אויוון און פֿון וואָסער שטאָל ער האָט גערעדט, קאָן איך דען וויסן? יעדער מענטש טראָגט דאָך אין זיך זײַן פֿלאַקערנדיקן אויוון... כּי־כּי...

אָבער פֿון וואָסער פֿלאַקער־אויוון, און פֿון וועלכער שטאָל ברוך־בער האָט דאָרטן, אויפֿן בית־עלמין, קוקנדיק אין שײַטער אַרײַן, שוין פֿון היץ־און באַנומענקײַט, שוין ווי אַ חולה־נופֿל גערעדט, ווייסט שוין איצטער אלישע בן־מאיר אַליין. דעמאָלטן, אין יענער נאַכט אויפֿן הייליקן אָרט, ניט ווײַט פֿון דעם ברונעם, וווּ העסיע, נאָכן אַרײַנלויפֿן אַ נאַקעטע אין דער איבערגעפֿולטער שול מיט ייִדן, שוין אויפֿן דנאָ פֿון ייִאוש געווען, געוואָלט פֿון צעבראָכן־און דער־שלאָגנקײַט אַ מעשׂה זיך אָנטאָן, נאָר על־פּי נס איז דאָ אַ ציגײַנער־בויד אָנגע־פֿאָרן און מאַטעאָ באַנגאָ, שוין ממש אין דער לעצטער רגע, דעם לעבן איר געראַטעוועט... דאָרטן, אויפֿן הייליקן אָרט, ניט־ווײַט פֿון יענער קרענעצע, וואָס איז שפּעטער אַזוי אומגעריכט אײַנגעפֿאַלן און אויף תּמיד פֿאַרשאָטן געוואָרן, און אויך אַזוי נאָענט צו העסיעס קבֿר, דאָרטן האָט ברוך־בער, אין יענעם שײַטער־פֿײַער געזען די שטאָל מיטן פֿלאַקער־אויוון, וווּ אויף דער לעזשאַנקע האָט זי, די בלינד־געוואָרענע פֿון וויי, פֿון צער און צאַרן, איר צעבלוטיקטע נשמה אין שווערער גסיסה אויסגעהויכט און ווי אַזוי באַלד האָט זיך דאָרטן, בײַם פֿלאַקערדיקן אויוון, אָנגעהויבן צו וואַלגערן זײַן לעבן, און אויך אַנדעס, און ער האָט שוין זיך פֿאַר גאָרניט געקאָנט אָנכאַפּן, זײַן פֿאַלן פֿאַרהאַלטן, פֿאַרקערט, שוין אַליין, און מיט אַלע כּוחות, הגם גוט געזען, ווּהין ס׳גייט און ס׳פֿירט, געהאָלפֿן איר אין תּהום אים אַרײַנוואַרפֿן... שוין דעמאָלטן, אין דער זאַווערוכע־נאַכט, אַ פֿאַרטראָגן־געוואָרענער אַהין, אין דער שטאָל מיטן פֿלאַקערדיקן אויוון, דאָרטן, שוין בײַם געבן איר, דער בלינדער, דער גוססדיקער העסיען, די האַנט, שוין דעמאָלטן, און דער עיקר נאָך יענעם פֿלאַם אין פּנים אַרײַן, גלײַך דערפֿילט, אַז זײַן „יום הדין״, און אויך אַנדעס, הייבט זיך אָן.

און שוין אויפֿן בית־עלמין, ווּהין די טאָכטער, ליוציאַ, האָט די מאַמע געבראַכט, לויט יענערס צוואה, צו איר אייביקער רו, און וווּ דער רבֿ, ר׳ וועלוועלע, נאָכן מקבר זײַן די טאָכטער האָט אויף איר פֿרישן קבֿר, און אויך דערנאָך אַ גאַנץ יאָר, קדיש געזאָגט, שוין דאָרטן, אויפֿן הייליקן אָרט, וווּ דאָס גאַנצע שטעטל — די קלייטן צוגעמאַכט, צו דער לוויה געגאַנגען, און די דרײַ פֿולע שליטנס ציגײַנער האָבן דאָרטן מיט זייערע געוויינען די הימלען

געשפּאָלטן, שוין דעמאָלטן, אויפֿן אָנגעשנייטן פֿעלד, ווו ברוך־בער, וואָס די יונגע ציגײַנערין האָט אויך אין דעם שליטן, ווו דער מת איז געלעגן, געבראַכט צו פֿירן, און ער איז בײַם אָפּענעם קבֿר לעם איר, לעם לוציען, געשטאַנען, נאָר אַרײַנוואַרפֿן אַ זאַסטופּ ערד האָט זי אים ניט געלאָזט... דאָרטן, נאָכן מקבר זײַן די טאָכטער, טאַקע אויפֿן הייליקן אָרט, האָט ר׳ וועלוועלע געפֿרעגט בײַ זײַן אייניקל מיט אַ ציטערדיקן קול:

— פֿאַרשטייסטו, מײַן קינד, אַ ייִדיש וואָרט?

— יאָ, די מאַמע האָט מיר געזונגען און מיך געלערנט רעדן ייִדיש.

— בלײַב, מײַן קינד, מיט מיר... קום, מײַן קינד, צו מיר אין שטוב אַרײַן... מײַן האַרץ, און מײַן נשמה איז פֿאַר דיר אָפֿן...

און דאָ, אַז זי האָט מיט אירע אויגן, וואָס זענען אַזוי ענלעך געווען אויפֿן זיידנס, אויך פֿול מיט רחמים, געקוקט אויף איר מאַמעס פֿאָטער און זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען: און אפֿשר טאַקע פֿאַרבלײַבן מיט אָט דעם זיידן, וואָס פֿאַרמאָגט אַזעלכע טיפֿע און גוטע אויגן, פֿאַרבלײַבן מיט אים, אָט דעם ווײַטן זיידן אירן, וואָס פֿון זײַן פּנים שלאָגט אַרויס אַזוי פֿיל צער און ליכט... נאָר דאָ, אין איר וואַקלען זיך, איז צו איר צוגעגאַנגען דער אַלטער ציגײַנער, וואָס האָט אַמאָל פּריצישע גיטער געצונדן, ער, מיטן אוירינגל אין אויער, דער אַלטער רעזוואַן באַנגאַ, איז דאָ צו זײַן אייניקל צוגעגאַנגען און פֿון זײַן שיידל אַרויסגענומען דעם קרומען בלאַנקן מעסער:

— לוציאַ, — האָט ער צו איר געזאָגט. — דײַן האַרץ איז פֿרײַ, און דו קאָנסט גיין מיטן וועג אויף וועלכן דײַן אויג וויל דיך פֿירן. קיין הייליקערס פֿון פֿרײַקייט איז פֿאַר אַ ציגײַנער ניטאָ... נאָר אָט דעם מעסער האָט מיר געהייסן דיר אָפּגעבן, נאָך איר טויט, דײַן מאַמע... זאָל איך אים, אָט דעם מעסער, וואָס איז קרום פֿאַרן אויג און גלײַך פֿאַר דער נשמה, זאָל איך אים, אָט דעם מעסער פֿון רעכטפֿאַרטיקייט און ווערדע, אויפֿן מיסט אַרויסוואַרפֿן?

— ניין, — האָט זי גלײַך, ווי צו־זיך געקומען, געזאָגט. — ניין, זיידע, איך בלײַב מיט דיר, איך פֿאַרבלײַב אויך אויף ווײַטער לוציאַ באַנגאַ, די ציגײַנער־זינגערין און טענצערין, ווי מײַן מאַמע, ווי זי, די מאַמע מײַנע, די זינגערין פֿון קריוודע און די טענצערין פֿון ווייטיק... — און פֿון זײַנע הענט דעם קרומען און בלאַנקעדיקן מעסער גענומען, געוואָרפֿן איר הייסן און אויך בלאַנקן אויג אויף ברוך־בערן, צוגעגאַנגען צו איר זיידן, דעם רבֿ, זיך פֿאַרנייגט פֿאַר אים ביז צו דער ערד, געקושט זײַנע ביידע הענט און דערנאָך שווײַגנדיק זיך אויך

אויף די קני פֿאַר איר מאַמעס פֿרישן קבֿר געשטעלט, די אויגן צו די נידע־ריקע, צו די נאָך פֿאַרכמאַרעטע הימלען אויפֿגעהויבן, ווי פֿאַר זיי אַ שבֿועה געגעבן, דעם מעסער, ווי אַ הייליקײַט, אַ קוש געטאָן, און אַז אויף די פֿיס זיך געשטעלט, ווידער פֿאַר יענעם זיידן, וואָס איז געשטאַנען אויף זײַן שטעקן אָנגעשפּאַרט, זיך טיף פֿאַרנייגט און באַלד מיטן צווייטן זיידן, מיט רעזוואַן באַנגא, אין שליטן אַוועקגעפֿאָרן. און דאַ האָט דער רבֿ, און דאָס האָבן אַלע געזען, די טרערן מיט דער רויטער פֿאַטשיילע אויסגעווישט, צוגעגאַנגען צו ברוך־בערן, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען, ווי אַן אײַנגעגראָבענער בײַם פֿרישן קבֿר, און אַלע האָבן געהערט ווי ר׳ וועלוועלע האָט צו אים געזאָגט:

— ברוך־בער, דו זאָלסט העסיעס טאָכטער ניט נאָכפֿאָרן, דו הערסט? און אויך זאָלסטו היטן דײַן ווײַב... איך בין אײַךביידן מוחל! זאָל זיך דער אייבערשטער אויף אײַך ביידן מרחם זײַן... — און אָנשפּאַרנדיק זיך מיט איין האַנט אויפֿן שטעקן, מיט דער צווייטער האַנט אויפֿן אַקסל פֿון זײַן שמש, געגומען פֿון דעם אָנגעשנייטן בית־עולם אַרויסגיין.

און הגם ברוך־בער האָט שוין דעמאָלטן, נאָכן פּלוצעמדיקן אַרײַנפֿאַלן אין דעם שנייגעוויטער, און נאָכן פֿאַרטראָגן ווערן צו די ציגײַנער, אין דער שטאַל מיטן פֿלאַקערדיקן אויוון, ווו דעם רבֿס טאָכטער, די בלינדע, האָט דאָרטן געגוססט אויף דער לעזשאַנקע, הגם ער האָט שוין דעמאָלטן געגלייבט, און מיטן גאַנצן האַרצן, און געוואָלט צו ז׳עם מקובלס רייד און צו זײַן וואָרענונג זיך צוהערן, אים פֿאָלגן און זי, ליוציאַ באַנגאַ, אויסמײַדן: אויב זי, העסיעס טאָכטער, אָט די ציגײַנערין מיט איר ווילדער שיינקײַט, וועט אויף מיזרח פֿאָרן, דאַרף ער, ברוך־בער, אויף מערבֿ פֿאַרנעמען, ער דאַרף זײַן וואָס ווײַטער פֿון יענעם בלאַנקענדיקן מעסער, וואָס שטייענדיק אויף די קני אין שניי בײַם פֿרישן קבֿר האָט זי אַ קוש געטאָן... און ער דאַרף זיך האַלטן אויף מײַלן ווײַט פֿון איר אויג מיט דעם נאָך שאַרפֿערן און מיט דעם נאָך בלאַנקענדיקן בליק! אָבער ער איז שוין, ברוך־בער, דער נאַהאַדיִער, ניט געווען אין זײַנע הענט, און שוין מער איבער זיך קיין דעה און שליטה ניט געהאַט.

און אויך זי, אַנדא די הויכע, די טאָפּאָל־שטאָלענע, בלוט און מילך, אַ ווײַבספּאַרשוין; וואָס ניט נאָר די זײַדענע קליידער, נאָר אויך די ערד האָט אונטער אירע פֿיס געוויבשט, זי, די נאַהאַדיִער בלאָנדע שיינקײַט, נאָך יענער זאַווערוכע־נאַכט, נאָך איר צוקילן זיך, נאָך דער שווערער קרענק אויף די לונגען, האָט שוין מער צו זיך ניט געקאָנט קומען... און אַז ברוך־בער האָט זי

פֿאַרלאָזט און נאָך דער ציגײַנעריין זיך געלאָזט לויפֿן, דעמאָלטן פֿלעג זיך איר, אַנדעו, אין די נעכט, פֿאַר די אויגן אַ געשפּענסט שטעלן, מיט דער האַנט אויפֿן שנור פֿון דעם פֿאַרהאַנג אָנווײַזן, און זאָגן:

— הענג זיך אויף!

— איך וויל ניט... איך האָב מורא פֿאַרן טויט...

— הענג זיך אויף אויף יענעם ווײַסן זײַדענעם שנור!

— איך וויל נאָך לעבן...

— פֿאַר רכילות און בילבולים מוז מען באַצאָלן!

— זײַ מיר מוחל...

— פֿאַר רכילות און עלילת־דם איז ניטאָ קיין מחילה!

און אַזוי נאַכט נאָך נאַכט, און פּונקט דעמאָלטן אַז דער גרויסער שוואַרץ־פּאָלירטער שטיי־זייגער אין ווינקל נעמט אויסשלאָגן די צוועלפֿטע שעה, דעמאָלטן שטעלט ער זיך פֿאַר איר, פֿאַרן אַנדעו, דער געשפּענסט מיט די אָפֿענע בלינדע אויגן, ווײַזט איר מיט דער האַנט אויפֿן שנור פֿון דעם פֿאַר־האַנג, און זאָגט:

— הענג זיך אויף!

און די נאָהאַדיִערן, אַנדאָ, האָט זיך טאַקע אויף יענעם ווײַסן און זײַדענעם שנור פֿונעם פֿאַרהאַנג אויפֿגעהאַנגען. און ער, ברוך־בער, פֿאַר אים איז דער יום־הדין שוין שפּעטער געקומען, אין אַנדערהאַלבן יאָר אַרום נאָך איר, נאָך אַנדעס טויט, שוין נאָכן אַרומפֿירן זי, די יונגע ווילד־שיינע ציגײַנערין, ליוציאַ באַנגאַ, איבער דײַטשלאַנד און עסטרײַך, איבער שווייצאַריע און ענגלאַנד, איבער פֿראַנקרײַך און איטאַליע, ווו זי האָט אין די שענסטע און רײַכסטע האָטעלן געלעבט, אין די די מאָדערן־און טײַערסטע רעסטאָראַנען פֿאַרבראַכט און פּלוצעם פֿון דאָרט געהייסן זיך פֿירן אין דעם אָרעמסטן קעלער־שענקל, און דאָרטן פֿאַר די, וואָס געפֿינען זיך שוין אויפֿן דנאָ פֿון לעבן, זאָטע וועטשערעס געהייסן שטעלן און מיט ווײַנען מכבד זײַן, און פֿאַר זיי, די שלעפּערס, אירע קריוודע־לידער געזונגען און באַלד, צום גאַפֿן און שטוינען, די רײַכע קליידער פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן, אין דער געקווייטלטער קאָפֿטל, אין דער ברייט־געקליאָרעוועטער בונטע קליידל געבליבן, און גענומען טאַנצן, דער קרום־בלאַנקענדיקער מעסער אין דער האַנט, דער וויכער פֿון איר מאַמעס און פֿון איר אייגענער נשמה...

און דאָך, נאָך אַזוי פֿיל חדשים, טאָג נאָך טאָג און שעה נאָך שעה, פֿון

צופֿרידן־שטעלן אַלע אירע באַגערן און פֿאַרלאַנגען, נאָכן אויסשטיין אַלע אירע נטיות און ווילד־וועלענישן, נאָכן ליגן ממש בײַ אירע פֿיס און אויספֿילן ניט נאָר איר וואָרט, נאָר אויך איר ווונק; נאָך דעם אַלעמען, די עסקים פֿאַר־וואָרפֿן און שוין געהאַלטן בײַם אײַנגעבראָכן ווערן, שוין אויפֿן שוועל פֿון אַנזעצערײַ געשטאַנען, דאָך, אַז ער איז איין מאָל, נאָך אַזאַ נאַכט, נאָכן איבער־לאָזן אירע טײַערע קליידער דאָרטן, אין דעם קעלער־שענקל, און הייסן אים פֿירן זיך אין האָטעל אַרײַן אַ האַלב נאַקעטע, דעמאָלטן אין יענעם פֿאַרטאָג, אַז ער איז דעם שוועל פֿון איר שלאָפֿצימער אַריבערגעטראָטן, געוואָלט זיך צו איר דערנעענטערן, אַזוי איז באַלד, ווי פֿון אונטער דער ערד, דער אַלטער ציגײַנער מיטן אוירינגל אין אויער אויסגעוואַקסן, דער זיידע אירער, רעזוואַן באַנגאַ, אין גרינע פֿליושענע הויזן, אין די גלאַנציקע שטיוול מיט די קורצע געקנייטשטע כאַליעוועס און זי, ליוציאַ, האָט אים, ברוך־בערן, מיט אַ פֿאַר־שײַטן געלעכטער אַרויסבאַגלייט.

און אויך שפּעטער, אַז ער האָט געבעטן זי זאָל מיט אים חתונה האָבן, לויט וועלכן מינהג און דין זי וויל, אויך אויף דעם האָט זי אים נאָר מיט חוזק־און גיפֿטיקן שמייכל געענטפֿערט... אָבער דאָרטן, שוין אין דרום־שפּאַניע, אין אַנדאַלוסיע, אַז די דרײַ בוידן ציגײַנער אין די בערג, הינטער ברייטע דעמבן־קרוינען, געטראָפֿן, דעמאָלטן האָט ער שוין ניט אויסגעהאַלטן און בײַנאַכט, ווען זי האָט פֿון איר טאַבאָר זיך דערווײַטערט און צום טײַך באָדן זיך געלאָזט, אָט דעמאָלטן האָט ער זי אַנגעיאָגט, זיך אויף איר ווילד אַרויפֿגעוואָרפֿן און געוואָלט אויף דער ערד, אין די הויכע גראָזן, אונטערן בוים אַוועקלייגן... אָט דאָרטן, און דעמאָלטן, ווי אויף דעם נאָר געוואָרט, האָט זי אים, ליוציאַ באַנגאַ, יענעם קרומען בלאַנקענדיקן מעסער אַרײַנגעשאָכטן און פֿון באַרג אין דער נידערניש, צו די אַליוו־וועלדלעך און צו די מאַראַנצן־ווײַנגערטנער אַראָפּ־געוואָרפֿן.

נאָר ברוך־בער איז פֿונעם קרומען מעסער, און אויך פֿונעם פֿאַלן פֿון די בערג אין טאָל אַרײַן, געבליבן לעבן, הגם שוין מיט יענער קרענק, חולה־נופֿל, און אָפּט שוין ניט קיין היגער... — פּויערים, בײַם זון־אויפֿגיין, מיט די קאָסעס אויף די אַקסלען, גייענדיק צו די פֿריצישע גיטער היי שנײַדן, האָבן אים טאַקע דאָרטן, אין אַן אַליוו־וועלדל, בײַם וועג געפֿונען אַ פֿאַרבלוטיקטן און שוין גאָר אַן געדאַנק געטראָפֿן ליגן. האָט אים אַן אַלטע פֿרומע שפּאַ־

ניערין צו זיך אין שטיבל אַרײַנגענומען, מיט רפֿואה־גראָזן און וואָרצל־קרײַטעכצער געהיילט, און אויף די פֿיס געשטעלט.

און ער האָט שוין זי, ליוציאַ באַנגאַ, מער ניט געזען, און נאָך די דרײַ בוידן ציגײַנער מער ניט נאָכגעפֿאָרן און אויך פֿון וועמען און ווי אַזוי דער מעסער איז אין זײַן זײַט געקומען קיינעם ניט דערציילט, ווײַל פֿאָרט פֿאַרשטאַנען, אַז ניט זי, ליוציאַ באַנגאַ, נאָר ער, ברוך־בער, וועט צום מישפט געשטעלט ווערן פֿאַרן אָנפֿאַלן אין מיטן דער נאַכט אויף אַ פֿרוי און וועלן זי מְאַנֵס זײַן. יענע, די ציגײַנערין, האָט זיך דאָך נאָר פֿאַרטיידיקט... און דערנאָך, שוין שפּעטער, האָט מען אים אַן אָפּגעריסענעם, מיט אַ קאָפּ לאַנגע גרויע האָר, מיט ווילדע אויגן, מיט אַ געקנוילטער ווײַסער באָרד, שוין אַ באַנומענעם געזען אויף די יאַרידן, אויפֿן פֿערדמאַרק, צווישן די ציגײַנער זיך אַרומדרייען, און אין די נעכט אויפֿן אַלטן בית־עלמין, ניט ווײַט פֿון העסיעס קבֿר, מיט פּיטשען בײַם שײַטער זיצן און אין פֿײַער אַרײַן קוקן...

## יב

און דערנאָך, נאָכן פֿאַרענדיקן מיטן „יום־הדין", מיט ברוך־בערן, מיטן עלילת־שקר אויפֿן רבֿס טאָכטער, אויף העסיען, שוין נאָכן לאָזן אים, דעם נאַהאַדיִער, ביַי די נאַכטיקע פֿלאַקער־שיַיטערן זיצן דאָרטן, אויפֿן אַלטן בית־עלמין, ניט וויַיט פֿון דער איַינגעפֿאַלענער קרענעצע... און שוין נאָכן שוואַר־קאַלטן ווינטער ביַי די בערג פֿון יהודה, שוין דעמאָלטן, אַז די ירושלימער מאַנדלביימער, נאָך מיט די באָרוועסע פֿיס אין שניי, נאָך מיט די נאַקעטע נאַסע צוויַיגן אין די כמאַרעס, נעמען מיט אַ מאָל בליִען, און אָט די יונגע, פֿרי־פֿרילינגדיקע ראָזעווע פֿרייד פֿון דער ערד הייבט אָן אין אלישע בן־מאירס נשמה אַריַינגיין, דעמאָלטן קאָן ער שוין מער און וויַיטער אין יענע ציַיט־ערדישע, אין יענע וויי־און צאָרן־ברינימער, אין יענע נעכט פֿון אויסגע־לאָשענע שטערן, ניט פֿאַרבליַיבן און וויל פֿון זיי זיך דערוויַיטערן, וויַיל ביַים לעבן־זעצן־זיך, אין יענער פֿאַרגיי־שיַין, ווו די ענגלען־יאָרן, ווי פֿאַרקילט געוואָרענע בלוטיקע טראָפּנס טרויער, וויגן זיך אין די ווינטן אויפֿן דעמב מיט די אָפּגעהאַקט־און אָפּגעבראָכענע צוויַיגן... גראָד דאָרטן, אין דעם שקיעה־טאָל, אין זיַין גלות־עלנטקיַיט, האָבן גאָר ניַיע בענקשאַפֿטן, שוין גאָר ניַיע יסורים, נאָך ביז אַהער־צו פֿון אַזעלכע ניט געוווּסט, גענומען אין זיַין האַרצן וויכערן און שלאָגן אים אין די קראַנקע אויגן אַריַין.

אָבער פֿון דער אָפּגעדעקטער ערד שמעקט צו שטאַרק מיט ביטערן פּאָלין, און פֿון די אויסגעליַיטערטע הימלען, פֿון אונטער די פֿרי־יאָריקע צאַרטע בלוי־קיַיטן, טראָגט זיך די מיד־אויפֿגערעגטע ליד פֿון דעם וואַנדערדיקן לאַרך, און אים, דעם אַלטן ייִדישן שריַיבער, דעם בעל־נעילה פֿון די וואַנדער־און וווּנדער, פֿון די אויסנעמלעכע גלות־ייִדן, וואָס די נעאָקאַראַיִמער, די אָפּליי־קענער און אָפּשפּעטער גייען פֿאַרביַי, מיַידן אויס, שטעלן דאָך און פֿאַרט דעם אַש פֿון די קדושים פֿאַר דער וועלט אַרויס, און וואָרצלען דערביַי אויס מיט שׂינאה זייער נשמה, זייער טויזנטיאָריקע פֿולבלוטיק־האַרציקע שפּראַך, וואָס איז פֿון די פֿיַיערן אַ לעבעדיקע אַרויס, און ניט נאָר דאָ, אין דער מדינה, נאָר

אויף דאָרטן, אין די גאָרע תּפוצות... און דער בוים טרוקנט און טרוקנט... און ס׳איז אים דעם אַלטן כּהן, דעם לעצטן בעל־נעילה פֿון דעם וואַנדער־און וווּנדער פֿאָלק, ניט באַשערט צו דערווײַטערן זיך כאָטשבי אויף איין טראָט פֿון יענעם באַיאַר־דעמב מיט די אָפּגעהאַקט־און צעבראָכענע צווײַגן, פֿון יענעם שטאָם מיט די צעשפּאָלטן־און צעקאַטעוועטער און פֿון די שׂריפֿות אַרומגע־ברענטער קאָרע... און אויך איז ער ניט אין שטאַנד, דער אַלטער יִדישער שרײַבער, און אויך ניט בכּוח אַפֿילו איינע פֿון יענע שוואַרצע אַזכּרה־ליכט, וואָס ברענען אין זײַן נשמה, אויף איין רגע אויסצולעשן. און דאָ, אין דער צווישן־ליכט פֿון סוף נאַכט און ערבֿ טאָג ווערן, באַזונדערס בײַ דער בלויער לאַמטערן־שײַן אין דעם שמאָלן פֿענצטער, דערזעט ער מיט אַ מאָל יענע רויטע באָרד און דערהערט באַלד יענעמס, ר׳ שמואל־יאָסלס קול:

— גורל, אלישע, גורל!

— און קיין האָפֿענונג, ר׳ שמואל־יאָסל איז שוין גאָר ניטאָ?

— ניטאָ... אונדזערע אַלע משיחים זײַנען געווען משיחי שקר, פֿאַר־פֿירער! זיי האָבן אַלע איבערגעלאָזט אויף דורי־דורות בלוטיקע ווונדן אין דער נשמה פֿון פֿאָלק. וואָרעם וואָס קאָן דען זײַן נאָך ווייטיקדיקער, אלישע, ווען פֿון אַ ליכטיקער האָפֿענונג ווערט אַ שוואַרצער יִיאוש? די אַלע משיחים, אלישע, רײַסן נאָר אָפּ פֿון פֿאָלק שטיקער גוף, מאַכן אים אויף לאַנגע יאָרן פֿאַר אַ בעל־מום... דערויף דאַרף קלאָגן דער מקונן!

— און איך וועל זיך, ר׳ שמואל־יאָסל, שוין קיין מאָל ניט קאָנען דער־ווײַטערן פֿון די ווײ־און צאָרן־ברינימער? ניט פֿון יענע דאָרטן, בײַם דניעפּער־טײַך, און אויך ניט פֿון די, שוין בײַ די אויסגעטרוימטע בערג פֿון יהודה?

— ניין, אלישע, ניין! דו וועסט ניט קאָנען... פֿון זיי, פֿון די ווײ און צאָרן־ברינימער, פֿון די נעכט מיט אויסגעלאָשענע שטערן, פֿון זיי שלאָגט דאָך אַרויס ניט נאָר דײַנער, נאָר אונדזער אַלעמענס גורל... און פֿון דעם גורל, אלישע, קאָן קיינער, ניט דער יחיד און אויך ניט דער רבים אַנטלויפֿן. מ׳קאָן אים ניט אָפּנאַרן, דעם גורל, מ׳קאָן זיך פֿון אים ניט פֿאַרשטעלן און זיך ניט פֿאַרשלייערן. מ׳קאָן זיך פֿון אים ניט ראַטעווען אַפֿילו מיט אַ מהר״לישן גולם... ניין, אלישע, ניין! יונה הנבֿיא האָט זיך פֿון זײַן גורל ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן. ער האָט געמוזט טראָגן, יונה בן־אמתי, און קעגן זײַן אייגענעם ווילן, גאָטס וואָרט קיין ננוה. ס׳האָט אים ניט געהאָלפֿן דאָס וואַרפֿן זיך אין ים אַרײַן! ניין, ניט געהאָלפֿן... דער נבֿיא האָט פֿון זײַן גורל און פֿון זײַן שליחות

ניט געקאָנט זיך אויסבאַהאַלטן. ניין, אלישע, ניין! ווען ס׳איז באַשערט צו טראָגן דעם הילצערנעם יאָך אויפֿן האַלדז, דער וועט אים טראָגן!

— אַנטקעגן וואָס, ר׳ שמואל־יאָסל, זײַט איר עס איצטער, אין מײַן נאַכט פֿון אויסגעלאָשענע שטערן, געקומען מיר זאָגן?

— אַנטקעגן דעם וואָס דו ווילסט פֿון די ווײ־און צאָרן־ברינימער זיך דערווײַטערן... דו ביסט פֿון אונטער סטאַלינס האַק ניצול געוואָרן, אלישע, ניט צוליב קריכן אויף בערג פֿון בענקשאַפֿט און איבער ניט־ערדישע יסורים, ניין, אלישע, ניין! דאָס האָט מען שוין געטאָן ביז דיר, און אויך אַנדערע נאָך דיר, אין הונדערט, און אין טויזנט יאָר אַרום, וועלן דאָס קאָנען טאָן... די צען ספֿירות, אלישע, זײַנען שוין דאָ, דער צימצום, די שבֿירת הכּלים, און אויך דער תּיקון איז שוין פֿאַראַן, שוין פֿאַראַן... די גאַנצע וועלט ווייסט שוין אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, און דאָך שטייט זי, די ערד, אויף איר אָרט און גאָר־ניט בײַט זיך דאָ ניט אויף איר. מיט קיין שום חקירה־מײַלן וועט מען היטלערן און סטאַלינען ניט קאָנען אויסמעסטן, צו זייער ווילדן און בלוטיקן שגעון ניט דערגרונטעווען זיך... דײַן אָרט, אלישע, איז דאָרטן, בײַ די ווײ־און צאָרן־ברינימער פֿון דײַן דור, אין די נעכט פֿון אויסגעלאָשענע שטערן! פֿון דאָרטן, אלישע, גראָד פֿון דאָרטן, פֿון יענעם קוואַל, וואָס פֿון אים האָבן געטרונקען דײַנע זיידעס, די לויים און כּהנים, פֿון דאָרטן, אלישע, גראָד פֿון דאָרטן שלאָגט אויך אין דײַנע ביינער די פֿרייד פֿון דער ערד און פֿון הימל... וויל ניט קלעטערן, אלישע, אויף די בערג פֿון אייביקע בענקשאַפֿטן, פֿון איבער־ערדישע יסורים. דײַן אָרט איז דאָ, אלישע, אין דעם האַרבסטיקן אַקער. גיי ווײַטער אין דײַן אַליין־און עלנטקײַט, אין דעם הילצערנעם יאָך אויף דער צעבלוטיקטער נשמה... דאָס איז דײַן גורל! דער גורל פֿון אַ ייִדישן שרײַבער, וואָס איז על־פּי נס, ניצול געוואָרן פֿון די היטלער־פֿײַערן, פֿון סטאַלינס האַק... בדמיך חיי!

און ר׳ שמואל־יאָסל ווערט אַנטשוויגן... מיינט אלישע אַז זײַן אַמאָליקער גמרא־מלמד איז שוין אַוועק, ווײַל די סוף־נאַכט ווערט גרויער, דער שמאָלער פֿענצטער גרינער, די שאָטנס אויף די ביכער־שראַנקען און דער אויפֿשריפֿט אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער וואַנט אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ... הייבט אָן צו טונקלען זיך. נאָר דאָ דערהערט ער ווידער, אלישע, יענעמס קול:

— דײַן אָרט איז דאָ, אין דעם האַרבסטיקן אַקער, אונטער די ערבֿ־

ווינטערדיקע הימלען... דו האָסט נאָך דײַן שליחות ניט פֿאַרענדיקט און קיינער ווערט זי, די גרויסע שליחות דײַנע, ניט קאָנען אויספֿילן, ווײַל קיין יורשים האָסטו ניט. ניין, אלישע, ניין דו האָסט ניט! און דו קאָנסט זיך אַוועקשטעלן אָט איצטער, אונטערן אויסגעשטערנטן הימל, און פֿרעגן בײַ גאָט: מה תּתּן לי ואנכי הולך ערירי, עלנט און ניט־באַשיצט בין איך, אלישע בן־מאיר בן־אריה הכּהן, עלנט און אָן יורשים! און קיין ענטפֿער פֿון הימל וועסטו ניט באַקומען... גורל, אלישע, גורל!

— איך האָב שוין אָבער קיין כּוחות ניט, ר׳ שמואל־יאָסל, מײַנע אַלטע אויסגעווייטיקטע ביינער ברעכן זיך שוין, איך גיי און פֿאַל...

— שטיי אויף און גיי ווײַטער, גיי ווײַטער, אלישע, ווײַטער, ווײַטער... גיי אין דעם הילצערנעם יאָך וואָס שנײַדט זיך דיר אין האַלדז און נאַקן ביז בלוט אַרײַן. דו דאַרפֿסט אַקערן אויף פֿאַר זיי, פֿאַר די, וואָס זײַנען געפֿאַלן אונטער דער האַק בײַ אַ שטילשווײַגנדיקער וועלט, בײַ אַזאַ שטילקײַט אַז מ׳האָט דאָך געקאָנט הערן אין אַלע ווינקעלעך פֿון דער ערד, דעם לעצטן געשריי פֿון די שוין אָפּגעהאַקטע קעפּ זייערע... און די אַקערס זייערע, אלישע, זײַנען פֿאַרבליבן שטיין דאָרטן אין פֿעלד, וואָס ווערט מיט ווילדגראָז פֿאַרוואַקסן. שטיי אויף און אַקער ווײַטער, אלישע, אויף דער תּהום דאַרף אויפֿגעאַקערט און פֿאַרזייט ווערן. און אויף קיין הילף וואַרט ניט, ווײַל ס׳איז ניטאָ, אלישע, פֿון וואַנען די הילף זאָל צו דיר קומען. זאָל יענער לעצטער געשריי פֿון זייערע אָפּגעהאַקטע קעפּ דיר געבן דעם כּוח אויף צו קאָנען אַלץ אויסשטיין און בײַקומען. פֿון דאָרטן, אלישע, נאָר פֿון די ווי־און צאָרן־ברינימער קאָנסטו שעפּן גבֿורה און מוט אויף צו קוקן גאַנצע נעכט דעם עלנט אין די אויגן אַרײַן... גורל, אלישע, גורל! גורל פֿון אַ ייִדישן שרײַבער...

— פֿאַר וועמען, ר׳ שמואל־יאָסל, פֿאַר וועמען? — וויל דער אַלטער אלישע בן־מאיר אָנטאָן די ברילן און זיך אויפֿהויבן פֿון בעט, דער ווייטיק אין די לענדן לאָזט אים אָבער ניט פֿון אָרט זיך אַ ריר טאָן און די ערבֿ־פֿאַרטאָגיקע גרינלעכע שײַן אין פֿענצטער וויכערט אים ווײַטער אין זײַנע כּמעט סגי־נהורדיקע אויגן. — פֿאַר וועמען, ר׳ שמואל־יאָסל, זאָל איך אַקערן? איך האָב דאָך ניט קיין יורשים... פֿון אַזעלכע יסורים, ר׳ שמואל־יאָסל, האָט אַפֿילו איובֿ ניט געוווּסט. און איובֿ איז דאָך אַ לא היה ולא נבֿרא... און איך, ר׳ שמואל־יאָסל, איך בין דאָך אַ לעבעדיקער בן־אדם מיט פֿײַערדיקע רינגען אויף

דער נשמה, און אַקערן דאַרף איך דאָך בײַ די שוואַרצע אַזכּרה־ליכט . . . בײַ אַזאַ שײַן . . .

— צו דעם ביסטו געבוירן געוואָרן! דײַן אָרט, אלישע, איז אין דעם גרויל־גורלדיקן פֿאַרווינטערטיקן אַקער. שפּאַר זיך אָן אלישע אויף דײַן סאָכע און אַקער ווײַטער, ווײַטער, ווײַטער . . . דײַן וואָרט וועט דערגיין צו די קומענ־דיקע דורות, ס׳וועט דערגיין, ווײַל ס׳איז אין יסורים געבוירן געוואָרן. אין יסורים ווערט דאָס וואָרט געלײַטערט און געהייליקט. אין יסורים, אלישע, גייט אויף אַ נײַע ליכט, וואָס ווײַזט דעם וועג . . .

— ווּהין, ר׳ שמואל־יאָסל, ווּהין?

— די ליכט וואָס קומט פֿון יסורים ווערט ניט אויסגעלאָשן! ניין, אלישע, ניין!

— איר אַליין, ר׳ שמואל־יאָסל, איר אַליין האָט דאָך מיך געלערנט, אַז אין אַ פֿינצטערן גורל ווערן אַפֿילו די ליכט פֿון בית־המקדש אויסגעלאָשן.

— נעם אײַן, אלישע, אַ פּיל צו די ווייטיקן אין די לענדן, וואַרף אַרויף דעם געשטרײַפֿטן שאַרף אויף די אַקסלען, זעץ זיך צום טיש און אַקער בײַ די אַזכּרה־ליכט, שטעל אויפֿן הר־הזיתים אַ מצבֿה־שטיין אויך פֿאַר אים, פֿאַר לייבלען, וואָס איז די טעג געשטאָרבן בײַם דניעפּער־טײַך מיט דער קללה צו די, וואָס האָבן אים פֿון קליינערהייט דאָס לעבן אָפּגעסמט, דעם טאַטן פֿון אים צוגענומען . . . דערצייל פֿון וועגן לייבלען, פֿון דעם זון פֿון דײַן ברודער, פֿון פּנחסן בן־מאיר הכּהן, וואָס האָט געוואָרפֿן די פֿײַערדיקע לוחות פֿון זײַנע אָבֿות און איז אַוועק נאָכן משיח־שקר, נאָך דעם רוסישן שבתי־צבֿי . . . און שפּעטער האָט יענעמס געטרײַסטער תּלמיד, דער פֿאָטער פֿון די פֿעלקער, דער גרויסער סטאַלין אים, פּנחסן, דעם אמת־און יושר־זוכער, וואָס האָט זיך געשלאָגן מיט דער ביקס אין האַנט פֿאַרן משיח בן איוואַן, פֿאַרן וועלט־אויסלייזער, פֿאַר לענינען . . . יענער, לענינס נבֿיא, דער קאַווקאַזער באַרג־אָדלער, דער גרויסער סטאַלין, האָט אים שפּעטער, פּנחסן, ווי אַ געפֿער־לעכן שׂונא פֿון פֿאָלק, אויפֿן ווײַטן ים־אינדזל געשאָסן, ניט געוואָרט אַפֿילו ביז ער, פּנחס, שוין אַ פֿאַרמאַטערט־און פֿאַרפּײַניקטער וועט אַליין פֿאַלן . . . און געשאָסן האָט ער אים, פּנחסן, גראַד דעמאָלטן, ווען זײַן אַכצניאָריקער זון, לייבל, איז אין שלאַכט קעגן די שוואַרצע דײַטשן, אַ שווער פֿאַרוווּנדיקטער אויפֿן פֿעלד געלעגן, אַלע ריפּן זײַנע אים אויסגעבראָכן געוואָרן, מ׳האָט געקאָנט זען ווי דאָס נאַקעטע האַרץ צאַפּלט און ראַנגלט זיך מיטן טויט . . . אָט

גראָד דעמאָלטן האָט ער, סטאַלין, לייבלס טאַטן, פּנחסן, אויפֿן ווײַטן צפֿון, אין די אייביקע שנייען, שוין אַ פֿאַרפֿײַניקטן געשאָסן... דו קאָנסט שוין איצטער, אלישע, פֿון וועגן דעם דערציילן! ער, לייבל, דער נאָמען נאָך דײַן מאַמען, פּנחסעס זון, איז שוין אויף דער אמתער וועלט און ער האָט שוין פֿאַר דער קאַגעבע קיין מורא ניט, און קיין קינד איז דאָך נאָך אים ניט געבליבן... און הער מיך, אלישע, הער ווײַטער מײַנע רייד, און זאָל גאָר קיינעם ניט חידושן און וווּנדערן, וואָס דו, אין דײַן אַליין־און עלנטקײַט, פֿירסט געשפּרעכן מיט מיר אין די נעכט פֿון אויסגעלאָשענע שטערן, בײַ די טיפֿע וויי־און צאָרן־ברינימער, נאָך אַלץ פֿולע, ניט אויסצושעפּן זיי... הער וואָס איך, דײַן אַמאָליקער גמרא־מלמד, שמואל־יאָסל, די שוואַרצע יאָרן, וואָס צוליב דיר האָב איך זיך אונטער די רעדער פֿון טראַמוויַ געוואָרפֿן; הער וואָס איך וועל דיר ווײַטער זאָגן: דו דאַרפֿסט, אלישע, שוין געקומען אויף דעם די צײַט, פֿון וועגן דעם פֿײַערדיקסטן רינג אויף דײַן נשמה בײַ די קאַרפּאַטן בערג דערציילן, ווײַל דער בראָך איז ניט נאָר דײַנער און שיינדלס, ניט נאָר אײַערער... אָט אויף יענע, אויף די קאַרפּאַטן־בערג, קריך און קלעטער, אלישע, הגם דײַן האַרץ וועט דאָרטן אָפּגיין מיט די לעצטע בלוטן.

# יג

און הגם ער, אלישע בן־מאיר, און שוין אין די זיקנה־יאָרן, דער לעצטער בעל־תּפילה פֿון דעם גרויסן און ווונדערלעכן יהודה־שבֿט בײַ די טײַכן פֿון בבֿל־רוסלאַנד, דער געפּײַניקט־און פֿאַרמאַטערטער, וואָס איז פֿון פֿײַער אין פֿלאַם אַרײַן געשפּרונגען, שוין אויך דאָ, אויף די אויסגעבענקטע בערג פֿון ירושלים, אַליין אין עלנטקײַט, און אויך די פֿינצטערסטע רכילות און עלילת־דם באַדאַרפֿט אויסשטיין... הגם ער ווייסט גוט אַז דאָרטן, אין די קאַרפּאַטן, אין די וועלדער, גייט נאָך אַלץ אַרום, טאָג־אויס און נאַכט־אײַן, יענע שטאָ־לענע, די געשליפֿן־שאַרפֿע האַק און וואַלגערט מיט שׂינאה די שענסטע און ליכטיקסטע סאָסנעס און בערעזעס... דאָך און פֿאַרט מוז ער, דער אַלטער כהן, פֿילט זיך מחויבֿ פֿאַר זײַן שליחות, קאָן ניט אָפּטרעטן און פֿאַרפֿעלן, דאַרף און מוז ביזן סוף, ביזן דנאָ, ביז צו דעם טיפֿסטן ווײי און צער, פֿון וועגן דעם בלוטיקסטן רינג אויף זײַן נשמה דערציילן, ווײַל אויף יענעם שווערן, אויף יענעם דערנערוועג, גראָד דאָרטן, ליגט דאָך אויך זײַן שולד, זײַן פֿאַרזען און פֿאַרשפּעטיקטקײַט.

און ער, אלישע בן־מאיר, קאָן דאָך פֿאָרט, און בשום אופֿן ניט, אַוועק־שטעלן זיך אויפֿן אָרט פֿון יענעם, פֿון דעם מקובל. יענער, ר׳ וועלוועלע, האָט זײַן טאָכטערס נשמה, פֿון איר געבוירן אָן, געכאַוועט און מגדל געווען, און ער, ר׳ אלישע, האָט דאָך אין זײַן קינדס נשמה פֿון דעם אַלטן ווײַן קיין איין טראָפּן ניט איבערגעגאָסן, דעם פֿולן לאָגל פֿון דורות אין זיך און פֿון די אַרומיקע פֿאַרבאָרגן און פֿאַרשטעלט געטראָגן... און ער האָט דאָך שוין דעמאָלטן, בן־מאיר, פֿאַרשטאַנען אַז אויב די ירושה וועט ניט איבערגעגעבן ווערן, וועט דער לאָגל מיטן טײַערן ווײַן אין די דניעפּער־זאַמדן פֿאַרלאָרן גיין.

און ער האָט דאָך שוין פֿריער, נאָך דעמאָלטן, בײַ זײַנע נײַנצן יאָר, שוין אין יענעם ווײַטן הונגעריקן ווינטער אויף די גערטנער, אונטער זײַן טאַטנס אָנגעשנייטן שטרויענעם דאַך, בײַ די אָנגעפֿרוירענע פֿענצטערלעך באַשאָ־טענע מיט בליציקע שטערן, דאָרטן האָט דאָך שוין יענער גילגול זײַנער אין די

נעכט געשריבן פֿון דעם שטעטלדיקן משוגענעם, פֿון שמשונען, וואָס נעכ־טיקט אין דעם אַלטן, ביים אײַנפֿאַלן, בית־מדרשל און אין מיטן דער נאַכט זעצט ער זיך גמרא לערנען ביי אַ שטיקל יאָרצײַט־ליכטל, וואָס טאַנצט, הוידעט זיך, געגעצט און לעשט זיך. און די נאַכט קוקט דורך דער טאָפּליע ווי אַ גרויע שאָף מיט דערשראָקענע חסר־דעה־אויגן אין קלויז אַרײַן און ער, שמשון, ווי אַן אות וואָלט זיך אים פּלוצעם אין האַלדז געשטעלט, נעמט פֿון איין ווינקל צום צווייטן לויפֿן, רײַסט אויף זיך די באָרד און שרײַט: — דער מקום־קדוש איז פּוסט. ניטאָ קיין שכינה, ניטאָ קיין ייִדן!... — און ער עפֿנט דעם ארון־קודש, וויקלט זיך אין טלית אײַן, שטעלט זיך פֿאַרן עמוד און פֿאַר־גייט זיך אין אַ געוויין: — דײַנע קינדער האָבן פֿאַרלאָזט זייער אַלטן דרך, אַחוץ אַ פּאָר זקנים האָסטו קיין ייִדן ניט... ניטאָ קיין ייִדן... ווער דאַרף אַ תּורה? — און ער פֿאַלט אַנידער, שמשון, און זעט אַ שטאָט מיט הויכע מויערן, לאַנגע גאַסן, ביי די זײַטן וואַקסן ביימער, באַשאָטענע מיט עלעקטרישע לעמפּ־לעך... ס'רוישן דאָרטן, אין יענער שטאָט, בײַנאַכט ווי בײַטאָג, טראַמווייען און אויטאָמאָבילן.

— און ווו איז דאָס שטעטל? — לויפֿט ער אַרום, וויל אַ היימישן ייִדן טרעפֿן — ניטאָ! — פּרוּווט ער עמעצן פֿרעגן, טײַטלט מען אויף אים מיט די פֿינגער און מ'לאַכט אים אויס. לויפֿט ער צום בית־עלמין, טרעפֿט ער ניט אַהין, אויף יענעם אָרט אַ גרויסער פּאַרק גאָר, און הויכע מויערן אַרום... ווייסט ער דאָך, אַז דאָ איז אַ בית־עלמין געווען, — און ווו זשע איז ער אַהינגעקומען? אַפֿילו דאָס הייליקע אָרט ניט געבליבן... — בלײַבט ער דאָרטן זיצן, דער משוגענער, אין יענעם פּאַרק, אין אַ ווינקל, און רײַסט אויף זיך די האָר: — ווו איז דאָס שטעטל, ווו זײַנען זיי, די ייִדן? ווו?

האָט ער דאָך שוין אַפֿילו דעמאָלטן, אויף די ווינטערדיקע גערטענער, אונטער זײַן טאַטנס אָנגעשנייטן שטרויענעם דאָך, דער יונגער גילגול זײַנער, געזען ווי אַ גרויסע וועלט ווערט צעבראָכן און פֿאַלט אין שקיעה אַרײַן... פֿאַרוואָס זשע האָט ער שפּעטער זײַן אייגן קינד געלאָזט אין דער שקיעה אַליין גיין און פֿון דער גרויסער סכּנה וואָס לויערט איר אויפֿן וועג ניט געוואָרנט און ניט פֿאַרהיט? אַוודאי און געוויס קאָן ער אויף דעם, אלישע־בן־מאיר, אַ סך תּירוצים און סיבות האָבן, דאָך און פֿאָרט קאָן אים דאָ גאָרניט פֿאַר־ענטפֿערן און די אַחריות פֿון אים ניט אַראָפּנעמען.

אָבער די גאַנצע שולד און אַחריות אויף זיך אַליין אַרויפֿוואַרפֿן און טראָגן,

טאָר ער, אלישע בן־מאיר, אויך ניט. ס׳וואָלט דאָך באַטײַטן: יענע צעשטערער, יענע פֿאַרניכטער און פֿאַרוויסטער ריינוואַשן און אַפֿילו באַגיטיקן; און אויך די באַהעלפֿער און אַרויסהעלפֿער זייערע, אויך יענע, די אַפּלייקענער און אָפּשפּעטער, אויך יענע וואָס האָבן אַ האַנט אין דעם געהאַט, געהאָלפֿן דעם פֿײַער צעבלאָזן און שפּעטער, שוין נאָך דער שׂרפֿה מיט תּענוג און באַפֿרידקט־קײַט די הענט בײַם זשאַר זיך געוואַרעמט... אויך זיי טאָר ניט געשענקט און פֿאַרגעבן ווערן.

דאָך און פֿון דעסטוועגן וויל ער, אלישע בן־מאיר, אויף זיך ניט שטעלן און דעם גמר־דין ניט אַרויסטראָגן. ער, דער לעצטער בעל־תּפֿילה פֿון דעם גרויסן און ווונדערלעכן שבֿט־יהודה בײַ די טײַכן פֿון בבֿל־רוסלאַנד, ער שטעלט זיך דאָ מיט יראת־הרוממות פֿאַרן בית־דין של מעלה, און אויך פֿאַרן בית־דין של מטה, פֿאַר די קומענדיקע דורות ייִדן, זאָלן זיי מישפּטן... ער, דער אַלטער כּהן, וועט דאָ נאָר אַ געטרײַער און רעכטפֿאַרטיקער עדות זײַן. און אָנהייבן וועט ער פֿון יענעם ערבֿ־ווינטערדיקן טאָג, פֿאַרן צופֿאַלן פֿון דער נאַכט, אין די שעהען פֿון האַלבשאָטנס, ווען ער האָט די מלבושים אירע אין אַ קלומיקל אויפֿן בענקל געפֿונען ליגן, — בשעת ער, אלישע, איז נאָך אין רעדאַקציע געווען, האָבן אַנדערע זי, שיינדלען, אין שפּיטאָל אַרײַן געפֿירט. לאָזט ער זיך פֿון אָט דעם אָפּגעשיקטן קלומיקל, וואָס פֿאַרקלעמט אַזוי, ביז די טיפֿענישן, בײַם האַרצן, אַהין, צום געבורטהויז, לויפֿן. מ׳לאָזט אים אָבער דאָרטן פֿאַר דער טיר שטיין... נאָר זעענדיק זײַן פּנים, זאָגט אים עמעצער צו: ווי נאָר די ווײַב זײַנע וועט דאָס קינד האָבן, אַזוי וועט מען אים גלײַך אָנקלינגען.

און מיטן צופֿאַלן פֿון דער נאַכט שטאַרקן זיך די ערבֿ־ווינטערדיקע, די שוין טרוקן־פּראַסטיקע ווינטן, וואָס קריכן אין די ביינער און שלאָגן אין פּנים אַרײַן. און אויך דאָס האַרץ שלאָגט זיך אים אין גאָרגל פֿון שרעק פֿאַר שיינד־לען. און ווענדט זיך צו גאָט און בעט בײַ אים פֿאַר איר, ווי ער האָט אַמאָל, קליינערהייט, פֿאַר זײַן מאַמען געבעטן... ער לויפֿט כּמעט, אלישע, אָבער ניט מחמת די קעלט און די ווינטן טראָגן אים, נאָר ווײַל ער וויל וואָס גיכער אין די ענגע, אין דלת־אמותדיקע פֿיר ווענט אַרײַן, זיך דאָרטן מיט זיי פֿאַרשטעלן און ניט צוזען ווי הינטער די טויערן, ווי בײַ די ווענט אויף דער ערד וואַלגערן זיך באָרוועסע, אין די צעבראָסטעטע סוויטקעס פֿויערים און פֿויערטעס, מיט די קינדער אויף די הענט, שוין פֿון הונגער געפֿאַלענע, שוין מיט גלעזערנע

אָפּענע אויגן, און פּלוצעם דערזעט ער דאָ, אלישע, צווישן צוויי מויערן, ווי די זון פֿאַרגייט אין פֿײַער... אַזאַ זון־אונטערגייען האָט ער אַפּילו דאָרטן, אין זײַנע יאָרן אויפֿן כוטער, קיין איין מאָל ניט געזען, — די זון פֿאַרגייט אין בלוט, אַ בלוטיקע שקיעה... און אָט די שׂרפֿה־שקיעה שלאָגט זיך אָפּ אין די אָפּענע, אין די גלעזערנע, אין די טויטע אויגן פֿון די הונגער־אויסגעגאַנגענע פּויע־רים, וואָס האָבן אַמאָל, אין די סאַמע ביטערסטע יאָרן, פֿאַר די פּריצים, דאָך פֿאַר זיך און פֿאַר ווײַב און קינד דעם ביסן ברויט אין מויל געהאַט.

און ער, דער יונגער אלישע, וואָס איז דעמאָלטן מיט זײַן ריין און תּמימות־דיקן האַרץ, מיט די ערשטע וויי־רינגען אויף דער נשמה, אויפֿן שיידוועג געשטאַנען, נאָך ניט בכּוח געווען זיי, אָט די וויי־רינגען, צו דערקלערן און פֿאַרשטיין, נאָך ניט געקאָנט זיי צונויפֿנעמען און צונויפֿבינדן, נאָך צו זייער פֿײַערדיקן וואָרצל ניט געקאָנט זיך דערקלײַבן... ער, דער יונגער דיכטער, איז דעמאָלטן, אויך אַ הונגעריקער, צווישן די צוויי מויערן געבליבן שטיין און מיט גרויסער שרעק אויף דער בלוטיקער, אויף דער שׂרפֿה־שקיעה געקוקט און געטראַכט:

— וואָס דערוואַרט מײַן קינד וואָס קומט אויף דער וועלט אין אַזאַ שווערער שעה? איז אָט די בלוטיקע שׂרפֿה־שקיעה אַ שלעכטע בשׂורה און אַ בייזער אָנזאָג?

און יענער, אלישע, דער פֿיר און צוואַנציק־יאָריקער, צווישן די צוויי מויערן, אויף די ווינטן, קוקט זיך אײַן מיט די אויגן פֿון זײַן נשמה אין דער בלוטיקער שׂרפֿה־שקיעה און טראַכט ווײַטער: וואָסערע שוואַרצע שאָטנס, און אַוועלכע בלוטיקע שאָטנס קאָנען זיך שוין אויפֿן וועג פֿון זײַן קינד טרעפֿן און שטעלן? און אויב אַזאַ שקיעה וועט זיך יאָ אויפֿן וועג אַוועקשטעלן, וועט זײַן קינד קאָנען זיי, די שוואַרצע שאָטנס און בלוטיקע שטנס, בײַקומען און ניט צעבראָכן ווערן?... ניין, און צען מאָל, ניין! אָט די בלוטיקע שׂרפֿה־שקיעה צווישן די צוויי מויערן איז ניט קיין שלעכטע בשׂורה און אויך ניט קיין בייזער אָנזאָג, — אַ פּשוטע, אַ געוויינלעכע, אַ פּראָסטיק־ווינטיקע, אַן ערבֿ־ווינטער־דיק זון־זעצן־זיך. דאַרף דען איטלעכער דור, — טראַכט זיך ווײַטער אלישע, — דאַרף דען יעדער דור פֿון ייִדישן פֿאָלק אויפֿן ראַנד פֿון תּהום זיך געפֿינען? האָט נאָך זײַן דור, אלישעס, דעם פֿײַערדיקן אָפּגרונט ניט אַריבערגעשפּאַנט? נאָך ניט?...

און ער, אלישע, וואָס איז אין דעם ווײַטן פּאָלעסיער דאָרף, נאָכן בלוטיקן

קישעניעווער פּאָגראָם און נאָך די שחיטות פֿון פֿינפֿטן יאָר, אין דעם האַרב־סטיקן, אין דעם חצי־אלולדיקן טאָג, בעת זײַן מאַמע, בײַם זון־זעצן־זיך, פֿאַרענדיק זיך נאָך אויפֿן גאָרטן, האָט אים אויף דער ערד געבאָרן, און זײַן ערשטער געשריי אין לעבן איז אין דעם געטומל און געפּילדער פֿון די שאַרעס פֿייגלען בײַ די סטאַוון אַרײַנגעפֿאַלן... ער, אלישע, וואָס האָט שוין בײַ זײַנע שווער־קינדערשע זעקס יאָר, די פֿולע בתי־מדרשים מיט ייִדן, ווײַבער און קינדער, מיט פֿאַרוואָגלטע פּליטים פֿון די מלחמה־געגנטן געזען אויף דער הוילער ערד ליגן, ווײַבער זײַנען דאָרטן אויף שטרוי צו קינד געגאַנגען, ווײַס־בערדיקע ייִדן האָבן אויף אַ קול געוויינט און דער משוגענער, פּיטשע, האָט בײַם ארון־קודש ווילד געלאַכט און קיינער האָט אים פֿון דאָרטן ניט געטריבן... און אין די נעכט האָבן די נידעריקע הימלען איבער די דעכער געברענט און דער טאַטע, שטייענדיק בײַם פֿענצטער, מיט די גרויסע אויגן צו די פֿלאַמען, זאָגט ווידער און אָבער אַ מאָל מיט אַ מין שׂימחה:

— משיח־צײַטן... אַז ס׳ברענט אויף דער ערד, ברענט אויך אויפֿן הימל, אַז ס׳גיסט זיך בלוט אויף דער ערד, גיסט זיך אויך בלוט אויפֿן הימל... חבֿלי־משיח!

— אָבער מאיר, — זאָגט אים די מאַמע פֿון אַלקער אַרויס. — אָבער מאיר, דאָרטן, אויפֿן הימל, זײַנען דאָך קיין לעבעדיקע פּליטים, קיין הונגעריקע קינדער ניטאָ, דאָרטן, אויפֿן הימל, דאָרטן, מאיר, דאָרטן וואַלגערן זיך ניט ייִדן אויף דער ערד אָן אַ היים, אָן אַ דאַך איבערן לעבן... ווער ס׳וויל, מאיר, קאָן אונדז טרײַבן ווּהין די אויגן טראָגן. מאָרגן קאָן מען אונדז ווידער אונטער־וואַרפֿן אַ צעשטאָכן קריסטלעך קינד, נאָך אַ בלוט־בילבול, און די גויים וועלן אונדז נעמען קוילען און טרײַבן אויפֿן פֿײַער... וויפֿל, מאיר, דאַרפֿן דאָס געדויערן די חבֿלי־משיח, וויפֿל? פֿון אַזאַ האָבן וועלן דאָך אומקומען ביידע, אי דאָס קינד, אי די מאַמע...

די לעצטע ווערטער אירע פֿאַרשטייט ער ניט, אלישעלע, נאָר אין זיכּרון פֿאַרבלײַבן זיי אים אויפֿן גאַנצן לעבן. — פֿאַר אַ יאָרן, אין יענעם פֿאַרנאַכט, ווען דער טאַטע האָט אים פֿון חדר, פֿון דעם בובאַר, אויף די הענט געטראָגן ווײַל פֿון הינטערן קלויסטער האָבן גענומען ווייען איבער די צוגעפֿרוירענע בלאָטעס די ערשטע שנייען איז מיט אַ מאָל, אָן דעם היטל, אין די ווײַסע אַרבל, אַרויסגעשפּרונגען אויפֿן גאַניק דער אַלטער דאָקטער, דער בעל־תּשובֿה, משה־אהרן ווײַסגאָל, פֿון זײַן שטוב:

— ייִדן שטייט! שטייט, ייִדן! לויפֿט ניט!

— וואָס האָט געטראָפֿן, ר׳ משה־אהרן, וואָס איז געשען?

— ייִדן, מ׳האָט אים פֿרייַגעשפּראָכן... מ׳האָט אים, בייליסן, ריינגע־וואַשן! קיין פּאָגראָמען וועלן שוין אַזוי גיך ניט זייַן...

האָט דעמאָלטן דער טאַטע אים אויפֿגעהויבן, אלישעלען, אויף בײדע הענט אין דער הייך און גענומען שרייַען, נאָר דאָס מאָל שוין ניט פֿון כּעס, שוין ניט פֿון קלעמעניש, נאָר פֿון אמתער פֿרייד, פֿון הייסער התפּעלות:

— גוואַלד, ג־וואַ־ל־ד, ריבונו־של־עולם! גוואַלד, ייִדן, מזל־טובֿ! מזל־טובֿ, ייִדן! מזל טובֿ דיר, ריבונו־של־עולם!

און ווער וואָלט זיך דען געקאָנט אויסמאָלן און פֿאָרשטעלן דעמאָלט, ווען ער, אלישעלע, אויפֿן טאַטנס אויפֿגעהויבענע הענט אין דער הייך, כּמעט ביי די הימלען, אויף די ווינטן, וואָס יאָגן פֿון די שוואַרץ־אָפּגעבלעטערטע אויסגע־ליידיקטע וועלדער, איבער אַלעמענס צעוויכערטע בערד, וואָס דרייען זיך שוין אַרום אים אין אַ שווינדלדיקער ראָד, ווייַל ייִדן, ווי נאָר דערהערט דעם בעל־תּשובֿהס, דעם דאָקטער ווייַסגאָלס רייד וועגן בייליסן, אַזוי האָבן זיך גלייַך הענט פֿאַרוואָרפֿן אויפֿן צווייטן אַקסל און גענומען טאַנצן און זינגען ווי אין שׂימחת־תּורה... ווער האָט זיך עס געקאָנט אויסמאָלן און פֿאָרשטעלן דעמאָלטן, ווען ער, אלישעלע, אויפֿן טאַטנס הענט, כּמעט אונטער די כמאַרעס, וואָס וועלן באַלד אָנרירן זייַן קאָפּ, האָט אויך געפּליעסקעט מיט די הענטלעך, וואָרן פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס האָבן ייִדן לויפֿנדיק אין בית־מדרש זיך דאָ לעם דאָקטער ווייַסגאָלס שטוב אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן מיט אַזאַ פֿרייד צו טאַנצן: ס׳איז מיט בייליסן, און מיט אַלע ייִדן אַ נס געשען.

און פֿון וועגן בייליסן האָט אלישעלע דאָך אַלצדינג געוווּסט. מ׳האָט דאָך אין דרויסן, אין שטוב, בײַם אויפֿשטיין און בײַם שלאָפֿן־גיין, געהאַלטן אין איין רעדן פֿון וועגן דעם בלוט־בילבול אויף ייִדן... ווער וואָלט זיך עס געקאָנט פֿאָרשטעלן און אויסמאָלן דעמאָלטן, ווען ער, אלישעלע, אויף די אויפֿגע־הויבענע הענט פֿון זייַן טאַטן, האָט אויך אונטערגעטאַנצט און געפּליעסקעט מיט די הענטלעך, און אַרום האָבן די ווייַסע, די ערשט פֿאַרשנייטע בערד געוויכערט אינעם ווירבלדיקן ראָד... ווער וואָלט זיך עס דעמאָלטן געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז שפּעטער מיט יאָרן, שוין ניט פֿאַר ניקאָלייַ דעם צווייטן, נאָר שוין פֿאַר יענעם, פֿאַר דעם נייַעם טאַטן פֿון די פֿעלקער, שוין פֿאַר סמער־דיאַקאָוון דעם צווייטן, בעת דעם פֿינצטער־און וויסטן בילבול אויף ייִדישע

דאָקטוירים, אויף די „מערדער אין ווײַסע כאַלאַטן", וועט ער אויך, אלישע בן־מאיר, אין דער סטאַלין־טורמע געמאַטערט ווערן.

אָבער ביז דעמאָלטן... דערווײַל בײַם סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מילחמה, נאָך אין יענע ביטער־הונגעריקע יאָרן מיט די פֿײַער־פֿלאַמיקע הימלען אין די חבֿלי־משיח־נעכט... שוין נאָכן אָנהערן און אָנזען זיך אַזוינס, וואָס איז אים ווי אַ ניט־פֿאַרהיילטע ווונד אויף דער קינדערשער נשמה געבליבן און שפּעטער, ווי אַ ווייגעשריי אין לידער און דערציילונגען זיך אַרויסגעריסן... שוין דעמאָלטן פֿון די פּליטים געהערט, ווי אַזוי קאָזאַקן האָבן הײַזער, גאַס נאָך גאַס, געצונדן און ניט געלאָזט דאָס פֿײַער לעשן; ווי אַזוי גוים האָבן געראַבעוועט און געשלאָגן „די בייליסעס", מאַמעס און קינדער מיט צעהאַקטע קעפּ זײַנען אין קאַליוזשעס בלוט געלעגן; ווי אַזוי מ׳האָט בתי־מדרשים חרובֿ געמאַכט, מיט די שווערדן און קאָסעס געהאַקט, געשניטן, מיט די פֿיס געטראָטן און געשענדט ספֿר־תורהס; ווי אַזוי מ׳האָט ייִדן פֿון די ברענענדיקע שטעטלעך אויף וואַנדער און וואָגל געטריבן, — אָן אַ שומר און אָן אַ גואל. ניט געוווּן צו ווענען זיך קערן און צו ווענען זיך ווענדן. און דער משוגענער, פּיטשע, בײַם ארון־קודש, האָט ווילד געלאַכט...

און דעמאָלטן, אין איינעם אַ סוף־זומערדיקן טאָג, קומט דער טאַטע פֿון מאַרק אין שטוב אַרײַן, אין דעם אויסגעריבענעם לײַבפּוטערל, אין די אויסגע־טראָטענע פֿאַרגעלטע וואַלינקעס, די באָרד אין פֿראָסט, די הענט אין די אַרבל, בלײַבט שטיין מיט די ברייט־אויפֿגעריסענע אויגן בײַ דער טיר. פֿרעגט אים די מאַמע: — מאיר, ס׳האָט עפּעס חלילה, געטראָפֿן?

— מ׳האָט אַראָפּגעוואָרפֿן דעם קייסער!

— וואָס הייסט אַראָפּגעוואָרפֿן, ווי אַזוי וואַרפֿט מען דאָס אַראָפּ אַ קייסער, און ווער האָט אים אַראָפּגעוואָרפֿן?

— מ׳האָט אים, ליבע־שׂרה, אַראָפּגעוואָרפֿן דעם צורר־היהודים, דעם ניקאָלקע, דעם ראַספּוטין, פֿונעם כּיסא־המלכות. גאָט האָט אים באַצאָלט פֿאַר די פּאָגראָמען, פֿאַר בייליסן, פֿאַרן אַרויסטרײַבן ייִדן פֿון זייערע היימען... מ׳האָט אים, ליבע־שׂרה, אַראָפּגעוואָרפֿן און מ׳טאַנצט אין די גאַסן. קריסטן קושן זיך מיט ייִדן. אין שטאָט, איז להבֿדיל, שׂמחת־תּורה...

פֿאַרוואָס זשע, מאיר, ביסטו אַזוי דערשראָקן? דײַן פּנים פֿרייט זיך און די אויגן... באַהיט זאָל מען ווערן!

— ליבע־שׂרה, כ׳האָב מורא פֿאַרן טאַנצן אין די גאַסן און פֿאַרן קושן זיך

מיט די גוים. אַרכיפּ דער באַנדאַר קריכט אויף זיך קושן... און פּיטשע זיצט אויף אַ בוים און לאַכט מיט זײַן ווילדן געלעכטער. דו ווייסט גאָרניט וואָס ס׳טוט זיך אין שטאָט, טיר און פֿענצטער זײַנען אַראָפּ פֿון די פּעטליעס. כ׳האָב מורא! מענטשן בײַטן זיך ניט איבער נאַכט. ווער ס׳לייגט זיך שלאָפֿן אַ רשע, שטייט ניט אויף קיין צדיק. און פֿאַרט... אַ גרויסע בשורה איז עס! אונדזער פּנחס גייט דאָרטן מיט דער רויטער פֿאָן אין דער האַנט. און דעם פּריסטאַוו זעט מען שוין גאָר ניט. און סאָלדאַטן טאַנצן מיט ייִדישע מיידלעך. פֿאַר משיחס צײַטן! אלישע, דו לויפֿסט שוין אויף אַהין, מ׳וועט דיר דאָרטן צעטרעטן. דאָרטן איז די פֿרייד אויסגעמישט מיט שׂינאה...

און אלישע האָט נאָך אַזאַ המון אין שטאָט, ניט אויף זונטיקדיקע מאַרקן און אַפֿילו אויף די יאַריאַרידן ניט געזען. ס׳רוישט ווי בײַם וואַסערפֿאַל אויף די „סקאַלעס". און מ׳גייט און מ׳גייט. ניט דורכצושפּאַרן זיך. ס׳שפּילן אָרקעס־טערס און איבער די קעפּ וויגן זיך אַזוי פֿיל פֿאָנען, דער עיקר רויטע, רויטע, רויטע און צווישן זיי איין בלוי־ווײַסע מיטן מגן־דוד... און אויף אַלע ראָגן רעדנערס, וואָס שטייען אויף קאַסטנס, אויף פֿעסער, אויף שליטנס, וואַרפֿן די הענט אין דער לופֿטן, ווילן איבערשרײַען איינער דעם צווייטן, און אויף דעם לינדנבוים זיצט פּיטשע, הוידעט די פֿיס און לאַכט מיט זײַן ווילדן געלעכטער. און פֿונעם וואָקזאַל, ווו ס׳שטייען די עשאַלאָנען, גייען מחנות סאָלדאַטן אין צעבראַסטענע שינעלן, אָן די רימענס, די ביקסן איבערגעקערט מיט די רערן צו דער ערד, די פּנימער אויפֿגעבראַכטע, פֿאַרוואַקסענע, פֿאַרבענקטע:

— דאָלאָי וווינו — נידער מיט דער מלחמה!

— דאַ זדראַווסטוויעט רעוואָלוציאַ! — זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

— מיר כיזשינאַם, ווינאַ דוואָרצאַם! — פֿרידן די הײַזער, מילחמה די פּאַלאַצן!

— זעמליו קרעסטיאַנאַם! — די ערד פֿאַר די פּויערים!

— רעכט און פֿרײַהײַט פֿאַרק אַלע פֿעלקער!

און דער שנײ איז שוין שוואַרץ און אַלע זינגען די מאַרסעליעזע און די שבֿועה און דעם אינטערנאַציאָנאַל און די התקווה, און די זון שפּילט אויף די קופּערנע טרומייטן און די פּויקן קלאַפּן דורך די בלויע הימלען...

און באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן די שחיטות און פּאָגראָמען אויף די ייִדן, כמעלניצקיס און גאָנטאַס אייניקלעך, די באַטקאָס פּעטליוראַ און ווינישענקאָ, מאַכנאָ און סטרוק, די אַלערליי אַטאַמאַן־באַנדיטן, די וואָלינצעס און מאַרו־

סיעס... זיי האָבן זיך מיט זייערע גאָרגל־שנײַדער, די הײַדאַמאַקעס, פֿון אַלע פֿיר זײַטן, מיט ווילדן געפֿײַף און פֿײַער, אין מיטן דער נאַכט, פֿון די טיף־האַרבסטיקע וועלדער אין שטעטל אַרײַנגעריסן, פֿאַרגוואַלדיקט מאַמעס און טעכטער, פֿאַרשוועכט בתי־מדרשים און געשענדט אַלע הייליקײַטן, און דער־נאָך, צו פֿאַרטאָג צו, בײַם שטאַרק־ווינטיקן זון־אויפֿגאַנג געוואָרפֿן פֿונעם בריק זקנים אין טײַך אַרײַן.

און דעמאָלטן, גראָד אין יענע בלוט־און פֿײַער־טעג, האָט זיך די מאַמע זײַנע, אין דער שבתדיקער מאַטענע מיט די ברייטע אַרבל, אין דעם קאָרטע־נעם קליידל, מיטן זײַדענעם טיכל אויפֿן קאָפּ, אין דעם פּליושענעם סאַקל, נאָך פֿון די מיידלשע יאָרן, געלאָזט קיין נאַראָדיטש, צו דער טאָכטער, צו גאָלדע־רחלען פֿאָרן. און אַז זיך שוין אַהין, צו דער באַן דערקליבן, האָבן די פּעטליור־רישע קאָזאַקן, די „סאַמאָסטיניקעס", אין די ברייטע מאַלינאָווע הויזן, אין די שוואַרצע באַשליקן, אין די גרויע, אויף אַ זײַט פֿאַרבראָכענע, קאַראַקולנע יאַלעמס, אויפֿן דריטן טרעפּל פֿון וואַגאָן אַרויפֿגעלאָזט, אַפֿילו אַ האַנט איר דערלאַנגט, געהאָלפֿן אַרויפֿקלעטערן און באַלד, טאַקע פֿון דאָרטן, פֿונעם דריטן טרעפּל, מיט אַ רוצחישן, מיט אַ חיהשן געלעכטער אויף דער ערד, אויף די שטיינער אַראָפּגעוואָרפֿן... האָט אלישעלע מיט אַ ביטערן געשריי די נאָך קינדערשע פֿאַרבײַלטע קולעקלעך אויף די הײַדאַמאַקעס אויפֿגעהויבן, האָט אים איינער פֿון דאָרטן, פֿון דער הייך, מיט דער נאַהײַקע די פּלייצע ביז צו דער ביין צעשניטן. און דער טאַטע האָט געזאָגט:

— בדמיך חיי! אין דײַן בלוט זאָלסטו לעבן!

און ער, אלישע, איז שלאָף געוואָרן, און אויך זי, די מאַמע, איז שווער צום בעט געפֿאַלן... און דערנאָך וועט ער אַ דערשראָקן־פֿאַרשטיינערטער צוקוקן ווי די אָנגעפֿרוירענע בערד, די באַגרעבער, נעמען דאָס בערגל מאַמע בײַ דער טיר, לייגן אין מיטה אַרײַן, וואַרפֿן אַרויף אַ שוואַרצן געוואַנט און טראָגן פֿון שטוב אַרויס... און ער, דער נאָך שווער קראַנקער, אלישע, וועט כּוחות געפֿינען צו אויפֿהייבן זיך פֿון באַנקבעטל, מיטן נאָגל אויסקריצן אַ שמאַלינק סטעזשקעלע פֿאַר זײַן אויג צווישן די אָנגעוואָרפֿענע באַזילבערטע פּאַפּאָראָטן אויפֿן פֿענצטער און דערזען ווי די שוואַרצע מיטה אויף די אָנגעבויגענע אַקס־לען וויגט זיך איבער די זוניק־אָנגעשנייטע גערטנער, — מ'טראָגט זי אַוועק זײַן מאַמע... און באַלד, ווי נאָר פֿרעסט וועלן פֿאַלן, וועט ער, דער צוועלף־יאָריקער, שוין אויף תּמיד פֿון דער היים אַוועקגיין, אַנדערהאַלבן יאָר אין דער

זשיטאָמירער ישיבֿה זיך וואַלגערן און שפּעטער פֿאַרוואָרפֿן ווערן אויפֿן כוטער, אין דער שטוב בײַם וואַלד, ווו ער וועט דאָרטן פֿון יִיאוש און עלנט־קײַט מיט דעם קאָפּ אין תּליה אַרײַן... און דעמאָלטן, על־פּי נס לעבן געבליבן, וועט ער אויף אַ פּאַפּיר זײַנע ערשטע צוויי שורות אָנשרײַבן:

ניט קיין שטריק וועט מײַן לעבן דערוואָרגן,

ניט קיין סערפּ וועט פֿאַרשנײַדן מײַן האַרץ...

און נאָך דעם קפֿיצת־הדרך אין זײַן פֿיר און צוואַנציק־יאָריקן לעבן, בלײַבט ער נאָך אַלץ שטיין דאָרטן, אלישע, בײַ יענעם צופֿאַלן פֿון דער נאַכט, ווו ס'שטאַרקן זיך די ערבֿ־ווינטערדיקע, די שוין טרוקן־פּראַסטיקע ווינטן, וואָס קריכן אין די ביינער און שלאָגן מיט די אָפּגעפֿאַלענע געל־האַרטע בלעטער אין פּנים אַרײַן, און הינטער די אײַזערנע טויערן, און בײַ די פֿון רעגנס אָפּגע־וואַשענע און אָפּגעשיילטע ווענט, וואַלגערן זיך אויף דער ערד באַרוועסע, אין די צעכראַסטעטע סוויטקעס פּויערים און פּויערטעס מיט די קינדער אויף די הענט, שוין פֿון הונגער געפֿאַלענע, און אין זייערע אָפֿענע גלעזערנע אויגן פֿאַרגייט די זון אין פֿײַער. זי פֿאַרגייט, די זון, צווישן די צוויי מויערן, אין בלוט... און ווי תּמיד ווען ער שטייט פֿאַר סודותפֿולע ווײַטקײַטן, וואָס קיין וועגן אַהינצו זײַנען גאָר ניטאָ, דעמאָלטן פֿרעגט ער בײַ דעם עמעצן, וואָס אין דער טיפֿיניש פֿון זײַן נשמה:

— איז זי, אָט די בלוטיקע שׂרפֿה־שקיעה, וואָס פֿון איר שמעקט אַפֿילו מיט סמאָלינע, איז זי אַ שלעכטע בשׂורה און אַ בייזער צייכן פֿאַרן קומען פֿון זײַן קינד אויף דער וועלט?

איז זי, אָט די בלוטיקע שקיעה, אַן אָפּשײַן פֿון די פֿריִערדיקע, פֿון די שוין פֿאַרגאַנגענע, צי דאָס זײַנען שוין פֿון די אָנקומענדיקע, פֿון ערגעץ אויפֿן וועג גייענדיקע, פֿון נײַע וויכער־שׂריפֿות?

— דאַרף דען, — פֿרעגט ער ווײַטער, דער יונגער דיכטער, בײַ דעם עמעצן אין דער טיפֿעניש פֿון זײַן נשמה, שטייענדיק נאָך אַלץ דאָרטן, בײַ יענעם צופֿאַלן פֿון דער נאַכט, בײַ יענער שקיעה, מיט צער און ציטער, ערבֿ געבוירן ווערן פֿון זײַן קינד, — דאַרף דען יעדער דור פֿון יִדישן פֿאָלק אויפֿן ראַנד פֿון תּהום זיך געפֿינען? האָט נאָך זײַן דור, און ער אַליין, דעם פֿײַערדיקן אָפּגרונט ניט אַריבערגעשפּאַנט, נאָך ניט? — אָבער קיין ענטפֿער פֿון דער טיפֿעניש פֿון זײַן נשמה איז דעמאָלטן, בײַ יענער שקיעה, צו אים ניט געקומען.

# יד

און דערנאָך, אַז יענע, די בלוטיקע, די שׂרפֿה־שקיעה, מיטן ריח פֿון רויך, וואָס וועקט שווערע מחשבֿותן און פּחד, ווערט צווישן די צוויי מויערן ביזן סוף, שוין ביזן לעצטן טראָפּן אויסגעלאָשן, דעמאָלטן שפּאַנט ער אַוועק, אלישע, אונטער די שוין אָנגעצונדענע בלייך־בלוילעכע לאָמטערנס, אין זײַן דינעם מאַנטל, מיטן צעשויבערטן קאָפּ האָר אויפֿן ווינט, און ס׳וויכערן שוין אין אים די ערשטע שורות:

אויפֿן פֿאַרטאָגיקן מעסער וועט ניט אויפֿגיין די זון.

אויפֿן בײַנאַכטיקן בלוט וועט ניט אויפֿגיין דער קאָרן...

און דאָ בלײַבט ער ווידער שטיין, קוקט ערגעץ אַהין, אין די אַש־גרויע הימלען, אין די צעבויטעט־מוטנע, פֿאַרן שנײ אויסגעפּאַלן: אָבער ווו און ווער, וועט אים אַזאַ ליד דרוקן? ער האָט דאָך זײַן ערשטן ברייטערן ליטוונט, זײַן ראָמאַן „שקיעה״, ניט פֿאַרענדיקט, אין מיטן וועג שטיין געבליבן... דאָרטן האָט ער אויך מיט אַ שׂרפֿה אין שטעטל אָנגעהויבן, דאָרטן האָט דער ווינט פֿאַרכאַפּט אונטער דער פּאַכווע אַ ברענענדיקן סנאָפּ שטרוי און איבער די איבערגעטרוקנטע שינדל־דעכער צעוואָרפֿן... און דעמאָלטן, אין יענער שׂרפֿה אין זאַווייע־נאַכט גייט דער ייִד פֿונעם ווײַטן יאַריד מיט ליידיקן קוליאָקל דורכן וואַלד און הערט ווי פֿון דער ווילד־טיפֿעניש שרײַט עמעצער: „געשטאָרבן דער גרויסער יושר!״ — ווערט אים, דעם פֿאַרפֿרוירענעם ייִדן, מיט אַ מאָל הייס און ס׳באַפּאַלט אים אַ קדחת: „וועט שוין די וועלט אַרײַן אין גאָרער טומאה, פֿאַרזונקען ווערן אין זינד, אין רציחה, וועט שוין די וועלט ווערן סדום ועמורה״... — און ער פֿרעגט מיט צאָרן בײַ יענע צעבויטעטע הימלען:

— וועל איך נאָך אַ מאָל, ווען עס איז, דעם ליטוונט מײַנעם, יענע „שקיעה״, דערמאָלן?

און ער שפּאַנט ווײַטער, יענער יונגער כּהן, דער תּמיד אויפֿגערעגט־און אויפֿגעברויזטער, באַזונדערס איצטער, פֿאַרן געבוירן ווערן פֿון זײַן קינד, און

בעט בײַ גאָט, הגם שוין לאַנג פֿון זיך דעם עול־מלכות־שמים אַראָפּגעוואָרפֿן, דאָך בעט ער, דער אַפּיקורס, אין זכות־אָבֿות, אַז דער וואָס לעבט אייביק זאָל דאָרטן אין דער גרויסער שעה פֿון חבֿלי־לידה זײַן מיט איר, מיט שיינדלען.

און אין דער טונקעלער, אין דער שוין בלאָוו־געוואָרענער שאָטנדיקײַט, קלינגען טראַמוויַיען און מענטשן, אין פֿאַרשטומטקײַט, לויפֿן פֿון קלייטל צו קראָם:

— אפֿשר וועט מען ערגעץ־ווּ עפּעס געבן?

און ער שפּאַנט מיטן צעוויכערטן קאָפּ האָר איבער די ווינט־פּראָסטיקע גאַסן פֿון כאַרקאָוו, פֿון דער דעמאָלטיקער קרוינשטאָט פֿון אוקראַיִנע, וואָס איז פֿול מיט אַנגעלאָפֿענע ייִנגלעך און מיידלעך פֿון די שטעטלעך, אַנטלאָפֿענע פֿון די היימען, פֿון די טאַטעס, פֿון די „לישענצעס", וואָס דרייען זיך דאָרטן אין די ליידיקע מאַרקן אַרום און האָבן ניט אויף ברויט; קערן זיך אום צו די גאַניק־לעך און פּריזבעס, זיצן מיט כמורע פּנימער, מיט שוואַרצע וויי־רינגען אונטער די אויגן, וויגן פֿון טרויער די גרויע קעפּ צווישן די אָדערדיקע הענט, בײַסן די שפּיצן פֿון די לבֿנה־בערד, און טרערן הענגען זיי אויף די וויִעס... ער האָט שוין פֿון זיי, פֿון יענע טאַטעס און קינדער, פֿון יענער ווייטיקדיקער שקיעה געשריבן, און שוין אויך געגנוג פֿאַר דעם געהאַט! ער אַליין, ליטוואַקאָוו, האָט דאָך דעמאָלטן אויף אים געשריִען:

— וואָס זיצט איר ווי אַ ייִדענע און באַוויינט דאָס שטעטל? — און דערבײַ דעם שופֿלאַד פֿון שרײַבטיש געעפֿנט, פֿון דאָרטן אַ פּעקל בריוו אַרויס־גענומען: — איר זעט, פֿון אומעטום פֿרעגט מען מיך, צוליב וואָס האָט מען עס באַדאַרפֿט, אָט דעם „אַפֿן שיידוועג" דרוקן? — און דאָך, זאָל עס אים דאָ צום גוטן דערמאָנט ווערן, ווי שפּעטער האָט אלישען אָבטשוק דערציילט, אַז ליטוואַקאָוו האָט אים געזאָגט: — אָט דעם יונגן שרײַבער דאַרף מען שאָנע־ווען!

און יענע ייִנגלעך און מיידלעך, די אַנטלאָפֿענע פֿון זייערע היימען, ווּ דאָרטן, אין די שטעטלעך, האָבן אין זומער־פֿאַרנאַכטן די האַלב חרובֿה הײַזער, נאָך פֿון די פּאָגראָמען ניט אויפֿגעשטעלט, אויסגעאָטעמט שווער די הונגע־ריקע חמימה־טעג, — די אַנגעברענטע לופֿט לעשט זיך ערשט אויס ווײַט נאָך דער שקיעה: דער אויפֿגעריסן־און צעגראָבענער באַרג קלאָגט זיך פֿאַרן מולד, וואָס שפּילט זיך פֿון טרויער מיט זײַן אייגענעם שאָטן אויף דער ערד; יענע ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן דאָרטן אויפֿן ביסן ברויט ניט געקאָנט פֿאַר־

דינען, מיט די טאַטעס זיך געקריגט, ממש אויף מעסער־שטעך געווען און דאָך געמוזט אויף יענע, אויף די טאַטישע, איינגעבויגענע פּלייצעס פֿאַלן... יענע קינדער פֿון די רוינירטע ייִדן טוליען זיך דאָ אין דער גרויסער שטאָט אין געדונגענע ווינקלען, און די מער גליקלעכערע אין צוזאַמענווינונגען פֿון זאַוואָדן, ווו זיי אַרבעטן שוין ביי די פֿייל־און טאָקער־וואַרשטאַטן, ביי די פּלעטהאַמערס און שמעלצאויוונס, ווילן אויסקויפֿן די „זינד״ פֿון די טאַטעס און אויסשמידן די גרויסע, די סאָוועטישע פֿעלקער־פֿריינטשאַפֿט; זיי אַרבעטן אין די לעדער־און ניי־פֿאַבריקן, ביי די שטריק־און וועב־שטולן... אין די אָוונטן, נאָכן שווערן טאָג אַרבעט קומען זיי אין דעם קלוב „דריטער אינטער־נאַציאָנאַל״ צו רעדן ביי אַ גלעזל טיי אויף אַ קול ייִדיש, זיך באַגעגענען און טרעפֿן מיט „זעמליאַקעס״, זיך טיילן מיט זייערע פֿריידן און ליידן, קומען איינער דעם צווייטן, צו הילף, און אויך דערשפּילן דאָרטן יענע שטילע, די נאָך צניעותדיקע, די נאָך לבֿנה־שטעטלדיקע ליבעס...

און אויך הערן דאָרטן, אינעם „דריטן אינטערנאַציאָנאַל״, ווי די היגע, קאַמענשטיין און האַלדעס, און אויך די געסט, די אָנגעקומענע פֿון מאָסקווע און פֿון מינסק, ליטוואַקאָוו און דוניעץ, קנעלן איין מיט בערגעלסאָנען און ניסתּרן, מיט מאַרקישן און האָפֿשטיינען, מיט קוויטקאָן און פֿינינבערגן הילכות מאַרקסיזם־לעניניזם, טייטשן זיי אויס דעם שולחן־ערוך, די דינים פֿון היסטאָ־רישן און דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם; קנעלן מיט זיי דאָרטן איין און מיט דער בייטש, ווי אַזוי מ׳דאַרף שרייבן פֿאַר די ייִדיש־רעדנדיקע אַרבעטער: נאַציאָ־נאַל לויט דער פֿאָרעם, און סאָציאַליסטיש לויטן אינהאַלט, און זיי טאָרן אויף קיין איין מינוט ניט פֿאַרגעסן אַז ייִדן, ווי דער גרויסער סטאַלין לערנט, זיינען ניט קיין נאַציע... — האָט זיך דאָ איינער, אַ בעלאַצערקווער, אַ ברייט־פּלייציקער האַרבער־בחור, מיט גרויסע אויגן און קליינינקע קיילעכדיקע אויערן, ווי ביי אַ בער, אויפֿגעשטעלט און געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס שרייבט מען עפּעס אין ערגעץ ניט, אין קיינע שום צייטונגען רוסיש־רעדנדיקע, אוקראַיניש־רעדנדיקע, גרוזיניש־רעדנדיקע אַרבעטער? פֿאַרוואָס? זיינען עפּעס נאָר מיר ניט קיין ייִדישע אַרבעטער, נאָר ייִדיש־רעדנ־דיקע אַרבעטער? פֿאַרוואָס? און נאָך וויל איך וויסן, און כ׳בעט דעם לעקטער מיר דערקלערן: פֿאַרוואָס זיינען מיר, ייִדן, ניט קיין נאַציע? לעבן מיר דען ניט, שוין העכער טויזנט יאָר, אויף איין טעריטאָריע, אויף אוקראַינע, ווייס־רוסלאַנד, ליטע, פּוילן... אַריבער ניין מיליאָן ייִדן לעבן מיר דאָ אויף איין

אויסשפרייט, אויף איין שטח, אויף איין ערד־לאַנד, מיר האָבן אַן עקאָנאָמיק, מיר האָבן קלאַסן און שיכטן, מיר פֿאַרמאָגן אַן אייגענע שפּרודלדיקע קוואַליקע שפּראַך, וואָס איז ניט ייִנגער פֿון אַלע שפּראַכן אין אייראָפּע, און אויף איר איז געשאַפֿן געוואָרן אַ גרויסע וועלט־ליטעראַטור און קולטור. ס׳האָבן אין איר, אין אָט דער שפּראַך, געשלאָגן פֿרישע שטאַרקע שטראָמען, רעליגיעזע און וועלטלעכע; און אויך האָבן מיר איין גרויסע און איין בלוטיקע געשיכטע! וועל איך דאַרפֿן זאָגן מײַן קינד, אַז ער איז ניט קיין ייִד, נאָר אַ ייִדיש־רעדנדיקער? — און ער איז פֿון זאָל אַרויסגעלאָפֿן.

און מער האָט מען שוין אים, צאַליק כאַימאָוויטשן, וואָס איז איין מאָל געקומען צו אלישען לייענען אַ דערציילונג „נעכט אויפֿן טײַך ראָס"... מער האָט מען שוין אים, יענעם ערדיש־געזונטן, יענעם יונגן טאַלאַנטפֿולן אָנהייבער, קיינער און קיינמאָל ניט געזען. אויך ער, צאַליק כאַימאָוויטש, ווי אַ קנאָספּ אויפֿן פֿראָסט, איז אומגעקומען דאָרטן, אין סמערדיאַקאָוו דעם צווייטנס, לאַגערן. זאָל זײַן נאָמען ניט פֿאַרגעסן ווערן!

און שוין מיט אַ ניט צו דערקלערן, שוין מיט אַן אומבאַנעמלעכן און פֿאַרהוילענעם טרויער, שוין נאָך דער בלוטיקער שׂרפֿה־שקיעה צווישן די צוויי מויערן, ווי בײַ די אָפּגעשיילטע וועגט ליגן די פֿון הונגער אויסגעגאַנגענע קינדער, שוין מיטן געפֿיל וואָס טרײַבט צו ייִאוש, שפּאַנט ער ווײַטער איבער די אויפֿדערנאַכטיקע טונקל־באַלויכטענע כאַרקאָווער גאַסן און ווייסט ניט: וועט ער אין אָט דעם גערעַנגל מיטן שׂטן אויך פֿאַלן ווי די מאַמע זײַנע מיטן טרויע־ריקן שמייכל אויף די ליפּן:

— שווער, הוי, ווי שווער, אָבער מיר דאַרפֿן אויסשטיין און בײַקומען!

ווייסט ער דאָך אָבער גוט, אַז זי, די שטאָלצע און שטאַרקע נאַהאַדיִערן, וואָס איז געגאַנגען צווישן די צעצוויטעטע סאַנישניקעס אויפֿן גאָרטן ווײַנען, קיינער זאָל אירע טרערן ניט זען, זי, די מאַמע זײַנע, איז פֿון דער רוצחישער האַנט געפֿאַלן... און ער, זײַן אַמאָליקער גמרא־מלמד, ר׳ שמואל־יאָסל, האָט אים נאָך דעמאָלטן, נאָך קליינערהייט געלערנט:

— דעם שׂטן קאָן מען ניט בײַקומען! ניין, אלישע, מ׳קאָן ניט!

און ער טרעט מיט צאָרן אויף די זיך־אַרומיאָגנדיקע גרויע שאָטנס פֿון די אָפּגעבלעטערטע און נאַקעטע, כּמעט שוואַרצע ביימער, וואָס פֿײַפֿן אויס אויף די ווינטן זייער בענקשאַפֿט נאָך אַ פֿייגל־געזאַנג אין די פֿילבלעטערדיקע וואַרעמע ראָסע־נעכט... ניין, ער וועט זיך ניט לאָזן אײַנבייגן און אויף די קני

פֿאַרן שטן ווידער פֿאַלן. ער וועט זיך מיטן גורל, וואָס איז אומברחמנותדיק ווי דער מלאך־המוות, שלאָגן זיך ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

און אין דעם יונגן דיכטער, מיט דער נשמה פֿון אַ מורד, מיטן צעווויי־כערטן קאָפּ האָר אויף די ווינטן, מיט יענע שורות, וואָס זײַנען צו אים אַזוי אומגעריכט, נאָך דער מאַמעס טויט, שוין דאָרטן, אונטערן טרויעריקן שטרוי־ענעם דאַך, אויף די אָנגעשנייטע גערטענער, יענע שורות, אַוודאי ער זאָל ניט זײַן, און אַוודאי ער זאָל ניט קומען, שלאָגן זיי אָן אויפֿהער מיטן בלוט פֿון די אָדערן אין זײַן האַרצן:

כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס פֿאַלן פֿון די הייכן,

כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס יאָגן פֿון דער ערד...

אין אים, אין דעם יונגן דיכטער, פֿאַרן געבוירן ווערן פֿון זײַן קינד, נעמען דאָ מיט אַ מאָל יוירן יענע האָפֿן פֿון פֿרייד און פֿון זײַן, יענער טיפֿער אייבי־קײַט־ביטחון פֿון זײַנע זיידעס, ייִדן מיט כּוח־הדם און כּוח־הנפֿש, פֿון דעם נאָהאַדיִער, ר׳ אהרן הלוי, וואָס האָט געאַקערט אינעם טלית די ערד און געטריבן איבער די ווילדע פּאַלעסיער טײַכן פּליטן, און אויף ברייטע באַרקעס ווייץ און קאָרן, פֿעל און פּוטערוואַרג, וואַקס און האָניק, לײַן און פֿלאַקס אין די מרחקים אַרײַן... און דער צווייטער זיידע זײַנער, דער גרויסער בעל־רחמים, וואָס האָט קיין שוחט ניט געקאָנט ווערן, ר׳ אריה בן־פּנחס הכהן, וואָס האָט אין די טיפֿע יאָרן, שוין איבער די נײַנציק, עולה־רגל געווען, מיט די תּכריכים אויפֿן לײַב, קיין ארץ־ישׂראל, אײַנגעזאַמלט צו ווערן דאָרטן, בײַ דער מערת־המכפּלה... אָט דער זיידע האָט אים אויך איבערגעלאָזט אין דער נשמה דעם ניגון פֿון תּהילים בײַם אַרײַנשטעלן טאָפּליעס אין די פֿויערשע כאַטעס, און אויך, און דער עיקר, יענעם אייביקן וואָגל־און וואַנדער־ניגון פֿון דעם אַלטן וואָגן מיט די קרום־גייענדיקע רעדער אויף די זאַמדיקע פּאַלעסיער וואַלדוועגן.

און הגם יענע ערדישע פֿרייד פֿון לעבן און דער חיות פֿון זײַן יוירט און שפּילט אין זײַנע יונגע ביינער, און ער זעט אין די געדיכט־בלאָווע ווינטיקע הימלען דעם מולד, ווי אַ שטיקל אײַז אין אַ שוימיק־פֿינקלענדיקן כּוס שאַמ־פּאַניער ווײַן, — ער ווערט דאָך אַ טאַטע, און זי, שיינדל, אַ מאַמע, און די גאַנצע וועלט טרינקט פֿאַר זיי, און פֿאַר זייער קינד, לחיים... פֿונדעסטוועגן, שטייענדיק אויפֿן בריק איבערן טײַך „לאַפּאַן״, שוין ניט־ווײַט פֿון דעם ייִדישן מלוכה־טעאַטער, ווו דאָרטן, אין דער צוזאַמענווווינונג, ערשט הײַ־יאָר צוגע־

בויט געוואָרן פֿון סאָסנאָווע ברעטער, און שמעקן נאָך שטאַרק מיט פּעך; דאָרטן האָט זי, שיינדל, די יונגע און טאַלאַנטפֿולע אַקטריסע, וואָס פֿון דער טעאַטראַלער סטודיע „רויטע בליטן" געקומען, אַ קליין צימערל געקראָגן אויף צו האָבן וווהין דאָס קינד אירס ברענגען... און אויך ער, דער געבוירענער ביי דער שקיעה אויפֿן האַרבסטיקן גאָרטן, אלישע, אויך ער וועט שוין מער ניט דאַרפֿן ביים סקווירער שניידער אין „ווינקל" לעבן, און וועט שוין מיט ווייב און קינד פֿיר הילצערנע ווענט האָבן, און דערצו נאָך מיט אַ פֿענצטער אין הויף אַריין, וווּ ס׳רוישן צוויי אַלטע ברעזעס... און דאָך, שטייענדיק אויפֿן בריק איבערן טייך, זעט ער אין דעם נידערניש ווי די ברעגן זילבערן זיך, הייבן שוין אָן פֿאַרפֿרוירן צו ווערן, און ווייטער אַרויפֿצו, אין דער סאַמע מיט, צווישן ביידע ברעגן, אויף דעם זיך־וויגנדיקן וואַסערשפּיגל, ראַנגלט זיך דער פֿון כּוס אַרויסגעפֿאַלענער, דער שיכּורער מולד, מיט די ווינטן אויף ניט־אַראָפּצופֿאַלן אין תּהום אַריין... און עפּעס נעמען זיי אים שרעקן ביידע, סיי דער מולד אויפֿן שוואַרצן שפּיגל, און סיי די זיך־זילבערנדיקע ברעגן, ווי ער וואָלט שוין דאָרטן, אויפֿן בריק שטייענדיק געוווּסט, אַז מאָרגן וועט ער דאַרפֿן דאָ, אין דער נידער, און אויף ביי אַזאַ מולד, דעם יונגן אייז אויפֿן טייך ברעכן און טראָגן אים אַהין, און שפּיטאָל, פֿאַר שיינדלען, פֿאַר דער געווינערן, וואָס איז נאָכן האָבן אין אַ קימפּעט־פֿיבער אַריינגעפֿאַלן...

# טו

און ער, אלישע בן־מאיר, אין די גורלדיקע לבֿנון־טעג, ווּ אויף די ירוש־לימער בערג, אין לבֿנה־נעכט, זעט ער אַרומבלאָנקען חלומות און אויך יענע שאָטנס מיט די הויכע וואַנדער־פּלעקענער אין די הענט און אונטן, צופֿוסנס, אין די טיפֿע טאָלן, בליסקען שאַרף, ביז ווייטיק אין די אויגן, די אַראָפּגע־פֿאַלענע שטערן צווישן די איבערגעטרוקנט־אויסגעשאָטענע זאַנגען, צווישן דעם רוסיאַוון ווילדן האָבער... פֿון דאָרטן, פֿון יענע טעג, ביי די יהודה־בערג, ווּ ס'זיינען ווידער אָוועקגעשטעלט געוואָרן יורבעם פֿון נבֿטס, יענע שרעקלעכע צוויי גאָלדענע קעלבער: אלה אלהיך ישׂראל... פֿון דאָרטן, ביי די חלומות און שאָטן־בערג, אויף דער גרענעץ פֿון פֿרוכטיקייט און מידבר, ביי די אַזכּרה־ליכט, ווּ יעדער שורה זיינער שרייט אַרויס: גר אנוכי בארץ, פֿון דאָרטן באַגלייט ער, דער אַלטער כּהן, יענעם ווייטן גילגול זיינעם אין דעם ווינטערדיקן פֿאַרנאַכט, פֿאַרן געבוירן ווערן פֿון זיין קינד, ביי יענער בלוטי־קער שׂרפֿה־שקיעה, ווּ הינטער די פֿון אייזן געפּלאָכטענע פֿאַרזשאַווערטע טויערן, ביי די פֿון רעגנס אָפּגעשיילטע ווענט, וואַלגערן זיך אויף דער ערד די פֿון הונגער אויסגעגאַנגענע פּויערים מיט זייערע ווייבער און קינדער און דווקא דעמאָלטן, אין אַ יאָר פֿון געבענטשטער גערעטעניש... און פֿון דעם ראַדיאָ־הילכער אויפֿן ראָג הערט זיך:

— דער וועג אונדזערער פֿירט צום ליכטיקן קאָמוניזם!

און אלישע בן־מאיר זעט אים פֿון דאַנען, פֿון די בערג פֿון יהודה, יענעם ווייטן גילגול זיינעם, אויפֿן בריק איבערן כאַרקאָווער לאָפּאַן־טייך, מיטן צעשויבערטן קאָפּ האָר אויף די ווינטן, אַ צעטראָגן־און פֿאַרלוירענעם שטיין, יענער, דער יונגער דיכטער, אין גייסטיקע ווייטיקן, קאָן ניט באַנעמען און פֿאַרשטיין וואָס דאָרטן, אין דעם לאַנד פֿון סאָציאַליזם, קומט פֿאָר און פֿאַר־לויפֿט זיך. וויל ער, דער אַלטער כּהן, דער גרויסער בעל־נסיון, אים, יענעם ווייטן גילגול זיינעם, דעם תּוך, דעם תּמצית פֿון יענע געשעענישן, פֿון יענע גרויליקע און גיהנום־יאָרן דערקלערן: אָט־אָ די פּויערים, וואָס האָבן מיט ווייב

און קינד, שוין געשוואָלענע, אונטער די שפּעטהאַרבסטיקע קאַלטע רעגנס, מיט אַזוי פֿיל מאַטער־און שווערקייַטן פֿון זייערע חרובֿע דערפֿער, איבער די בלאָטיקע וועגן, צו דער שטאָט זיך דערקליבן און שוין דאָ אויף די גאַסן געפֿאַלן און פֿון הונגער אויסגעגאַנגען: אָט די טויטע פּויערים, אָט די טויטע מאַמעס און קינדער מיט די אויסגעצויגענע בלאָוו־שוואַרצע אויפֿגעלאָפֿענע פֿיס אונטער די טויערן, אָט זיי זײַנען שוין געווען דער אָנהייב פֿון יענער גײַס־טיקער פֿינצטערניש אין וועלכער די וועלט האָט אָנגעהויבן אַרײַנגיין, — אַ פֿינצטערניש, ווו ס'זײַנען פֿאַרלאָרן געוואָרן די בולטקייַטן, די מחיצות, די פֿאַרצוימונגען... ווו סמערדיאַקאָוו דער צווייטער האָט דאָ, אין דעם דזשונגלשווילי־לאַנד, גענומען ברעכן אַלע גרענעצן פֿון גוטס און שלעכטס: אַלץ איז דערלויבט! ניטאָ קיין פֿאַרבאָט און פֿאַרווער! דער ציל באַרעכטיקט און הייליקט אַלע מיטלען! און יענער, דער דײַטשישער סמערדיאַקאָוו, היטלער, איז שוין געשטאַנען אויפֿן שוועל מיט דער אָנגעשאַרפֿטער האַק איבערן יידישן פֿאָלק...

אָבער צו יענעם, צו דעם ווײַטן גילגול זײַנעם, וואָס שטייט דאָרטן אויפֿן בריק און וויגט זיך אין איינעם מיטן ערבֿ־ווינטערדיקן מולד אויפֿן שוואַרצן וואַסערשפּיגל, צו יענעם דערגייט דאָך ניט אלישע בן־מאירס קול, — צווישן זיי ליגט אַ מהלך־וועג פֿון אַ בלוטיקן האַלבן יאָרהונדערט... יענער, דער פֿיר און צוואַנציק־יאָריקער, וואָס דאַרף נאָך ערשט אַלץ אויסשטיין און ניט צעבראָכן ווערן, ניט אָנשפּאַלטן, חלילה, און ניט צעברעקלען די נשמה, ניט פֿאַרלירן, אין די גרעסטע יסורים, די פֿרייד פֿון דער ערד און דעם פֿײַערדיקן ביטחון פֿון זײַנע זיידעס, פֿילן די גאַנצע צײַט, באַזונדערס מיטן צופֿאַלן פֿון דער נאַכט, דעם מלאך־המוות, דעם ביינערדיקן, דעם אומברחמנותדיקן, און ניט אָנווערן דעם גלויבן אין דער וועלט, דער עיקר אין זײַן יידיש וואָרט... יענער יונגער דיכטער מיט די מורדישע בלוטן אין די אָדערן, יענער קאָן דאָך אים, דעם אַלטן, דעם פֿינף און זיבעציק־יאָריקן שרײַבער, וואָס וווינט שוין בײַ די בערג פֿון יהודה, אַפֿילו זיך ניט פֿאָרשטעלן. יענער איז דעמאָלטן געווען זיכער, אַז ער וועט ווי די מאַמע זײַנע בײַ זיבן און פֿערציק יאָר פֿאַלן... און יענער ראַנגלט זיך דאָרטן איינער אַליין און ער, אלישע בן־מאיר, קאָן אים דעם ווײַטן גילגול זײַנעם, מיט גאָרניט העלפֿן. ביידע זײַנען זיי עלנט, — יענער דאָרטן, און דער דאָ...

און אין די לעצטע וואָכן, ווי נאָר די נאַכט פֿאַלט צו, קומט ער טאָקע צו

אים, צום אַלטן שרײַבער, דער מלאך־המוות, טוט זיך בײַ דער טיר מיט די טרוקענעביינער אַ קלימפּערדיקן טרייסל, ווי פֿון אַ גרויסער קעלט אַרײַנגע־קומען, און דערנאָך, ווי דערוואַרעמט זיך, נעמט ער אים גלײַך אָן מיט די שאַרף־ביינערדיקע פֿינגער פֿאַרן גאָרגל, בײַם גריבעלע, און אַזוי, אַז בן־מאירן באַשלאָגן קאַלטע טראָפּנס.

— ווילסטו, הייסט עס, נאָך אַלץ ניט, — פֿרעגט בײַ אים יענער, דער ביינערדיקער, און ווי תּמיד מיטן רחמנותדיקן, מיטן מיטלײַד־און מיטגעפֿיל־קול. — ווילסטו נאָך אַלץ ניט נעמען בײַ מיר אַ ביסל לעבן פֿון יענעם אינדזל־יאָרן?

— ניין, איך וויל ניט ... — כריפּעט דער אַלטער כּהן שטיל, שיינדל זאָל ניט דערהערן. — איך וויל ניט לעבן אויפֿן חשבון פֿון יענע יאָרן ...

— אָבער דו, נאַר איינער, — גראָבן זיך די ביינערדיקע פֿינגער אין זײַן האַלדז טיפֿער אַרײַן. — וואָס מיינסטו זיך, מיינסטו טאַקע אַז איך קום שפּילן מיט דיר אין חנוכּה־דריידל? מיין ניט, ניין, אויף מײַן דריידל זײַנען קיין ניסים און געווינסן ניטאָ! הער דו, מלופּם־קינד, הער וואָס איך וועל דיר נאָך איין מאָל זאָגן ...

— מלאך־המוות, — בעט זיך דער אַלטער בײַ יענעם, בײַ דעם ביינער־דיקן. — הײַנטיקע נאַכט נאָר הײַנטיקע נאַכט שענק מיר, בײַ מיר איז די הײַנ־טיקע נאַכט אַ גרויסע נאַכט, אַ נאַכט וואָס איז פֿול מיט ליכט ... בײַ מײַן ווײַטן גילגול ווערט אַ קינד געבוירן! מײַן קינד ... — און די ביינערדיקע פֿינגער אויף זײַן האַלדז טוען מיט אַ מאָל אַ צאַפּל און ער דערפֿילט, בן־מאיר, ווי אין גריבעלע לויפֿט אים אָן פֿרישע לופֿט. דער מלאך־המוות, דער האַר פֿון פֿינצטערניש, האָט געמוזט אָפּטרעטן פֿאַר זײַן, פֿאַר אלישעס, פֿולער נאַכט מיט ליכט. פֿאַר גרויסער ליכט מוז דער טויט אָפּטרעטן. די וועלט און דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן מיטן יהי אור ... און ער דערזעט ווידער יענעם יונגן מיטן צעוויכערטן קאָפּ האָר אויף די ווינטן, — יענער לאָזט דאָרטן איבער דעם שוין גוססדיקן מולד אויפֿן שוואַרצן וואַסער־שפּיגל און גייט פֿון דעם בריק אַראָפּ.

און ער שיידט זיך שוין מער ניט, און באַגלייט אים לענג־אויס דעם טײַך, ווו די ברעגן הייבן אָן צו זילבערן זיך פֿון די ערשטע שנייען, וואָס שיטן ניט פֿון די הייכן, נאָר ווייען ווי פֿון אונטער דער ערד אַרויס. און פֿון די אַנטקעגנ־איבערדיקע, פֿון יענער זײַט טײַך, שוין פֿון די פֿינצטערע ווענט, — ווען ניט די פּערל־גרויע שײַן אין די פֿענצטער, וואָלטן זיי גאָר, אָט די מויערן, אין אַ

אייביקן חושך פֿאַרזונקען געוואָרן: פֿון דאָרטן, פֿון יענע ווענט, פֿון אַ ווײַטן ווינקל, אין דער הייך, ווי שוין אין דער פֿלאַקס־לילאָווער כמאַרע, פֿון דאָרטן, פֿון יענעם ווינקל, און הינטער אַ געדיכטן פֿאָרהאַנגל, — פֿאַרן בייז אויג פֿאַר־שטעלט און אויסבאַהאַלטן, פֿון דאָרטן זעט מען פֿאָרט צוויי ליכט ברענען... און דער יונגער אלישע בלײַבט ווידער שטיין:

— ס'איז הײַנט פֿרײַטיק צו־נאַכטס... אַ ייִד איז דאָרטן, אין זײַנע ענגע פֿיר ווענט, צווישן פֿרעמדע און פֿײַנטלעכע שכנים, מקבל שבת... ווערט אים יענער ייִד נאָענט און טײַער: פֿון דאָרטן, פֿון יענעם ווײַטן ווינקל, פֿון די צוויי ברענענדיקע ליכט אונטער דער פֿלאַקס־לילאָווער כמאַרע, גייט אַ הייליקײַט. טאָ זאָל די קדושה פֿון שבת פֿאַלן אויך אויף איר, אויף שיינדלען... און זאָל דאָס קינד וואָס וועט געבירן ווערן אום שבת, געהייליקט ווערן צום ייִדישן פֿאָלק!

און אויך דערזעט ער שוין דאָ, מיט יענעם אויג פֿון זײַן נשמה, ווי דאָרטן, אויף די גערטענער, בײַ די לעצטע מאַלווע־ריחות, בײַ די פֿאַרדאַרטע סאָנישניק־שטענגלעך, בײַ די פֿאַרטרוקנט־געלע לאָפּוכער, אונטער דעם שוין זייער אַלטן, שוין האַרט שוואַרץ־שטרויענעם דאַך, ברענען איצטער ליכט... דאָרטן אויף די גערטענער, קאָן דער שוין אינגאַנצן ווײַס־געוואָרענער טאַטע, אַפֿילו אין די ברעמען קיין איין שוואַרצע האָר ניטאָ, דאָרטן קאָן ער מקבל שבת זײַן אויף אַ קול, דאָרטן גייען ווינטן פֿון די וועלדער מיט אַ הפֿקר־ווילדן פֿײַף, — דער ווינטער גייט אויפֿן טאַטנס שטיבל מיט אַ זאַווערוכע... נאָך דער מאַמעס טויט איז ער שוין בײַם טאַטנס שבתדיקן טיש כמעט ניט געזעסן, באַלד פֿון דער היים, בײַ צוועלף יאָר, אין אַ ווינטער־נאַכט, אין דער פֿרעמדער וועלט אַוועק, אָבער יענע, דער מאַמעס בענטש־ליכט, באַלויכטן אים נאָך ביז הײַנט דעם וועג.

פֿאַר עמעצן, פֿאַר ווײַטע און פֿײַנטלעכע, פֿאַר יענע וואָס ייִדלען זיך פֿאַרן גוייִשן מאַרק, וואָס גיסן צעבערס בלאָטע אויפֿן גלות־ייִד, וואַרפֿן אין זײַן ליכטיקער נשמה שוואַרצע רוחות און שדים, מאַכן פֿאַר זונות זייערע אומגע־בראַכטע מאַמעס און שוועסטער... און אויך פֿאַר די וואָס כאַפּן שיריים בײַם סאַטמאַרער, בײַ אָט דעם חומץ־בן ייִן, בײַ אָט דעם חוטא ומחטיא את הרבים, וואָס לערנט זײַנע שאָף אַז דער אל מלא רחמים האָט געטאָן דעם ייִדישן פֿאָלק אַ חסד, אַ גרויסע טובֿה מיטן אומברענגען זעקס מיליאָן ייִדן — אַרויסגעשניטן דאָס ווילדפֿלייש... פֿון אָט דעם

וועט עס זײַן ניט צום גלייבן, — אמונה איז דאָך פֿריער פֿאַר אַלץ ליבשאַפֿט, אהבֿת ישׂראל, פֿאַרגיבנקײַט, פֿאַר זינד פֿון עלטערן צאָלן ניט די קליינע קינדער, און מיט בלוט. רשעים קריגן זיך דאָך ניט מיט גאָט! פֿאַר יענע, די ווײַטע און פֿײַנטלעכע, וועט עס זײַן ניט צום גלייבן, אָבער ס׳איז פּשוטע וואָר, טאָג־וואָכעדיקײַט, ניט־איבערגעטריבן, פֿונעם ריינעם האַרצן אַרויס: די שאָטנס אַרום אים, פֿריער אַזעלכע געדיכטע, פֿאַרבאַרגענע, אײַן־זיך פֿאַרשלאָסענע, ניסתּרדיק־פֿאַרשלייערטע, זיי, אָט די געדיכטע נאַקעטע שאָטנס, ווערן אים דאָ, בײַ דער שײַן פֿון יענע שבת־ליכט, מיט אַ מאָל דורכזיכטיקער, קלאָרער, און ער הייבט אָן אין די נאַכט־שאָטנס צו זען פֿאַרבאָרגנס... און צוריק מיט אַ סך דורות האָט אויך דער כינעזער געזאָגט:

— מ׳דאַרף זיך נאָר צו דער פֿאַרבאָרגנקײַט, צו דאָס באַהאַלטן־און פֿאַר־הוילענע קאָנען דערגראָבן. און אויב דו, דער קינסטלער, וועסט אַהין דער־גרייכן, וועלן שוין דעמאָלטן קומען די פֿאַרבן אין וואָרט, און דאָס וואָרט אין פֿאַרבן.

און הגם פֿאַרן געבוירן ווערן פֿון זײַן קינד, אין יענער אָנהייב ווינטער־דיקער נאַכט, ווו פֿון די ווײַטסטע הייכן האָבן אויף אים געיאָגט, דורכ־געשלאָגן די פֿלאַקס־לילאָווע כמאַרעס, און אָנגעפֿילט זײַן נשמה מיט הייסער ליכט, דאָך האָט ער זיך געפֿילט ווי אין יענער ערשטער נאַכט אויפֿן כוטער... דעמאָלטן, בײַם טאָג־פֿאַרגיין, אַ ווײַסע זון איז נאָך פֿון לינקס, אין ווײַטן פֿעלד, איבער דעם פֿלאַמיקן ראַבינע־בוים געשטאַנען, ס׳האָט געשמעקט מיט עפּל און מיט ערד נאָך אַ רעגן, דעמאָלטן, בײַם אָנקומען אַהין אַ באָרוועסער און אָפּגע־ריסענער, אָן אַ שום קלומיקל אין האַנט, האָבן זיי, די קרובֿים זײַנע, דעם אָנגע־טראָגענעם גאַסט אָנגעקוקט... און אים אין דרויסן אויף דער קלאָץ בײַ דער פּריזבע, אַ לוסטע פּרישן קאָרענעם ברויט, אַ ליימענע שיסל הייסע קאַר־טאָפֿליעס מיט שאָלעכץ, און אַ קריגל זויערע מילך געגעבן, און דערנאָך אים באַלייגט שלאָפֿן אין שליטן, אויסגעבעט מיט היי, אין דער שאָפּע, און אויך אויף זיך צודעקן אַ קילעמל דערלאַנגט. און דער דרײַצן־יאָריקער וואָגלער, שוין נאָך דער זשיטאָמירער ישיבֿה, ווו ער איז מיטן קוליק צוקאָפּנס, אונטער דער הרובע, אַ הונגעריקער אין קלויז בײַ די קאַלירטע פֿענצטער געשלאָפֿן. ער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויפֿן גאָרטן, ווי אָן אָנזאָג אויף זײַן גורל, ער, נאָך אַזאַ זאָטער וועטשערע, אַ מידער פֿון וועג, באַלד אין שליטן, אויף אַזאַ ווייכן און מחיה־שמעקנדיקן געלעגער, אײַנגעשלאָפֿן און ניט געהערט ווי די שקצים

האָבן אים מיטן שליטן, איבערן נאַסן גראָז, אין וואַלד אַרויסגעפּירט, און דאָרטן איבערגעלאָזט.

ער וואָלט ניט געקאָנט זאָגן זאָגן ווי לאַנג אין יענעם טיפֿן שלאָף מיטן שווערן חלום אין שליטן געווען: פֿון יענעם חלום איז אים אויף תּמיד נאָר פֿאַרבליבן: ער גייט איבער אַ וואַלד, די קרוינען שוין שיטערע, אין געלן פֿײַער פֿון האַרבסט, אין הורבעס טרוקן־שורשנדיקע בלעטער, די פֿינצטערניש מערט זיך, ווערט געדיכטער, אין הימל קיין ברעקל שטערן ניטאָ, די ביימער שוואַרצן זיך, רײַסן די הויט פֿון די הענט, פֿון פּנים, און פּלוצעם אַ הילכיק־וויסטער — אוכו, אוכו, אוכו . . . — ווייסט ער ניט וווּהין זיך אַהינטאָן און אויסבאַהאַלטן, און דאָ דערזעט ער צוויי פֿײַערלעך! לויפֿט ער אויף יענע צוויי פֿײַערלעך, אויף די גרין־ליסקענדיקע, אויף די צוויי טאָפּליעלעך: — דאָרטן איז אַ שטוב, דאָרטן וועט ער אַ מקום־מיקלט און אַ וואַרעמקײַט געפֿינען! — אָבער אַז ער דער־קלײַבט זיך, שוין מיט די לעצטע כּוחות, צו יענע גרין־פֿינקלענדיקע צוויי פֿײַערלעך, דערזעט ער גאָר אַ וואָלף שטיין . . . און מיט אַן איבערגעטרוקנטן גאָרגל, און מיט אַ ביטערקײַט פֿון פֿאַלין אין מויל, אונטער אַ גרויסער שטאַרק ליכטיקער לבֿנה, טרעפֿט ער זיך מיט שליטן אין וואַלד ליגן. און ס'איז שוין ניט חלום . . . איבערן שליטן שטייט טאַקע אַ הויכע, אַ שטאַרק ליכטיקע קײַלעכ־דיקע לבֿנה און וואַרפֿט רויטלעכע שאָטנס אויף די קלאָר־ווײַסע בערעזע־שטאַמען, און אַרויף־צו, אונטער די קרישטאָל־בליציקע שטערן, איבער די שוואַרצע יאָדלעס, אין די געדיכט־פֿאַרבלאָווטע האַרבסטיקע הימלען פֿליען און רופֿן זיך איבער שאַרעס ווילדע געגנדז... און ער זיצט אויפֿן שליטן, אין דעם אַלטן קילעם אײַנגעוויקלט, אין דער אומברחמנותדיק־קאַלטער, אין דער אומדערבאַרעמדיק־שטילער לבֿנה־ליכט, וואָס טרײַבט אַן אין זײַן פֿאַרוואָרפֿנ־קײַט אַזאַ עלנטן טרויער, אַז ער וועט שוין קיין מאָל, ביזן סוף, ניט קאָנען פֿון אים אַרויסגיין . . . יענער חלום מיט די גרין־בליסקענדיקע, מיט די צוויי האָפֿענונג־פֿײַערלעך, און אויך די בלוטיקע שאָטנס אויף די יונגע בערעזעס, אויף זיי וועלן אים שוין דאָס גאַנצע לעבן, פֿוס־טריט באַגלייטן.

און ווײַטער, מיטן ברעג־טײַך, ווו דער שוואַרצער וואַסער־שפּיגל האַלט זיך אויף די אָראַנזש־קאַלירטע זײַלן פֿון די לענג־אויס ברענענדיקע לאַמ־טערנס, אין דעם ווירבלשניי, וואָס יאָגט שוין אויך פֿון די הייכן, דערקלײַבט ער זיך צום טעאַטער, ווו ער מיט שיינדלען האָבן שוין דאָרטן, אין דער נײַ־צוגעבויטער צוזאַמענוווינונג, אַ צימערל פֿון סאָסנע־ברעטער, וואָס אין דער

היץ טרערן זיי נאָך מיט שמעקנדיקער זשיוויצע, ווי מיט גאָלדיקע טראָפּנס האָניק... אויף די טרעפּ, שוין מיט גרינלעך־טרוקענעם שניי פּאַרווייעט, ווו די צוויי קײַלעכדיקע לאָמפּן בײַם אַרײַנגאַנג זײַנען מאַטעווע פּאַרטונקלט, טרייסלט ער פֿון זיך דעם שניי אָפּ און גייט אין פּאָיע אַרײַן, שוין אין יענער שײַן, ווו מ׳טרעט, ניט־ווילנדיק, אויף די שפּיץ פֿינגער, ווײַל פֿון הינטער די ברוין־לאַקירטע טירן מיט די מעשענע גלאַנציק־לאַנגע הענטלעך, הערן זיך שוין די אומרויִק־ליריש יִדישע פֿידלען צו קושניראָווס „הירש לעקערט״. דעם ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר, פּאַן־וואַלן, שפּילט דער פֿון רומעניע געקומענער טאַלאַנטפֿולער אַרטיסט טאַרלאַ, וואָס ווערט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווי אַ „שפּיאָן״, אומגעבראַכט ווערן אין די ענקאַווועדע־קעלערן; און פֿאַרבײַגייענדיק די פּאָרטרעטן פֿון די אַקטיאָרן אויף דער וואַנט, בלײַבט ער אויף די שפּיץ פֿינגער שטיין פּאַר שיינדלס בילד מיט דעם אונטער־געשוירענעם טונקל־קאַשטאַנאָוון קאָפּ האָר, מיט די שוואַרצע אויגן, וואָס קוקן אין דער נשמה אַרײַן און דער עיקר, אין דעם ווײַס־זומערדיקן קאַפּטעלע, מיטן פֿאַרבונדענעם שוואַרצן שנירל אונטערן האַלדז... וואָלט דער דרויסן אַזוי ניט געוויכערט, וואָלט ער אונטער די פֿענצטער געשטאַנען און געוואַרט דאָרטן, אָבער נאָך דער בלוטיקער שׂרפֿה־שקיעה האָט זיך אַזאַ שנייגעוויטער אויפֿגע־הויבן, אַז דאָרטן אונטער די פֿענצטער, אין דעם ווירבל־ווויעניש... גייט ער אין בוכהאַלטעריע אַרײַן, ווו דער טעלעפֿאָן געפֿינט זיך און טרעפֿט דאָרטן דעם בוכהאַלטער, דעם ברייטהאַרציקן נדבֿן: ער גיט דאָך אַלעמען צום לעבן.

— איז אפֿשר געווען אַ קלונג פֿון שפּיטאָל?

— ניין, ניט געווען. יאָ, כ׳בין דאָ די גאַנצע צײַט. מ׳דאַרף דאָך יעדערן און אַלעמען באַזאָרגן... איר קאָנט זײַן בײַ זיך אין צימער, ווי נאָר מ׳וועט אָנקלינגען, וועל איך אײַך תּיכּף אָנזאָגן.

אָבער ער איז פֿון דאָרטן שוין ניט אַוועקגעגאַנגען, מיטן בענקל אין ווינקל זיך פֿאַררוקט, און ביז האַלבער נאַכט, איין ציגאַר נאָכן צווייטן, די ביטערע „בעלאָמאָר״־פּאַפּיראָסן גערייכערט, גערייכערט, און געקוקט אויפֿן געליימט געוואָרענעם ווײַזער פֿון דעם וואַנטזייגער, און דאָך, אַז דער טעלעפֿאָן האָט געקלונגען, הערט ער ניט. און ווען דער בוכהאַלטער רעדט צו אים, פֿאַר־שטייט ער ניט זײַנע רייד.

— מזל־טובֿ אײַך!

— מיר?

— נו, יאָ, איַיך, איַיער וויַיב האָט געבוירן אַ מיידל.

— מיַין וויַיב?

— זיכער איַיערע, ניט מיַינע... שיינדל האָט איַיך געבוירן אַ טאָכטער!

און ערשט איצטער, בײַם דערהערן שיינדלס נאָמען, פֿון בענקל צום בוכ־האַלטער זיך אַ וואָרף געטאָן, גענומען אים אין דער קאַלטער ליסינע קושן און באַלד אַוועקגעלאָפֿן און דאָרטן, בײַ זיך אין צימערל, דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן, אַ האַלבע דינע גלאָז בראָנפֿן זיך אָנגעגאָסן און אויסגעטרונקען.

# טז

און דערנאָך, שוין נאָכן אויסטרינקען פֿון פֿרייד, בײַ דעם האַלבנאַכטיקן זילבער־שפּיל פֿון שנייען אויפֿן פֿענצטער, ווו אויף די יאַדלע־ראָמען ווערן די טראָפּנס זשיוויצע פֿאַרקילט און בלײַבן אַזוי, ווי טרערן פֿון בענקשאַפֿט נאָך אַ זאַווערוכע דאָרטן, אין וואַלד... שוין נאָכן אויסטרינקען אין זײַן אַליינקײַט, בײַ יענעם אָנהייב־ווינטערדיקן געוויטער, פֿאַר שיינדלען, וואָס איז שוין איבערגעקומען, דאָס קינד געהאַט, און שוין פֿון גרויסע ווײַ־ווײַענישן אַרויס: געטרונקען פֿאַר זייער טאָכטער, וואָס וועט הייסן, ווי פֿריער צונויפֿגערעדט זיך, דאַליע — מזל! גורל! — און אויך פֿאַר זיך, פֿאַר ווערן אַ טאַטע — פֿון גדלות אַפֿילו אין שפּיגל אַ קוק געגעבן און דאָרטן דערזען איינעם, ביז גאָר געראָטן אין אים, אויך מיט אַ קאָפּ צעוויכערטע האָר, מיט אַ טונקל־מאָגערן לענגלעכן פּנים, און אויך מיט שמאָלע אויגן... יענער דאָרטן, אין שפּיגל, און דאָס איז גוט און קלאָר צו זען, ווערט אין זײַן אייגענער פֿרייד אויך ניט פֿאַרלאָרן, ווערט ניט אַ צווייטער, אַן עמעצער, וואָס אַלץ אַרום הייבט אָן צו ענדערן און בײַטן זיך, הייבט אָן ווערן פֿאַרביקער און שענער... ניין, אויך יענער, אין שפּיגל, ווערט דאָרטן אין זײַן אייגענער פֿרייד ניט פֿאַרלוירן! און דאָך, און פֿאָרט איז יענער, וואָס איז אַזוי ענלעך אויף אים, יענער מיט די שמאָלע אויגן, די תּמיד צוגעזשמורעטע, ווי געוואָלט אַרײַנקוקן אַהין, ווו ס׳שטייט אַ פֿינצטערניש... יענער איז פֿאָרט ניט מער ווי אַ ווײַטער שאָטן זײַנער, יענער הערט דאָך ניט דעם ווונדערלעכן זילבער־שפּיל פֿון די שנייען אויפֿן פֿענצטער.

און ער רוקט פֿון זיך דעם שפּיגל אָפּ, הערט זיך ווײַטער אײַן ווי די שנייען שפּילן דעם אַרײַנפֿיר צום גרויסן ווינטער־ניגון, און נעמט זיך אַראָפּלאָזן אַהין, אין דער טיפֿעניש פֿון זײַן נשמה, ווו ס׳לעבן זײַנע שווערע קינדער־יאָרן, דער כוטער מיט דער תּליה, יענע ווײַ־און צאָרן־ברינימער פֿון וועלכע ער שעפּט זײַן פֿרייד און גלויבן... און אויך דאָרטן, אין דער טיפֿעניש פֿון זײַן נשמה, הערט ער ווי אין פֿענצטער וווּען ביטער די צוויי נאַקעטע בערעזעס אויפֿן

ווינט און ווי דער ייִד דאָ, אין דער גרויסער פֿרעמדער שטאָט, צווישן פֿיינט־לעכע שכנים, מיטן פֿאַרהאַנגל פֿאַרשטעלט די צוויי ליכטלעך אויפֿן טיש, באַגעגנט מיט פֿרייד דעם שבת קודש, און אויך הערט ער ווי זײַן אַלטער טאַטע דאָרטן, אויף די גערטענער, אונטערן גראָבן שוואַרצן דאַך, וואָס ווערט איצטער מיט ווײַסער פֿינצטערניש פֿאַרשאָטן, זינגט מיט טרויער: קומי צאי מתּוך ההפֿכה רבֿ לך שבֿת בעמק הבכה... — ער, מיט די גאולה־זוכנדיקע אויגן, זײַן טאַטע, איז אויסגעשטאַנען די פּאָגראָמען און נגישות פֿון אַלעק־סאַנדער דעם דריטן, פֿון ניקאָלײַ דעם צווייטן, די שחיטות פֿון פּעטליוראָ און וויניטשענקאָ, און איצטער, שוין אין דעם לאַנד פֿון סאָציאַליזם, איז ער אָ „לישעניעץ״ אָ „שעדלעכער עלעמענט״, און בײַ אים ניט נאָר דעם ביסן פֿון מויל אַרויסגעריסן, נאָר אויך זײַן מקום־קדוש צוגענומען און פֿאַר אָ שטאַל צו האַלטן קלעצער געמאַכט. האָט דער משוגענער, פּיטשע, אין איינער אָ נאַכט די אַמאָליקע טשערנאָבילער קלויז אונטערגעצונדן. און אַז מ׳האָט אים אין מיליציע געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס האָסטו אונטערגעצונדן?

האָט ער, פּיטשע, דעם לינקן, דעם שטענדיק צוגעמאַכטן אויג אויפֿגעעפֿנט:

— איך האָב געוואָלט הערן ווי אין דעם פֿלאַקער פֿון די טרוקענע קלעצער רוישט דער לעבעדיקער וואַלד... כי־כי!

און אויך דעמאָלטן, אין יענער גרויסער יום־טובֿ־שבתדיקער נאַכט פֿון זײַן קינדס קומען אויף דער וועלט, און אויך דאָרטן, אין דער טיפֿעניש פֿון זײַן נשמה, טראַכט ער מיט ווייטיק פֿון די פֿון הונגער געשטאָרבענע פּויערים, וואָס בכּיוון און מיט אויסגערעכנטקייט האָט מען דאָס ברויט בײַ זיי ביזן לעצטן זערנעלע צוגענומען און דערנאָך אויף אַלע מאַרקן פֿון דער וועלט פֿאַר שפּאָט ביליק פֿאַרקויפֿט... — האָט מען זיי, די פֿון הונגער געשוואָלענע, די טויטע קינדער, פֿון אונטער די טויערן, כאַטשבי פֿאַר חרפּה, אויף די וועגענער אַרויס־געפֿירט, צי זײַנען זיי דאָרטן פֿאַרבליבן ליגן אויף די גאַסן און ווערן מיט שניי פֿאַרווייעט, און ס׳ווערן שוין אַלע גרענעצן פֿון גוטס און שלעכטס, פֿון בושה און חרפּה פֿאַרשאָטן?

און ווײַטער, נאָכן אויסטרינקען די האַלבע גלאָז בראָנפֿן, אין דעם קליי־נעם צימערל פֿון דער צוזאַמענוווינונג, ווו אַלע שכנים זײַנע, די אַקטיאָרן, שלאָפֿן שוין, נאָר די צוויי נאַקעטע בערעזעס אין הייפֿל קלאַגן אויף די ווינטן,

דאָרטן טראַכט ער: — ווײל מען דערמיט וואָרענען, ווײל מען אַז יעדער אײנער זאָל מיטן אויג זען, אַז מרידה, אַז קעגנשטעלן זיך, וועט אומברחמנותדיק דער־שטיקט ווערן, און אין נאָמען פֿון פֿאָלק!... און דאָך, שוין ניט בײַ זיך אין רשות געווען, ווי דער ווייגעשריי וואָלט געמוזט אַרויסגעריסן ווערן, נעמט ער פֿון טישקעסטל אַ פּאָר בויגנס געלבלעכן פּאַפּיר אַרויס, און אויך די פּען, וואָס איז שוין מיטן פֿײַלעכל פֿאַרשניצט ביז צו האָר־דינקײַט, און הייבט אָן מיט זײַן ביז גאָר דריבנעם, נאָר קלאָרן האַנטשריפֿט צו שרײַבן פֿון דעם יונגן פּויער, וואָס האָט זיך מיט האַק און ווילע קעגן די פּריצים געשטעלט, די גיטער זייערע און מאַיאָנטעקס געצונדן, און אַ געשמידטער אין קייטן קיין סיביר אויף קאַטאָרגע געגאַנגען... און שפּעטער, נאָך דער רעוואָלוציע, איז ער, דער בונטאָר, דער אַמאָליקער אויסגעדינטער סאָלדאַט, דער וואַכמײַסטער פֿון דער צאַרישער קאַוואַלעריע, לעווקאָ לאָבאָדאָ, צו די באָלשעוויקעס אַוועק, ווײַל יענע האָבן צוגעזאָגט די פּריצישע ערדן מיט יושר צעטיילן, איטלעכן האָליש און באַטראַק וועט זײַן הויף און זײַן נחלה האָבן... ער, לעווקאָ לאָבאָדאָ, ווי נאָר פֿון די סיבירער שנייען אַרויס, מיט דעם פֿינפֿעקיקן שטערן אויף דער קוטשמע, מיט דער רויטער ליענטע אויפֿן פּעלצל, גענומען זיך שלאָגן מיט מסירת־נפֿש פֿאַר לענינען, געגאַנגען מיטן ביקס און שווערד אויפֿן שאַרף פֿון מעסער, און איז מיט דער רויטער אַרמיי, שוין ווי אַ קאָמאַנדיר פֿון אַ באַטאַ־ליאָן, צו זײַן דאָרף דערגאַנגען, וווּ אַלטע טאַטע־מאַמע, וווּ זײַן ווײַב, נאַסטיאַ, און די קינדער זײַנע לעבן.

און אָט דאָרטן, פֿאַר דעם ערבֿ־ווינטערדיקן דאָרף, נאָך דער בלוטיקער שׂרפֿה־שקיעה, וווּ פֿון יענער זײַט נאָך לעבעדיקן ברייט־צעגאָסענעם טײַך, לענג־אויס דעם הויכן און באַוואַלדיקטן ברעג, וווּ אין די אָקאָפּעס און ריוון זיצן זיי, די דעניקינצעס, אין גוטע לעדערנע שטיוול, אין שינעלן אויף פֿוטער אָנגע־טאָן, מיט ענגלישע קאָנסערווירטע פֿליישן און פֿישן אָנגעפּרעסן... אָט דאָרטן, נאָר אויף דעם אַנטקעגנאיבערדיקן, אויפֿן נידעריקן ברעג, אין די שפּעט־האַרבסטיקע רעגנוואָסערן, צווישן די ווערבע־און אָלכע־קוסטעס, שוין אָפּגעבלעטערטע, אָט דאָרטן, אויף די קאַלטע ווינטן, בלײַבט ער שטיין דער רויטער קאָמאַנדיר אין די צעוואָלגערטע שטיוול, לעווקאָ לאָבאָדאָ, מיט זײַן באַטאַליאָן אָפּגעריסענע רויטאַרמייער, וואָס מוזן די „ווײַסע" פֿון דאָרף פֿאַר־טרײַבן כדי דערנאָך אַ ביסל רו, אַ הייסע קאַרטאָפֿליע, און אפֿשר אויך אַ וואַרעם לײַב פֿון אַ מיידל דאָרטן האָבן... נאָר לעווקאָ לאָבאָדאָ, דער אומ־

שרעקעוודיקער פויער, נאָכן אויסהערן דרײַ מאָל די צוויי אויסשפּירער, ווי פּינקטלעך, און אין אַ וועלכער כאַטע דער שטאַב פֿון די „ווײַסע״ געפֿינט זיך, האָט דעם גראָבן ציגאַר מאַכאָרקע פֿאַררייכערט און מיט צוגעמאַכטע אויגן געהייסן די האַרמאַטן צוגרייטן, אָבער דעם באַפֿעל צו שיסן ניט געגעבן — דאָרטן, אין דאָרף, אין זײַן כאַטע, אונטערן מולד, אַ גלאַנציק־שאַרפֿער, ווי אַ סערפּ צום שניט, דאָרטן, אין זײַן כאַטע, געפֿינט זיך דער שטאַב מיט צוויי ווײַסע גענעראַלן... עפּענען דעם האַרמאַטן־פֿײַער וועלן דאָרטן אויך טאַטע־מאַמע, זײַן ווײַב, נאַסטיאַ, מיט די צוויי קינדער אומקומען. און אַהין, צו זײַן כאַטע צוגיין, געבן עמעצן דאָרטן פֿון זײַניקע צו וויסן, דאָס איז אוממעגלעך!

און דער פּויער לעווקאָ לאַבאַדאַ, בלײַבט פֿאַרן גרויסן נסיון אַ פֿאַרלוירן־צעטומלטער און מיט פֿון ווייטיק פֿאַרמאַכטע אויגן שטיין. אָבער פֿון דאָרטן, גראָד פֿון אונטער די פֿון ווייטיק פֿאַרמאַכטע אויגן, אין דעם געדיכט־ביטערן רויך פֿונעם מאַכאָרקע־ציגאַר, הייבט ער אָן צו זען ניט נאָר די אַלטע טאַטע־מאַמע, די ווײַב זײַנע, נאָר אויך זיי, די אַלע אָפּגעריסענע, די האַלב־הונגעריקע פּויערים, זײַנע סאָלדאַטן, וואָס גייען, ווי ער, אויפֿן טויט פֿאַר אַ נחלה ערד, פֿאַר אַן אייגענעם הויף מיט פֿערד און רינדער, פֿאַר אַ זאַסיקע קאָרן, וואָס זאָל דעם הויז־געזינד אויפֿן גאַנצן יאָר ברויט צו זאַט געבן; פֿאַר אַ כאַטע מיט אַ גאַנצן שטרויענעם דאַך, ווו פֿון קוימען זאָל אַ געשמאַקער ריח פֿון געדיכטן באָרשטש מיט סאַלאָ גיין... און לעווקאָ לאַבאַדאַ, דעם ציגאַר ניט דעררייכערט און די אויגן ניט געעפֿנט, הייבט אויף די רעכטע האַנט, און לאָזט זי גלײַך אַראָפּ:

—פֿײַער!— — און די מיט טויט־אָנגעגליטע האַרמאַטן־קוילן נעמען זיך שיטן אויף זײַן כאַטע וואָס אונטער דעם שאַרף־גלאַנציקן מולד, ווי אַ סערפּ צום שניט גרייט... — און דאָ פֿאַלט בײַ אים, בײַם יונגן אלישען, די פּען פֿון האַנט אַרויס. ווײַטער, און ביזן סוף, מערער און קלאָרער די קאָרט אויפֿדעקן, טאָר ער ניט. מ׳קאָן אין סכּנה שטעלן דאָס אייגענע לעבן, אָבער זייערע לעבנס, שיינדל און דעם קינדס? אַ מענטש קאָן שטעלן דעם אייגענעם קאָפּ אונטער דער האַק, אָבער ניט יענעמס. אַוודאי וועט זי, שיינדל, איבער אַלע יסורים און געפֿאַרן מיט אים גיין, אָבער דאָס קינד, דאָס ברעקעלע, דאַליע?... ניין, דער־שרײַבן די נאָוועלע ביזן סוף, זאָגן אָפֿן אַז דער פּויער לעווקאָ לאַבאַדאַ, וואָס האָט זיך צוליב אַ נחלה ערד פֿאַרן גרעסטן נסיון ניט אָפּגעשטעלט, אַ האַר־מאַטן־פֿײַער אויף זײַן כאַטע געשאָטן, ווו טאַטע־מאַמע, ווײַב און קינדער

געפינען זיך... אַז ער, יענער פויער, וואָס האָט די באָלשעוויקעס געגלייבט, געגאַנגען פאַר זיי מיט מסירות נפש זיך שלאָגן, אַז ער, לעווקאָ לאָבאָדאָ, ליגט איצטער, און אויך זיין צווייטע ווייב, נאַטאַלקאָ, און זייער טאָכטער, מאַרינקאָ, אַלע דריי ליגן זיי אונטערן טויער טויטע, פון הונגער געשוואָלן און אויפגע־לאָפענע, און ווערן דאָרטן מיט שניי פאַרווייעט און פאַרשאָטן. ניין, שטעלן זייערע, שיינדל און דאַליעס קעפ אונטער דער האַק? ניין, עמעצער וועט אַזוי אויך זיך אַנשטויסן, אויפן סליד קומען, צום פאַרבאָרגענעם מיין דערגיין און וועט שוין אַליין ביי זיך אין האַרצן די נאָוועלע דערשרייבן. אין אַזאַ פינצטער־און אימהדיקייט, אין אַ צייט ווען אַלע הייליקייטן זיינען אויפן מיסט אַרויסגע־וואָרפן געוואָרן, ווען די האַק גייט מיט אַזאַ אַכזריות איבער וועלדער...

— שווער, אלישעלע, הוי, ווי שווער, נאָר מיר דאַרפן דאָס אויסשטיין און בייקומען.

— אָבער, מאַמע, דו ביסט דאָך געפאַלן. אַ היידאַמאַק, אַ גזלן, האָט דאָך דיך...

— גורל, אלישע, גורל! מיטן שטן קאָן מען זיך ניט ראַנגלען. ניין, אלישע, ניין!

— ר׳ שמואל־יאָסל, גראָד מיטן שטן דאַרף מען זיך שלאָגן, און ביז בלוט, ווייל ער וויל דיין נשמה... נאָר די נשמה!

— כי־כי! — דערהערט ער דאָ אויך פיטשעס קול. — אַוודאי דאַרף דער שטן נאָר די נשמה... מענטשן מיט נשמות זיינען פאַר אים, פאַרן שטן, זייער געפערלעך... כי־כי; דער שטן דאַרף האָבן ניט קיין ביימער, נאָר קלעצער... כי־כי!

און ביים יונגן אלישען פאַלט דער צעוויכערטער קאָפּ אויפן טיש. וואָלט זי, שיינדל, איצטער געווען, וואָלט ער זי פון שלאָף אויפגעוועקט און די נאָוועלע פון וועגן לעווקאָ לאָבאָדאָ איבערגעלייענט. זי וואָלט פאַררייכערט און דער־נאָך איר טרעפלעך וואָרט געזאָגט, אים געשטאַרקט און באַרויִקט. אין צימערל, ווי תמיד, אַז מ׳הערט אויף צו הייצן, שטעלט זיך באַלד אַ ביטערע קעלט. און די שנייען שפּילן שוין מער ניט אין פענצטער, נאָר קלאַפּן. און די פאַרקילטע טראַפּנס זשיוויצע וועלן בלייבן שטיין ביז טאָג ווי בענקשאַפט־טרערן נאָך אַ זאַווערוכע דאָרטן, אין וואַלד.. און דאָ דערזעט ער ווי פון הינטער דעם גרינעם אָבאַזשור נעמט עמעצנס אַ האַנט גיסן פון פלעשל אין גלאָז אַריין בראַנפן. און ווען אָנגעגאָסן, הייבט זיך די האַנט מיט דער גלאָז אויף:

— לחיים פֿאַר אונדזער טאָכטער דאַליען, וואָס ביַי דיר איז היַינטיקע נאַכט ערשט געבוירן געוואָרן, און ביַי מיר איז איר היַינטיקע נאַכט שוין געוואָרן פֿופֿציק יאָר... איך מיט שיינדלען לעבן ביַי איין באַרג, און זי, דאַליע מיט אירע צוויי קינדער, ביַי אַ צווייטן באַרג... און איין באַרג פֿון דעם אַנדערן איז וויַיט, אויף מיַילן וויַיט... און די בערג קאָנען זיך ניט צונויפֿגיין...

— ווי אין נחמן בראַצלאַווערס מעשׂה?

יאָ, ווי דאָרטן, ווי דאָס האַרץ מיטן קוואַל...

— ווער ביסטו? — טוט זיך יענער אַ דריי אויס צו אלישען בן־מאיר, וואָס איז צו אים, צו זיַין וויַיטן גילגול, פֿון דאָרטן, פֿון ירושלים, אַהער געקומען. — ווער ביסטו?

— איך בין ניט חלום, און ניט שאָטן... איך בין דו, נאָר מיט יאָרן שפּעטער, אין אַ האַלבן יאָרהונדערט אַרום, שוין מיט די איבערגעפֿולטע וויי־און צאָרן־ברינימער, שויז מיט אַלע פֿיַיערדיקע רינגען אויף דער נשמה, שוין אַ פֿרעמדער אין זיַין אייגענעם טרוים, שוין אויך דאָרטן, אין דער אויסגעבענקט־און אויסגעקרענקטער היים, אַפֿילו ניט קיין וויַיטער קרובֿ, נאָר אַ דאָרן אין אויג...

— פֿון דיַינע רייד פֿאַרשטיי איך ניט קיין איין וואָרט!

— אַוודאי קאָנסטו זיי נאָך איצטער ניט פֿאַרשטיין און באַנעמען. דו קאָנסט זיך גאָר אַזוינס ניט פֿאַרשטעלן. גיס מיר אָן נאָך אַ ביסל בראָנפֿן... איך בין דיַינער אַ גילגול, אַ שפּעטערדיקער, אין אַ פֿופֿציק יאָר אַרום, שוין אַ פֿינף און זיבעציק־יאָריקער, שוין נאָך דריַי פֿערטל יאָרהונדערט גיין איבער אַזאַ פֿיַיער־בלוטיקן וועג, און ניט ווי אַ עדות, נאָר אין געראַנגל און אין געשלעג, מיט ליַיב און לעבן, און איינער אַליין... און ניט איַינגעבראָכן, און ניט איַינגעבויגן געוואָרן. איך בין נאָך אַלץ פֿול מיט צאָרן, מיט ליבשאַפֿט און מיט גלויבן.

— איך פֿאַרשטיי נאָך אַלץ ניט דיַינע רייד. איך קען דיך ניט.

— און דו קאָנסט מיך ניט קענען. אַפֿילו ביַי דיַין גרויסן כּוח־הדימיון! אָבער איך קען דיך גוט. דו ביסט מיַין וויַיטער נעכטן אויף יענעם פֿיַיער־בלוטיקן וועג. דו ביסט אַ גילגול מיַינער, פֿון די יונגע יאָרן. איך בין מיט דיר אויפֿן שיידוועג געשטאַנען און געשריען: מיר זיַינען די איובֿס פֿון אונדזער ציַיט!

— אויב דו ביסט מײַנער אַ שפּעטערדיקער גילגול, אויב דו ביסט טאַקע איך אין אַ האַלבן יאָרהונדערט אַרום, אויב בײַ מיר איז הײַנטיקע נאַכט דאָליע געבוירן געוואָרן און בײַ דיר איז איר שוין הײַנטיקע נאַכט געוואָרן פֿופֿציק יאָר . . . אויב דו ביסט טאַקע און באמת מײַן שפּעטערדיקער גילגול, טאָ דערצייל מיר פֿון יענעם ווײַטערדיקן האַלבן יאָרהונדערט, פֿון יענעם פֿײַערבלוטיקן וועג אויף וועלכן איך מיט שיינדלען, מיטן קינד, מיט דאָליען, וועלן דאַרפֿן גיין . . .

— ניין! דאָס טאָרט איר ניט וויסן! אויב איר וועט עס וויסן, וועט איר גלײַך אײַנגעבראָכן ווערן. ווען אַ מענטש זאָל וויסן זײַן ווײַטערדיקן וועג און וואָס ס'וועט מיט אים דאָרטן, אויף יענעם וועג, געשען און טרעפֿן, ווען אַ מענטש זאָל כאָטשבי אויף איין מינוט זען זײַן גאַנצן גורל, אַפֿילו ניט אויף אַ מינוט, נאָר אין אַ בליץ, וואָלט ער בײַ די ערשטע טריט געפֿאַלן. ניין, איך וועל אײַך פֿון אײַער ווײַטערדיקן גורל, פֿון אײַער שפּעטערדיקן האַלבן יאָרהונדערט, פֿון יענעם פֿײַער־יסורימדיקן וועג, ניט דערציילן.

— איז נאָך וואָס ביסטו געקומען צו מיר?

— איך האָב זיך פּשוט פֿאַרבענקט נאָך דיר. טו אַ קוש פֿאַר מיר שיינדלען. איך בין אײַך מיט אַ ווײַסער קינאה מקנא . . . איר זײַט נאָך ביידע, דו און שיינדל, אַזוי יונג און שיין, פֿולע מיט פֿײַער און מיט חן . . .

— און אויך זי, מאַלין, האָסטו נאָך אַלץ ליב?

— מאַלי איז מײַן ניט־געשטילטער ווייטיק און מײַן פֿײַערדיקסטער רינג אויף דער נשמה, און אויך זי, דאָליע . . . — און דער אַלטער אלישע בן־מאיר בײַ די בערג פֿון ירושלים, קוקט צו ווי דרײַ טונקעלע קיפּאַריסן הינטער זײַן שמאָלן פֿענצטער וויגן זיך אויף די מידבר־ווינטן, רירן אָן מיט זייערע סוף־צווײַגן די פּלוצעם פֿון הינטער די כמאַרעס אַרויסגעשווומענע האַלבע לבֿנה, וואָס טוט מיט אַ מאָל אַ וואָרף אַ סנאָפּ שײַן אויף די שוואַרצע אַזכּרה־ליכט, בײַ וועלכע ער שרײַבט ניט אַזוי פֿון זײַן לעבן, ווי פֿון זײַן נשמה . . . די נשמה פֿון דעם לעצטן ייִדישן שרײַבער פֿון די פּאַלעסיער ייִדן, פֿון די באַיאַרס, בײַ די טײַכן פֿון בבֿל־רוסלאַנד.

## יז

און יענע בלוטיקע שׂרפֿה־שקיעה צווישן די צוויי פֿון רעגנס אָפּגע־שיילטע מויערן, ווו ס׳האָבן זיך אויף דער ערד, אונטער די פֿון אײַזן־פֿאַר־זשאַווערטע שטאַכעטן, די פֿון הונגער אויסגעגאַנגענע פויערים מיט זייערע ווײַבער און קינדער געוואַלגערט, בלאָו־געשוואָלענע, מיט אָפֿענע, פֿון צאָרן ווײַסע און שרײַענדיקע אויגן צום אויפֿגייענדיקן מולד, צום בלאַנק־שאַרפֿן, ווי אַ סערפּ פֿאַרן שניט... יענע בלוטיקע שׂרפֿה־שקיעה האָט אים דעמאָלטן, פֿאַרן געבוירן ווערן פֿון זײַן קינד, געשראָקן: אין אַזאַ שפּעט־האַרבסטיקן חודש, בײַ אַזעלכע שאַרעס כמאַרעס, און מיט אַ מאָל אַזאַ שקיעה, טאַקע נאָר ווי אַן אָנזאָג, ווי אַ ניט־גוטע בשׂורה... און שקיעות האָבן אים תּמיד געשראָקן, און דערצו נאָך אַזאַ! שטענדיק האָט אים, דעם יונגן דיכטער, אַפֿילו אין די פֿריילעכסטע שעהען, אין די באַגײַסטערטסטע, באַגלייט דעם האַרבסטיקער פֿאַרנאַכט פֿון זײַן געבוירן ווערן, בײַ דער שקיעה, שוין אויף דעם ליידיקן גאָרטן, אויף די טרוקענע קרײַטעכצער, צווישן הימל און ערד, בײַ די ווינטן, וואָס טראָגן אָפּגעשאָטענע קרוינען אין פֿײַערדיקן גאָלד, אָבער שוין טויטע... און זײַן קינד ווערט שוין אַפֿילו ניט אין האַרבסט, נאָר אין אָנהייב ווינטער, און בײַ אַזאַ שקיעה אויף אומגעבראַכטע פויערים, וואָס זײַנען מיטן אַכזריותדיקן מיין פֿאַר־מישפּט געוואָרן. און יענע בלוטיקע שׂרפֿה־שקיעה, וואָס שמעקט ממש מיט רויך, שנײַדט דעמאָלטן אין זײַן נשמה אַרײַן אַ פֿײַערדיקן רינג.

און שוין יענער ערשטער ווינטער פֿון איר, פֿון דאָליעס לעבן, דאָ אויף דער ערד, האָט זיך פֿון אָנהייב אָן אַ ביז גאָר קאָלטער געשטעלט; גרין־פּראָסטיקע שנייען פֿון אונטער די גרוי־ווינטיקע הימלען, כּמעט טאָג־אײַן און טאָג־אויס, שיטן און שיטן... און זקנים, ווײַבער און קינדער, ווערן פֿון הײַזער געטריבן אויף אָפּצורייניקן די אָנגעווייעטע בערג און אַ וועג פֿאַר די טראַמווײַען, אויטאָס און בינדיוהעס מאַכן. און דאָרטן, אין זייער צימערל, אונטערן דאַך, בשכנות מיט דער גאַליאַרקע, ווו אין דער שעה פֿון הייצן שטעלט זיך אַ טרוקענע היץ אויף ניט־האָבן מיט וואס צו אָטעמען, און פֿון די נײַע, פֿון די

ניט־געפֿאַרבטע יאַדלע־ראַמען, נעמען די זשיוויצע־טראָפּנס קאַפּען, — אויך אַרומגעטעסעטע צווײַגן וויינען נאָך דער מאַמע־בוים אין וואַלד... און דערנאָך, ווי נאָר די שפּיל ענדיקט זיך, און ווי נאָר מ׳הערט אויף דעם טעאַטער צו הייצן, אַזוי שטעלט זיך דאָרטן באַלד, אין יענעם צימערל, אַזאַ קעלט, אַז ס׳ווערט שוין אַ סכּנה דאָס קינד איבערצוּוויקלען.

און דערצו, טאַקע דעמאָלטן — נאָך יענער פּלוצעמדיקער, צווישן די לאַנג־וואַכנדיקע יִיאוש־רעגנדיקע הימלען, די מיט אַ מאָל בלוטיקע שׂרפֿה־שקיעה און דער אומגעריכטער מולד מיט די שטערן אויפֿן שוואַרצן וואַסער־שפּיגל — האָט זיך ניט נאָר אַ ביז גאָר קאַלטער ווינטער, נאָר אויך אַ שווער הונגעריקער געשטעלט, — ניט אויסגעפֿאַלן אַ טאָג מ׳זאָל צו זאַט ברויט און אַ וואַרמעס האָבן.

און זי, שיינדל, נאָכן האָבן און נאָכן קימפּעט־פֿיבער, אַן אָפּגעשוואַכטע אין די כּוחות, אַ בלייכע, אָבער נאָך שענער, און די אויגן נאָך גרעסער און שוואַרצער געוואָרן, שוין מיט יענעם ווייַ און ציטער פֿון אַ יונגער מאַמע וואָס פֿילט ווי זי הייבט אָן די מילך פֿאַרלירן און וועט שוין באַלד ניט האָבן מיט וואָס דעם קינדס געשריי צו שטילן... טרינקט זי די געזאָטענע וואַסער, מיטן ברעקל מאַנפּאַסיע אונטערן צונג, אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז, און אין דער בייַנאַכ־טיקער קעלט אין צימערל צוגעקילט זיך, און אַ געשוויר איז איר אין האַלדז געוואָרן, און שוין אויך די וואַסער ניט געקאָנט מער שלינגען.

און דאָך, אין איר דעמאָלטיקן מצבֿ, און שוין שפּעט אין אָוונט, אַז דער אַלטער דאָקטער קאַהאַן איז אין דעם קאַלטן צימערל אַרייַן און מיטן קייַלעכ־דיקן שפּיגעלע אויפֿן געדיכט־געראָנצלטן געלן שטערן אין דער קראַנקערס האַלדז אַרייַנגעקוקט, אַזוי האָט ער גלייַך די מכשירים זייַנע גענומען גרייטן אויף צו עפֿענען דעם געשוויר, הגם נאָך ניט רייַף געוואָרן, נאָך פֿריציַיטיק, אָבער מיטן קלוגן און געניטן אויג מיט אַ מאָל דאָ אַלצדינג אויפֿגעכאַפּט און באַנומען, באַזונדערס דעם קינדס הונגעריקן געשריי דערהערט... און צו אלישען געזאָגט:

— נעמט דעם לאָמפּ פֿון טיש! נו, יאָ, אין האַנט אַרייַן, און לייַכט מיר צו... הייבט אויף דעם לאָמפּ העכער, ניין, ניט אַזוי... וואָס, איר פֿאַרשטייט ניט וואָס מ׳רעדט צו אייַך?

ער האָט יאָ פֿאַרשטאַנען וואָס דער דאָקטער וויל פֿון אים. אָבער די הענט

האָבן אים, אלישען, שטאַרק געציטערט. וואָלט מען דאָ אים, ניט שיינדלען, מיטן ניקלנעם קרומען שפּיזל באַדאַרפט אין האַלדז די מכּה לעכערן און אַ וועג פאַרן אייַטער דורכשלאָגן, וואָלט ער אַוודאי מיט פרייד אויף איר אָרט זיך געזעצט, נאָר זייַן דערבייַ און איר פּנים צוזעען, און בייַ דעם ליכט פון עם לאָמפּ, וואָס ער האַלט מיטביידע הענט... אין אָט דער שייַן גייט איר פּנים אין אַזאַ ווייטיק און צער אַרייַן, באַזונדערס אירע אויגן!

און דעמאָלטן האָט זי, שיינדל, וואָס אין שווערע שעהען, אַפילו וואָכן און יאָרן, קאָן זי אַריבער אירע כּוחות גייין, שוין אין גאָר גרויסער היץ, בייַ די פּערציק גראַד געווען, דעם לאָמפּ פון אלישעס הענט גענומען און דעם דאָקטער בשעת דער אָפּעראַציע אַליין צוגעלויכטן... און דער אַלטער דאָקטער האָט דערנאָך מיט באַגייַסטערטע אויגן אויף שיינדלען געקוקט און איר די האַנט, וואָס האָט דעם לאָמפּ געהאַלטן און אים בעת דער אָפּעראַציע צוגעלויכטן, און מיט אַזאַ סבלנות, בייַ אַזאַ גרויסן ווייטיק, אַ קוש געגעבן.

און נאָך זייַן אַוועקגייין האָט זי ווידער גענומען, שיינדל, טרינקען אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז מיטן צעבלוטיקטן גאַרגל וואַרעמע וואַסער, מיט אַ פּאָר לעפּעלעך מילך פאַרווייַסט, און באַלד דאָס קינד, איר דאַליע, צו דער ברוסט צוגעלייגט. און אַז דאָס קינד איז שוין אין דעם שטרויענעם וויגעלע אייַנגעדעקט געלעגן, נעמט זי, שיינדל, מיט אַ מאָל דאָס וויגן, ווייַל ניט פון זאַטקייַט, ווייסט זי, נאָר פון מיד ווערן די ליידיקע ברוסט צו זייגן איז עס אייַנגעדרעמלט געוואָרן און ס'קאָן אין יעדער רגע מיטן ביטערן הו־האַ ווידער אָנהייבן צו שרייַען... אַ פאַרצווייפלטער געשריי פון אַ מענטשן, וואָס איז אַלט צוויי וואָכן, און רופט צו הילף: — הו־האַ! הו־האַ!

און זי וויגט שיינדל איר דאַליע, — הגם צונויפגערעדט זיך דאָס קינד ניט וויגן, — ווי זי וואָלט דאָ געוואָלט איר ווייטיק פאַרוויגן, און דער עיקר, מיטן וויגן זיך ווען פאַרן קינד פאַרענטפערן!... זי גלייבט, שיינדל, אַז מיט דער נשמה פאַרשטייט דאָס קינד אַלץ, און די מענטשלעכע נשמה האָט אַ גרויסן און טיפן זיכּרון, און די אַלע אומדערקלערטע חלומות וואָס חלומען זיך דעם מענטשן — און אָפט איינער און דער זעלבער חלום, און אין משך פון דעם גאַנצן לעבן — אָט די חלומות, וואָס ניט צו דערקלערן זיי, זייַנען טאַקע פון יענע ווייַטע, פון די אין נעפּל פאַרוויקלטע פון יענע קינדישע יסורים־זיכרונות...

און דער ווייטיק אין האַלדז, נאָכן דורכלעכערן דעם געשוויר, איז איר נאָך

גרעסער און שרעקלעכער געוואָרן, דאָס זעט מען ניט נאָר פֿונעם בײַסן די ליפּן, נאָר פֿון די אויגן . . . נאָך אַזאַ טרויער אין אירע אויגן ניט געזען. דאָס איז שוין יענער טרויער פֿון אַ מאַמע פֿאַר איר קינד . . . און אירע אויגן האָבן אים אָפּט, אלישען, געשראָקן: זיי האָבן געקאָנט, אירע אויגן, מיט אַ בליק יענעמס נשמה שפּאַלטן ביזן סאַמע דנאָ. ער האָט געוווּסט, זי האָט ליב זײַן בונטאַרישע נשמה, זײַן קאָנען גיין אַליין, און ניט בײַ דער זײַט פֿון וועג . . . אויך איר נשמה איז געווען אַ בונטאַרישע, און אויך ווי זײַנע, אַן עלנטע. און אויך זי האָט שווערע קינדער־יאָרן געהאַט, — בײַ אַ יאָר מיט דרײַ חדשים אַ יתומה געבליבן. דער טאַטע אירער איז גאָר יונג, בײַ פֿיר און צוואַנציק יאָר געשטאָרבן. די מאַמע אירע איז פֿאַרבליבן מיט צוויי קלײנינקע קינדער.

און הגם דעם טאַטנס עלטערער ברודער, דער אַלטער בחור, דער פּריוואַט־לערער, דער אויטאָדידאַקט, האָט שפּעטער מיט דער אַלמנה חתונה געהאַט און געוואָלט זיי, די צוויי קינדער, דעם טאַטן פֿאַרבײַטן, דאָך איז ער פֿאַר איר, פֿאַר שיינדלען, דעם טאַטנס ברודער אַ ווײַטער און פֿרעמדער געווען . . . פֿון דעם טאַטנס מישפּחה איז איר פֿאַרבליבן דער חלום־ניגון פֿונעם זיידן מיטן הדרת־פּנים, פֿון דעם חזן, צו וועלכן זי פֿלעג קיין סטאַווישטש מיטן שליטן אויף פּסח פֿאָרן. דאָס שטעטל געדענקט זי ניט. אין זיכּרון איז איר נאָר פֿאַרבליבן אַ בערגל, שוין אַן שניי, מיט בלויע קווייטעלעך, און פֿון אויבן אַ שטיבל; און דאָרטן, אויפֿן בערגל, אין יענעם שטיבל, האָט דער זיידע, שמואל דער חזן געלעבט, — אַ ייִד מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד, מיט גרויסע טיפֿע שוואַרצע אויגן און מיט זייער אַ שײַנענדיקן פּנים. און ער פֿלעג זי, שיינדלען, בשעתן פּראַווען דעם סדר, לעם זיך אַוועקזעצן, און זי פֿלעג דעם סדר אויס־זיצן, ניט אַנטשלאָפֿן ווערן, און דעם זיידנס שיינעם און האַרציקן געזאַנג הערן. און אָט יענער ניגון איז איר אויפֿן גאַנצן לעבן אין דער נשמה אַרײַן, הגם ער פֿלעגט צו איר נאָר אין חלום קומען. מיט אָפֿענע אויגן אים קיין מאָל ניט גע־קאָנט דערמאָנען... נאָר גראָד יענער חלום־ניגון האָט זי צו דער טעאַטראַלער סטודיע „רויטע בליטן“, און דערנאָך אין כּאַרקאָווער ייִדישן טעאַטער געבראַכט.

אָבער דאָרטן האָט יענער חלום־ניגון, וואָס האָט אין איר נשמה אַרומגע־בלאָנקעט, קיין תּיקון ניט געפֿונען. דאָרטן איז די בענקשאַפֿט נאָך יענעם חלום־ניגון שטאַרקער און ווייטיקדיקער געוואָרן, דאָרטן האָט זי שוין גאָר ניט געהאַט ווו אָט יענעם חלום־ניגון אויסצושפּילן . . . אין מאַרקישעס „ניט געדאגהט“, פֿון וועגן ייִדישע באַלעגופֿים אויף די כּערסאָנער סטעפּעס, — פֿון

וואָנען האָבן זיי זיך גאָר אַהין, אַט די באַלעגופֿים־ייִדן גענומען? פֿון די שטעט־לעך זײַנען דאָך געלאָפֿן קבצנים, שוין אין אבֿיונות, וואָס האָבן קוים אויף אַ פֿערד און וואָגן געהאַט צו קויפֿן; געלאָפֿן אַהין מיט ווײַב און קינדער אויפֿצו־אַקערן דאָרטן, אויף די פֿאַרטרוקנטע ערדן, אַ שטיקל ברויט... — און קאַהאַנס „אינזשינערן", פֿון וועגן די שעדיקער אויף דער סאָציאַליסטישער בויונג. — און אַלבערטאַנס „ראָמאַן טשאַד", פֿון וועגן די זאַפּאָראָזשער קוילנ־גרעבער, וואָס די שונאים פֿון פֿאָלק שטערן זיי אויספֿילן דעם גרויסן סטאַלי־נישן פֿינפֿיאָר־פּלאַן, רײַסן אונטער די שאַכטעס, ווו אַרבעטער ווערן לעבע־דיקערהייט אונטער די פּלאַסטן באַגראָבן... — אַט די אַ פּיעסעס, אין וועלכע זי האָט באַדאַרפֿט שפּילן, האָבן נאָר אין איר נשמה טרויער געמערט, די בענק־שאַפֿט נאָך דעם חלום־ניגון געשטאַרקט און אָפֿט ביז צו ייִאוש דערפֿירט... זי האָט געוואָלט דאָס טראַגישע, דאָס פֿײַערדיקע, דאָס גורלדיקע שפּילן. איז איר אָבער ניט באַשערט געווען עמעצנס טראַגישקײַט אויף די בינע־ברעטער צו שפּילן... און זי האָט שוין דעמאָלטן געפֿילט, און שוין ניט נאָר דעמאָלטן, נאָר שוין פֿריער מיט יאָרן, שוין פֿון יענעם חלום־ניגון, וואָס האָט פֿון קליינערהייט אין איר נשמה גענומען אַרומבלאָנקען... און ניט נאָר געפֿילט, נאָר ווי שוין דעמאָלטן אויף זיכער געוווּסט, אַז ניט אויף די בינע־ברעטער, נאָר אויף דער אַכזריות־אָנגעגליטער ערד, און אַ באָרוועסע, וועט זי מיט אירע אייגענע יסורים דאַרפֿן גיין.

און שוין דעמאָלטן איז זי, שיינדל, ביז גאָר עלנט און אין בענקשאַפֿט געווען. און דאָ, און מיט איין מאָל, שוין פֿאַר אַלעמען אומגעריכט און אומדער־וואַרט, בײַם אָנקומען אויף גאַסטראָלן קיין אָדעס, אויף דער ערשטער פֿאַר־שטעלונג, טאַקע אויף די בינע־ברעטער, צווישן דעם צווייטן און דריטן אַקט פֿון „ניט געדאַגהט", בײַם באַגריסן די געסט און בײַם אונטערטראָגן בלומען די אַרטיסטן, טאַקע דעמאָלטן און דאָרטן דערלאַנגט ער, אלישע, רויזן דער אַקטריסע, וואָס שפּילט דעם באַלעגופֿס צובאַמקערן: אַ ייִדענע אין די יאָרן, שוין אַ האַלב גרויע, מיט אַן אײַנגעבויגענעם קאָפּ, ווי שוין ניט געהאָפֿט אַז ערגעץ־ווו אין דער ווײַט עפּעס גוטס פֿאַר זיך געפֿינען... און בײַם צובאַמ־קען אים, דעם באַלעגוף, ווערן איר די אויגן פֿול מיט טרויער און מ׳הערט ווי זי וואַרגט זיך ממש מיט אירע חניפֿה־רייד. און ער האָט עס איר געזאָגט, אלישע, בײַם געבן די קווייטן, אָבער זיך לעם דער ייִדענע, דער צובאַמקערן, ניט פֿאַר־האַלטן, ווײַל אַ בילעט געהאַט אויפֿן באַן, וואָס דאַרף אין צוויי שעה אַרום

אָפּגיין — ער איז צום טאַטן, אין שטעטל אַרײַן, צו די „סקאַלעס", צו די אַלטע דעמבעס אין לבֿנה־ליכט, צו יענעם אויסגעשטערנט־רוישיקן וואַסער־פֿאַל, ווו זי, מאַלי, אין דעם קלאָר־ווײַסן קלייד, אין יענער בונט־שמעקנדיקער געדיכ־טער צעבליטקײַט, מיט איר לויטער בלאָנדן קאָפּ האָר, איז צו אים דעמאָלטן אַזוי שטיל אַהין צוגעגאַנגען, פֿאַר די האָר אים אָנגענומען, דעם קאָפּ אויף אַרונטער אָנגעבויגן און הייס, ביז ווייטיק אין די ליפּן, אָנגעהויבן קושן; פֿון אַט דער אומגעריכטער באַגעגעניש האָבן אים דעמאָלטן אַלע בלוטן פֿון פֿרייד אויפֿגעקאָכט — פֿון אַזאַ שײַנענדיקער, טיף־סודותדיקער, אָבער פֿון אַזאַ יסורימדיקער פֿרייד ביז דעמאָלטן נאָך ניט געוווסט — און די גרינלעכע פֿײַערן פֿון אירע אויגן זײַנען אים ביז צום דנאָ פֿון זײַן אויסגעבענקטער נשמה אויף תּמיד אַרײַן; אַט אַהין, צום אַלטן בית־עלמין, ווו די מאַמע ליגט אונטערן שוין שוואַרצן שטיבל בײַ דער פֿון בליץ צעשפּאָלטענער בערעזע און ווו זיי, דער קרובֿ זײַנער, דער יום־הדין, ברוך־בער נאָהאַדיִער און פּיטשע,ביידע זיצן זיי דאָרטן אין די נעכט בײַם שײַטער פֿאַרדיבוקטע און קוקן מיט חסר־דעה־אויגן אין פֿלאַקערדיקן פֿײַער אַרײַן; אַט אַהין האָט ער געוואָלט פֿאָרן, אלישע, און דאָרטן, אויף די סוף־זומערדיקע גערטענער, אונטער דעם גראָבן שוואַרצן שטרויענעם דאַך, דעם ערשטן בוך פֿון זײַן דאָרפֿישן ראָמאַן פֿאַרענדיקן.

אָבער ווען שוין בײַם אַרויסגאַנג פֿון טעאַטער, שוין בײַ דער אָפֿענער דרויסן־טיר געשטאַנען, שוין מיט איין פֿוס דעם שוועל אַריבערגעטראָטן, פּלוצלינג, ניט־ויסנדיק פֿאַרוואָס און פֿאַר ווען, צוליב וואָס און וועמען, שטיין געבליבן, ווי עפּעס זייער וויכטיקס פֿאַרגעסן, ווי עפּעס איבערגעלאָזט דאָרטן אַזוינס, וואָס וועט אים שפּעטער פֿעלן, וואָס וועט זיך אים שוין אין לעבן מער ניט באַגעגענען און טרעפֿן... און אויף גיך, ווי ניט דעם באַן דאָרטן, נאָר גראָד דאָ קאָן ער צו עמעצן מיט יעדער רגע אויף תּמיד פֿאַרשפּעטיקן, כּמעט געלאָפֿן און שוין בײַם אויפֿהייבן דעם פֿאָרהאַנג, אין פֿינצטער געוואָרענעם פֿאַרטער זיך אומגעקערט, זײַן אָרט געפֿונען, און מיט אַ מאָדנעם אומרו אויפֿן סוף פֿון דעם „ניט געדאגהט" גענומען וואַרטן.

און ווי שטענדיק אין אַזאַ צושטאַנד, אין אַזאַ ניט־קלאָרער אומרויִקײַט, אין אַזאַ וואַרטן און אויף עפּעס ריכטן זיך, דאַכט זיך אים, אלישען, אַז די אַקטיאָרן דרייען זיך גלאַט אַרום דאָרטן און ווייסן ניט וווהין זיך אַהינטאָן, האָבן ניט וואָס צו זאָגן, מאַכן נאָר העוויות און אָנשטעלן, און אויך זי, די ייִדענע, דעם באַלעגופֿס צובאָמקערן, שטייט גאָר מיט פֿאַרלייגטע הענט און פֿאַרמאַכטע

אויגן, ווי מיט עפּעס ווײַטס פֿאַרטראַכט און פֿאַרקלערט... קיין וואָרט הערט ער ניט, קיין שפּיל זעט ער ניט, וויל ער שוין, און מיט פֿאַרדראָס אויף זיך, שטילערהייט אַרויסגיין און צום וואָקזאַל פֿאָרן, ווו זײַן קופּערטל שטייט שוין דאָרט פֿון אין דער פֿרי אָן, אָבער פֿון אָרט קאָן ער זיך ניט רירן.

און דערנאָך, אַז זיך פֿאַרט דערוואַרט: דער פֿאָרהאַנג הייבט אָן צו פֿאַלן, לויפֿט ער, און ווידער ניט־וויסנדיק נאָך וואָס און צוליב וואָס, אַהין הינטער די קוליסן, און נעמט דאָרטן באַדאַנקען די אַקטיאָרן — ער האָט זיי אַלע פֿון כאַר־קאָוו געקענט — פֿאַרן פֿאַרגעניגן, וואָס זיי האָבן אים מיט זייער שפּיל פֿאַר־שאַפֿט... און דערבײַ מיט די אויגן אין אַלע ווינקלען געזוכט, אויף יעדער טיר געקוקט, ווי אויף עמעצן פֿון דאָרטן געוואַרט, אָבער קיינער גייט פֿון ערגעץ ניט אַרויס. זיך פֿאַרהאַלטן דאָ פּשוט פֿון צעטראָגנקײַט. אַזעלכס טרעפֿט מיט אים אָפֿט פֿאַרן זעצן זיך צום טיש שרײַבן... געזעגנט ער זיך מיט די אַקטיאָרן: יאָ, ער אײַלט, קאָן צום פּאַיעזד פֿאַרשפּעטיקן. ער פֿאָרט אין שטעטל אַרײַן, צום טאַטן.

— מ'זאָגט אַז אײַער פֿאָטער איז אַמאָל געווען אַ גרויסער גבֿיר.

— דערפֿאַר, זאָגט מען, באַווײַנט איר אַזוי אין אײַערע דערציילונגען די יורדים, די אַמאָליקע סוחרים.

און דאָ, אַז שוין אויף די דאָזיקע רייד ניט געוואָלט ענטפֿערן, שוין געוואָלט וואָס גיכער פֿון דאַנען אַוועקגיין, דאָ דערזעט ער פֿון אַ טיר אַרויס־גיין איינע אין אַ בעז־קאָליר קלייד, אַ שיינע, מיט אַ קאָפּ טונקל־קאַשטאַנאָווע האָר און מיט שוואַרצע ווונדערלעכע אויגן. פֿרעגט ער, און אויף אַ קול:

— ס'איז אויך אַ אַקטריסע פֿון אײַער טעאַטער?

— שוין דאָס צווייטע יאָר. פֿון דער טעאַטראַלער סטודיע „רויטע בליטן".

— באַקענט מיך מיט איר...

— איר זײַט דאָך שוין באַקענט. איר האָט דאָך איר רויזן אונטערגעטראָגן.

— דאָס האָט איר געשפּילט דעם באַלעגופֿס חניפֿעניצע?

— יאָ, איך... — און אויף אים אַ לאַנגן, און עפּעס אַ זייער ערנסטן, כמעט מיט אַ פֿאַרקנייטשטן שטערן, בליק געוואָרפֿן. און אין איר בליק זײַנען אויך גרינע פֿײַערן געווען, און אויך זיי, ווי יענע, ווי מאָליס, זײַנען ביזן דנאָ אין זײַן אויסגעבענקטער און אויסגעווייטיקטער נשמה אַרײַן.

— מיר וואָלטן אפֿשר געגאַנגען צום ים?

— אין אַזאַ נאַכט בײַם ים... — זאָגט זי, און ווידער מיט יענעם בליק. —

איך האָב הײַנט צום ערשטן מאָל געזען אַ ים. אַז כ׳האָב אים פֿון דערווײַטנס דערזען, און אַזאַ צעכוואַליעטן, האָט מיך פֿאַרכאַפּט בײַם האַרצן.

— פֿון דער שיינקײַט?

— און פֿון שרעק אויך... פֿון קינדווײַז אָן חלומט זיך מיר איינער און דער זעלבער חלום... אַ ים, אַ צעכוואַליעטער ים... כאָטש איך האָב אים, דעם ים, ביז הײַנט קיין מאָל ניט געזען. אָבער ער חלומט זיך מיר, דער ים, שוין פֿון קינדווײַז אָן. — און דאָ ווידער יענעם לאַנגן און ערנסטן בליק מיט די גרינע פֿײַערן אויף אים געוואָרפֿן, ווי זיך געוואָלט פֿון זײַן פּנים דערוויסן, צי קאָן זי אים פֿון אירע חלומות דערציילן.

— און וואָס זעט איר דאָרטן אין יענעם ים?

— איר מיינט אַז ס׳האָט אויך צו אײַך אָוועלכן ס׳ניט איז שייכות?

— איך גלייב אַז יאָ...

— מיר חלומט זיך ווי ס׳טראָגן אונדז שוואַרצע וואַסער־בערג...

— אונדז? ניט אײַך אַליין, נאָר נאָך עמעצן?

— ניט מיך אַליין. נאָר נאָך עמעצן... און די שוואַרצע וואַסער־בערג וואַרפֿן אונדז אַרויס אויף אַ ברעג, און מיר וויסן ניט ווּהין זיך אַהינטאָן. פֿאַר די אויגן ליגן ווײַסע אַנגעגליטע בערג מיט זאַמד, כוואַליעס זאַמד, מידבר... וואָס זײַנען מיר דאָ אייגנטלעך שטיין געבליבן? קומט אַלע צום ים.

און שוין דאָרטן, אויפֿן ברעג פֿון שוואַרצן ים, ווּ די געדיכט גרינע כוואַליעס מיט די זילבער־שוימיקע רוקנס לויפֿן ביז צו די פֿיס, ווּ אַ שיף ליכ־טיקט און וויגט זיך אין דער ווײַט, שוין אין אַן אַנדער וועלט... דאָרטן, אויף דער סוף־זומערדיקער ערד, אויף יענעם געבענטשטן פֿײַכטן זאַמד, ווּ אין די הייכן גייען איינער אויפֿן אַנדערן פּיאַלעט־שוואַרצע וואָלקנס און די ערבֿ־רעגנדיקע געזאַלצענע ווינטן שמעקן מיט ווײַנטרויבן און דיניעס; דאָרטן, ווּ ערגעץ שרײַט אַ פֿאַרלאָרענע מעווע, האָט ער דעם באַן־בילעט אויף צו פֿאָרן אַהין, אין שטעטל אַרײַן, צו די סקאַלעס, צו די אַלטע דעמבעס אין רויטן לבֿנה־ליכט, צו דעם אין פֿײַער־וואַסערפֿאַל, צו די סוף־זומערדיקע גערטענער מיט די שוין בלינדע סאָנישניקעס... אין דער האַנט צעקנייטשט און צו אַן אַנגע־יאָגטער כוואַליע אַ וואָרף געטאָן.

און זי, וואָס האָט געקוקט ערגעץ אַ פֿאַרטראַגענע אין די רוישיקע וואַסערן, ווי געווען ערגעץ ווײַט, ווי שוין גאָר ניט דאָ הי, ווי לעם ים גאָר ניט געשטאַנען, זי האָט דאָ מיט אַ מאָל אַ ציטער געטאָן:

— איר פֿאַרט ניט?

— ניין... — און פֿאַר דער האַנט זי אַנגענומען. זי האָט ווידער, ווי פֿון נאָך אַ גרעסערער אומגעריכטקייט, נאָך שטאַרקער אַ ציטער געטאָן. און באַלד, אין רויש פֿון ים, איר קול דערהערט:

מען האָט געמיינט: ביסט אין דער פֿרעמד
פֿאַרוואָרפֿן ערגעץ ווייט,
און ניט געוווּסט, אַז דו ביסט דאָ
געוועזן די גאַנצע צייט...*

---

*) ה. לייוויק.

# יח

און נאָך יענער נאַכט, טאַקע דאָרטן, אין יענעם קאַלטן צימערל בײַם לאָפּאַן־טײַך, ווו די טראַפּנס זשיוויצע אויף די יאָדלע־ראַמען, ווי בענקשאַפֿט־טרערן נאָכן וואַלד, גילדן זיך אין דער ליכט פֿון די אָנגעווייעטע שנייען אויפֿן פֿענצטער, דאָרטן, ווו אויפֿן טישל לײַכט די גלעזענע סאַווע מיט די גרינע אויגן, דאָרטן, בײַ יענע צוויי שײַנען, — פֿון די שנייען און פֿון די גרינע סאַווע־אויגן, טרוקנט ער, אלישע, מיטן הייסן פּרעס די ווינדעלעך, מ׳זאָל דאָס קינד האָבן אין וואָס איבערוויקלען, און זי, שיינדל, דעם קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן, גיסט אין דעם צעבלוטיקט־און צעווייטיקטן האַלדז אַרײַן אַ לעפֿעלע נאָך אַ לעפֿעלע וואַרעמע וואַסער אויף צו האָבן מיט וואָס דאַליען אָנקאַרמען... און אויך דאַרף מען אַרײַנכאַפּן ביז דער טשײַניק ווערט ניט אויסגעקילט, ווײַל אַ פֿלעשל קעראָסין פֿאַרן פּרימוס קריגן קומט דאָך אָן אַזוי שווער: מ׳דאַרף פֿאַרטאָג אויפֿשטיין, אויף דער פֿערטער גאַס לויפֿן און דאָרטן, אינעם זאַווּליק, אויף דער קעלט אַ פּאָר שעה שטיין, און אַז דײַן ריי קומט שוין יאָ, איז שוין קיין גאָזע ניטאָ... און דעמאָלטן, אַז שוין ביז גאָר פֿאַרמאַטערט געוואָרן פֿון די לעפֿעלעך וואַסער, וואָס בלײַבן איר איטלעכס מאָל אין האַלדז שטיין, אויף ניט־אַראָפּצושלינגען; דער שטערן איז איר מיט טראַפּנס שוויס באַשלאָגן און די אויגן אָפֿן, אין טרויער אַרײַן... אָט דעמאָלטן, אַז שווער איז איר אַ וואָרט אַרויסצוברענגען, דערלאַנגט זי אים דאָ פּלוצעם אויף אַ בייגעלע פּאַפּיר מיט בלאָוון בלײַער אָנגעשריבן:

— לייען מיר די נאָוועלע וואָס דו האָסט דאָ אָן מיר אָנגעשריבן. לייען זי מיר נאָך אַ מאָל!

— שיינדל, ליבע, איצטער? אין אָט דעם־אַ צושטאַנד דײַנעם, בײַ אַזאַ הייץ?

נאָר זי שרײַבט ווײַטער, און שוין מיט גרויסע אותיות, און שטרײַכט זיי דרײַ מאָל אונטער: לייען מיר די נאָוועלע נאָך אַ מאָל... לייען, וועל איך אַזוי שטאַרק אונדזער טרויער און מײַן ווייטיק ניט פֿילן... — און אויך דערהערט ער דאָ איר צעבלוטיקטן קול:

— לייען מיר, לייען!

און ער לייענט איר ווידער, און אויך זיצנדיק לעם איר אויפֿן ראַנד פֿון בעט, אָבער שוין ניט בײַ דער שײַן פֿון טאָג, ווי בײַם קומען נאָכן האָבן דאָס קינד פֿון שפּיטאָל אַהיים, נאָר שוין בײַ די בײַנאַכטיקע צוויי שײַנען — פֿון די שנייען און פֿון די גרינע סאָווע־אויגן — פֿון ווען לעווקאָ לאָבאַדאַ, פֿון וועגן דעם פויער וואָס האָט זיך אַ גאַנץ לעבן ביז בלוט פֿאַר אַן אייגן שטיקל ערד געשלאָגן, אין קייטן געגאַנגען אויף אייביקער קאַטאָרגע קיין סיביר, און שפּעטער געגאַנגען נאָך לענינען, וואָס האָט אים אַן אייגן שטיקל ערד צוגעזאָגט . . .

זי האָט דעמאָלטן אויסגעהערט, שיינדל, און לאַנג געשוויגן. און ווען ער האָט ווי תּמיד נאָכן לייענען מיט די אויגן געמאָנט, געוואָלט איר פּסק־דין הערן, האָט זי אים גענומען דערציילן וועגן דער געשוואָלענער פויערטע וואָס האָט לעם איר, לעם שיינדלען, אויפֿן צווייטן בראַך־שטול, אַ פּאָרל, צוויי טויטע קינדער געבוירן, און אַליין באַלד אויסגעגאַנגען.

— דאָס איז דאָך, — האָט זי מיט אַ פֿאַרקלעמט און ציטערדיקן קול קוים אַרויסגערעדט, — דאָס איז דאָך געווען לעווקאָ לאָבאַדאַס צווייטע ווײַב מיט זײַנע צווייטע צוויי קינדער!

— קאָן איך דען אָפֿן זאָגן אַז לעווקאָ לאָבאַדאַ איז פֿון הונגער אונטערן טויער, צווישן די צוויי מויערן, בײַ דער שׂרפֿה־שקיעה אויסגעגאַנגען, און זײַן צווייטע ווײַב, פֿאַרן טויט, די געשוואָלענע פֿון הונגער . . . קאָן איך דען פֿאַר־ענדיקן אַזוי די נאָוועלע וועגן לעווקאָ לאָבאַדאַ? . . . מײַן קאָפּ קאָן איך אונטער דער האַק שטעלן, אָבער מעג איך דײַן קאָפּ, און אונדזער קינדס, אונדזער דאַליעס קאָפּ אויך אונטער דער האַק אַוועקלייגן . . . האָב איך אויף דעם מאָראַלע רעכט?

האָט זי אים דאָ, שיינדל, און שוין מיט פֿולע אויגן טרערן, בײַ דער האַנט אָנגענומען און געזאָגט: — דײַן גורל איז שוין מײַן גורל. צוליב מיר טאָרסטו אויפֿן האַלב וועג ניט בלײַבן שטיין. אָבער מיטן קינדס, מיט דאַליעס גורל . . . אָבער די נאָוועלע דאַרפֿסטו ניט דרוקן.

— פֿאַרוואָס?

— ווײַל דײַן מיין וועט צו קיינעם ניט דערגיין. ס'וועט פּשוט אויסגע־טײַטשט ווערן, אַז דאָס אַלגעמיינע, די רעוואָלוציע, שטייט העכער פֿון דאָס פּערזענלעכע, אַפֿילו פֿון דאָס סאַמע טײַערסטע, אַפֿילו פֿון טאַטע־מאַמע, פֿון

ווײַב און קינדער... און אפֿשר וועט דײַן מיין צו עמעצן, צו איין מענטשן, יאָ דערגיין, אָבער צוליב איין־און־איינציקן?

— און אפֿשר איז יענער, דער איין־און־איינציקער, אָ פֿונק אין אָ סטויג טרוקענעם היי?

— איך ווייס ניט... מיר איז אויף דעם שווער צו ענטפֿערן. אויף דעם דאַרף מען שוין זײַן אַ שטאַרק גלייביקער... און טיף־גלייביקע צאָלן תּמיד זייער טײַער, אָפֿט מאָל מיטן לעבן! זייער פֿונק פֿאַלט אפֿשר אַ מאָל אַרײַן אין אַ סטויג היי, אָבער ס׳טוט אַ פֿלאַקער און ס׳בלײַבט אַ קופּע אַש.

— פֿײַער, שיינדל, דאַרף מען אָבער זוכן אין אַש... די ייִדישע געשיכטע ליגט אונטער בערג מיט אַש, אָבער גראָד דאָרטן, אונטער יענע בערג מיט אַש, ליגט אונדזער פֿײַער.

— דו קוקסט זייער ווײַט... בײַ מײַן ייִדן, דעם סטאַווישטשער חזן, איז געווען נאָך אַ דריטער זון, בנימין, אַ ייִנגערער פֿון מײַן טאַטן מיט אַ פּאָר יאָר. ער איז נאָך ניט אַלט געווען קיין צוואַנציק יאָר. געווען איז ער אַ טיף גלייביקער, אַ מיסטיקער. ער האָט געהאַט אַ וווּנדערלעכע שטימע. אָבער קיין חזן האָט ער ניט געוואָלט זײַן. אפֿשר שפּעטער וואָלט ער געוואָרן אַ חזן אין אַ גרויסער שטאָט, אפֿשר... איז ער אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט געגאַנגען פֿון שטעטל אַרויס, אין פֿעלד אַרײַן, ליב געהאַט אין פֿעלד, אין וואַלד אַרומגיין, זײַן דאָרטן איינער אַליין. איז ער אין יענעם פֿאַרנאַכט גראָד פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם גלחס שטוב, קיינמאָל מיט יענעם וועג ניט געגאַנגען, און האָט פֿון דאָרטן, פֿון סאָד, פּלוצלינג דערהערט עמעצן זינגען. ס׳האָט געזונגען דעם גלחס טאָכטער. אַ מיידל אין זײַנע יאָרן, און זי האָט אויך געהאַט אַ וווּנדערלעכן קול... און דער קול אירער איז אים מיט אַ מאָל אין דער נשמה, ווי אַ פֿונק אין אַ טרוקענעם סטויג היי אַרײַן! און ער איז פֿון דעמאָלט אָן שוין געגאַנגען, בנימין, אַלע פֿאַרנאַכט צום גלחס סאָד הערן איר קול... און בנימין, דער טיף־גלייביקער, דער צוואַנציק־יאָריקער, האָט זיך אין צוויי וואָכן אַרום, אין אַ פֿאַר־נאַכט, אויף אַ צווײַג פֿון אַ בוים, וואָס איבערן פּלויט פֿון דעם גלחס סאָד, אויפֿגעהאַנגען. ייִדן האָבן אים הינטערן צאָם באַגראָבן...

— אַנטקעגן וואָס האָסטו עס מיר איצטער דערציילט? דו האָסט עס מיר ביז אַהער־צו, פֿון דײַן זיידנס, דעם חזנס פֿרומען מיזיניק, גאָר ניט דערציילט.

— איך ווייס אַליין ניט צוליב וואָס כ׳האָב עס דיר איצטער דערציילט... אפֿשר דערפֿאַר ווײַל מיר האָבן דאָ אָנגערירט די פֿראַגע וועגן דעם פֿונק...

און וועגן גלייביקע, וואָס דאַרפֿן פֿאַר זייער גלייבן צאָלן די העכסטע פּרײַז, מיטן לעבן.

— האָלטסטו אַז ליבע שטייט העכער פֿון גלייבן?

— ווען מײַן טאָכטער פֿאַרליבט זיך אין גלחס זון, וואָלט איך זיך אויף איר וועג ניט געקאָנט שטעלן.

— און איך וואָלט צו דעם ניט דערלאָזט, סײַדן זי וואָלט איבער מײַן טויטן גוף איבערגעטראָטן... — און זיי האָבן זיך דעמאָלטן, בײַ אָט די רייד, ביידע צעלאַכט. דאָליע איז ערשט אַלט צוויי וואָכן, און מ׳רעדט שוין פֿון איר ווי פֿון אַ פֿאַרליבטער אין דעם גלחס זון...

און דערנאָך פֿון וועגן לעווקאָ לאָבאָדאַ מער שוין דעמאָלטן ניט גערעדט, ווי מיטן פֿאַרנומען זײַן מיטן קינד, מיטן צוגרייטן און באַזאָרגן, מיטן לייען און באָרגן, גאָר אין איר, אין דער נאָוועלע, פֿאַרגעסן. און דאָ, פּלוצעם, אין אַכט טעג אַרום, בײַ האַלבער נאַכט, ליגנדיק אין אַזאַ היץ, מיט אַ צעבלוטיקט־און צעווייטיקטן האַלדז, שלינגענדיק מיט אַזאַ מאַטערניש די לעפּעלעך פֿאַר־ווײַסטע וואַרעמע וואַסער אויף צו האָבן מיט וואָס אײַנשטילן דאָס קינד, גראָד איצטער, אין דעם מצבֿ אירן, מיטן בלײַפֿען אויפֿן פּאַפּיר, און מיט גרויסע אותיות אָנגעשריבן, און דרײַ מאָל אונטערגעשטראָכן:

— לייען מיר די נאָוועלע נאָך אַ מאָל!

און ער לייענט, און אויך זיצנדיק לעם איר אויפֿן ראַנד פֿון בעט, ווי בײַם קומען מיטן קינד פֿון שפּיטאָל אַהיים, אָבער שוין ניט בײַ דער ליכט פֿון טאָג, נאָר שוין בײַ יענע, בײַ די בײַנאַכטיקע שײַנען... און זי הערט אים איצטער נאָך מיט מער אָנשטרענגעניש, שוין מיט אַלע כּוחות, שוין מיט ברייט־צעעפֿנטע, פֿון פֿיבער גלאַנציקע, און אויך מיט יענע גרינע פֿײַערן אין די אויגן, ווי בײַ מאָלין... ער ווייסט, אלישע, אַז זי, שיינדל, האָט שוין פֿון זייער ערשטער באַגעגעניש, שוין דעמאָלטן, אין יענער נאַכט, וואָס האָט געשמעקט מיט ווײַנטרויבן און מיט דיניעס, שוין טאַקע דאָרטן, אויפֿן ברעג פֿון צעכוואַ־ליעטן שוואַרצן ים, דעם עול און די אַחריות פֿאַר זײַן שעפֿערישן גורל אויף זיך גענומען... און דאָך, און דאָס ווייסט ער אויך גוט, הגם דעם עול און די אַחריות פֿאַר זײַן שרײַבערישן לעבן אויף זיך גענומען, גרייט געווען פֿאַר אים אויף מסירות־נפֿש גיין, פֿאַר קיין שום סכּנה זיך ניט אָפּשטעלן, פֿון דעסטוועגן און פֿאָרט, בײַ איר אייגענעם ניגון, בײַ יענעם, וואָס איז איר פֿון דעם סטאַווי־שטשער זיידן, פֿון דעם חזן, אין דער נשמה אַרײַן, בײַ יענעם ניגון, וואָס

חלומט זיך איר פֿון קליינערהייט און אויף דער וואָר קאָן זי אים ניט איבער־חזרן, ניט איבערזינגען... אָבער ביי יענעם, ביי איר אייגענעם חלום־ניגון געוואָלט פֿאַרבלייבן און געהאָפּט, און געוואַרט אויפֿן טאָג, ווען זי וועט איר אייגענעם, אָט יענעם טראַגישן ניגון, קאָנען אַליין אויסשפּילן.

אָבער יענער גרויסער טרוים איז ניט מקוים געוואָרן. יענער גרויסער טאָג איז ניט געקומען. יענער טראַגישער חלום־ניגון איז פֿאַרבליבן אין איר אַ ניט־אויסגעשפּילטער און שוין שפּעטער, אַ גאַנץ לעבן, אין די נעכט, געיאָגט מיט די בלוטן פֿון האַרצן אין געשלאָגן אין דער נשמה אַריין... שוין דעמאָלטן, נאָך אין סאַמע צוויט, ביים קאָנען ריכטן זיך און האָפֿן, האָט אָנגעהויבן צו ווייען מיט שוואַרצער שׂינאה: אין קיעוו איז פּלוצעם פֿאַרמאַכט געוואָרן דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט, און באַלד איז אויך דער כאַרקאָווער ייִדישער מלוכה־טעאַטער פֿאַרשלאָסן געוואָרן אויף די זעלביקע זיבן שׂינאה־שלעסער, — ס'האָבן זיך גענומען שטעלן יענע לאַנגע, יענע וויסט־און פֿינצ־טערע יאָרן... און אויך פֿון דאָרטן, פֿון דעם ארץ־ישׂראל ייִשובֿ, זיינען אַזעלכע ידיעות אָנגעקומען, וואָס האָבן זיך זיי ביידן, אלישען מיט שיינדלען, גאָר אויפֿן שׂכל ניט געקאָנט לייגן, האָבן גאָר אין אַזעלכס ניט געוואָלט גלייבן... ס'איז אָבער פֿאָרט, צום גרויסן ווייטיק, דער נאַקעטער אמת געווען: און דווקא דער אמת מיטן העברעיִשן אויסלייג, און פֿייערדיקע רינגען האָבן זיך שוין דעמאָלטן אין זייערע ביידנס נשמות אַריינגעשניטן.

און דערציילט האָט מען אָט וואָס און אָט ווי אַזוי: איינער אַ רייכער אַמעריקאַנער ייִד, אַן אוהבֿ ישׂראל, דוד שאַפּיראָ, האָט געגעבן הונדערט טויזנט דאָלאַר אויף צו עפֿענען אַ ייִדיש־קאַטעדרע אין ירושלים... און דאָ האָט זיך צעברענט און צעפֿלאַקערט דער הייליקער פֿייער אויפֿן הר־הצופֿים: — וואָס הייסט, — האָבן די יוסטע ציוניסטן באַלד אויפֿגעצאַרנט, אויפֿגע־קאָכט און אויפֿגעזאָטן געוואָרן, — וואָס, עפֿענען אַ טיר אין אוניברסיטה פֿאַר ייִדיש? — הגם די ייִדיש־לימודים האָבן געזאָלט געפֿירט ווערן נאָר אויף דעם באַנייטן, אויף דעם אַראָבעריזירטן בן־יהודה־לשון. ייִדיש האָט, הייסט עס, געזאָלט געטייטשט ווערן אויף אָט דעם העברעיִש אַזוי, ווי טובֿיה דער מילכי־קער האָט געטייטשט זיינע לשון־קודשדיקע פּסוקים אויף ייִדיש... — אָבער אַפֿילו דאָס האָט מען דאָ אויך ניט געוואָלט. די פֿלאַמיקע שׂינאה צו ייִדיש האָבן זיי, די ציוניסטן, דאָך געירשנט פֿון די משׂכּילים, פֿון יענע, וואָס האָבן ניט נאָר זיך אַליין, זייערע קינדער און אייניקלעך, נאָר אויך דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק

געטריבן צו שמד... האָט דאָך דער דאָקטאָר טעאָדאָר הערצל, בכבֿודו ובֿעצמו, פֿאַרן ווערן אַ ציוניסט, געהאַלטן: די יודען־פֿראַגע קאָן נאָר דורך שמד געלייזט ווע־דען!

און דער פֿלאַם־פֿײַער פֿון שׂינאה צו דער דרײַטויזנטיאָריקער שפּראַך, וואָס האָט געשאַפֿן אַ וועלט־פֿאָלק, אַ וועלט־ליטעראַטור, האָט זיך אויפֿגעהויבן איבערן הר־הצופֿים און זיך צעטראָגן איבער אַלע בערג און טאָלן... די אוסישקינס און די קלויזנערס, אָט די נאַציאָנאַל־אַנטיסעמיטן, האָבן גלײַך אָנגענומען די שאַרפֿסטע מיטלען קעגן דעם פּראָיעקט צו עפֿענען אַ יידיש־קאַטעדרע, כדי ניט צו דערלאָזן אַז די הייליקע שטאָט ירושלים זאָל פֿאַר־שוועכט ווערן מיט יידיש... יוסף קלויזנער, אָט דער פּראָפֿעסאָר פֿון טיפּשות און שיפֿלות, האָט מיט שוים אויף די ליפּן געשריען ביז צו אין חלשות פֿאַלן: די זשאַרגאָניסטן־קאַטעדרע וועט חרובֿ מאַכן דעם אוניבֿרסיטה העבֿרית, מ'טאָר ניט דערלאָזן אַז אין ירושלים זאָל אויפֿגעשטעלט ווערן אַ „צלם בהיכל", ס'קאָן דאָך, חלילה וחס, דערגיין נאָך צו דעם, אַז ס'זאָל דאָ אָנהויבן אַרויסגיין אַ זשאַרגאָנישע צײַטונג... דאָ, אין ארץ־ישׂראל! און דאָס וועט דאָך זײַן אַ ביז גאָר גרויסע סכּנה פֿאַרן נאַציאָנאַליזם פֿונעם העברעיִשן ייִשובֿ... מ'טאָר ניט „מטמא זײַן", מ'טאָר ניט פֿאַראומרייניקן ארץ־ישׂראל מיט יידיש, מיט דער „חוצפּהדיקער דינסטמויד מיט די צעקראַפּעטע הענט"... און אַנדערע פּראָ־פֿעסאָרן האָבן פּשוט געוואָרנט: „יידיש וועט אַרײַנדרינגען אין אוניבֿרסיטה, נאָר אויף זייערע טויטע קערפּערס!" — און מ'האָט אַרויסגעפֿירט אויף די גאַסן די יונגעלײַטלעך אין די שוואַרצע און ברוינע העמדלעך, דעם „גדוד מגיני השׂפֿה", מיט די אײַזערנע שטעקנס אין די הענט, מ'זאָל ברעכן ביינער פֿאַר רעדן יידיש, אויסקלאַפּן די פֿענצטער אין די קיאָסקן, ווו ס'ליגט אַ יידיש בוך, אונטערצינדן דרוקערײַען, ווו ס'דרוקט זיך אַ יידיש וואָרט... — און נאָך איין גרויסע און ביז גאָר וויכטיקע סיבה פֿאַר זייער שׂינאה צו יידיש האָבן זיי, די ציוניסטן געהאַט:

— היות די יעוועסעקציע רודפֿט העברעיִש אין ראַטנפֿאַרבאַנד, דאַרף מען רודפֿן דאָ, אין ארץ־ישׂראל, יידיש... און מיר זײַנען בכּוח דאָס צו טאָן! — ממש ווי שלום־עליכמס קאָזאַקן: אויב דו שלאָגסט מײַן זשיד, וועל איך הרגענען דײַנעם... — און ווער זײַנען עס געווען יענע, די יעווסעקן? זיי זײַנען דאָך אַלע געווען אַסימיליאַטאָרן, כּמעט אַלע זײַנען דאָך פֿון דאָרטן, פֿון דעם ציוניזם, אַרויסגעוואַקסן, אַפֿילו ליטוואַקאָוו...

און דער „גדוד מגיני השפה״ — פון וועמען אייגנטלעך, האָט מען עס באַדאַרפט פאַרטיידיקן העברעיִש, פון דעם ייִדיש פאָלק, פון די צוועלף מיליאָן ייִדן אויף דער וועלט? — און דער „גדוד״ האָט אָפּן געסטראַשעט מיט טעראָר: „אויב מ׳וועט אויפשטעלן אַ קאַטעדרע, ווו מ׳וועט לערנען ייִדיש אַפילו אויף עבֿרית, וועט ער, דער ׳גדוד׳, קעמפן קעגן דעם פונקט אַזוי, ווי ס׳קעמפן אַלע באַטאַליאָנען אויף דער וועלט״, ד.ה. ווי יענע, ווי די מוסאָלינים שוואַרץ־העמדלדיקע גאַרגלשנײַדער.

און דאָס אַלץ האָט דאָך ער, דער גרויסער סטאַלין, סמערדיאַקאָוו דער צווייטער, וואָס זײַנע פאַרטרעטן זײַנען געהאַנגען אין קיבוצים, אויף די מיזרח־ווענט, ווי דער וועגווײַזער און פירער פון פעלקער, ווי דער וואַרטזאָגער פון יושר און צידקות, פון שלמות און רעכטפאַרטיקײַט... און ער, דער גרויסער סטאַלין, דער שוואַרצער שונא־ישׂראל, האָט פון וועגן דער שוואַרצער שׂינאה צו ייִדיש אין ארץ־ישׂראל גוט געוווּסט, און צוגעטראָטן אָפּן צו דער צוואַנגס־אַסימיליאַציע... אָנגעהויבן חרובֿ מאַכן די ייִדישע קולטור, אומברענגען אירע שאַפערס. און ער האָט דאָס געקאָנט טאָן רויִק: קיין פראָטעסט־דעמאָנס־טראַציעס, קיין גוואַלד־געשרייען און תּעניתים בײַם כּותל מערבֿי וועלן דאָך ניט זײַן, די ציוניסטן וועלן דאָך אָננעמען אַ מויל מיט זיס וואַסער, זיי וועלן דאָך אים, סמערדיאַקאָוון, נאָר בענטשן, ער איז דאָך ווי פון גאָט אַליין געשיקט געוואָרן צו צעשטערן די שטאַרקסטע, די קיזלשטיינערנע ייִדיש־פעסטונג אין רוסלאַנד, ס׳איז דאָך פשוט אַ נס מן השמים!... גראַד דאַרטן ווו זי, די דינסט, האָט זיך אַזוי צעבליט, גראַד דאַרטן וועט מען איר, אָט דער חוצפּהדיקער דינסטמויד מיט די צעקראַפּעטע הענט איין מאָל פאַר אַלע מאָל דעם קאָפּ אַראָפּהאַקן! פּטור ווערן פון אָט דעם „צלם״... און יענע, די לינקע, די קאָמו־ניסטן, יענע וועלן דאָך אַוודאי און אַוודאי שווײַגן, יענע וועלן דאָך ווײַטער, און מיט פאַרמאַכטע אויגן, זאָגן הלל...

און ס׳איז געוועזן שווער, ביז צאַרנדיקן ווייטיק שווער, אין דעם און אין אַזעלכס צו גלייבן: ייִדן זאָלן דעם עץ־החיים, דעם דעמב אויף וועלכן זיי זיצן, מיט די אייגענע הענט, און מיט אַזאַ שׂינאה, צוליב ווײַטע שאָטנס זיך נעמען אונטערהאַקן און אומוואַלגערן און דערנאָך אין שטויב, בײַם נאַקעטן שטאַם, אויף אַ נײַעם צווײַגל וואַרטן... איז דאָך עזרא הסופר געגאַנגען מיט ייִדן פון גלות בבֿל מיט זייער לשון, מיט אַראַמעיִש, וואָס איז בײַ זיי אַלט געווען זיבעציק יאָר, און דערצו נאָך בײַם פרעמדן פאָלק גענומען... און דאָ, ייִדיש,

אַ שפּראַך וואָס דאָס פֿאָלק האָט אויסגעהאַמערט און אויסגעשמידט, אויסגע־טאָקט און אויסגעשניצט, אויסגעפֿײַלט און אויסגעשליפֿן אין משך פֿון טויזנט יאָר, — די איינציקע שפּראַך אין דער געשיכטע פֿון יידישן פֿאָלק, וואָס האָט זי בײַ קיינעם קיין גרייטע ניט גענומען, נאָר אַליין, און מיט גאונות, פֿון זערנער־לעך געשאַפֿן... — און ס׳איז שווער געווען, ביז צאַרנדיקן ווייטיק שווער געווען צו פֿאַרשטיין אָט די שוואַרצע שינאה צום יידישן פֿאָלק! נאָר ווי פֿלעג זי זאָגן די מאַמע זײַנע:

— אַלע חס־ושלומס, מײַן קינד, זײַנען אויף דער וועלט מעגלעך.

און ווען אלישעלע האָט זי שוין דעמאָלטן, שוין בעת די פּעליורישע הײַדאַמאַקעס האָבן זי פֿון דריטן וואַגאָן־טרעפּל אויף דער ערד, אויף די צעשאָטענע קוילן אַראָפּגעוואָרפֿן און אים, אלישעלען, וואָס האָט פֿאַר זײַן מאַמען מיט אַ געשריי און מיט פֿאַרבײַלטע פֿויסטן גענומען זיך אײַנשטעלן, און זיי האָבן אים דאָ מיט דער נאַהײַקע די פּלייצע ביזן ביין צעשפּאָלטן... דעמאָלטן האָט ער נאָך בײַ דער מאַמע געפֿרעגט:

— זיי זײַנען דאָך מענטשן, מאַמע, מענטשן... ווי איז עס פֿאָרט מעגלעך?

— יאָ, מײַן קינד, — האָט זי מיט טרערן אים געענטפֿערט. — מענטשן... אָבער אַלע אומגליקן אויף דער וועלט ברענגען זיי, די מענטשן.

און די ערד אונטער זייערע פֿיס האָט זיך גענומען שפּאַלטן, די ברעגן פֿונאַנדערגייין און דערווײַטערן זיך איינער פֿון אַנדערן, און מ׳האָט שוין באַדאַרפֿט אָנהייבן צו גיין איבער אַ תּהום... און זיי זײַנען ביידע, אלישע מיט שיינדלען, און מיטן קינד, מיט דאַליען אויף די הענט, מיט אָפֿענע אויגן, און מיט טיפֿן גלויבן, דער עיקר מיטן טיפֿן גלויבן, איבער יענעם תּהום אַוועקגע־גאַנגען.

עַמִּי מְאַשְּׁרֶיךָ מַתְעִים וְדֶרֶךְ אֹרְחֹתֶיךָ בִּלֵּעוּ.
מײַן, פֿאָלק, דײַנע פֿירער זײַנען פֿאַרפֿירער, און דעם
וועג  פֿון דײַנע שטעגן האָבן זיי צעמישט.
(ישעיה ג. יב)

וְאַתָּה לֵךְ לַקֵּץ וְתָנוּחַ וְתַעֲמֹד לְגֹרָלְךָ לְקֵץ הַיָּמִין.
און דו גיי ביז צום ענד; און וועסט קומען צו דײַן רו;
און וועסט אויפֿשטיין צו דײַן גורל אין סוף פֿון די
טעג.
(דניאל יב. יג)

# א

און אלישע בן מאיר בן אריה הכּהן איז איבער יענעם תּהום צו דעם טרוים פֿון זײַנע זיידעס, צו די בערג פֿון יהודה געגאַנגען, ווו יעדער שטיין איז פֿאַר אים, ווי פֿאַר אַלע פֿאַרגאַנגענע דורות, נאָענט און הייליק געווען... און מיט אים, טראָט אין טראָט, איז זי, שיינדל, מיטן קינד אויף די הענט געגאַנגען, און בײַ יעדער שפּאַן ווערן די תּהום־ברעגן איינער פֿון אַנדערן אַלץ מער און מער דערווײַטערט, צעגייען זיך, און אויף אַזאַ מהלך, וואָס איז שוין אַפֿילו מיטן דימיון ניט אויפֿצוכאַפּן .. און פֿון דעם אָפּגרונט, פֿון יענער שוואַרצער טיפֿע־ניש, ווייעט מיט אומקום. און דאָך, און פֿאַרט אין יִיאוש ניט אַרײַן, די האָפֿע־נונג און דעם גלויבן אין די אייגענע און אין די העכערע כּוחות, דער עיקר אין דער ווײַטער שײַן פֿון אייגענעם גורל ניט אָנגעווירן: אַן גרויסן ביטחון קאָן מען איבער אָפּגרונטן ניט גיין, מ׳קאָן קיין איין און איינציקן טראָט ניט שטעלן, — אָן טיפֿער אמונה פֿאַלט מען גלײַך אין תּהום אַרײַן... און דאָך אָפּט מיט צוגעמאַכטע אויגן געגאַנגען, ווײַל ס׳איז ניט פֿאַר מענטשלעכע כּוחות די גאַנצע צײַט מיט אָפֿענע אויגן איבער אַ תּהום גיין, און דערצו נאָך בײַ אַזעלכע אַנטקעגניאָגנדיקע ווינטן, וואָס פֿאַרשלאָגן די ראיה און וואַלגערן פֿון די פֿיס.

און נאָך אַ סך פֿאַלין־ביטערע און נסיון־שאַרפֿע יאָרן איבערן אָפּגרונט גיין, האָבן זיי, אלישע מיט שיינדלען, שוין בײַ די שקיעה־טעג, צו די בערג פֿון יהודה מיט צעבלוטיקטע פֿיס און מיט די פֿײַערדיקע רינגען אויף די נשמות, צו ירושלים זיך דערוואָגלט און דערוואַנדערט, אָבער אַליין. אָן איר, אָן דאָליען,

וואָס איז בײַ יענע, בײַ די קאַרפּאַטן־בערג, מיט איר מאַן און מיט זייערע צוויי קינדער דאָרטן פֿאַרבליבן.

און אין איטלעכן בריוו — שוין נאָר איין מאָל אין אַ האַלב יאָר — שרײַבט זי פֿון וועגן איר בענקשאַפֿט... „שוין באַלד צוועלף יאָר אַוועק, און מיר דאַכט זיך אַז ס'איז געווען ערשט נעכטן. די צעשיידונג מיט אײַך איז ווי אַן אומענד־לעכער צאַנווייטיק. קיין שום דאָקטער וועט דאָ ניט העלפֿן, און קאָן דאָ ניט העלפֿן"... — און צום סוף קומט ווידער אַ מאָל: „איך וואָלט זיך גאָר קיין־מאָל ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן אַז מײַן טאַטע־מאַמע וועלן מיך איבערלאָזן און אַליין אַוועקפֿאָרן. מיט מיר און מיט מײַנע קינדער אויף אייביק זיך צעשיידן, — אויף צוריק איז דאָך שוין פֿאַר אײַך קיין וועג צו מיר ניטאָ. אַלע טיר־און טויערן זענען שוין פֿאַר אײַך אויף תּמיד צו מיר פֿאַרריגלט און פֿאַרשלאָסן געוואָרן..."

און זי, דאַליע, וועט אויך צו זיי, צו אירע טאַטע־מאַמע, ניט קאָנען קומען, ווײַל איר מאַן וועט פֿון זײַנע עלטערן, פֿון זײַן היימלאַנד, ניט אַוועקפֿאָרן, הגם ער לעבט שוין לאַנג ניט דאָרטן מיט זיי, אָבער יעדן יאָר פֿאָרט ער אַהין, אין דעם פֿערגאַנער טאָל, וווּ אין די אָרום ליגנדיקע שנייען בליִען די מאַנדל־ביימער, צו זײַן משפּחה, וווּ ער פֿאַרברענגט מיט זיי זײַן אָפּרוצײַט, לעבט דאָרטן מיט זייערע מינהגים, און רעדט דאָרטן אויף זײַן מאַמע־לשון... און אויך זי, דאַליע, אלישע בן מאיר בן אר׳יה הכהנס טאָכטער, פֿאָרט מיט אים, מיט איר מאַן, און מיט ביידע קינדער אַהין, צו די געדיכט־הייסע, זיס־ריחותדיקע בורשטין־קאָליריקע ווײַנגערטנער, און פֿילט זיך דאָרטן, אויף יענער זשאַר־גליִענדיקער זון, ווײַט און פֿרעמד, פֿאַרשטייט ניט זייער לשון, נעמט ניט אויף זייער פֿירן און האַלטן זיך, זייערע מינהגים און קליידונג... און אויך זיי, די אוזבעקן, די מאַכמאַדאַנער, האַלטן זיך פֿון איר פֿון דער ווײַטנס, קוקן אויף איר ווי אויף אַ פֿרעמדער, ווי אויף איינער, וואָס איז ניט־געבעטענערהייט אין שטוב צו זיי אַרײַן, אַ זון צוגענומען און דעם לעבן זייערן נאָך מער צעטרייסלט און שוין גאָר פֿאַרשטערט.

און זי לעבט דאָרטן, די טאָכטער זײַנע, דאַליע, שוין אַ סך יאָרן בײַ די קאַרפּאַטן־בערג, מיטן מאַן אירן, מיט סאַביר־דזשאַנען, וואָס פֿון ווײַטן אוזבע־קיסטאַן, פֿון דעם פֿערגאַנער טאָל, פֿונעם קליינעם שטעטעלע מיט די מוטנע אַריק־וואַסערן; געבראַכט אים פֿון דאָרטן, ווּהין זי איז פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן נאָכן פֿאַרענדיקן דעם פֿילאָלאָגישן פֿאַקולטעט פֿון טאַשקענטער פּעדאַגאָגישן

אינסטיטוט, און געשיקט געוואָרן אין יענעם טאָל אַרײַן צו זײַן אַ לערערין פֿון רוסישער ליטעראַטור און שפּראַך אין די עלטערע קלאַסן, ווו די תּלמידים פֿאַרשטייען ניט די שפּראַך פֿון דער לערערין און זי, די לערערין, פֿאַרשטייט ניט דעם לשון פֿון די תּלמידים אירע... זיך אומקערן אָבער אַהיים, צו אירע טאַטע־מאַמע, לעבן מיט זיי צוזאַמען און אַרבעטן דאָרטן, בײַם דניעפּער, קאָן זי ניט, דאַליע: נאָכן פֿאַרענדיקן דעם פֿאַקולטעט, דאַרף זי אָפּאַרבעטן דרײַ יאָר אין יענעם אָרט וווּהין זי וועט געשיקט ווערן... און אויב מ׳זאָל זי אַפֿילו על־פּי נס, שוין יאָ פֿון דעם פֿאַרשיקטן טאָל באַפֿרײַען און דערלויבן איר פֿון דאָרטן אַוועקפֿאָרן, האָט זי דאָך ניט וווּהין צו פֿאָרן; צו אירע טאַטע־מאַמע, צום דניעפּער, צו דער קרײַנשטאָט פֿון אוקראַיִנע, צו די בליִענדיקע קאַשטאַנען־ביימער, אַהין־צו קאָן זי דאָך ניט קומען, מ׳וועט זי דאָך דאָרטן ניט צושרײַבן, און אַ ניט־צוגעשריבענע וועט מען זי אויפֿן דריטן טאָג אַרויסשיקן, און וווּהין?... און טאַטע־מאַמע וועלן איר דאָ ניט קאָנען העלפֿן. זיי וועלן זייער קינד צו זיך אין צימער ניט קאָנען אַרײַננעמען, ניט קאָנען איר אַ דאַך און אַן אָרט געבן אויף האָבן וווּהין דעם קאָפּ צושפּאַרן... דער טאַטע אירער, אלישע בן מאיר, געפֿינט זיך נאָך דערצו אַליין אויף צווישן הימל און ערד.

און אָט דעמאָלטן האָט זי, דאַליע, געמוזט אירע עלטערן, איר שוועסטערל, איר היים פֿאַרלאָזן, ווײַל נאָכן פֿאַרענדיקן די מיטלשול אין ערגעץ, אין קיין איין אוניווערסיטעט, אין קיין איין אינסטיטוט, און ניט נאָר אין קיעוו, נאָר אין גאַנץ אוקראַיִנע ניט געקאָנט אָנקומען צו לערנען ווײַטער: ס׳איז דאָך שוין געווען די צײַט פֿון אויסגעפֿינען און פֿאַר די אויערן אַרויסשלעפּן די פֿאַרשטעלט־און פֿאַרבאָרגענע ראָזענפֿעלדס און ראַבינאָוויטשעס, די „קאָסמאָפּאָליטן", אָט די קניערס פֿאַרן מערבֿ, מ׳האָט זיי דאָך באַדאַרפֿט פֿאַר אַלע פֿעל־קער פֿון דעם אומענדלעך־רחבֿותדיקן לאַנד פֿון סאָציאַליזם אַנטפּלעקן און אויף דער ליכטיקער שײַן אַוועקשטעלן: ס׳איז דאָך שוין דעמאָלטן די צײַט, די פֿאַרשפּיל צו די רוצחים אין ווײַסע כאַלאַטן געווען... מיכאָעלס איז שוין געהרגעט, און דער ייִדישער אַנטיפֿאַשיסטישער קאָמיטעט, ווי אַ נעסט פֿון שפּיאָנען און שונאים, איז שוין פֿאַרמאַכט געוואָרן; ס׳איז שוין דער רודאָלף סלאַנסקי־פּראָצעס געגאַנגען, — ער, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון דער טשעכאָסלאָוואַקישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז דער שוואַרצער פֿאַררעטער און דינער פֿון דעם „סיאָניזם"... און פֿון זיי, פֿון די גרויסע שלײַפֿערס און זינגערס פֿון ייִדישן וואָרט, פֿון זיי, פֿון די אַלטע שרײַבער, פֿון דוד

בערגעלסאָן, פֿון דעם ניסתּר, פֿון פּרץ מאַרקישן, דוד האָפֿשטיין, לייב קוויטקאָ, שמואל האַלקין, יחזקאל דאָברושינען, פֿון זיי הערט מען שוין גאָרניט, — לעבן זיי נאָך דאָרטן, אין די מ. ג. ב.־קעלערן?

און דאָ שוין גאָר דערשראָקן און פֿאַרלוירן, גיבן ייִדן איינער דעם צווייטן איבער אויפֿן אויער:

— אין לוביאַנקע זיצן שוין ייִדישע דאָקטוירים!

— פֿאַר וואָס?

און ייִדישע ביכער ווערן פֿון אַלע ביבליאָטעקן אַרויסגענומען און אונטערן שנייַדמעסער געוואָרפֿן, און דער גרייַז־גרויער אַלף־בית ווערט אויפֿן פֿייַער צעשמאָלצן . . . און דער טאַטע אירער, אין יענע טעג, איז איבערן וואַלד בייַם דניעפּער־טייַך, אָדער בייַם באַבי־יאַר, נאָך אין דעם שינעל און אין די שטיוול, אַ שוואַרץ־געוואָרענער אַרומגעגאַנגען און זי, די מאַמע אירע, נאָך דער פּלוצעמדיקער, נאָך דער גורלדיקער און שווער איבערגעטראָגענער אָפּעראַציע, גייט אין די קאַיאָרן אין שפּיטאָל אַרייַן אויף דער באַשטראַלונג . . . און דערנאָך אויפֿן גאַנצן טאָג האַרעוואָניע אין קינדערגאָרטן, צו די פֿרעמדע קינדער, און ערשט נאָכן צופֿאַלן פֿון דער נאַכט קערט זי זיך אום אַהיים.

און אָט דעמאָלט, אין יענער צייַט האָט זי, דאַליע, אירע טאַטע־מאַמע געמוזט פֿאַרלאָזן און אַהין, קיין טאַשקענט, אין ווייַטער פֿרעמד אַליין פֿאָרן, ווייַל דאָרטן האָט זיך פֿאַר איר אַ טירל אין אַן אינסטיטוט געקאָנט עפֿענען . . . אָבער שפּעטער, שוין נאָכן פֿאַרענדיקן דעם פֿילאָלאָגישן פֿאַקולטעט, ווען מ׳זאָל אַפֿילו, על־פּי נס, פֿון פֿערגאַנער טאָל באַפֿרייַען, קאָן זי זיך דאָך, דאַליע, צו איר היים ניט אומקערן, מ׳וועט זי דאָך דאָרטן ניט צושרייַבן, מ׳וועט זי ניט לאָזן אין יענעם צימערל, אויף גאָרקי־גאַס, לעם טאַטע מאַמע זיך צוטוליען . . .

האָט זי דאָרטן, דאַליע, אַ פֿאַרוואָרפֿענע אַהינצו, ווו אין דער צייַט פֿון דער מלחמה, אין עוואַקואַציע, אין כאָרעזמער קאַנט, בייַ די קאַראַקומער זאַמדן, פֿיר יאָר הונגער און שלאַפֿקייַטן אויסגעשטאַנען . . . דעמאָלטן, קליינערהייט, איז זי ניט אַליין, נאָר מיט איר מאַמע און מיט איר קליין שוועסטערל דאָרטן געווען; אָבער איצטער, אַ פֿאַרוואָרפֿן־און פֿאַרוואָגלטע, און שוין איינע אַליין, צווישן די טיאַן־שאַנער בערג, אין דעם טאָל, ווו בייַטאָג שטייען אומברחמנות־פֿאַליענדיקע היצן, און די נעכט — מידברדיקע קעלטן . . . דאָרטן, אין איר אַליין און עלנטקייַט, האָט זי זיך מיט אים, מיט סאַביר־דזשאַנען, געטראָפֿן און ער איז איר פֿרייַנד און באַשיצער געוואָרן.

און זי האָט אים דעמאָלטן געהאָלפֿן דאָרטן אויפֿן מעדיצינישן פֿאַקולטעט אָנקומען לערנען און שפּעטער, שוין נאָך סמערדיאַקאָוו דעם צווייטנס קראַפּירן, שוין נאָכן צוואַנציקסטן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר, ווען ניקיטאַ כרוש־טשאָוו, בײַם אַרויפֿקלעטערן אויף סמערדיאַקאָווס אָרט, האָט עפּעס־וואָס פֿון סטאַלינס מעשׂים־תּעתּועים געמוזט אויפֿדעקן... דעמאָלטן, אַז אין דעם דזשונגלשווילי־לאַנד זענען די אַכזריותן אויף אַ ווײַלע לינדער געוואָרן, אָט דעמאָלטן איז ער, סאַביר־דזשאַן, פֿון זײַן היים, פֿון זײַן לאַנד, פֿון זײַנע עלטערן, און מיט איר, מיט דאַליען, קיין מערבֿ־אוקראַינע אַוועקגעפֿאָרן און שוין דאָ, אויף די פֿאַר אים ווײַטע און פֿרעמדע ערדן, דעם אינסטיטוט פֿאַר־ענדיקט און אַ דאָקטער געוואָרן.

און אויך זי, דאַליע, די לערערין פֿון רוסישער ליטעראַטור און שפּראַך, נאָר שוין אין אַן אוקראַיִנישער שול, אויך זי, ווי ער, סאַביר־דזשאַן, בײַ די קאַרפּאַטן־בערג, אין דעם דאָרף בײַם וואַלד, לעבט דאָרטן אין אַ פֿרעמדער וועלט, ווײַט פֿון אירע טאַטע־מאַמע, ווײַט פֿון איר שוועסטער, און דער עיקר ווײַט פֿון איר פֿאָלק...

אָבער אלישע בן־מאיר איז זיך שוין דאָ אויף יאָרן־ווײַט דעם וועג פֿאַר־לאָפֿן. ער האָט דאָך בהדרגהדיק, טראָט בײַ טראָט געוואָלט דערציילן פֿון וועגן דעם לעבן נאָכן אַנטלויפֿן פֿון כאַרקאָוו, און פֿון זײַן באַזעצן זיך אין דער באַרגיקער שטאָט, און פֿון זײַן האַרפֿע, וואָס ער האָט שוין דאָרטן, אויף יענע דניעפּער־וואַסערן, אויף יענע ווערבע־צווײַגן, פֿאַר אַלע ווינטן אויפֿגע־האַנגען.

און ער האָט דאָך געוואָלט, דער אַלטער שרײַבער מיט דער עלנטקײַט אויפֿן קראַנקן האַרצן, שוין נאָכן אַראָפּנידערן אין שקיעה־טאָל בײַ די בערג פֿון יהודה, פֿון וועגן יענער צײַט אין דעם דזשונגלשווילי־לאַנד, ניט געאײַלט, באַדאַכט און אַרײַנגעקלערט — און דער־וואָס־לעבט־אייביק, גלייבט ער, וועט אים, אין זכות פֿון זײַנע זיידעס, די לוויים און כּהנים, יאָרן און כּוחות אויף דעם געבן, ווײַל ער מוז דאָך, אלישע בן מאיר, ביזן סוף, ביזן דנאָ פֿון וועגן יענער צײַט דערציילן און דערמיט זיך, און זײַן טאַטער צום משפּט פֿאַר די קומענ־דיקע דורות שטעלן. אָט דער דין־תּורה האָט דאָך אַ שייכות ניט נאָר צו זיי ביידע, צום טאַטן און דער טאָכטער, נאָר אויך צום קיום פֿון ייִדן אין דער גאָרער וועלט.

# ב

אָבער ביז דעמאָלטן, ביז אלישע בן מאיר וועט אַהין, צו יענע יאָרן דער־גיין און דערגרייכן, ביז פֿאַרן בית־דין פֿון די קומענדיקע דורות מיט דער טאָכטער, מיט דאָליען, זיך קאָנען שטעלן, מוז ער פֿריער בײַ די דרײַ שאָטנס זיך פֿאַרהאַלטן, הגם שוין טיף אין דעם שקיעה־טאָל אַראָפּגענידערט, ווו די זון זעצט זיך שוין דאָרטן ניט, נאָר פֿאַרגייט... די כּוחות ווערן אים דאָרטן פֿון טאָג צו טאָג שוואַכער, ברעקלען און קרישלען זיך און בײַ די שוואַרצע אַזכּרה־ליכט מיט דער פּען אין דער האַנט איבערן טיש געבויגן, מיטן געשטרײַפּטן וואָלענעם שאַרף אויף די אונטערגעהויבענע, נאָך אַלץ פֿאַרוווּנדערטע אַקסלען, — אויך אין די זומערדיקע נעכט גייט אים אַ קעלט איבערן רוקן; דאָרטן, שוין אין דער טיפֿקײַט פֿון שקיעה־טאָל, בײַ די אָבֿל־ליכט, בײַ די קיין מאָל פֿאַר אים, פֿאַרן ייִדישן שרײַבער, ניט־אויסגעברענט און ניט־אויסגעלאָשן צו ווערן; בײַ יענע שוואַרצע ליכט, וואָס באַלײַכטן אים אין די נעכט יענע גרוב, די טיפֿע, שמאָלע, און לאַנגע, וווּהין די דײַטשן ברענגען אויף די לאַסט־מאַשינען ווײַנענדיקע קינדער אין די וויקעלעך, לייגן זיי אויס אַקוראַט, שורות־ווײַז, קעפּל צו קעפּל, און פֿאַרן באַלד ברענגען אַנדערע און דאָ, ביזקל די מאַשין וועט זיך אומקערן, שיסט מען זיי, די עופֿעלעך, פֿון קוילנוואַרפֿערס און מ׳באַשיט זיי מיט ערד, וואָס ווערט גלײַך רויט... און אַז מ׳ברענגט דעם פֿרישן לאַסטוואָגן מיט קינדער, שוין מיט עלטערע... — בײַ יענע אָבֿל־ליכט ווערט אים, דעם אַלטן ייִדישן שרײַבער, די ראיה וואָס ווײַטער אַלץ טונקע־לער און פֿאַרנעפּלטער, דאָך און פֿאַרט, מוז ער, דער אַלטער כּהן, בײַ די דרײַ שאָטנס פֿאַרהאַלטן זיך, און גלייבט באמונה שלמה, מיטן גאַנצן האַרצן, מיטן קראַנקן און אויפֿגערודערטן, מיטן ניט־געשטילטן, אַז אין זכות פֿון זײַנע אָבֿות, די כּהנים און לוויים, וועט אים דער־וואָס־לעבט־אייביק אויף דעם לעבן געבן, ווײַל ער מוז דאָך ווידער בײַ זײַן קרובֿ, בײַ ר׳ נחמן נאַהאַדיִער, זיך אָפּשטעלן, קאָן שוין מער ניט אָפּלייגן, און פֿון וועגן זײַנע צוויי טעכטער, דער עיקר פֿון זײַן אייניקל, פֿון ארי קאַסאָווער, כאָטשבי אין קורצן, בצימצום און געפּרעסט,

דערציילן דאָ, מחמת פּריער, פֿאַרן סיום פֿון זײַן ספֿר, פֿון זײַן לעבנסווערק, פֿון וועגן די באַיאַרס, האָט ער דאָך, אלישע בן מאיר, ניט געקאָנט, און אויך ניט געטאָרט אין אַ זײַט אָפּגיין און ערגעץ־ווּ זיך אָפּשטעלן און פֿאַרהאַלטן.

אָבער איצטער, נאָכן סיום־הספֿר, וועט ער זיך, הגם שוין אין דעם טיפֿן שקיעה־טאָל, שוין פֿאַרן זון־פֿאַרגיין, פֿאַרט פֿאַרהאַלטן בײַ יענע דרײַ שאָטנס, וואָס גייען אים נאָך שוין אַ סך יאָרן... און דערציילן וועט ער עס אַזוי, אלישע בן מאיר, ווי קליינערהייט געהערט בײַם טאַטן אין שטוב, אונטער דעם שטרוי־ענעם דאַך, אין די ווינטער־אויפֿדערנאַכטן, אונטער דער אָנגעהייצטער הרובע, בײַ דעם ניגון פֿון די זאַווערוכעס אויף די גערטענער און בײַ דער רויטלעך־רויכערנדיקער שײַן פֿונעם לעמפּל אָנעם היטעלע... דאָרטן האָבן די אַלטע צווישן זיך פֿון נחמן נאַהאַדיִערס טאָכטער גערעדט, אָבער נאָך פֿאַר־שטעלטער, נאָך סודותדיקער ווי בײַם רעדן פֿון וועגן דעם „יום־הדין", פֿון ברוך־בערס קנסמאַל מיטן מקובלס טאָכטער, מיט העסיען... דאָ האָט שוין דער טאַטע געזאָגט:

— דאָס איז שוין געווען מעשה־שׂטן!

אָבער דער נײַניאָריקער אלישע, שוין נאָכן אומקערן זיך פֿון חדר, פֿון זײַן גמרא־מלמד, פֿון די „שוואַרצע יאָרן", פֿון שמואל־יאָסלען, אַהיים, אַ געשלאָ־גענער פֿאַר פֿאַרטראַכטן און פֿאַרדימונען זיך... און געשטאַנען, נאָכן שטיקל ברויט מיט הערינג, פֿון דער ווײַטנס, ווו די וואַנט פֿון דער הרובע איז שוין קוים וואַרעם געווען, האָט ער דעמאָלטן און דאָרטן פֿאַרט אויפֿגעכאַפּט די מעשה־נורא:

— נאָך פֿאַרן שידוך פֿון ברוך־בערן, נאָך פֿאַרן אָפּשפּילן יענעם רײַכן קנאַסמאַל מיטן מקובלס, מיט ר' וועלוועלעס טאָכטער, מיט העסיען, און דאָס אָפּשיקן איר באַלד די תנאים... נאָך פֿאַר דעם, האָט דער פּאַסעסאָר און סוחר, וואָס זײַן עשירות אין יענע יאָרן רײַסט אויף בײַ לײַטן די אויגן, ער, נחמן נאַהאַדיִער, האָט אויך געוואָלט די טאָכטער זײַנע פֿאַר יחסנים אויסגעבן, — ס'איז אים ממש געגאַנגען אין לעבן אַרײַן... און ער האָט טאַקע די עלטערע טאָכטער אונטער דער חופּה געשטעלט מיט אַן אָרעמען ישיבֿה־בחור, נאָר מיט אַן עילוי, און פֿון אַ רבנישער מישפּחה.

האָט מען אָבער די טאָכטער כּמעט מיט גוואַלד אונטער דער חופּה געפֿירט, און ניט מחמת דער ישיבֿה־בחור איז איר בײַם אָנקוקן זיך ניט געפֿעלן געוואָרן, אַ

חסרון אין אים דערזען אָדער, חלילה, אַ מום אויף אים באַמערקט, ניין! דער עילוי, אלימלך קאָסעווער, איז איר גראָד ביז גאָר געפעלן געוואָרן, ביי איר שטאַרק אויסגענומען. ער האָט זיך געפּירט וועלטלעך, גערעדט צו איר מיט אויפגעהויבענע אויגן, שוואַרצע און קלוגע, מיט אַ וואַרעמען קול און מיט אַ ליבן שמייכל. ער איז געווען אַ שיינער, דער בחור, און עלטער פון איר אויף פינף יאָר, — איר דאַרף ערשט ווערן אַכצן... און אויך ער, אלימלך קאָסעווער, איז באַלד אויפן שידוך מסכים געוואָרן, און ניט צוליב נחמן נאַהאַדיערס רייכקייט, נאָר ווייל ער איז צום מיידל צוגעזאָטן געוואָרן.

נאָר אויף צו ברעכן שוין טעלער און צו אָפּשפּילן גלייך די חתונה, האָט זיך דעם נאַהאַדיערס טאָכטער געווערט און מיט אַלע כוחות אירע קעגנגעשטעלט: פריער זאָל מען חתונה מאַכן איר ייִנגערע שוועסטערל, פּערעלען, און דערנאָך ערשט זי... קלאָר זאָגן און דערקלערן פאַרוואָס דאַרף מען פריער חתונה מאַכן ניט זי, די עלטערע, נאָר דווקא יענע, פּערעלען, די ייִנגערע פון איר אויף אַ יאָר, אויף דעם האָט זי, הדסה, קיין ענטפער ניט געקאָנט געבן. פון אירע אומרויִקע און געפלאָנטערטע רייד האָט מען דאָך געקאָנט פאַרשטיין, אַז אויב זי וועט חתונה האָבן פריער פון איר שוועסטער, פון פּערעלען, וועט זי, הדסה, האָבן פאַרשניטענע יאָרן. לאַנג נאָך דער חתונה וועט זי ניט לעבן...

און אַלע רייד פון טאַטע־מאַמע, אַז ס'פירט זיך ניט ביי ייִדן חתונה מאַכן די ייִנגערע פאַר דער עלטערער, און די איינרעדענישן אירע, דאָס אַריינקלאַפּן זיך אין קאָפּ, אַז אויב זי וועט חתונה האָבן פריער, פאַר דער ייִנגערער שוועסטער, וועט זי האָבן פאַרשניטענע יאָרן, איז ניט מער ווי אַ וויסטע אָנקלעפּעניש... די אַלע רייד האָבן ניט געהאָלפן, און מ'האָט טאַקע דעם קנס־מאָל און די חתונה אָפּגעשפּילט אין איין וואָך, ברייט און רייך, אויף יאָרן צו רעדן און געדענקען... אָבער צו דער חופה האָט מען זי, הדסה, געפירט מיט גוואַלד.

נאָר יענער אומרו און די אַנגעשראָקנקייט פון דער טאָכטערס רייד, און אויך דער צער פונעם דאַרפן פירן זי צו דער חופה מיט גוואַלד, ווי אַ פאַרמישפּטע, האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן און אינגיכן צעווייעט געוואָרן — די מאַמע האָט אויך, ווי אַן אַלטע אָפּשפּרעכערין האָט איר געהייסן, אין דעם פאַרפאַלקס צימער, ווי אומגערן, אויפן טאָכטערס טישל דעם אַלטן שפּיגל צעברעכן, — זי, הדסה, זאָל אין די נעכט די בייזע שאָטנס ניט קאָנען זען. און

באמת, נאָך דער חתונה האָט זיך די טאָכטער ממש צעבליט, זיך אָנגעגאָסן ווי אַן אוגערקעלע אין די וואַרעמע נעכט אויף דער בייט נאָך אַ רעגן; אַרומ־געגאַנגען מיט אַ שײַנענדיקן פּנים, הגם פֿון צײַט צו צײַט האָבן זיך איר די אויגן געוואָלקנט... און צום יאָר האָט זי אַ זון געבוירן, און די גדולה דאָרטן, אין הויף, איז געווען אויף ניט אויסצומאָלן און זיך ניט פֿאָרצושטעלן. נאָר בײַ איר, בײַ דער שוועסטער, בײַ פּערעלען, האָט עס קיין שׂימחה ניט אַרויס־גערופֿן. אָבער קיינער האָט עס אויף איר פּנים ניט געקאָנט זען און אַפֿילו באַ־מערקן, ווײַל אויך זי האָט פֿאַר אַלעמען, באַזונדערס פֿאַר דער קימפּעטאָרין, איר פֿרייד אַרויסגעוויזן... און נחמן נאַהאַדיִער האָט געפּראַוועט דעם שיינעם ברית־מילה, — אַ קליינינקײַט, דאָס ערשטע אייניקל! און מ׳האָט דעם קינד אַ נאָמען געגעבן נאָכן זיידן, נאָך אלימלכס טאַטן, אַריה, וואָס מ׳וועט שפּעטער רופֿן אַרי, — אַרי קאָסעווער...

און דער נחת פֿון דער טאָכטער, פֿון הדסהן, און אויך פֿונעם אייניקל, וואָס איז שיין און געראָטן, — דער תּענוג פֿון זיי איז ווי אויף הייוון פֿון טאָג צו טאָג געוואָקסן און אַלע שוואַרצע מחשבֿות פֿאַרטריבן; און דערצו נאָך האָט דעמאָלט נחמן נאַהאַדיִער געשלאָסן דעם שידוך פֿאַרן בן־יחיד, פֿאַר ברוך־בערן, מיטן גרויסן רבס, מיט ר׳ וועלוועלעס, מיטן מקובלס טאָכטער, מיט העסיען... אַ קנסמאָל דעמאָלטן געפּראַוועט, וואָס וועט אויף דורות ניט פֿאַר־געסן ווערן. אַ קנסמאָל, וואָס האָט געדויערט צוויי וואָכן, — פֿריער בײַם נאַהאַדיִער אין הויף און דערנאָך דאָרטן, שוין בײַם רבֿ, אין שטעטל, ווו אויף גאַסן האָבן זיך די אָנגעשטעלטע טישן פֿון אַלדאָס גוטס געבראָכן און ביר, און אָקעוויט, און ווײַנען האָבן זיך פֿון די פֿעסער אויף דער ערד געגאָסן, און אויך די הינער זײַנען דאָרטן אַרומגעגאַנגען שיכּור און פֿון די פֿיס געפֿאַלן.

און אַפֿילו שפּעטער, שוין נאָכן ציגײַנערס, שוין נאָך מאַטעאַ באַנגאַס נקמה נעמען פֿאַר איר, פֿאַר העסיען, — אין איינער אַ נאַכט דעם הויף אונטערגעצונדן, פֿון אַלע פֿיר זײַטן, און אים ביז צו אַש פֿאַרברענט, דרײַ דער־פֿער פּויערים האָבן דעם פֿלאַקער־פֿײַער ניט געקאָנט פֿאַרלעשן; אַפֿילו דעמאָלטן האָבן די נאַהאַדיִער ניט געלאָזט זיך אײַנברעכן. גאָר אין גיכן האָבן זיי דעם הויף אויפֿגעשטעלט, נאָך אַ שענערן פֿון יענעם, פֿון פֿאַר דער נקמה־שׂרפֿה, פֿון שטיין און שוין פֿון אײַזן געבויט און געמויערט... אָבער דערנאָך, אַז דער גזר־דין איז שוין ניט פֿון דער ערד, נאָר פֿון הימל געקומען: נאָכן אויפֿשטעלן דעם הויף איז ער, נחמן נאַהאַדיִער, אין דער זאַווערוכע מיט פֿערד

און וואָגן אַרײַנגעפֿאַלן, און אַ האַלב וועדסט פֿון דער נײַער שטוב, פֿאַר־ווייעט און פֿאַרפֿרוירן געוואָרן... ערשט דעמאָלטן האָט זיך דאָרטן אָנגעהויבן צו וואַלגערן און צו צעשאָטן ווערן. די נאַהאַדיערין, אַ ייִדענע אַ גבֿר, נחמנס ווײַב, בײַם אַראָפּלאָזן אים, דעם מאַן אירן, אין קבֿר אַרײַן, איז אומגעפֿאַלן און שוין מער ניט אויפֿגעשטאַנען. מ'האָט זי טאַקע אין יענעם טאָג לעם נחמנס פֿרישן קבֿר באַהאַלטן, און אויך אויף זיי ביידן איין מצבֿה פֿון שוואַרצן שטיין געשטעלט.

און ברוך־בער האָט באַלד די אַרענדע דעם פֿעטער זײַנעם, מיכאלן נאַהאַדיער, דער מאַמעס ברודער, אָפּגעטראָטן, דעם הויף אים פֿאַרקויפֿט, נאָר די שטוב מיטן גאָרטן פֿאַר די צוויי שוועסטער איבערגעלאָזט, ווי דער חלק פֿון זייער ירושה, און פֿון דאָרטן מיט איר, מיט אָנדען, שוין אויף תּמיד אַוועקגעפֿאָרן. איין מאָל נאָר אַהין, קיין נאַהאַדי, אין יאָרן אַרום, אויף דער חתונה פֿון זײַן פּלימעניצע געקומען, און טאַקע דעמאָלטן, נאָכן געבן די דעפעשע, אומקערנדיק זיך שוין פֿון שטעטל, ווו ער איז מיט פֿערד און שליטן אויפֿן אַלטן רבֿ, אויף ר' וועלוועלע, שיער ניט אַרויפֿגעפֿאָרן, און יענער, דער מקובל, ווי געוואָרט אויף אים, שטייענדיק אויפֿן מיטן וועג אָנגעשפּאַרט אויף זײַן שטעקן, האָט אים, ברוך־בערן, געוואָרנט: — פֿאָר ניט אויף נאַכט!... נאָר דער ווינטערדיקער טאָג האָט זיך געזעצט אין פֿײַערדיקן גאָלד פֿון זון, צום דאָרף איז מיט דער האַנט געווען צו דערלאַנגען, אַ וועדסט פֿופֿצן, און אַנדאָ האָט זיך דעמאָלטן פֿונעם רבֿס, פֿון דעם בטלנס רייד, גאָר אויסגעלאַכט; און זיי זײַנען געפֿאָרן ווײַטער און מיט אַ מאָל אין דעם שנייגעווירבל, אין דעם בלינדן געוויטער אַרײַנגעפֿאַלן, און אַז זיי זײַנען שוין ביידע אין דעם ווײַסן תּהום, אויפֿן ראַנד פֿון אומקום געווען, איז דער קאַשטאַן לעם אַ ליכטיקן פֿענצטערל שטיין געבליבן, בײַ אַ ציגײַנער־שטאַל, ווו זי, העסיע, האָט אויף דער לעזשאַנקע פֿון דעם פֿלאַקערדיקן אויוון געגוסט...

און ווײַטער, פֿון וועגן די צוויי שוועסטער, פֿון הדסהן און פערעלען, וואָס זײַנען דאָרטן מיט אלימלכן און מיטן קינד, מיט אַרין, אין נאַהאַדי, אין דעם טאַטנס, אין נחמנס גרויסער נײַער שטוב פֿאַרבליבן, פֿון זיי האָט ער דעמאָלטן, דער נײַניאָריקער אלישע, פֿון דער ווײַטנס, בײַ דער שוין קוים וואַרעמער וואַנט, בײַ דעם ניגון פֿון דער גריל אין ווינקל, בײַ דער גרינער שײַן פֿון דער לבֿנה אויף די אָנגעשנייטע גערטנער, שוין גאָר ניט געקאָנט אויפֿכאַפּן און פֿאַרשטיין. וועגן די צוויי שוועסטער און אלימלכן האָבן שוין די אַלטע אַזוי

שטיל גערעדט, און מיט אַזעלכע רמזים, אַזוי פֿאַרשטעלט און פֿאַרשלייערט, אַז צו אַ קינדס אויער זאָל עס ניט קאָנען אָנקומען.

און אויך שפּעטער, שוין נאָכן איבערקומען דעם ווינטער, שוין אין די זומערטעג, אויף די סקאָלעס, שוין דאָרטן, ווו דער משוגענער, פּיטשע, בײַם זון זעצן זיך, שפּרייט אויף די נידעריקע ביימלעך זײַן נאַסן ווײַסן קיטל אויף צו אויסטרוקענען אים איבער נאַכט, און בײַם זון־אויפֿגיין קומט ער אים, דעם אויסגעטרוקנטן קיטל, פֿון די ביימלעך אַראָפּנעמען און האַלט אים דערנאָך אונטערן וואַסערפֿאַל ביז גוט אָנגעווייקט צו ווערן, און דעמאָלטן טוט ער אים אויף זיך אָן, דעם פּיטש־נאַסן קיטל, און גייט צום רבֿ, צו ר׳ וועלוועלען, זאָגן פֿאַר אים שטיקער זוהר אויף אויסווייניק... אויך דאָרטן, אויף די סקאָלעס, בײַם זון־זעצן־זיך, ווען פּיטשע שפּרייט דעם נאַסן קיטל אויף די בערעזעווע קרומע ביימלעך, אויך דאָרטן פּרוּווט אלישעלע פֿון אים, פֿון פּיטשען, עפּעס־וואָס פֿון די צוויי שוועסטער און אלימלכן זיך דערוויסן, ווײַל ער, פּיטשע, זיצט דאָך אָפֿט מיט אים, מיט ברוך־בערן, גאַנצענע נעכט אויפֿן אַלטן בית־עלמין און קוקן ביידע אין פֿײַער־שײַטער אַרײַן... און ס׳איז ניט פֿאַרצושטעלן זיך, און ס׳קען דאָך גאָר ניט געמאָלט זײַן, אַז זיי זאָלן זיך דאָרטן מיט אַ וואָרט ניט איבערוואַרפֿן און פֿון זייער לעבן איינער פֿאַרן אַנדערן מיט עפּעס־וואָס זיך ניט אַרויסכאַפּן... אָבער אויך פֿון אים, פֿון פּיטשען, האָט אלישעלע קיין סך ניט געקאָנט זיך דערשלאָגן. פּיטשע האָט עקשנותדיק געהאַלטן זײַן סודותדיק לינק אויג אונטער אַלע זיבן שלעסער פֿאַרשלאָסן, ניט געוואָלט פֿון דעם אַפֿילו רעדן, ווי קיינמאָל ניט געוואָלט רעדן פֿון זייער טויט, פֿון ליפּעס און גאָלדע־רחלס... און דאָך, און פֿונדעסטוועגן, האָט אלישעלע איין מאָל, טאַקע דאָרטן אויף די סקאָלעס, בײַם זון־זעצן־זיך, בײַם שפּרייטן דעם נאַסן קיטל אויף די נידעריקע קרומע ביימלעך, פֿון אים, פֿון פּיטשען, פֿאַרט עטלעכע ווערטער אַרויסגעריסן, ווײַל מסתּמא האָט ער, פּיטשע, געמיינט, אַז זײַנע אַלע ווער־טער ווערן אינעם גערויש פֿון וואַסערפֿאַל אַרײַן און אלישעלע וועט זיי פֿון דאָרטן ניט קאָנען אַרויסכאַפּן... נאָר אלישעלע האָט זיי יאָ פֿון יענעם רוישיקן וואַסערפֿאַל אַרויסגעכאַפּט:

— די עלטערע, הדסה, איז טאַקע גיך געשטאָרבן... אלימלך האָט נאָך די שלושים געשטעלט אַ שטילע חופּה מיט איר ייִנגערער שוועסטער, מיט פּערע־לען... און באַלד זײַנען זיי פֿון דאָרט אַוועקגעפֿאָרן, אין אַ ווײַטן העק, אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם דאָרף מיטן קינד זיך פֿאַרקליבן. כּי־כּי!

און פֿון וועגן די צוויי נאָהאַדיָער שוועסטער שוין קיין וואָרט פֿון אים מער ניט געהערט, ווי יענערס, הדסהס, טויט וואָלט אים מיט עפּעס שטאַרק געשראָקן. איין מאָל אַפֿילו, שוין אין אַ האַרבסטיק־רעגנדיקן בין־השמשות, אין קלויז, פֿאַר מעריבֿ־דאַוונען, געזאָגט צו אלישעלען: פֿאַראַן מענטשן, געציילטע... כּי־כּי... וואָס ווערן געבוירן מיטן שוואַרצן געפֿיל פֿון טויט... כּי־כּי! זיי ווייסן שוין בײַם געבוירן ווערן דעם טאָג, די שעה... כּי־כּי... און די סיבה פֿון זייער טויט... דו וועסט עס, הייליקע שאָף, ניט פֿאַרשטיין! אַלע ווערן געבוירן מיטן פֿײַערדיקן געפֿיל פֿון לעבן, און דאָס גיט זיי דעם כּוח פֿון איבערטראָגן יסורים... אָבער יחידים, כּי־כּי!

און אויך טאַטע־מאַמע האָבן פֿון יענע צוויי שוועסטער מער ניט גערעדט. און אַפֿילו שפּעטער מיט יאָרן, אלישע איז שוין בײַ ייִדן אַ שרײַבער געוואָרן, שוין מיט די סודות פֿון לעבן זיך געראַנגלט, שוין דעם משוגענעם, פּיטשען, אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין... דעמאָלט מיטן טאַטן פֿון וועגן אלימלכן און די צוויי שוועסטער אַ שמועס פֿאַרפֿירט, האָט אויך דעמאָלטן דער טאַטע נאָר געזאָגט:

— מעשׂה שׂטן!... דאָס וואָס ס׳איז געשען דאָרטן, אין נאָהאָדי, מיט נחמענען, מיט זײַן זון, ברוך־בערן, מיט זײַנע צוויי טעכטער, דאָס איז די שטראָף פֿאַר באַליידיקן דעם רבֿ, דעם מקובל, פֿאַר אָפּשיקן זײַן טאָכטער די תּנאים, און דערצו נאָך מיט אַזאַ רכילות, מיט אַזאַ עלילת דם... פֿאַר זינד דאַרף מען באַצאָלן! — און נאָכן פֿאַרטראַכטן זיך צוגעגעבן: — זאָל דער איבערשטער זיך כאָטש מרחם זײַן אויף נחמנס אייניקל. פֿאַר אַזעלכע זינד צאָלן אויך די קינדסקינדער.

נאָר ווו, און אין אַוועלכן דאַרף אלימלך קאָסעוועער מיט דער נאָהאָדיערין, מיט פּערעלען, האָבן זיך פֿאַרקליבן, האָט דער טאַטע ניט געוווּסט. דאָס איינציקע וואָס ער האָט געהערט, אַז דער זון, אַרי, איז יונג פֿון דער היים, און פֿון רוסלאַנד, אַוועקגעגאַנגען, און ערגעץ דאָרטן, אויף זײַנע וועגן, אין גאַליציע, אַ רײַכע מיידל פֿון וועג אַראָפּגעפֿירט, זיך מיט איר צו אַן אַמעריקאַנער לאַנד דערקליבן, ביידע האָבן זיך דאָרטן גענוג אָנגעבידעוועט, זיך גענוג אָנגעהונגערט און לסוף רײַך, שטאַרק רײַך געוואָרן. נאָר גראָד אין דעם עשירות איז געלעגן זײַן גזר־דין. גראָד מיט אַ פֿעטן קוגל קאָן דער־וואָס־לעבט־אייביק שטראָפֿן. און נאָך ווי אַזוי!

און פֿון דעמאָלטן אָן האָט שוין אלישע בן מאיר פֿון אלימלכס און הדסהס

זון, פֿון אַרי קאַסעווער, שפּורן געזוכט, געוואָלט פֿון וועגן אים און פֿון וועגן דעם פֿאַרפֿירטן מיידל, פֿון זייער לעבן דאָרטן, אין דעם ווײַטן לאַנד וויסן, אָבער ערשט שפּעטער מיט אַ סך יאָרן, שוין נאָך דער צווייטער וועלט־מילחמה, שוין נאָכן גרויסן חורבן פֿון ייִדישן פֿאָלק, וואָס וועט שוין קיין מאָל ניט אויפֿגעשטעלט און מתקן־ווערן: די אויפֿגעקומענע מדינה איז ווײַט פֿון יענעם ייִדישן פֿאָלק, און ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ ווײַטער און אָפּגע־פֿרעמדטער... — שוין אויך נאָך דער „ענדגילטיקער לייזונג” פֿון דער ייִדישער קולטור אין דעם דזשונגלשווילי־לאַנד, שוין נאָכן שיסן די עלטערע ייִדישע שרײַבערס אין די מ.ג.ב.־קעלערן, און די ייִנגערע אין די קאָנצ־לאַגערן אויף אומקומען פֿאַרשיקן, שוין דעמאָלטן, נאָך סמערדיאַקאָוו דעם צווייטנס מיתה־משונה, נאָך אלישעס אַרויסגיין פֿון תּפֿיסה, דעמאָלטן האָט אַ קרובֿה, אַ נאָהאַדיִערין, וואָס איז פֿון אַמעריקע אויף קבֿר־אָבֿות געקומען, פֿון וועגן אלימלכס און הדסהס זון, פֿון וועגן אַרי קאַסעווער, און פֿון דעם סוף פֿון זײַן לעבן דערציילט.

נאָר דעמאָלטן, אַז אויף די שפּורן פֿון קאַסעווערס לעבן אַרויף, האָט ער אָבער אלישע בן מאיר, מיט די נאָהאַדיִער שוין ניט געקאָנט זיך פֿאַרנעמען. ער איז שוין דעמאָלטן מיט דער גאַנצער נשמה, מיט לײַב־און־לעבן אין דעם גרויסן, אין דעם וווּנדערלעכן באַיאַר־שבֿט אַרײַן, פֿון זײַן כּוח־הדם און כּוח־הנפֿש, פֿון זײַן ביטערן און בלוטיקן געראַנגל פֿאַרן קיום געמוזט פֿריער דער וועלט דערציילן... אָבער איצטער, נאָכן סיום הספֿר, הגם שוין דאָרטן, אין דעם שקיעה־טאָל, ווו אַ האַלבע זון איז שוין פֿאַרגאַנגען, דאַרף מוז ער איצטער, דער אַלטער און עלנטער אלישע בן מאיר, כאָטש אויף אַ ווײַלינקע בײַ אַרי קאַסעווערס לעבן זיך אָפּשטעלן, ווײַל אויך ער, אָט דער נאָהאַדיִער, איז אַ פֿײַערדיקער רינג אין זײַן נשמה.

# ג

און דער אַלטער יִדישער שרײַבער װעט אויך װײַטער און שוין דאָ, אין דעם שקיעה־טאָל, בײַ די אויסגעבענקט־און־אויסגעליטענע בערג פֿון יהודה, װוּ בײַ זון־זעצן־זיך, ברענען אויף די שיפּועים פֿון דער היץ די איבער־געטרוקנטע װילדע גראָזן און פֿאַרשלאָגן מיט פֿלאַם־רױיכיקע כמאַרעס די װוּנדערלעך־טיפֿע בלויקײַטן פֿון די הימלען; אויך דאָ װעט ער, אלישע בן מאיר, בײַ זײַן שטייגער און גאַנג זיך האַלטן: װאָס װינציקער ביאור, טײַטש און דערקלערן, און װאָס מער רֶמֶז, אָבער אַזאַ, װאָס זאָל ניט פֿאַרשטעלן און פֿאַרהוילן, נאָר זאָל העלפֿן דאָס תּוכיק־און תּמציתדיקע, דאָס געדיכט־קערנ־דיקע, דעם עיקר אויפֿדעקן און אַנטפּלעקן, — יעדער שורה זאָל אַ קלאָרער שפּיגל זײַן.

און אויב אַזוי, אויב מיט אַט דעם טראַט און אופֿן גײן, דאַרף ער, דער אַלטער כּהן, אָנהייבן פֿון אַרי קאַסעװוערס שפּעטע יאָרן, שוין פֿון דעם סוף פֿון זײַן לעבן, װוּ ער האָט שוין אַפֿילו דעמאָלטן, דעם יצר־הרע, זײַנע תּאוות־עולם־הזה ניט געקאָנט שטילן, און אויך ניט געװאָלט זיך פֿאַר זיי אָפּ־שטעלן . . .

אָנהייבן שוין פֿון דאָרטן, פֿון יענעם פֿענצטער בײַ די מעקסיקאַנער בערג, װאָס פֿאַרשטעלן פֿאַר אים, פֿאַר אַרי קאַסעװוער, די װעלט, ניט צו זען דאָרטן אַזוינס, װאָס זאָל אים קאָנען עפּעס זאָגן און דערמאָנען, דעם אַמאָליקן נגי־דישן צאָרן און פֿאַרדראָס, אָדער גאָר חרטה און תּשובֿה אַרויסרופֿן . . . דאָרטן, אַ פֿאַרװאָרפֿענער אין די בערג, שוין אָן כּוח און װילן עפּעס־װאָס אין זײַן סוף־לעבן צו משנה־זײַן, שוין מיט אַ פֿאַרטונקלטן געדאַנק אונטער דעם גרויסן נאַ־קעטן שאַרבן געבליבן, שוין אַ צעבראָכענער זקן געװאָרן, דרעמלענדיק מיט דער װײַסער באָרד אין דעם װיגשטול בײַם פֿענצטער, אין בין־השמשות, בײַ די בלאָװע מעקסיקאַנער בערג, דאָרטן קומט אים פּלוצלינג, אַרי קאַסעװוער, װי אַ חלום אויפֿן זיכּרון אַרויף יענער װײַטער ערבֿ־װינטער בײַם פֿאַרלאָזן די היים פֿון זײַן טאַטן, אלימלכן, דעם װאָגלדיקן גמרא־מלמד, אַ זמן דאָ, אַ זמן דאָרט אַ

חדר אין די שטעטעלעך צווישן די וועלדער, און נאָר אויף פּסח, שבֿועות און סוכות צו דער ווײַב, צו פּערעלען, מיט די זעקס קינדער אין דאָרף אַרײַן געקומען, געבראַכט אין דעם אָפּגעבליאַקעוועט־רויטן טיכל, מיטן ריח פֿון טאַבאַקע, די פּאָר קערבלעך פֿונעם שׂכר־לימוד, וואָס האָבן דעם דלות אונטערן שטרויענעם דאַך אויף איין נאַכט ניט געקאָנט פֿאַרשלעפּערן.

און אויך ער, דער בכור, אַרי קאָסעוווער, ווי נאָר בר־מיצווה געוואָרן, שוין אַליין, פֿאַר זיך, אַ בלאַט גמרא געלערנט, מיטן טאַטן, מיט אלימלכן, נאָר אין די בין־הזמנים, איבער אַ שטיקל תוספות זיך געאַמפּערט; ער, אַרי, ווי נאָר גענומען לייגן תּפֿילין, אַזוי באַלד פֿון דער מאַמעס קעסט אַראָפּ, אין די נאָנטע און ווײַטע דערפֿער אַוועק און דאָרטן די יישובֿניקישע ייִנגלעך עבֿרי, אַ פּרשה חומש, אַ ביסל חשבון און אויך זיי, די מיידן, אַ בריוול געלערנט אויסלייגן און יענע, פֿון פֿרעמדן אויג פֿאַרשטעלט און אויסבאַהאַלטן, האָבן אים, דעם קרעפּ־טיק־שיינעם בחורל, וואָס אויף דער אייבערשטער ליפּ שיט זיך אים שוין אויס אַ שוואַרץ וואָנצעלע, זיי האָבן אים געקושט און זי, דוואָשע, האָט זײַן האַנט צו זיך אין בוזעם, צווישן די נאַקעטע בריסטן, אַרײַנגעלייגט און פֿון דעמאָלטן אָן איז ער, אַרי קאָסעוווער, ווי אויף אַן אייביקן פֿײַער אַרויפֿגעוואָרפֿן געוואָרן.

און שוין דאָרטן, בײַם פֿענצטער, אין יענעם בין־השמשות, אַ פֿאַרוואָרפֿענער אין די בלאָווע מעקסיקאַנער בערג, נאָכן פֿײַערדיקן זון־זעצן־זיך, דרעמלענדיק מיט דער ווײַסער באָרד אין דעם וויגשטול, קומט אים אַרויף אויפֿן אויסגעלאָשענעם זיכּרון, יענער ווײַטער ערבֿ־ווינטער בײַם פֿאַרלאָזן די היים, און ווי בײַם אַרויסגיין פֿון דאָרף, מיטן קלומיקל אויפֿן רוקן און מיטן בערעזעווען דרענגל אין האַנט, שפּאַלט די שפּעט־האַרבסטיקע זון אין פֿעלד אויף די כמאַרעס און דער פֿון ערגעץ־ווו אָנגעטראָגענער שניי אונטער דעם ראַבינע־בוים מיט די עטלעכע קאַלט־פֿאַרפֿלאַמטע בלעטער אויף די אונטערשטע צווײַגן, טוט אים מיט אַ מאָל ביז ווייטיק אַ שאַרפֿן בלענד אין די אויגן.

נאָר באַלד גייען זיי זיך, די כמאַרעס, ווידער צונויף, און הגם נאָך באַזוימטע מיט דער קאָיענדיקער זילבער־שײַן, שטעלט זיך אָבער אַזאַ פֿינצטערניש, ווי די אויפֿגעאַקערטע גלאַנציק־שוואַרצע ערדן וואָלטן זיך אין די הימלען אויפֿגעהויבן און אויך מיטן נאָך זומערדיקן ריח פֿון די אויסגעווייקטע ווערבעס . . . און אויפֿן וועג, מיטן שטריקל אויפֿן האַלדז, שטייט דער אַלטער הונט, לאַפּאַ, וועלכן ער, אַרי קאָסעוווער, האָט פֿריער פֿון זיך פֿאַרטריבן און ווייעט

ביטער, און זײַן עלנטער געוויין יאָגט מיט די וואַסערן אין טאָל אַרײַן. אַוודאי איז אַ צער־בעלי־חיים אויפֿן אַלטן הונט, וואָס מיטראַ זאַבילאַ האָט פֿון זײַן הויף צו דעם „סוואָט" זײַנעם, אין אַ ווײַטן דאָרף אַרײַן אָפּגעגעבן, און לאַפּאַ האָט זיך דאָרטן פֿון שטריק אָפּגעריסן און צו זײַן באַלעבאָס, צו זײַן בודע־שטיבל אומגעקערט. האָט אים מיטראַ ווידער אַהין, צום סוואָט, פֿאַרפֿירט. אָבער לאַפּאַ איז נאָך אַ מאָל, פֿון פֿרעמדע הינט באַפֿאַלן און צעביסן, אַ צעבלוטיקטער, מיט אַרויסגעריסענע שטיקער פֿעל, ווידער מיטן שטריקל אויפֿן האַלדז צו זײַן הויף געקומען צו לויפֿן, נאָר דאָ, אין זײַן בודע־שטיבל, שוין אַ יונגן הונט געטראָפֿן.

און דעמאָלטן איז דער אַלטער הונט, לאַפּאַ, שוין אַליין פֿון הויף אַוועק און זיך שוין מער אַהין ניט אומגעקערט. שוין נאָר מיטן שטריקל אויפֿן האַלדז, אַרום זײַן דאָרף געלאָפֿן, אויפֿן וועג געשטאַנען, און זײַן קלאָג־געוויין צו די פֿאַרכמאַרעטע, צו די ערבֿ־ווינטערדיקע הימלען אויסגעוויעט.

אַוודאי איז אַ רחמנות אויף אים, אויפֿן אַלטן הונט, וואָס בעט זיך בײַ אים, בײַ אַרי קאָסעווער, פֿון זיך ניט טרײַבן. אָבער ווּהין זאָל ער אים מיטנעמען, לאַפּאַן, אַז ער ווייסט דאָך אַליין ניט, אַרי, ווּהין ער גייט און ווּהין ער וועט מיט זײַנע זיבעצן יאָר פֿאַרטראָגן ווערן. ער איז דאָך אַליין אויך אַ פֿאַרטריבע־נער... אויף דער פּלייצע, אין טאָרבעלע, אַ פּאָרל גרעט, די תּפֿילין, און דעם גורל פֿון אַ האַלבן קאָרענעם ברויט מיט צוויי ציבעלעס... און אין דער האַנט דעם בערעזעוון דרענגל מיט דער ווײַסגעשטרײַפֿטער קאָרע, — דער איינ־ציקער וועגווײַזער אין דער וועלט אַרײַן.

און דעם הונטס געוווי פֿאַלט וואָס ווײַטער און זינקט אַלץ טיפֿער אין זײַן, אין אַרי קאָסעווערס, דרעמלענדיקער ווײַסער באָרד אַרײַן, אין זײַן אָפּן־נאַקעטן חלום דאָרטן, בײַ די בלאָווע מעקסיקאַנער בערג, שוין נאָכן פֿײַער־דיקן זון־זעצן־זיך... און ער ווערט אין יענעם חלום פֿאַר זײַן אויג קלאָר אַרויסגעשטעלט, און ער זעט זיך גיין אונטער די נידעריקע אָנגעכמורעט־אָנגעכמאַרעטע הימלען, אויף די נאַסע און קאַלטע ווינטן, — פֿון דיביימער פֿאַלן און שלאָגן אים אין פּנים אַרײַן די לעצטע שוואַרץ געוואָרענע בלעטער.

און די פֿינצטערניש אין וואַלד ווערט געדיכטער, און דאָס טאָרבעלע אויפֿן רוקן ווערט מיט יעדער טראָט שווערער, און דער ווײַס־געשטרײַפֿטער דרענגל אין האַנט פּינטלט אומברחמנותדיקער צווישן די שוואַרצע פּיכטעס, און ערגעץ איבער דער ערד שרײַט פֿון דאָרטן ווילד אַרויס, פֿון די פּיכטע־קרוינען, אַ

פּילין... און ער פֿאַרלירט אַלע כּוחות, פֿאַלט אונטער אַ יאַדלע מיט פֿאַר־מאַכטע אויגן, הגם געוווּסט אַז ס'קאָן אים דאָ אַ שניי פֿאַרשיטן. אָבער גוּבֿר זײַן, פֿון דער ערד זיך אויפֿהויבן, פֿון דער צוגעשפּאַרטער יאַדלע זיך אָפּ־טיילן, קאָן ער ניט, אַרי... און דאָ פֿאַרט אָן אַ פֿורל מיט איין פֿערדל און דער פֿויער מיטן זאַק איבערן קאָפּ, פֿון די ווינטן זיך פֿאַרשטעלט, דערזעט אים דאָך, אַרין, בײַם וועג ליגן און נעמט אים אַרויף אויפֿן וואָגן, ווו אין אַ ווײַסן לײַוונט אײַנגעוויקלט ליגט אַ מת.

— טאַק־אַ — זאָגט דער פֿויער, — ראַפּטאָוואָ מאַטי מאַיאַ פּאַמערלאַ...

— אָט אַזוי, פּלוצלינג, איז די מאַמע מײַנע געשטאָרבן...

און ווי נאָר לעם מת געפֿינען זיך זיצן, אַזוי באַלד פֿון וואָגן געוואַלט אַראָפּשפּרינגען, לויפֿן מיטן וואַלד אין דער נאַכט אַרײַן, ביז ס'וועט ערגעץ טאָג ווערן... נאָר פֿון אָרט ניט געקאָנט זיך רירן, ווי פֿאַרגליווערט און פֿאַר־הילצערט געוואָרן. און דערצו נאָך פֿילט ער, אַרי, ווי דער מת, וויגנדיק זיך אין וואָגן איבערן צעגריבלטן וועג, טאַרקעט אים אַלע מאָל מיטן גראָבן פֿינגער פֿון דער באָרוועס־אָפּגעדעקטער פֿוס אין זײַט אַרײַן, ווי געוואָלט אים דאָ, אין אָט דער רווישנדיקער פּיכטע־פֿינצטערניש, בײַ דעם ווילדן געשריי פֿון פּילין, עפּעס זייער וויכטיקס און ביז גאָר סודותדיקס צו דערציילן.

און משונה, שוין גאָר ניט צום גלייבן, הגם די שרעק שלאָגט אים שוין אין גאָרגל אַרײַן, שוין באַלד ניט צו כאַפּן דעם אָטעם, די אויגן ביז ווייטיק אויפֿגע־ריסן געוואָרן, דאָך קאָן ער ניט, און דער עיקר, ער וויל שוין גאָר מיטן מת זיך ניט שיידן, נעמט זיך אַפֿילו טוליען צו דער טויטער...

און דאָ, טוליענדיק זיך אַזוי מיט ווילדן פּחד, און אויך מיט עפּעס אַן אומ־קלאָרער, מיט עפּעס אַ גאָר ניט־פֿאַרשטענדלעכער ליבשאַפֿט און געטרײַ־שאַפֿט צו דער טויטער, דאָ פֿאַלט פּלוצעם פֿון די נידעריקע אָנגעכמורעט־און פֿאַרכמאַרעטע הימלען אין דער גרין־שוואַרצער פּיכטע־קרוין אַ האַלבע רויטע לבֿנה — נאָך אַזאַ קיין מאָל ניט געזען — און בײַ אָט דער ווינט־וויכערדיקער פֿײַערדיקער שײַן דערזעט ער זיך מיט אַ מאָל אַ קליינינקן, אַ קינד פֿון אַ יאָר דרײַ, אין אַ וואָגן לעם אַ מת זיצן און רופֿן:

— מאַ־מאַמע!

און אָט דעמאָלטן, אַ מבולבל געוואָרענער, שפּרינגט ער שוין, אַרי קאַסע־ווער, מיטן קלומיקל אויפֿן רוקן און מיטן בערעזעווע־געשטרײַפֿטן דרענגל אין דער האַנט, פֿון וואָגן אַראָפּ און לאָזט זיך לויפֿן צוריק אין דאָרף אַרײַן, צו זײַן

טאַטן, צו אלימלכן, וואָס איז אויך האַיאַר אַן אַ קנעגלונג געבליבן און העלפֿט דאָרטן צו דער מאַמען אין קלייטל.

— דער מאַמען? — בלײַבט ער אויף אַ ווײַלע צעטומלט שטיין, — דער מאַמען? איך האָב דאָך אַ מאַמע... פערעלע הייסט דאָך מײַן מאַמע, פערעלע... נאָר פֿאַרוואָס האָב איך זי ניט ליב, די מאַמע מײַנע, און פֿאַרוואָס רוף איך זי אָפֿט מאָל ניט מאַמע... און אַז דער טאַטע דערהערט אַז איך רוף זי מומע, נעמט ער אויף מיר קוקן מיט שרעק? פֿאַרוואָס?

און די גאַנצע נאַכט, שוין גאָר קיין מיד־און פֿאַרמאַטערטקייט ניט געפֿילט, געלאָפֿן אויף די ערבֿ־ווינטער־ווינטן, געטריבן געוואָרן פֿון יענער טונקל־רויטער, כּמעט בלוטיקער לבֿנה־שײַן, וואָס שלאָגט זיך אַדורך פֿון צווישן די וויכער־רוישנדיקע, פֿאַרן שניי אויסלאַפֿן, גרין־שוואַרצע פּיכטע־קרוינען, און קומט מיטן קאַיאָר אין שטוב אַרײַן, טרעפֿט שוין דאָרטן בײַ דעם פֿײַער פֿון אָנגעהייצטן אויוון דעם טאַטן זײַנעם, אלימלך קאַסעווער, אינעם טלית און תּפֿילין, מיט יענעם עצבֿותדיקן פּנים בײַם אַרײַנפֿאַלן אין ייִאוש, פֿון עפּעס אַ מין פּײַן און קוועלן זיך, פֿון עפּעס אַ מין אָפּטער דערשלאָגנקײַט.

דערזען אין דער אָפֿענער טיר דעם זון אויפֿן שוועל שטיין, אַהיים זיך אומקערן, ניט אַרײַנגעגאַנגען, נאָר אַרײַנגעלאָפֿן, אַפֿילו די טיר ניט פֿאַר־מאַכט, ווי פֿון עפּעס־וואָס געיאָגט, אָדער פֿון עמעצן געטריבן געוואָרן, און מיט אַזאַ אויסגעקרימטן פּנים, און מיט אַזעלכע בהלה־אויגן, פֿרעגט ער, אלימלך קאַסעווער, בײַם זון מיט אַ ציטער און שטאַמלעניש:

— וו־וו־ וואָס האָסטו זיך אומגעקערט?

און דער זון, אַרי, זיך צוגעשפּאַרט מיטן רוקן צום אושאַק, מיטן דרענגל אין ביידע הענט, לאָזט פֿון זײַן טאַטן קיין אויג ניט אַראָפּ, כאַפּט אויף און פֿאַר־געדענקט די מינדסטע מינע אין איטלעך דערשראָקן קנייטשעלע אויף זײַן פּנים, דער עיקר זײַנע אויגן, וואָס ווערן אָט רויט און אָט ווײַס, און ווי ער האַלט אין ביידע הענט די צעשפּאַלטענע אויף צווייען שוואַרצע באָרד, ווי גרייט בײַ איר דעם אמת זאָגן, און אויך אַ שבֿועה געבן... און ער דערציילט, אַרי, און ווי ס'איז נאָר מעגלעך אין זײַן אויפֿגערעגטקײַט רויקער און אײַנגע־האַלטענער צו זײַן:

— די נאַכט איז שוין לאַנג צוגעפֿאַלן. גיי איך מיטן שוואַרצן וואַלד אַ מידער און אויסגעמאַטערטער. די פֿיס הייבן זיך מיר שוין אָן צו פֿאַרפּלאָנטערן. די אויגן קאָנען זיך מיר צו דער פֿינצטערניש ניט צוגעוווינען, פֿאַרקערט, וואָס

ווײַטער, ווערט די פֿינצטערניש פֿאַר מיר געדיכטער און אַט דער ווײַס־געשטרײַפֿטער בערעזעווער דרענגל אין האַנט פֿינטלט מיר פֿאַר די אויגן צווישן די שוואַרצע שטאַמען, ווי אַ לאַמטערן פֿאַרן אויסגעלאָשן ווערן... די ווינטן וויכערן, נאָר מיר איז הייס. קיין הימל זע איך ניט. דעם הונגער פֿאַר־שלאָגט מיר דער ריח פֿון אויסגעווייקטע ווערבעס, און פֿון שניי... כ׳ווייס אַז מ׳טאָר זיך ניט אַוועקזעצן, אָבער אַלע כּוחות זײַנען מיר שוין אויסגעגאַנגען. איך קאָן שוין ווײַטער קיין האַלבן טראָט ניט שטעלן. לאָז איך זיך אַראָפּ אויף דער ערד, שפּאַר זיך אָן מיט דער פּלייצע אין אַ פּיכטע... פֿאַרט דאָ אָן אַ פּור און דער גוי נעמט מיך אַרויף אויפֿן וואָגן... ווו ס׳ליגט אַ מת. ווער איך אויפֿגעציטערט און וויל פֿון שרעק אַראָפּשפּרינגען פֿון וואָגן און לויפֿן אין דער נאַכט אַרײַן, ווזהין די אויגן וועלן מיך טראָגן... נאָר איך קאָן זיך פֿון אָרט ניט רירן. פֿאַרשטיינערט געוואָרן. און דער מת טאָרקעט מיך אין זײַט אַרײַן און מיט דעם גראָבן פֿינגער פֿון דער אָפּגעדעקטער נאַקעטער פֿוס, ווי געוואָלט מיר עפּעס דערציילן, אַ גרויסן סוד מיר אַנטפּלעקן. און דאָ רײַסט זיך אַרויס פֿון צווישן די שוואַרצע און רוישנדיקע פּיכטע־קרוינען אַ טונקל־רויטע האַלבע לבֿנה, און בײַ איר פֿאַרבלוטיקטער שײַן דערזע איך זיך פּלוצלינג ווי אַ קליין קינד אויף אַ וואָגן לעם אַ מת זיצן און רופֿן: — מאַ־מאַמע!

און דאָ, אין איין אָטעם, שוין מיט אַ פֿאַרשטיקטן קול, טוט ער, אַרי, אַ פֿרעג בײַם טאַטן, וואָס ניט נאָר די אויגן, נאָר אויך די צעצווייטע שוואַרצע באָרד, וואָס ער האַלט אין ביידע הענט, איז אים מיט אַ מאָל ווײַס געוואָרן.

— איז מײַן מאַמע געשטאָרבן?

— יאָ.

— ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר דרײַ?

— יאָ.

— און איך בין געזעסן אויפֿן וואָגן לעם מײַן טויטער מאַמע?

— יאָ.

און מײַן טויטע מאַמע האָט מען געפֿירט בײַנאַכט מיטן וואַלד?

— יאָ.

— איז פּערעלע ניט מײַן מאַמע?

— ניין. זי איז דײַן מאַמעס שוועסטער. — און פֿון פּערעלען, וואָס שטייט הינטער אלימלכס פּלייצעס רײַסט זיך דאָ אַרויס אי אַ געוויין אי אַ מאָדנער געלעכטער.

— און ווי אַזוי האָט געהייסן מײַן מאַמע?

— הדסה.

— פֿאַרוואָס האָסטו פֿון מיר אויסגעבאַהאַלטן מײַן מאַמעס טויט?... פֿאַרוואָס, טאַטע, ענטפֿערסטו מיר ניט? פֿאַרוואָס, טאַטע, שווײַגסטו? פֿון וואָס איז זי, מײַן מאַמע געשטאָרבן? פֿאַרוואָס, טאַטע, שווײַגסטו? איז מײַן מאַמע געשטאָרבן ניט מיט איר טויט? פֿאַרוואָס, טאַטע, ענטפֿערסטו ניט? מיט אַ וועלכן טויט איז מײַן מאַמע געשטאָרבן? וואָס שווײַגסטו?

און דאָ פֿאַלט ער, אלימלך קאָסעווער, אין טלית און תּפֿילין אויף דער ערד מיט אַ געשריי:

— דער שׂאָטן!... דער שׂאָטן!...

# ד

און דאָרטן, אַ פֿאַרטריבענער פֿון דער וועלט, אַ פֿאַרוואָרפֿענער אין די מעקסיקאַנער בערג, שוין נאָכן פֿײַערדיקן זון־זעצן זיך, אין דעם שטרוי־געפֿלאָכטענעם וויגשטול, מיט דער טיף־פֿאַרזונקענער ווײַסער באָרד אין בין־השמשות, שוין דאָרטן, אין דער בלאָווקײַט שפּינט זיך ווײַטער, קנוילט זיך אונטער זײַן גרויסן נאַקעטן שאַרבן, אין זײַן פֿאַרטונקלטן מוח, דער חלום פֿון זײַן לעבן, אָבער שוין ווי צעריסענע און צעשאָטענע שטיקער כמאַרעס נאָך אַ בראָך־געוויטער... און זיי טראָגן זיך, די שטיקער כמאַרעס, שווימען אַרויף פֿון אונטער די חורבֿות פֿון זײַן אײַנגעפֿאַלענעם זכּרון, און גראָד יענע וואָס ער, אַרי קאַסעווער, האָט געוואָלט פֿאַרגעסן און אַזוי, אַז זיי זאָלן שוין גאָר קיין מאָל ניט אויפֿגיין, און באַזונדערס די, פֿון וועגן איר, פֿון וועגן לאָטי, פֿון וועגן זײַן ערשטער ווײַבס טויט.

נאָר די לעצטע צײַט, נאָכן פֿאַרשפּאַרן אים אַהער, און ווי נאָר די שקיעה ווערט אין זײַן פֿענצטער ביזן סוף אויסגעלאָשן, דעמאָלטן, שוין ווי אַ שטראָף און אַ קללה, קריכט זי אַרויס, לאָטי, פֿון אונטער די חורבֿות פֿון זײַן זכּרון, און נעמט זיך אַרומדרייען צווישן די בלאָווע בערג אין דעם ווײַס־זײַדענעם קלייד, וואָס פֿאַרן נעמען זיך דאָס לעבן אויפֿגענייט און אָנגעטאָן, ווי נאָר אין אַ נײַ, פֿון דער בעסטער שנײַדעריין צוגעשניטן און אויפֿגענייט, אָן שום שפּיצן און באַפּוצונגען: ווי נאָר אין אַזאַ ווײַס קלייד געקאָנט פֿון דער וועלט אַוועקגיין... זי האַלט זיך פֿון אים אויף אַ מהלך־ווײַט, אָבער די אויגן אירע זעט ער גוט, — פֿול מיט ביטערניש און מיט ניט־שטילנדיקן נקמה־דאָרשט. זי קומט אַהין באַלד נאָך דער שקיעה, אין די בלאָווע בערג, און אויף אַ גאַנצער נאַכט, שפּאַנט דאָרטן אַרום הין־און־צוריק, ווי אויף עפּעס־וואָס געוואָרט...

און פֿון איר קומען, און אַלע טאָג אין איינער און אין דער זעלביקער רגע, ווי נאָר דער טאָג אויף זײַן פֿענצטער גייט אויס, שוין דעמאָלטן, און נאָך אַפֿילו פֿריער, שוין נאָר ווי דער לעצטער שײַן־פֿאָדעם אין דעם ווינקל הויבט אָן צו גוססן, שוין דעמאָלטן, ווערט ער, אַרי קאַסעווער, אויפֿגערודערט. ער ווייסט אַז באַלד וועט זי, לאָטי, קומען.

אָבער נאָך מער אויפֿגעטרייסלט־און אויפֿגעשווידערט ווערט ער, וואָס קומען קומט זי, לאַטי, ניט אַליין, נאָר מיט נאָך איינער, מיט אַ יונגער, אין שוואַרצנס אָנגעטאָן. יענערס אויגן זעט ער ניט... נאָר ס׳איז פֿאַר אים קלאָר און קיין צווייפֿל ניט — אין חלום ווערט זײַן פֿאַרטונקלטער געדאַנק געלײַטערט — אַז די צווייטע וואָס קומט מיט איר, מיט לאַטין, איז די מאַמע זײַנע, הדסה... נאָך וואָס קומט זי, און וואָס פֿאַר אַ פּירוואַרפֿן, וואָס פֿאַר אַ טענות קאָן זי, די מאַמע זײַנע, האָבן צו אים? וואָסערע שטיינער קאָן זי וואַרפֿן אויף אים, אויף איר זון, וואָס בײַ דרײַ יאָר האָט זי אים איבערגעלאָזט אויף הפֿקר... דאַרף ער, אַרי קאַסעווער, אויך אָפּקומען דאָ פֿאַר די זינד פֿון זײַן טאַטן?

— מאַמע, — רעדט ער צו איר אין די בלאָווע בערג אַרײַן, — מאַמע מײַנע, אַזוי ווי דו ביסט ניט שולדיק אין דײַן טויט, אַזוי בין איך דאָך ניט שולדיק אין מײַן לעבן... מאַמע, איך האָב דאָך פֿריער, פֿאַרן פֿאַרלאָזן אויף תּמיד דעם טאַטנס שטוב, אַפֿילו דײַן נאָמען ניט געוווּסט און ניט געהערט. זיי האָבן מיך קליינערהייט פֿאַרפֿירט אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם דאָרף, ווײַט פֿון קרובֿים... דײַן נאָמען האָב איך פֿון אים דעמאָלטן מיט גוואַלד אַרויסגעריסן. סאַראַ שיינער און ווּנדערלעכער נאָמען בײַ דיר! הדסה... מאַמע, ווי נאָר ער איז מיטן טלית און תּפֿילין אויף דער ערד אין חלשות געפֿאַלן, אַזוי האָב איך שוין באַלד אַלץ פֿאַרשטאַנען און גלײַך אויף אים, ווי אַ שטיין געוואָרפֿן מײַן קללה! כ׳בין דאָך דעמאָלטן נאָר קיין אַכצן יאָר ניט אַלט געווען, איך האָב נאָך דעמאָלטן ניט געוווּסט ווי אומגליקלעך און טראַגיש דער מענטש איז... מאַמע, ווי נאָר איך האָב דערהערט איר, מײַן שטיפֿמאַמעס, דײַן שוועסטערס, פּערעלעס, ווילדן געוויין און געלעכטער און באַלד דערזען זײַן פֿאַלן אין חלשות, אַזוי בין איך גלײַך פֿון שטוב אַרויס אויף זיך שוין קיין מאָל אַהינצו ניט אומקערן. די שטוב האָט זיך מיט ווייטיק אָפּגעריסן פֿון מײַן האַרצן, פֿון מײַן לעבן. פֿון ווייטיק האָב איך אַפֿילו ניט געקאָנט שרײַען... איך בין געלאָפֿן, מאַמע, מיטן אויפֿגעהויבענעם בערעזעווען דרענגל איבערן קאָפּ, ניט געפֿילט די ערד אונטער זיך, געוואָלט וואָס גיכער זיך דערווײַטערן פֿון דער שטוב, ווײַל איך האָב זי געוואָלט אונטערצינדן... אונטערצינדן... אונטערצינדן... און אויפֿן וועג, מאַמע, האָט ווידער געוויעט לאָפּאַ, דער פֿאַרטריבענער הונט מיטן שטריקל אויפֿן האַלדז און דערנאָך, אין וואַלד, האָט מיך ווידער אָנגעיאָגט אַ פֿור מיט אַ מת אויפֿן וואָגן... מאַמע, איז דאָס געווען אַן אָנזאָג אויף מײַן ווײַטערדיקן לעבן?

— מאַמע. — רעדט ער צו איר ווײַטער אין די בלאָווע בערג אַרײַן. — פֿאַר דיר, מאַמע, טראָג איך דאָך אויף זיך ניט קיין שום זינד, איך בין דאָך אין דײַן טויט ניט שולדיק! איך ווייס דאָך אַפֿילו ניט מיט אַוועלכן טויט דו ביסט געשטאָרבן. איך ווייס נאָר אַז זיי, מײַן טאַטע, אלימלך, און דײַן שוועסטער, פערעלע... בין איך דאָ, מאַמע, אין עפּעס שולדיק? פֿאַרוואָס זשע גייסטו מיט איר, פֿאַרוואָס באַגלייטסטו איר שאָטן? דו זעסט דען ניט אירע אויגן, זיי זײַנען דאָך פֿול צו מיר מיט שׂינאה און מיט נקמה־דאָרשט... פֿאַרוואָס גייסטו מיט איר? וואָס ווילסטו נאָך, מאַמע, פֿון מײַן פֿאַרשאָלטן לעבן? וואָס וויל נאָך פֿון מיר דײַן שאָטן אין די נעכט? און מיט וואָס, מאַמע, בין איך פֿאַר איר, פֿאַר מײַן ערשטער ווײַב, פֿאַר לאָטין שולדיק? איך האָב זי באַגעגנט די יונגע, די ווילד־שיינע, די האַלבע מעקסיקאַנערן, אַזאַראַ, אויף מײַנע עלטערע יאָרן און ניט קיין פֿײַער, מאַמע, איז אַרײַן אין מײַנע ביינער, נאָר שוין דער שׂטן אַליין האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין מײַן נשמה... איך בין דען געווען, מאַמע, בײַ זיך אין די הענט? איך בין דאָך שוין געווען אין איר פֿאַרביקן כּישוף, אין אירע שוואַרצע כּוחות... און אָט דער פֿאַרביקער כּישוף, מאַמע, און אָט די שוואַרצע כּוחות אירע האָבן מיך צוריק געמאַכט יונג... יונג... יונג! איך האָב ניט געוואָלט אַלט ווערן! און מיט איר, מיט אַזאַראַן, בין איך ווידער יונג געוואָרן. זי האָט מיר פֿאַרשאַפֿט, אַזאַראַ, אַ סך פֿרייד... מאַמע, אין מײַן איצטיקן צושטאַנד, אין מײַנע גרײַז־גרויע יאָרן, אַ פֿאַרוואָרפֿענער אין די בערג, אין מײַן צעיאָטער־טער עלנטקײַט דאָ, בײַ די נאַכטיקע בערג, וואָלסטו באַדאַרפֿט זײַן מיט מיר! אין אָט די אַלטע און פֿאַרשאָלטענע יאָרן מײַנע מוז איך דאָך אַזוי האָבן אַ מאַמע... דו האָסט מיך איבערגעלאָזט אויף הפֿקר אין מײַן קינדהײַט, לאָז מיך כאָטש ניט איבער אויף הפֿקר אין מײַן אַלטקײַט! איך שרײַ אויך צו דיר, ווי צו גאָט: וואַרף מיך ניט אַוועק אויף דער עלטער!...

נאָר דאָ ווערט זי, די מאַמע, מיט אַ מאָל פֿאַרשווונדן, ווי גאָר ניט גע־וואָלט זײַנע רייד הערן. און דערצו נאָך פֿאַר איר פֿאַרשווונדן ווערן, האָט ער אויך אין אירע אויגן, אין דער מאַמעס, ביטול און שׂינאה דערזען... און וואָס איז דער וווּנדער דאָ, טראַכט ער, שוין זיבעציק יאָר ווי זי איז ווײַט פֿון אים, אין אַן אַנדער וועלט, אין דעם עולם האמת. דאָרטן, אין דעם מלכות־שמים, עלטערט מען זיך דאָך ניט. די מאַמע איז דאָרטן פֿאַרבליבן יונג און ער, אַרי קאָסעווער, איז דאָ, אויף אָט דער קאַלט־פֿײַערדיקער ערד, אַן אײַנגעפֿאַלענע חורבֿה געוואָרן. זי דערקענט אים שוין גאָר ניט, איר קינד, מיט דער ווײַסער

זילבער־באָרד. און אפֿשר דערקענט זי אין זײַן באָרד גאָר יענעם, דעם טאַטן זײַנעם, אלימלכן!

זי איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, די מאַמע, איר שאָטן האָט זיך אויפֿגעהויבן צוריק אַהין, אין די ווײַטע שטערן־וועלטן, וואָס אַחוץ השערות ווייסט פֿון וועגן זיי קיינער גאָרניט... און ער, אַרי קאָסעווער, איז דאָ אויף דער ערד, אין זײַן עלנט־און פֿאַרוואָרפֿנקײַט, פֿאַרבליבן נאָר מיט אים, מיט לאָטיס באָר־וועסן שאָטן, אין דעם ווײַסן טויטן קלייד, וואָס וועט די גאַנצע נאַכט, ביזן קאַיאַר אַרומשפּאַנען היִן־און צוריק צווישן די בלאָווע בערג, ווי אויף עפּעס־וואָס דאָרטן געוואָרט... און איר שאָטן וועט זיך ווידער האַלטן אויף אַ מהלך־ווײַט פֿון אים, נאָר יענע אויגן, די פֿולע מיט נקמה־דאָרשט, וועט ער, אַרי קאָסעווער, זען גוט...

אָבער מיט אַ סך יאָרן פֿריער, אויך בײַ איר לעבן, נאָך אין איר פֿולער ווײַבערשער קראַפֿט און זאַפֿט געווען, נאָך מיט אַלע ריחות פֿון איר זיידנס סעדער, גערטענער, האָפּן־און תּבֿואה־פֿעלדער, נאָך אין איר קינדלען, שוין דעמאָלטן זײַנען בײַ איר די גרויסע בלויע אויגן געווען צו אים מיט פֿײַנט־שאַפֿט. ער האָט קיין מאָל ניט געוווּסט, אַרי קאָסעווער, וואָס איז אין איר מער, אין לאָטיס אויגן, ליבע צי שׂינאה... אמת, קיין נקמה־דאָרשט איז נאָך דעמאָלטן אין זיי ניט געווען, הגם אַ גאַנץ לעבן געוווּסט, אַז ווי נאָר ער פֿאָרט פֿון דער היים אַרויס, פֿאַרבײַט ער זי באַלד אויף אַ קאַבאַרעט־זינגערין, מיט אַ באַלעט־טענצערין, אָדער גאָר מיט אַ צירק־רײַטערין, שיט דאָרטן מיט געלט. און געפֿאָרן איז ער אָפֿט, און פֿאַרהאַלטן זיך דאָרטן וואָכנווײַז. די לעצטע צײַט אויך אָנגעהויבן צו פֿאָרן אַהין, אויפֿן קובאַ־אינדזל, קיין האַוואַנאַ.

האָט זי פֿון דעם, לאָטי, פֿון זײַן אומגעטרײַשאַפֿט, שטאַרק געליטן. אויפֿגעצאָרנט געוואָרן. דער עיקר טיף באַליידיקט ווי אַ פֿרוי און ווי די מאַמע פֿון זײַנע קינדער, און דאָך — ניט געקאָנט זיך עם דערקלערן און מוחל זײַן: הגם וואָס מער דער פֿאַרדראָס, דער צאָרן האָט זיך געמערט, אַלץ שטאַרקער האָט די ליבע צו אים געיווירט און געברויזט אין איר. און ווי נאָר אים דערזען פֿון וועג זיך אומקערן, אויפֿן שוועל פֿון שטוב זײַן קול דערהערט, אַזוי אין אַלץ פֿאַרגעסן... זי האָט אים ליב געהאַט, אַרין, און פֿון דעם ערשטן טאָג אָן, שוין פֿון יענעם ווינטערדיקן פֿרימאָרגן ווען ער איז צו איר טאַטן אין קאָנטאָר אַרײַן מיטן קלומיקל אויף דער פּלייצע, און מיטן בערעזעווון דרענגל אין דער האַנט. שוין דעמאָלטן, אַז זי, לאָטי, די נײַנצן־יאָריקע, די בלאָנדע מיט די גרויסע

צוויי בלויע אויגן, די רײַכע און שיינע בת־יחידה, וואָס לערנט שוין דאָס צווייטע יאָר אין ווינער קאָנסערוואַטאָריע קלאַוויר שפּילן און דאָך, צוליב געטאָן און נאָכגעגעבן דעם פֿרומען טאַטן, געלאָזט שדכנים די טירן אָפּשלאָגן און מיט די געשדכנטע געלאָזט זיך אָנקוקן, און אויך מיט זיי אויף שפּאַצירן אַרויסגעגאַנגען, געשטיפּט און געלאַכט, אָבער צו ברעכן טעלער איז עס קיין מאָל ניט געקומען... זי, לאָטי, ווי נאָר אָט דעם אַרײַנגעקומענעם דערזען, אינעם אַלטן געלן פּעלצל, אין די אויסגעקרומטע און פֿאַרלאָטעטע שטיוול, מיטן פֿונעם פֿראָסט פֿאַרפֿאַליעטן פּנים, באַזונדערס די אויגן זײַנע, פֿון אונטער דעם אויסגעריבן־באַראַשקענעם גרויען יאַלעס אַרויס, ווי נאָר די אויגן דערזען, אַזוי איז זי, לאָטי, מבֿולבל און דערשראָקן געוואָרן.

און דער טאַטע אירער, דער פֿאַרברענטער בעלזער חסיד, דער באַלעבאָס פֿון צוויי הונדערט וועבשטולן, וואָס וועבן אויס טליתים און טלית־קטנס, ער האָט דער טאָכטערס דערשראָקענעם פּנים דערזען און אויף דעם אַרײַנגעקומענעם אַ בליק געוואָרפֿן ווי אויף אַ וואַלד־גזלן, ווי אויף אַן אַנפֿאַלער אין מיטן טאָג; פֿון קעשענע אַרויסגענומען און אים, דעם הוצול, אַ פּאָר גרײַצער דערלאַנגט.

— ניין, איך קלײַב ניט נדבֿות. איך וויל אַרבעטן.

— הע־ה... דו רעדסט ייִדיש?

— איך קאָן רעדן גויִיש אויך.

— און וואָס קאָנסטו טאָן בײַ מיר?

— איך קאָן זײַן אַ חמור למשׂא... איך קאָן אײַנשפּאַנען פֿערד, כ׳קאָן אָנ־טרײַבן, כ׳קאָן אַקערן, כ׳קאָן לערנען מיט קינדער אַ פּרשה חומש מיט רשי, אַ בלאַט גמרא, איך קאָן אויך...

— פֿון וואַנען גייסטו?

— פֿון ווײַט... פֿון דער רוסישער זײַט.

— האָסטו געשוואַרצט די עסטרײַכישע גרענעץ?

— יאָ.

— און מ׳האָט דיך ניט געכאַפּט?

— גאָט האָט מיך פֿון דעם אויסגעהיט.

— און וואָס האָט דיך געטריבן פֿון דער היים?

— איר ווילט טאַקע אַלצדינג וויסן אויף רגל אחת?

— וואָס טראָגסטו אויף דער פּלייצע?

— אַ פּאָר תּפֿילין און אַכצן יאָר.

— שוין געוואָרן?

— ניין. אין אַ חודש אַרום וועט מיר ווערן אַכצן יאָר.

— ביז הונדערט מיט צוואַנציק... נאָר אַרבעט פֿאַר דיר, בחור, האָב איך ניט.

— וואַרט נאָר צו, טאַטעשי, — זאָגט די טאָכטער, לאָטי, וואָס הערט זיך צו די גאַנצע צײַט זייער אַנגעשטרענגט, ממש מיט ציטער, צום שמועס, ווי מורא געהאַט דאָ דורכלאָזן, ווי יעדער וואָרט וואָלט איר דאָ אין לעבן געגאַנגען, און נעמט דערבײַ פֿון דעם אַרײַנגעקומענעם אַן אויג ניט אַראָפּ. — וואַרט נאָר צו, טאַטעשי... — זי ווייסט, לאָטי, דעם טאַטנס וואָרט איז ניט צום ענדערן. אַט דעם־אַ וואָגל־שלעפּער, אַט דעם באָרוועסן יונג, וועט ער אויף אַרבעט ניט נעמען. יענער האָט פֿון דער ערשטער רגע אין זײַנע אויגן קיין חן ניט געפֿונען. פֿאַרקערט, ער קוקט אויף אים, ווי נאָר יענער איז דעם שוועל אַריבערגעטראָטן, ווי אויף אַן אַנגעטראָגענעם בייזוווּנדער... אויך ער דער טאַטע, ווי זי אַליין, לאָטי, ווי נאָר דעם בחור דערזען, אַזוי זיך אין פּנים געביטן. די צוויי עלטערע ברידער אירע, וואָס העלפֿן דעם טאַטן אין פֿירן די עסקים, וועלן דאָ ניט קאָנען איר העלפֿן. דער טאַטע האָט ניט ליב אַז די זין, הגם שוין באַווײַבטע און באַקינדערטע, מישן זיך אַרײַן, און געבן אים עצות. און אויך זעט זי, לאָטי, אַז דער בחור וועט זיך דאָ גאָר ניט שטעלן בעטן און וועט באַלד אָוועקגיין.

און הגם זי וויל אַז דער טאַטע זאָל אים, אַט דעם פּלוצלינג אַרײַנגעקומענעם, וואָס גיכער פֿון שטוב אַרויסבאַגלייטן, טאַקע פּשוט אַרויסטרײַבן! דאָך קלאַפּט איר שטאַרק דאָס האַרץ, האָט מורא, ער זאָל פֿון דאַנען מיט אַ מאָל ניט אַנטרונען, פֿאַרשווּנדן ווערן. — וואָרט נאָר צו, טאַטעשי, איך וועל גיין פֿרעגן בײַם זיידן, ער קלײַבט זיך שוין אין וועג אַרײַן, כ'וועל נאָר גיין בײַ אים פֿרעגן, אפֿשר וועט ער אים נעמען צו זיך? דאָרטן, אויפֿן גוט, קאָן דאָך דער זיידע האָבן פֿאַר אים אַרבעט... ס'גייט דאָך צו פֿרילינג, און דער זיידע קאָן דאַרפֿן...

און דאָ איז ער אַליין, דער זיידע, פֿאַרן אָוועקפֿאָרן אַהיים, צו זיך אין גוט אַרײַן, נאָך אַ מאָל דעם איידעם, די אייניקלעך, „אַ גוטן טאָג“ אַרײַן זאָגן. — אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער זקן, אין די זיבעציקער, אַ הדרת פּנים, אַ ברכה אויף אים צו מאַכן... די ווײַס־געדיכטע באָרד ביז צום גאַרטל, די אויגן

גרויסע און בלויע, ווי בײַם אייניקל, בײַ לאָטי, פֿריילעכע, מיט אַ פֿײַערל, אָבער אויך מיט אַ ניט־געשטילטן טרויער אין זיי... ייִדישע אויגן! און אויף די פּולע ליפּן אַ קלוגער שמייכל. הערט ער אויס לאָטין:

— ער איז, זיידעשי, פֿון ווײַט, אַן אַ היים... וויל אַרבעטן, קאָן שפּאַנען פֿערד, אָנטרײַבן, אַקערן, קען לערנען...

— דו וואָלסט געקאָנט, מײַן אייניקל, זײַן אַ גוטער שדכן. וואַרף אַוועק דײַנע נאָטן, דײַן קלאַוויר... — צעלאַכט זיך דער זקן. — דו האָסט מיר שוין באַלד אײַנגערעדט דעם שידוך. אַ בחור, זאָגסטו, מיט אַלע מעלות... נאָר פֿאַרן שטעלן זיך מיט אים אונטער דער חופּה דאַרף מען אים פֿריער אַרײַנפֿירן אין קראָם און אים דאָרטן אַ ביסל איבערטאָן. נו, און אַ פּאָר שטיוול וועל איך אים שוין געבן פֿון מײַנע. אַ פּוס האָט ער אַ גרויסע, ווי אַלע וואַנדערער... ווי רופֿט מען דיך?

— אַרי, אַריה קאַסעווער.

— מײַן טאַטע ז״ל האָט אויך געהייסן אריה. און מיט וואָס פֿאַרנעמט זיך דאָרטן דײַן טאַטע?

— אַ מלמד. אַ גמרא־מלמד.

— און דו, מיט וואָס האָסטו זיך דאָרטן פֿאַרנומען?

— איך בין אויך געווען אַ מלמד...

— און מ׳האָט דיך איבער אַ מיידל אַרויסגעטריבן?

— יאָ, — איז זיך דאָ אַרי מודה.

— ניט קיין אומגליק, — זאָגט דער אַלטער. — אין דײַנע יאָרן איז דאָס נאָך ניט קיין אומגליק. אויב דאָס וועט מיט דיר טרעפֿן אויף דער עלטער, דעמאָלטן, זעסטו, וועט מען שוין דאַרפֿן מעסטן קבֿרים... דערווײַל איז דאָס נאָך ניט קיין טראַגעדיע. פֿאַראַן גרעסערע טרויערשפּילן אויף דער וועלט, אַ סך גרעסערע! בײַ מײַן באָבע, גנענדל, זי זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן און זיך מיִען דאָרטן פֿאַר אונדז... מײַן באָבע ע״ה, דאָס איז געווען אין דער צײַט ווען נאַפּאָלעאָן איז געשטאַנען אונטער מאָסקווע, און די גאַנצע שטאָט האָט געברענט פֿון אַלע פֿיר זײַטן, אָט אין יענע טעג איז מײַן באָבע אין דער שטאָט קאַרעץ געשטאַנען מיט איר חתן אונטער דער חופּה, און אַז ער האָט איר אָנגעטאָן דעם קידושין־רינג, זי שוין מקדש געווען כדת משה וישׂראל, דאָ איז ער פּלוצלינג, פֿאַר קיין שום ייִדן געדאַכט, אומגעפֿאַלן און געשטאָרבן... און מײַן באָבע איז בײַ פּופֿצן יאָר שוין אויפֿן גאַנצן לעבן פֿאַרבליבן אַ אלמנה...

און ניט נאָר אַרי, נאָר אויך דער איידעם און די אייניקלעך, וועלכע האָבן פֿונעם אַלטן, וואָס האָט ליב צו דערציילן ניט־געשטויגנס און ניט־געפֿלויגנס, ביז אַהער־צו נאָך פֿון אים אַזעלכס ניט געהערט, אויך זיי צעלאַכן זיך. אָבער דער אַלטער הערט זיך צו נאָר צום געלעכטער פֿון דעם פֿאַרוואָגלטן בחור:

— ער לאַכט געשמאַק. און זינגען קאָנסטו? מ׳הערט דאָס אין דײַן קול. אַ מענטש מוז האָבן אַ ניגון אין דער נשמה... און אַ קאָפּ האָסטו אויך אויף די פּלייצעס, דו כאַפּסט אויף אַ וויץ... און דאָס איז אויך עפּעס ווערט. דײַן טאַטע איז אַ חסיד?

— אַ טאַלנער.

— זײַנען מיר דאָך קרובֿים. נעם איך דיך צו זיך אין גוט אַרײַן. איך בין אַ סאַדיגורער. מײַן איידעם איז אַ בעלזער. זײַן רבי קאָן אויך האָבן עלית־נשמה, אָבער נאָר בײַנאַכט אין שלאָף... מײַן רבי, זאָל לעבן, דער סאַדיגורער, מײַנער קאָן האָבן עלית־נשמה אויך אין מיטן העלן טאָג. אָט זיצט ער, זאָל לעבן, צווישן די חסידים, רעדט מיט זיי פֿון וועלט־זאַכן און מיט אַ מאָל: ער איז שוין ניטאָ דאָ, שוין דאָרטן, אין די הימלען... נו, אַ משל, — זאָגט ער צום עלטערן אייניקל, — פֿיר אים אַרײַן צו ווינערן אין קראָם, און טו אים דאָרטן איבער!

און דערנאָך, אומקערנדיק זיך אַן איבערגעטאָנענער, שוין אין דעם וואָלוול־קאָרטענעם גאַרניטער, וואָס באַליידיקט אים, ווי מ׳וואָלט אים אים אַ נדבֿה אָנגעטאָן, און אויך פֿון דער קיך, פֿון דעם נגידישן שיריים, וואָס מ׳האָט אים געגעבן איבערכאַפּן, דעם הונגער שטילן, — אַ גאַנץ לעבן די קיך, דעם נאַסן טיש, און די אָפּדריבלעך ניט געקאָנט מוחל זײַן און פֿאַרגעסן — געוואָלט דעמאָלטן שוין פֿון דער קיך אַנטלויפֿן... נאָר דאָ האָט ער זי דערזען, איר קוק אויף אים אויפֿגעכאַפּט און פֿאַרשטאַנען... דער בליק האָט זיך בײַ אים געבעטן:

— זײַ אויף דעם בלינד!

און דער עיקר, בײַם אַרויסגיין פֿון שטוב, דורך דער שוואַרצער טיר, אין הויף אַרײַן, אין דעם פֿון בײַנאַכט פֿריש אָנגעשנייטן, ווו צוויי בורע פֿערד שטייען שוין געשפּאַנט און קלאַפּן אומרויִק מיט די געקאָוועטע פֿעדערשטע פֿיס אָן דער ערד, וואָס קלינגט אָפּ אין פֿראָסטיקן טאָג אַרײַן, דאָרטן, בײַם אַרויסגיין אין הויף, האָט זי צו אים שטיל און אויף גיך אַ זאָג געטאָן:

— אויף פּסח וועל איך זײַן בײַם זיידן...

און ער, אַרי, שוין מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם, ווי אויף אָט דעם וואָרט אירן נאָר געוואַרט, געענטפֿערט: — „אַניט וואָלט איך אַהין גאָר ניט געפֿאָרן!״ — און אַוועקגעלאָפֿן צו דעם הדרת־פּנימדיקן זקן, וואָס נאָך אַלץ מיטן פֿריילעכן שמייכל אויף די ליפּן און מיטן טיפֿן טרויער אין די בלויע אויגן, שוין אין דעם פּריציש־געפֿאַרבטן שליטן, מיט די פּיס אונטער דעם ברוינעם בערנפֿעל געזעסן, — דער אָנטרײַבער, דער הײַדוק, שוין מיטן רוקן צו די פֿערד, אויף צו האַלטן אין אויג די צוויי יאַג־הינט, וואָס באַגלייטן דעם שליטן, און אים, אַריין, אויף דער קעלניע זיך געהייסן זעצן, די לייצעס אין די הענט אַרײַן נעמען, און באַווײַזן, וואָס ער, דער בחור, קאָן אין הילכות אָנטרײַבן... און אַז שוין פֿון טויער, שוין פֿון דעם אָנגעשנייטן הויף אַרויסגעפֿאָרן, דאָ דערזעט ער זי ווידער, אַרי, שוין אויף דעם גאַניק, מיטביידע הענט אויף זײַן בערעזעוון ווײַס־געשטרײַפּטן דרענגל שטיין אָנגעשפּאַרט.

## ה

און יענער חלום פֿון זײַן, אַרי קאַסעוועריס, לעבן שפּינט און וועבט זיך דאָרטן ווײַטער, פֿון אונטער די חורבֿות פֿון זײַן אײַנגעפֿאַלענעם זכּרון, אין דער צווישן־טאָג און־נאַכטיקער בלאָווקײַט פֿון די מעקסיקאַנער בערג; ער דערזעט זי טאַקע דאָרטן, לאָטין, אין יענער געדיכטער בלאָווקײַט אויף דער גרין־לאַקירטער בריטשקע אין הויף אַרײַנפֿאָרן, אין יענעם שוין פֿרילינג־פֿאַר־פּסחדיקן טאָג, אין די זיסע און ווײַניק־ביטערלעכע ריחות פֿון בעז און עפּל־צוויט, אין דעם הייסן גאָלד פֿון זון, אין דעם געזאַנג פֿון דער לאַרך און פֿײַף פֿון דעם שטאַר, אין דעם פֿריילעכן גערויש פֿון די פֿרי־יאָר־וואַסערן... און דערצו נאָך מיט זײַן בערעזעווון שטעקן אין דער האַנט, וואָס דערפֿרייט אים ביז גאָר, ווי נאָך אַ גוטער סימן. און דאָך, אַז ער פֿרעגט זי:

— צו וואָס טראָגט איר זיך אַרום, און פֿאַרוואָס וואַרפֿט איר ניט אַוועק דעם דרענגל?

ענטפֿערט זי: — מיט אָט דעם שטעקן וועלן מיר ווײַטער וואַנדערן, מיר וועלן זיך לאָזן גיין איבער ווײַטע מקומות, איבער פֿרעמדע לענדער, איבער ימען, איבער פֿרייד און לייד...

אָבער דעמאָלטן האָט ער זיי פֿאַרט אויפֿגענומען, אָט די רייד אירע, פֿאַר אַ קאַטאָוועסל, פֿאַר אַן אַפּשניצל. ביכלל נאָך געמיינט, אויף דער סבֿרא גע־שטאַנען, אַז הגם איר וואָרט געהאַלטן און צום זיידן אויף פּסח געקומען צו פֿאָרן, דאָך האָט זי, אָט די שיינע בלאָנדע נגידישע טאָכטער מיט די גרויסע בלויע אויגן, וואָס צינדן אין אים אָן אַלע בלוטן, — נאָך אַזאַ גאָלד־בלאָנדקײַט ניט געזען, כאָטש אין דאָרף זײַנען אַזוי פֿיל בלאָנדע שיקסעס געווען, און אויך אַזעלכע בלויע אויגן ניט באַגעגנט — גרייט צו וואַרפֿן זיך פֿאַר זיי, ניט פֿאַר־טראַכטערהייט, אין אַ פֿלאַקער־שײַטער... דאָך האָט זי, אָט די לאָטי, פּשוט פֿון לאַנגווײַליקײַט פֿאַרפֿירט מיט אים אַ פֿלירט־שפּיל.

אַוודאי וועט ער, אַרי, גאָר גיך צו אָט דער שפּיל אַ סוף מאַכן, ווײַל אויף וואָס, בעצם, קאָן ער דאָ אויסשטעלן, האָפֿן און וואַרטן? אין אירע רייד וועגן

לאָזן זיך מיטן בערעזעווין שטעקן איבער לענדער און ימען, ליגט ניט מער ווי חוזק! און אויב אַפּילו אין אירע ווערטער איז יאָ פֿאַראַנען אַ זערנעלע אמת — מיט עפּעס־וואָס געפּעלט ער איר יאָ, דאָס זעט ער און פֿילט... אָבער דער טאַטע אירער, דער פֿאַבריקאַנט, האָט דאָך אים, אַרין, דעם האָליש, אַפּילו צו זיך אויף שוואַרצער אַרבעט ניט געוואָלט נעמען; און דאָ, אויפֿן פּולוואַרק, ביי איר זיידן, ביי מאַזעס הערץ, קלייבט ער זיך, אַרי, אויך ניט פֿאַרבלייבן, הגם ס׳פּעלט אים דאָ גאַרניט: קיין שווערע אַרבעטן האָט ער דאָ ניט, דער עיקר דאַרף אין די קאַיאָרן, אַז ער קאָן נאָך פֿון שלאָף אַן אויג ניט אויפֿרייסן, ממש מיטן זונאויפֿגאַנג, מיטן אַלטן איבערן הויף אַרומגיין, אין אַלע שטובן פֿון די דינער, אין די שאָף־קאָשאַרעס, אין די רינדער־און פֿערד־שטאַלן זיין, דין־וחשבון אָפּנעמען, ווו געאַקערט, וואָס און וויפֿל פֿאַרזייט; און אויב ערגעץ־ווו אַ טעות צי אַ פֿעלער באַמערקט, גלייך אָנגעוויזן, און ניט מיט רוגזה, און ניט אָנצורירן, חלילה, יענעמס כבוד, זיין מענטשלעכע ווערדע, געלערנט קלאָר און דייטלעך ווי צו פֿאַרריכטן און אויף וויטער אויסמיידן; נאָר אויב דעם זעל־ביקן טעות און פֿעלער נאָך אַ מאָל געזען, דעמאָלטן ווערט דער אַלטער דעם שולדיקן פֿון דער אַרבעט באַפֿרייען און קיין שום תּירוצים וועלן דאָ שוין ניט העלפֿן... און דערנאָך, נאָכן אַרומגיין דעם הויף, דעמאָלטן דאַרף ער, אַרי, באַגלייטן דעם אַלטן ביים אַרויספֿאָרן אין די פּרימאַרגנס רייטנדיק אויף זיין ליכטיק־גרויען אַגער דורך די שיכּורנדיקע ראָז־און לילאָווע צעבליטע סעדער, וואָס אין בליציקער ראָסע, דורך דעם זיך פֿאַרכלינענדיקן געזאַנג פֿון די פֿייגלען, אין אָפֿענעם פֿעלד אַריין.

און דאָרטן לאָזט דער אַלטער דעם אַגער צו טראָגן זיך אין גאַלאָפּ אַ ווערסט צען איבער באַרג און טאָל, ער, אַרי, קאָן אים, דעם זקן, מיט זיין קאַרער לאָשיצע קוים דעריאָגן. אַפּילו די צוויי יאָג־הינט שטייען אָפּ... דער־נאָך פֿאַרט ער שוין, מאָזעם הערץ, שטיל, שווייגט אַ צייט, און פֿאַרפֿירט מיט אים, מיט אַריין, שמועסן וועגן יענער בלאַט גמרא, וואָס זיי האָבן ביידע נעכטן אין אָוונט געלערנט: און שפּעטער ווידער אַ מאָל פֿון וועגן דעם רנ״קס מורה נבֿוכים הזמן, פֿאַלט ווידער אין גרויס התפּעלות אַריין, קוועלט אָן ווי יענער, נחמן קראָכמאַל, אָקערט דאָרטן אויף די ייִדישע געשיכטע, פֿון דעם בית שני ביז וויט אין מיטלעלטער אַריין, גראָבט דאָרטן איבער דעם תּנ״ך... דער אַלטער רעדט דאָ מערער פֿאַר זיך ווי פֿאַר אים, פֿאַר אַרין, וואָס כאַפּט קוים אויף זיינע רייד פֿון וועגן די „דריי צייטן״, וואָס צום ייִדישן פֿאָלק האָבן זיי גאָר

קיין שייכות ניט. און אויך גייט דאָרטן, אין וועג, רײַטנדיק אויף די פֿערד, פֿון וועגן די גאָט־געבענטשטע משׂכּילים, באַזונדערס פֿון דעם גרויסן משה מענדעלזאָן . . . נאָר ווען דער זקן דערגייט צו יענעמס טאָכטער, צו דאָראָטי, וואָס האָט געפֿירט אַ המון מיטן צלם אין דער האַנט און מיטן רוף: „צוריק צום קאַטוּיליציזם! צוריק צום מיטלאַלטער!״ . . . דאָ, בײַ די רייד פֿון וועגן משה מענדעלזאָנס טאָכטער, דאָראָטי, דאָ צעווויינט ער זיך, מאַזעס הערץ, און טרערן קײַקלען זיך אים איבער דער ווײַסער פּריצישער באָרד.

— אַ טרער, — זאָגט ער צו אָריז, — אַ טרער איז אַ סימן פֿון ווייטיק. און מיט ווייטיק איז ניטאָ זיך וואָס צו שעמען.

און דאָך איז פֿאַר אים, פֿאַר אָריז, דער ייִדישער פּריץ, דער אַלטער מאַזעס הערץ, אַ רעטעניש. אַט דאַכט זיך אים, אָריז, אַז אָט דער ייִד וואָלט געקענט גיין אין טלית און תּפֿילין אין קלויסטער אַרײַן. בכלל פֿילט ער זיך דאָ אַנגעוואָרפֿן און אויפֿן רחבֿותדיקן פּולוואַרק, אויפֿן אַלטנס גוט, אַ ווײַט פֿרעמדער. דאָס לעבן דאָ איז פֿאַר אים ניט אויפֿצונעמען. עפּעס אַלצדינג איז דאָ געפּוצט און געזויבערט. אַפֿילו די פֿערד וואָס פֿירן דעם הני אויף צו באַמיסטיקן די פֿעלדער, אויך זיי ווערן יעדן טאָג מיט אײַזערנע קאַמען און האָריקע באַרשטן ביז גלאַנץ געריייניקט. נאָנטער זײַנען אים זיי, די פּראָסטע פּויערים, הגם זייער לשון שיידט זיך דאָ אונטער פֿונעם גויישן לשון דאָרטן, אין יענע דערפֿער פֿון פּאָלעסיע.

דער אַלטער מאַזעס הערץ רעדט מיט אים ייִדיש. אָבער דאָרטן, אין שטוב, רעדט מען נאָך דײַטשיש און ער, אָרי, כאַפּט אַפֿילו ניט אויף דעם מיין פֿון די רייד. זי, דעם אַלטנס ווײַב, אַ הויכע און פּוללייביקע, אַ רונדיק־אויסגעקײַלעכטע, שוין אויך אין די יאָרן, מיטן תּמיד אומצופֿרידענעם פּנים, נאָר מיט גאווה פֿון אַמאַליקער שיינקײַט, אין דריבנע קנייטשעלעך, אַ געלער, ווי אַ סוף־האַרבסטיקער קליאָן־בלאַט בײַם אַראָפּפֿאַלן פֿון בוים, מיט די וווּנדערלעכע גרויע אויגן; זי, דעם אַלטנס ווײַב, האָט נאָך ביז אַהערצו, פֿאַר די צוויי חדשים, אַ וואָרט צו אים ניט אויסגערעדט, הגם צוויי מאָל אין דער וואָך, נאָך האַלבן טאָג, מאַנטיק און דאָנערשטיק, פֿאָרט ער, אָרי, ברענגען דעם דאָקטער צו איר, דעם דײַטש, וואָס קריכט קוים מיט דער גרויסער פֿײַקע און מיט די געפֿאַרבטע שוואַרץ־בלאָווע פּוכקע וואָנצעס אין דער בריטשקע אַרײַן; זי, דעם אַלטנס ווײַב, די צווייטע בײַ אים, אַ גֵרטע, געהאַט מיט אים, מיט מאַזעס הערצן, דרײַ טעכטער, זי לײַדט אויפֿן האַרצן, האַלט אין איין שלינגען פּראָשקעס און פּילן,

טראַפּנס און שטילע טרערן, בענטשט פּרײַטיק־צו־נאַכטס, פֿרום ליכט, פֿאַכט לאַנג מיט די צעשפּרייטע הענט אין די ברייטע אַרבל איבער די פֿינקל־זילבערנע פֿינף לײַכטער און רעדט מיט אַ געבראָכן קול צו גאָט אויף דײַטשיש... זי, אָט די בת־שבֿע, זעט אים יאָ, אַרין, און זעט אים ניט. איין מאָל נאָר אויפֿן ווונק און מיטן פֿינגער אָנגעוויזן: ער, אַרי, זאָל איר דעם שטול דערלאַנגען.

און אויך זי, לאָטי, אַחוץ די פּאָר חוזק־ווערטער בײַם אַרײַנפֿאָרן אין הויף, אַז זי וועט מיט זײַן בערעזעוון שטעקן איבער פֿרעמדע לענדער און ימען זיך לאָזן... זי, לאָטי, האָט מיט אים מער ניט גערעדט, ווי גאָר אין אים פֿאַרגעסן, ווי ער וואָלט שוין נאָר אין אַ גילגול־שאָטן פֿאַר איר פֿאַרוואַנדלט געוואָרן.

און שפּעטער, אויך אויף פּסח, זײַנען אָנגעפֿאָרן פֿון דער קרוינשטאָט, פֿון ווין, די דרײַ טעכטער מיט זייערע מענער און קינדער, שוין דערוואַקסענע, זין און טעכטער, וואָס האָבן זייערע חבֿרים אַהער צום זיידן אויף צו פֿאַרברענגען געבראַכט, — אַלע אַזעלכע אויסגעפּוצט־און אויסגעסטראָצלטע, מיט חן־פּלאַסטערלעך אויף די באַקן, אין איידלשטיינער, אין פּערלשנורן, אין דימענט־בראָשקעס, אין טײַערע הענגל־אויערלעך... זיי, די אָנגעפֿאָרענע, פּרוּוון מיט אים, מיט אַרין, אַ שמועס פֿאַרפֿירן, אָבער פֿון זײַן ייִדיש לשון קוקן זיי זיך באַלד איבער און לאַכן אָפֿן, אומפֿאַרשעמט.

צום סדר, — פֿריער האָט זי, לאָטי, בײַ די אָנגעצונדענע ליכט, אויפֿן קלאַוויר געשפּילט. ער, אַרי, דער דאָרפֿס־בחור, האָט ניט געוווּסט וואָס זי שפּילט. אָבער נאָך אַזעלכע זיסע ניגונים ניט געהערט, און דערעיקרשט, האָט ער ביז אַהער נאָך אַזאַ פּנים ניט געזען בײַ איר. ס׳איז געווען ניט יענע לאָטי, שוין גאָר ניט פֿון דער־וועלט, און די הענט אירע... — צום סדר, טאַקע דאָרטן, אין דער רחבֿותדיקער זאַל, מיט דער געקלעפּט־און געמאָלטער סטעליע, מיט די גרויסע אייל־בילדער אין די באַגילדטע ראַמען, מיט די הירשן־הערנער אויף די ווענט, שוין אונטער די בליצלאָמפּן, ווו דער קרישטאָל און די פֿלעשער ווײַן אין די זילבערנע עמערלעך שעמערירן און בלענדן פֿון דער שטראַלעניש און קאָליר־שפּיל אין די אויגן... צום סדר, ווי אַ גרויסע מיצווה אויף פּסח, ווי אַ וואַנדער־און וואָגלדיקן אורח, דער עיקר, ווי אַן אויס־נאָם און אומגעוויינטלעכקײַט, ווי אַ ווילדגעוויקס, האָט מען אים, אַרין, כּמעט אויבנאָן אַוועקגעזעצט, ניט־ווײַט פּונעם אַלטן מיט דער מלכותדיקער באָרד, וואָס אַחוץ יראת־הכּבֿוד וואַרפֿט זי אויף אָן אַ מורא...

און צום טיש דערלאַנגען צוויי הויכע דאַרע דײַטשן אין שוואַרצע סורדוטן מיט פֿרישע רויטע רויזן אין די גלאַנציק־זײַדענע ברייטע לאַצן, אין מילך־ווײַסע הענטשקעס... קיין מה־נישתּנה פֿרעגט מען דאָ ניט. דער אַלטער האָט יאָ אַ ביסל געבלעטערט די הגדה, פֿון יוצא־וועגן, דער עיקר אויף דײַטשיש דערציילט ווי די מיצרים האָבן אויף זייערע רײַטוועגענער אַנגעיאָגט די ייִדן און משה האָט מיטן שטעקן געשפּאָלטן דעם ים־סוף... — הוי, ווי ער, אַרי, האָט דעמאָלטן געבענקט נאָך זײַן טאַטנס סדר אין דער דאָרפֿישער כאַטע, בײַ די זיך־שמעלצנדיקע חלבֿנע ליכט, אונטערן אָנגעווייקטן שטרויענעם דאַך, ווו אַלע זאָגן די הגדה מיט ברען, מיט געזאַנג און מיט טיפֿן גלויבן אין איטלעכן וואָרט.

אַן אַפּיקומן איז דאָ דווקא יאָ געווען. און אַרויסגעגנבֿעט האָט אים זי, לאָטי, און דערנאָך זיך עקשנותדיק געדונגען מיט אים, מיטן זיידן, פֿאַר יעדן גולדן, ווי ס'וואָלט איר דאָ יעדער גרײַצער אין לעבן געגאַנגען. זי האָט געוואָלט נאָר טויזנט גולדן! דער אַלטער מאָזעס הערץ, שוין נאָך די צוויי מאָל קרישטאָלענע גרויסע כּוסות שטאַרקן ווײַן, דינגט זיך מיטן אייניקל, מיטן לאָטין, מיטן קינד פֿון דער איינציקער טאָכטער פֿון זײַן ערשטער ווײַב... אויך ער דינגט זיך פֿאַר יעדן ניקל־גראָשן אײַנגעשפּאַרט. סוף־כּל־סוף האָבן זיי זיך אויסגעגלײַכט אויף זיבן הונדערט מיט צוויי און פֿופֿציק גולדן.

— די צוויי און פֿופֿציק גולדן, — לאַכט דער אַלטער ביז טרערן, — גיב איך דיר שוין צושטײַער אויף נדן...

און אַלע אַרום טיש האָבן פֿונעם אַפּיקומן־האַנדל און דינגעניש אַנגעקוועלט און געפּליעסקעט: בראַוואָ! און אויך זי, בת־שבֿע, איז אויפֿגעלעבט און פֿאַרפֿלאַמט געוואָרן. כּמעט קיין פּראַשקעס ניט געשלונגען. איין מאָל נאָר טראָפּנס אויף אַ שטיקל קאַנדלצוקער אײַנגענומען.

און דערנאָך, שוין נאָכן סדר־פּראַווען, האָט איינער, שוין אַן אייניקל פֿון בת־שבֿעס מיטלסטער טאָכטער, אויפֿן פֿידל געשפּילט און זי, לאָטי, האָט אים אויפֿן קלאַוויר אונטערגעהאַלטן. ערשט איצטער האָט ער זיך דאָ, אַרי, גאָר פֿרעמד און איבעריק, ווי אַן אָנגעוואָרפֿענער דערפֿילט און איז צו זיך אויפֿן בוידעם־שטיבל אַוועקגעלאָפֿן. אָבער שוין ניט אַזוי פֿון פֿילן זיך דאָ פֿרעמד און איבעריק, ווי אַ שלעפּער אויף אַ סעודה, נאָר פֿון ניט־קאָנען צוקוקן ווי דער בחור מיט די לאַנגע האָר. דער שוועסטערקינד אירער, דער זיגמונט, שפּילט

מיט איר איינעם און דעם זעלבן ניגון און וויביידע זײַנען זיי דאָ צונויפֿ־געשפּילט... ווען ער, אַרי, אַנטלויפֿט ניט פֿון דאָרטן. פֿון יענעם זאַל מיט די בליצלאָמפּן, מיט די קוישן בלומען בײַ די ווענט, וואָלט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף יענעם לאַנגהאָריקן, דעם פֿידל אויף פּיצלעך צעבראָכן, מיט די פּיס צעטראָטן און אים, דעם זיגמונטן, די פֿינגער פֿון די הענט אויסגעדרייט.

ו

און שפּעטער, איבער יאָרן, דרעמלענדיק מיט דער ווײַסער באָרד אין דעם פון־שטרוי־געפּלאָכטענעם וויגשטול, שפּינט זיך אים נאָך אַלץ דאָרטן, אַרי קאָסעווערן, נאָכן פֿײַערדיקן זון־זעצן־זיך, און ס׳וויקלט זיך אים אין דער געדיכטער בלאָווקײַט פֿון די מעקסיקאַנער בערג, און ס׳פּלאָנטערן זיך אים ווײַטער אין פֿאַרטונקלטן מוח שטיקער פֿון זײַן ווײַטן לעבן... יענע פּסח־טעג אויפֿן פּולוואַרק, שוין נאָכן געוויטער־פֿרילינגדיקן רעגן, שוין נאָך די שלאָג־דונערן און פֿײַערבליצן, וואָס האָבן אויפֿגעטרייסלט די וועלדער, געשפּאָלטן און געצונדן דעמבעס, געשניטן הימלען און די נאַכט אויף פּאַסן געריסן... נאָכדעם האָבן שוין וואַרעמע ווינטן געווייעט מיט אָנגעקוואָלענע קליאָנען, מיט צוגעטרוקנטער ערד, מיט פֿײַכט צעבליטע סעדער, מיט פֿיבערדיקע פֿייגל־געזאַנגען, מיט זון־זומערדיקײַט, און מיט אומרויִק־פֿאַרסודותדיקע ווײַטן אין רעגנבויגנס.

שוין נאָך דעם שלאָגרעגן, שוין אין יענער צעבליטער זומערדיקײַט, שוין אין די ריחות פֿון האָניק און אַקאַציע־צוויט, אַז מ׳איז שוין אַלע גרייט געווען אויפֿן פּיקניק אין וואַלד, אויף דער לעוואָדע אַרויספֿאָרן, האָט עס דאָרטן, אויפֿן גוט, געטראָפֿן. ער, אַרי, איז שוין דערבײַ אין הויף ניט געווען, — נאָך פֿון קאַיאָר מיטן וואָגן ווײַנען און כלערליי געבעקסן און געבראָטנס און גע־פּרעגלטס, און אויך פֿאַרשידענע לימאָנאַדן און קוואָסן צו פֿאַרטרינקען, אַהין, אויפֿן אָפּגערעדטן אָרט, אין וואַלד אַרײַן, צום טײַך אַוועקגעפֿירט.

ס׳איז שוין אָבער האַלבער טאָג געוואָרן און קיינער איז פֿון דאָרטן, פֿונעם גוט, ניט געקומען, — האָבן זיי, די פּריצים, דאָרטן גאָר איבערגעטראַכט, צי אפֿשר ווילן זיי הוליען דאָ ניט בײַטאָג, נאָר בײַדערנאַכט... און ער, אַרי, פֿון עלנט און פֿאַרוואַרפֿנקײַט, און דערעיקרשט פֿון פֿאַרדראָס אויף זיך אַליין: שוין פֿונעם אַלטן פֿאַר די צוויי חדשים שׂכירות באַקומען און וואָלט געקאָנט און באַדאַרפֿט ווײַטער אין וועג אַרײַן גיין. ערגעץ, פֿילט ער, און איז אַפֿילו אין דעם זיכער, ערגעץ וואַרט אויף אים אַן אַנדער גורל. דאָ, אין אָט דעם גוט, איז

פֿאַר אים קיין תּכלית ניטאָ, ער קאָן דאָ ווי אַ בכּבֿודיקער משרת ניט בלײַבן. און דאָך, הגם ער ווייסט עס און פֿאַרשטייט, אָבער בײַ זײַן גאַנצן שטאַרקן ווילן און פֿאַרביטערטקײַט, קאָן ער פֿון דאַנען, פֿון אָט דעם גוט, ניט אַרויס, ווי אויף אַן אײַזיקער קייט ,געגומען געוואָרן: ער קאָן זיך איבער איר, איבער אָט דער בלאָנדער לאָטי, פֿון אָרט דאָ ניט רירן... פֿון עלנט און פֿאַרוואָרפֿנקײַט, דער־עיקערשט פֿון פֿאַרדראָס אויף זיך אַליין: אויף וואָס קאָן ער דאָ האָפֿן און וואַרטן? אַ פֿאַרביטערטער לאָזט ער די געשפּרייטע טעפּעכער און טישטע־כער, און דאָס אַלץ אויף זיי אויסגעשטעלטע, אויף דער ערד ליגן, און לויפֿט צו די ווערבעס, טוט זיך אויס דאָרטן, אונטער די יונגע, נאָך מיט הימל־בלויקײַטן דורכגענומענע שמאָל־פֿינגערדיקע בלעטער, וואַרפֿט זיך ווילד אין דער קאַלטער וואַסער און ווערט באַלד מיט די יאָגנדיקע כוואַליעס אַראָפּצו טײַך געטראָגן.

און דאָ, אין די קאַלטע וואַסערן מיט דער פֿײַערדיקער ליסקע, וואָס שיט זיך פֿון דער האַלב־טאָגיקער זון אויפֿן ברייטן פּרילינג־צעגאָסענעם טײַך, דאָ דערהערט ער לאָטיס קול בײַם נאָמען אים רופֿן, און אויך באַלד בײַם ברעג אויף איר זיידנס ליכטיק־גרויען אָגער אין זאָטל זי דערזען זיצן... האָט ער דאָ, אַרי, מיט אַ געשריי פֿון אַ חיה, וואָס רופֿט זיך אָפּ ווײַט און טיף אין וואַלד, פֿון די כוואַליעס זיך אַרויסגעריסן, אַ נאַקעטער אויפֿן ברעג אַרויסגעע־שפּרונגען, צום פֿערד צוגעלאָפֿן, און זי אויף זײַנע הענט פֿון זאָטל אַראָפּ־גענומען.

און זי, לאָטי, מיט ברייט אויפֿגעריסענע אויגן, פֿול געוואָרענע מיט פֿרייד און פּחד, האָט זיך ניט געווערט, צוגעפֿאַלן מיט די פּלוצעם איבערגעטרוקנטע ליפּן צו זײַן אַקסל מיט די פֿײַערדיקע טראָפּנס וואַסער, און געלאָזט זיך אין די קוסטעס אַרײַן טראָגן.

און דער אַרום איז אין פֿלאַם פֿון בלי. ביז צו די ווײַטע בלויקײַטן הייבן זיך פֿון דער ערד די פֿייגל־געזאַנגען. ס'שמעקט מיט אויפֿגייענדיקע ווייצן, מיט זשיוויצע, מיט האָניק, און זי, די זון, פּויעט אַלעמען פֿון איר אייביק־געטלעכן קוואַל מיט געבענטשטן לעבן... און פֿון ערגעץ, פֿון יענער זײַט וועלט, ווי פֿון אַ ליידיקײַט, פֿון דאָרטן טראָגן זיך אַהערצו גלאָקן־קלאַנגען, וואָס בויטען דאָ אויף די זוניק־גרינע שטילקײַט. ערשט איצטער דערהערט זיי, אַרי, אָט די קלויסטער־גלאָקן, און פֿרעגט בײַ לאָטין, וואָס האָט זיך שוין, פֿאַרשטעלט פֿון

זײַן אויג, אין טײַך אויסגעבאָדן, און פֿון הינטער דעם קוסט אַן אָנגעטאָנענע אַרויס.

— וואָס קלינגען אַזוי די גלאָקן, — פֿרעגט ער בײַ איר. — איז אין הויף אַ שׂרפֿה?

— יאָ, אַרי, אויך דאָרטן איז אַ שׂרפֿה...

— איז דען אויך דאָ, לאָטי, דאָ אין וואַלד געווען אַ שׂרפֿה?

— יאָ, גורל מײַנער, אויך דאָ איז געווען אַ שׂרפֿה, און אַ גרויסע... איך זע פֿאַר מײַנע אויגן אַ שוואַרצן שאָטן!

— וועמעס שאָטן?

— מײַנעם... מײַן אייגענעם שאָטן!

— האָסטו אויף דעם חרטה?

— ניין, אַרי, ניין! איך בין דאָך צו דיר אַליין געקומען... — און גיט גלײַך צו. — נאָר דער טויט וועט מיך שוין קאָנען מיט דיר צעשיידן. הײַנט נאָך גייען מיר ביידע אַוועק פֿון דעם זיידנס גוט, פֿון טאַטע מאַמע, פֿון מײַנע ברי־דער... און אויך פֿון דער קאָנסערוואַטאָריע... איך וועל גיין מיט מײַן גורל.

— וווּהין?

— אַהינצו וווּהין דײַן בערעזעווער וואַנדער־שטעקן וועט אונדז פֿירן, איבער פֿרעמדע לענדער, איבער ווײַטע ימען... יענע שׂרפֿה, אין זיידנס הויף, דאַרף אונדז ניט אָפּשטעלן.

— וואָס האָט זיך דאָרטן אַזוינס פֿאַרלאָפֿן?

— מײַן שטיפֿבאָבע איז געשטאָרבן. פֿאַרן טויט האָט זי געשיקט רופֿן דעם פֿאָטער אין דער שוואַרצער מאַנטיע מיטן ווײַסן קאָלנער, דעם קאַטוילישן גלח, און זיך פֿאַר אים מיתוודה געווען, געקושט מיט גרויסע טרערן דעם צלם, געבעטן זי צוריק צו איר אַלטן גלויבן אומקערן, און אָנגעזאָגט מ׳זאָל זי אויפֿן קאַטוילישן צווינטער לעם אירע עלטערן באַהאַלטן.

— און דער זיידע דײַנער?

— אַרי, ער איז שוין אויך דײַן זיידע...

און שוין אים מער גאָרנישט ניט געזאָגט און פּאַוואָלינקע, זייער געהיט, אויפֿן פֿערד אין זאָטל זיך אַרײַנגעזעצט און שטיל, שוין מיט אַן אַנדער וועג, ווי דער פֿריערדיקער, יענער, וואָס האָט זי אַהער צו אים, צו אַרין, אין וואַלד אַרײַן געבראַכט, יענער וועג האָט זיך דאָ, בײַ דעם פֿרילינג־צעגאָסענעם טײַך מיט דער פֿײַערדיקער ליסקע, וואָס שיט זיך פֿון דעם זון, דאָ אויפֿן הייסן זאַמ־

דיקן ברעג, אונטער די ווערבעס פֿאַרענדיקט און זי, לאָטי, דאַרף זיך שוין אַן אַנדער וועג זוכן.

— און וווּהין, — פֿרעגט זי עמעצן, שוין דאָרטן, בײַם אַרויספֿאָר פֿון וואַלד. — וווּהין וועט מיך יענער וועג פֿירן און ברענגען?

און זי איז געפֿאָרן, לאָטי, צוריק אַהין, צום זיידן אין גוט אַרײַן, שוין גאָר אַן אַנדערע, שוין זיך אַליין גאָר ניט דערקענט, שוין אַ פֿרוי... די בלוטן האָבן נאָך אין איר פֿון פֿרייד גערוישט, נאָר עפּעס אַ שווערקײַט איז איר אויף דער נשמה געלעגן. און דערצו נאָך יענער שאָטן, וואָס האָט זיך איר דאָרטן, אונטער די ווערבעס באַוויזן... יענער שאָטן טרעט פֿון איר ניט אָפּ, און ווי געוואָלט פֿון אים, פֿון יענעם שאָטן אַנטלויפֿן, לאָזט זי דעם אָגער אין פֿולן גאַנג פֿאַרבײַ די מילן, איבער דער הרעבליע מיט די רוישיקע וואַסערן, אין הויף אַרײַן יאָגן.

און ער, אָרי, אויך שוין אַן אַנדערער, שוין ניט דער פֿריערדיקער וואַנדער־ און וואָגלער, דער אומעטום אַנגעוואָרפֿענער, ער האָט מיט אַ מאָל, נאָך דעם וואָס איז דאָ אין וואַלד אַזוי אומגעריכט, בײַם טײַך אונטער די ווער־בעס געשען, — לאָטי, זי, לאָטי, איז זײַן ווײַב געוואָרן. ער, אָרי, האָט דאָ מיט אַ מאָל זײַן כּוח דערפֿילט, פֿון זײַן גבֿורה זיך דערוווּסט, און שוין גאָר אין אַן אַנדער שפּיגל זיך דערזען.

און דאָך נאָך לאָטיס אַוועקפֿאָרן, זיך מיט אים גאָר ניט געזעגנט, וואָס ווײַטער מיט אַ רגע, אין זײַן גליק ניט געקאָנט גלויבן, מורא געהאָט, אַז מער וועט זיך עס ניט איבערחזרן און אַלע אירע רייד דאָ זײַנען אויף דער הייסער מינוט געזאָגט געוואָרן... ער איז לאַנג דאָרטן, אונטער די ווערבעס, אַן אויפֿגעטרייסלטער געלעגן, ניט געקאָנט צו זיך קומען, און ערשט פֿאַרן טאָג־פֿאַרגיין די פֿלעשער ווײַן און עסנס, די טעפּעכער אין וואָגן אַרײַנגעוואָרפֿן, אין הויף זיך אומגעקערט, און שוין אַליין געזען וואָס דאָרטן קומט פֿאָר.

און דאָרטן, אין דער טונקלעניש פֿון דעם גרויסן זאַל, בײַם געזאַנג פֿון קלויסטער־כאָר גייט די „טויטן־מעססע", — אין די ווײַסע הענט פֿון די מאָנאַכן און מאָנאַשקעס ברענען ליכט, וואָס שלאָגן זיך אָפּ אין די זילבערנע צלמער אויף די שוואַרצע סטואַנעס, און אויפֿן לאַנגן טיש, ווי צוריק מיט דרײַ טעג איז דער סדר געפּראַוועט געוואָרן, ליגט די געשטאָרבענע אין דעם גלאַנציק־שוואַרצן אָרון, מיט ווײַסן זײַד אינעווייניק אויסגעשפּרייט, דער געל־אויסגע־צויגענער פּנים אָפּגעדעקט, אַ באַרויִקט־צופֿרידענער, ווי אַלע באַגערן און

ווונטשן אירע זײַנען שוין דאָ אויף דער ערד מקוים געוואָרן: זי, בת־שבֿע, די גרטע, הגם שוין פֿאַרן טויט, אָבער פֿאָרט זיך אומגעקערט צו אירע עלטערן, צו איר אַמאָליקן נאָמען, — עריקאַ פֿאָן מירבאַך...

און בײַ דער טויטער צוקאָפּנס שטייען די דרײַ טעכטער אין טרויער אָנגעטאָן, מיט גרויסע פֿלעמלדיקע ליכט אין די הענט און הינטער זיי, אויך מיט אַ ברענענדיקער ליכט אין האַנט, זייער פֿאָטער, מאָזעס הערץ, מיט דער שיינער פּריצישער באָרד, וואָס וועט שפּעטער, מיטן ניט־געשטילטן טרויער אין די אויגן, זאָגן איר, לאָטין:

— יעדער מענטש קאָן ניט לעבן ווי אים ווילט זיך, אָבער שטאַרבן...

און ס'שמעקט דאָרטן שטאַרק מיט טריפנדיקן וואַקס און מיט לאַדאַן־רויך. און כאָטש פֿונעם סאָד שלאָגן זיך אַהער דורך ריחות פֿון צעצוויטעטער טשערעמוכע און לאַנדיש, דאָך, אויך פֿון זיי, פֿון אָט די פֿרילינגדיקע בלי־ריחות שלאָגט אויף אים, אויף אָרין, מיט שרעק... פֿון אָט די ברענענדיקע ליכט אין דער טונקלעניש, פֿון אָט די שוואַרצע סוטאַנעס מיט די פֿינקלענ־דיקע צלמער און דער עיקר, פֿון די ווײַטע גלאָקן־קלאַנגען, וואָס פֿאַלן אינעם סוף־טאָג, בײַם זונ־זעצן־זיך, ווייעט אויף אים מיט פּחד פֿון ערבֿ־פּאַסכעדיקן פּאָגראָם. ער, אָרי, געדענקט נאָך יענעם ווײַטן סוף־טאָג, דעם קלונג פֿון די קלויסטער־גלאָקן בײַם זונפֿאַרגיין, און ווי פּויערים שלאָגן די פֿענצטער אויס און ווילן די כאַטע אונטערצינדן... דאָ נעמט דער טאַטע אלימלך קאָסעוווער, די ווײַב מיט די קינדער, גייט מיט זיי צוריק אין שטוב אַרײַן, און זאָגט צו די גוים:

— אויב איר וועט אונטערצינדן, וועלן מיר אין פֿײַער אומקומען... אָבער דער פֿײַער פֿון מײַן שטוב וועט זיך צעוואַרפֿן איבערן גאַנצן דאָרף, און אויך אײַערע הײַזער, אַלע, וועלן אַוועק מיטן פֿײַער! און דערנאָך וועט אַ פֿאַר־טריקעניש אויף אײַערע פֿעלדער קומען, און אײַערע פֿערד און בהמות וועלן אָנהויבן פֿאַלן... גאָט וועט אײַך אונדזער אומשולדיקן טויט ניט מוחל זײַן!

און אויך זי, לאָטי, זעט מען דאָ אין ערגעץ ניט. ווערט ער ווידער פֿאַר־לוירן, און די גרויסע פֿלאַמיקע פֿרייד וואָס פֿון וואַלד, פֿון דעם זאַמדיקן ברעג בײַם צעכוואַליעטן טײַך, אין זײַן נשמה אַהער געבראַכט צו טראָגן, יענע פֿרייד, וואָס זי, לאָטי, איז זײַן ווײַב געוואָרן, און ער האָט דאָרטן צום ערשטן מאָל אַ פֿרוי דערקענט, יענע פֿרייד נעמט זיך דאָ ווידער לעשן אין זײַן פֿאַר־

ביטערטער נשמה, לויפֿט ער אַהין, אין זײַן בוידעם־שטיבל, — אפֿשר איז זי שוין דאָרטן, אפֿשר וואַרט זי שוין אויף אים, לאָטי?

נאָך דאָרטן, אין יענעם שטיבל, ווו אונטער דעם הויכן טשערעפּיצע־רויטן דאָך נעסטן זיך שאַרעס טויבן און וואָרקען פֿרילינג־אויפֿגעברויזטע פֿון אויף־און ביז זון־פֿאַרגיין, דאָרטן, ווו דער אַלטער האָט אים, אַרין, אַ ווינקל אויף צו לעבן געגעבן, און וווהין ער אַליין, מאַזעס הערץ, נאָכן זון־זעצן־זיך, קומט אַרויף צו דערציילן וואָסערע חלומות ער האָט געזען...

ער ווייסט, אַרי, אַז די חלומות זײַנען פֿון אַנהייב ביזן סוף אויסגעטראַכטע, משונה־אומגעלומפּערטע, לייגן זיך גאָר אויפֿן שׂכל ניט. פֿריער האָט ער ניט פֿאַרשטאַנען, אַרי, צוליב וואָס דאַרף ער, דער זקן, אַזאַ קלוגער, און מיט אַזוי פֿיל וויסן, אויף וואָס דאַרף ער, מאַזעס הערץ, אויסטראַכטן אַז ער איז אַ סאַדיגורער חסיד, פֿאָרט דרײַ מאָל אין יאָר אַהין, צום רבין, כאַפּט פֿון די טעלער שיריים, אין דער צײַט ווען זײַן פֿוס איז דאָרטן קיינמאָל ניט געווען, און ער קוקט אויף די רבישע הויפֿן ווי אויף ערטער פֿון טיפּשות און אַפּי־קורסות.

אָבער שפּעטער האָט ער, אַרי, שוין פֿאַרשטאַנען: דער זקן טראַכט עס אַלצדינג אויס פֿון אומעט, פֿון בענקשאַפֿט... אים דאַכט זיך אַפֿילו, אַרין, אַז די גרויסע באָרד האָט ער זיך, מאַזעס הערץ, פֿאַרלאָזט פֿון אומעט, און פֿון עפּעס אַ אים מאַטערנדיקער בענקשאַפֿט. נעכטן, — די אַלטע איז שוין שווער צום בעט געפֿאַלן, קומט ער אַרויף, נאָכן טאָג־פֿאַרגיין, און נעמט דערציילן, אַז דער שאָטן פֿון זײַן ערשטער ווײַב לאָזט אים גאַנצע נעכט ניט שלאָפֿן, און דערקלערט באַלד:

— וואָס איז זיך דאָ פֿאַראַן צו וווּנדערן? דעם מת באַהאַלט מען דאָך אָן זײַן שאָטן, וואָס האָט אים בײַם לעבן באַגלייט דאָ, אויף דער ערד; דעם שאָטן באַגראָבט מען דאָך ניט צוזאַמען מיטן מת. דער שאָטן זײַנער בלײַבט דאָך איבער דאָ, און בלאָנדזשעט דערנאָך אַרום אויף דער ערד, קומט צו די לעבע־דיקע און שטעלט זיך זיי אויף גאַנצע נעכט פֿאַר די אויגן. די שאָטנס קומען פֿאָדערן און מאָנען פֿאַר די, וואָס ליגן שוין אין דער ערד באַגראָבן... די שאָטנס זײַנען לעבעדיקע גילגולים פֿון די געשטאָרבענע דאָ אויף דער ערד.

אָבער ניט נאָר דער זקן, מאַזעס הערץ, נאָר אויך זי, לאָטי, איז דאָ, אין דעם בוידעם־שטיבל, אונטערן הייסן טשערעפּיצע־דאָך ניטאָ. און דער טאָג פֿאַרגייט. די זון, ווי אַ גרויסער ראָד אין פֿלאַם, קײַקלט זיך צום וואַלד אַראָפּ,

צו יענעם געבענטשטן ברעג טײַך... און ער ווייסט אַליין ניט, אַרי, ווען האָט ער יענע גלאָקן־קלאַנגען פֿאַרלאָרן, ווי אַזוי בײַם אָפֿענעם פֿענצטערל אין סאָד אַרײַן, אין דעם אויפֿגערודערטן וואָרקעריי פֿון די טויבן, אויף זײַן הילצערנעם בעטל אַנטשלאָפֿן געוואָרן. אויפֿגעוועקט האָט זי אים, לאָטי, אַרום האַלבער נאַכט, דעם בערעזעוועץ שטעקן אין האַנט אַרײַן אים געגעבן און געזאָגט:

— קום, ליבער, קום, באַשערטער, קום, גורל מײַנער, די זאַכן זײַנען שוין דאָרטן, אויפֿן באַנהויף... — און זיי זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען יענעם זאַל, וווּ אויפֿן טיש איז די געשטאָרבענע אין דעם שוואַרץ־גלאַנציקן אָרון געלעגן, ס'האָט זיך נאָך פֿון דאָרטן אַ שטיל־שלעפֿערדיקער תּפֿילה־פּרעפּל, אויסגעמישט מיט לאַדאַן־רויך, געהערט; דורך דער טיר, וואָס פֿירט אין סאָד אַרײַן צום אַלטנס ליכטיק־גרויען אַגער זיך דערקליבן, און ביידע האָבן זיך מיטן שמאָל־פֿאַרוואַקסענעם וועג, צווישן די געדיכט־גרינע ווייצנפֿעלדער, אונטער דעם אויסגעשטערנטן הימל, אין דער וועלט אַרײַן זיך געלאָזט יאָגן.

# ז

און ווײַטער, און טאַקע דאָרטן, בײַ די מעקסיקאַנער בערג, נאָכן פֿײַער־דיקן זון־זעצן־זיך, שוין כּמעט אין דער שוואַרצער בלאָווקײַט, אין די געדיכטע ליליע־ריחות, דרעמלענדיק מיט דער ווײַסער באָרד אין דעם שטרוי־געפֿלאָכ־טענעם וויגשטול, שפּינט זיך אים דאָרטן, אַרי קאָסעווערן, און ס׳וויקלט זיך, און ס׳פּלאָנטערט זיך אים ווײַטער דער חלום, און ס׳פֿאַרהאַלטן זיך אונטערן נאַקעטן גרויסן שאַרבן, אין דעם פֿאַרטונקלטן מוח אָפּגעבראָכענע, איינצלנע, עלנט־פֿאַרוואַגלטע שטיקער פֿון זײַן לעבן, ווי טונקעלע קריעס אַרויסגע־וואָרפֿענע אויפֿן ברעג פֿונעם צעברויזטן טײַך.

דאָרטן, בײַ יענע נאַכטיקע בערג, אָן אַ הימל, אָן אַ שטערן, דאָרטן זעט ער אים ווידער, יענעם באַרוועסן שאָטן, אין דעם ווײַסן קלייד, אויף אַ מהלך־ווײַט פֿון אים אַרומשפּאַנען. די אויגן אָבער אירע, לאָטיס, די גרויסע און בלויע, זעט ער פֿון יענער ווײַט קלאָר אַרויס, — פֿולע מיט נקמה־דאָרשט.

און זי שפּאַנט אַרום אַהין און צוריק, ווי זי וואָלט דאָרטן אויף עפּעס געוואַרט... און זי דרייט זיך אַרום דאָרטן דווקא רויִק, ניט געאײַלט, ווי תּמיד, ווי אין אַלע נעכט, מיט קאַלטן געדולד, ווי זיכער געווען, אַז אויף דעם וואָס זי וואַרט וועט דאָך און סוף־כּל־סוף קומען.

און איר שאָטן שפּאַנט דאָרטן הײַנט אַרום אַליין, אָן זײַן מאַמעס שאָטן, דערפֿאַר אָבער מיט יענעם בערעזעווון שטעקן אין האַנט, ווי געוואָלט אים, אַרי קאָסעווערן, דערמאָנען איר לאָזן זיך אויף וואַנדער און וואָגל, איר וואַרפֿן די היים, דעם זיידן אין אַ שווערער שעה, און לויפֿן מיט אים, מיטן פֿרעמדן און ווילדן, וווּהין די אויגן האָבן געטראָגן, ווײַל פֿול און איבערגעפֿולט איז איר האַרץ געווען מיט טיפֿן גלויבן, אַז מיט אים, און נאָר מיט אים וועט זי, לאָטי, אויב אָפּילו נויט, דחקות, און הונגער דאַרפֿן אויסשטיין, מיט מאַצאַרטן און בעטהאָווענען אויף יאָרן זיך מוזן שיידן, גיין פֿרעמד וועש וואַשן און פֿרעמדע הײַזער ווײַסן... אָבער שפּעטער, און מיטן גאַנצן האַרצן אין דעם געגלייבט, וועט זי מיט אים, מיט אַרין, דעם גרויסן און שיינעם לעבן האָבן.

און אויך דאַרף אים, אַרי קאָסעווערן, יענער בערעזעווער שטעקן דער־מאָנען, אַז זי איז דעמאָלטן, לאַטי, און ער דאַרף עס גוט געדענקען, — אין יענעם צעצוויטעטן טאָג איז זי געלאָפֿן צו אים, ניט נאָר ווי צו איר ערשטער גרויסער ליבע, ווי צו איר באַשערטן, ווי צו איר פֿון הימל אַראָפּגעשיקטן גורל. — אירע צעבליטע און ריינע נײַנצן יאָר געבראַכט... זי איז דעמאָלטן אויך געלאָפֿן צו אים פֿון גרויסער שרעק פֿאַרן טויט, וואָס איז געלעגן אין דעם גלאַנציק־שוואַרצן אָרון אויפֿן טיש, אין דער טונקלעניש, צווישן די ברענענ־דיקע ליכט, מיטן אויסגעצויגענעם געלן פּנים, מיט דעם לינקן האַלב־אָפֿענעם אויג, וואָס זי, די שטיפֿבאָבע, האָט דעמאָלטן געקוקט אויף איר, אויף לאַטין... און עפּעס אַ שרעק, אַ ווילדער פּחד פֿאַרן טויט האָט זי דעמאָלטן פּלוצעם און מיט אַ מאָל אַרומגעכאַפּט און זי געטריבן צו אים, צו אַרין, נאָך לעבן... נאָך לעבן... און ער האָט שפּעטער מיט אַזאַ קאַלטער אַכזריות פֿון לעבן און צום טויט זי געטריבן!

און ער שפּאַנט דאָרטן אַרום, אַהין און צוריק, דער שאָטן, דער באָרווע־סער, מיט די גרויסע בלויע אויגן, אָפּט ביז צו געדיכטער בלאָווקײַט, ווי די נעכט אין די מעקסיקאָנער בערג, — אויגן פֿון אַ טיף באַליידיקטער, וואָס האָט איר לײַב און לעבן, דער עיקר די נשמה אָפּגעגעבן אים, אַ ווײַטן, ניט געוווּסט אַפֿילו ווער און פֿון וואַנען געקומען: ניט געקאָנט אויך שפּעטער, אין די ווײַטערדיקע יאָרן, זיך אַליין דערקלערן און באַשיידן, מיט וואָס און ווי אַזוי האָט ער, דער פֿרעמדער, וואָס איז צו זיי אין שטוב מיטן בערעזעוון שטעקן אַרײַן, אין דעם ווינטערדיק־אָנגעשנייטן פֿרימאָרגן, און זי גראָד דאָרטן געטראָפֿן, — זי איז דאָך דעמאָלטן גאָר צופֿעליק אויף אַ טאָג אַהיים געקומען, און אויך אַזוי צופֿעליק אויף אַ רגעלע צום טאָטן אין קאָנטאָר אַרײַן...

— מיט וואָס, און ווי אַזוי האָט ער, דער ווײַטער, געקאָנט זי פֿאַרכּישופֿן?

און זי איז פֿון איר פֿרומער רײַכער היים, פֿון איר טאָטנס טיש מיט די האַרציקע חסידישע ניגונים, פֿון איר זיידנס גוטס, פֿון דער קאָנסערוואַטאָריע, פֿון מאַצאַרטן מיט אים געלאָפֿן, געלאָזט זיך איבערן ים, און אויך ניט געוווּסט וווּהין די שיף גייט און צו אַ וועלכן ברעג זי וועט צושווימען...

און דערצו נאָך, שוין דאָרטן, אויף יענער שיף, האָט ער זי, לאַטין, אַ וואָך נאָכן זאַמדיקן ברעג בײַם טײַך, פֿאַרביטן מיט איינער, אַ דרײַסיקיאָריקער, וואָס האָט מיט איר רײַכן מאַן, דעם אַלטן, איבערן ים און איבער דער וועלט אַ לוסטרײַזע געמאַכט. ער האָט דעמאָלטן, אַרי, דאָרטן אויף דער שיף, פֿאַר איר,

פֿאַר לאַטין, מיט טרערן געוויינט און בײַ אירע פֿיס אויף די קני מחילה און סליחה געבעטן.

אָבער שפּעטער, נאָך יאָרן וואַנדער־און־וואַגלענישן, נאָכן האָבן אים פֿיר קינדער און זיי אין נויט האָדעווען און דערציען, שפּעטער, אַז ער איז פֿון בויען און פֿאַרקויפֿן הײַזער רײַך געוואָרן, דעמאָלטן האָט ער שוין קיין איין מאָל אַפֿילו מיט אַ וואָרט פֿאַר איר זיך ניט פֿאַרענטפֿערט.

און דער באַרוועסער שאָטן מיט די גרויסע אויגן, אָנגעפֿילטע מיט בלוי־פֿײַערדיקן נקמה־דאָרשט, שפּאַנט דאָרטן אַרום צווישן די בערג, אַהין און צוריק, ווי אויף עפּעס געוואָרט... דער שאָטן הייבט אים שוין אָן, אַרי קאָסע־ווערן, צו וואָרפֿן פֿון קעלט אין היץ אַרײַן, און דאָ נאָך, מיט אַ מאָל, נעמען פֿון אונטער די חורבֿות פֿון זײַן זיכרון יענע רייד, די שוין פֿון לאַנג פֿאַרגעסענע, פֿון דעם אַלטן מאָזעס הערצן, ער הערט אַפֿילו יענעמס געדיכטע שטימע פֿון דאָרטן, פֿון דעם בוידעם־שטיבל, פֿון אונטער דעם הויכן טשערעפּיצע־דאַך בײַם זון־פֿאַרגיין, אין דעם פֿרילינג־אויפֿגעברויזטן וואָרקערײַ פֿון די טויבן.

און יענער קול וואָס קומט פּלוצעם אַרויס פֿון אונטער די חורבֿות פֿון זײַן פֿאַרטונקלטן מוח ווערט דאָ, אין זײַן חלום, מיט אַ מאָל אויסגעלײַטערט, און יענע רייד זײַנע באַקומען שוין ממשות־און וואָרהאַפֿטיקײַט... און טאָקע אַזוי, אויב יענער מאָזעס הערץ האָט דעמאָלטן אויפֿן בוידעם־שטיבל, בײַם זון־פֿאַרגיין, אַן אמת געזאָגט, אַ טיפֿן סוד פֿאַר אים אַנטפּלעקט, — דער שאָטן פֿונעם מענטשן פֿאַרבלײַבט דאָ אויף דער ערד...

אויב אַזוי, אויב יענעמס אַלטנס רייד שלײַערן אָפּ און באַלײַכטן, דעמאָלטן איז קלאָר זײַן טאַטנס צעטומלטקײַט און די אייביקע מרה־שחורה אין די אויגן... דער שאָטן פֿון דער ערשטער ווײַב, פֿון הדסהן, שטעלט זיך דאָך אין די נעכט אויך פֿאַר אים, פֿאַר אלימלך קאָסעווער, און אויך פֿאַר איר, פֿאַר פּערעלען... און שוין אויך, ווי אַ נקמה אין זײַן טאַטן, קומט דער מאַמעס שאָטן אויך צו אים, צו אַרין.

און ווײַטער, אויב די שאָטנס קומען פֿאָדערן און מאָנען פֿאַר די וואָס ליגן שוין אין די קבֿרים, דעמאָלטן וועט דאָך איר שאָטן, לאַטיס, פֿון אים קיינמאָל ניט אָפּטרעטן און די בלוי־פֿײַערדיקע אויגן אירע, די פֿולע מיט נקמה־דאָרשט, וועלן פֿון די נאַכט־צופֿאַלן ביז טאָג־אויפֿגיין פֿון אים ניט אַראָפּגענומען ווערן.

אָבער פֿריִער, ביז אַהערצו, ביזן פֿאַרוואַרפֿן און פֿאַרשפּאַרט ווערן צווישן די בלאָווע בערג, באַזונדערס אין יענע, אין די ערשטע יאָרן מיט איר, מיט

אַזאַראַן, וואָס האָט אים, אַרי קאַסעווערן, מיט אַ מאָל יונג געמאַכט, און אים אַזויפּיל פּרייד און פֿאַרגעניגן געגעבן . . . דעמאָלטן, אין די ערשטע יאָרן מיט איר, מיט אַזאַראַן, האָט דאָך יענערס, לאָטיס, שאָטן כמעט ניט באַוויזן זיך, זעלטן־ווען אויף אַ רגע פֿאַר די אויגן אין די נעכט זיך געשטעלט.

און דאָ, ווי נאָר פֿון דעם אַ טראַכט געגעבן, יאָגט פֿון איר שאָטן, פֿון צווישן די בערג, פֿון דער נאַכט אַרויס, אַ שוואַרצע קאַץ און וואַרפֿט זיך אויף אים מיט ווילדער רציחה. אַזאַ גרויסע קאַץ, און מיט אַזאַ האַריקער שוואַרצער פֿעל, און אויך מיט אַזעלכע קרומע און בלוי־פֿײַערדיקע אויגן, נאָך אויף זײַן לעבן ניט געזען. און דערצו שטיל, אַן אַ מינדסטן קלאַנג, — און גראָד אָט די שטילקייט אירע, דאָס שפּרינגען מיטן אויסגעבויגענעם רוקן איבער דער לופֿט אָן אַ מיאַוקע און מורקע, וואַרפֿט אים, אַרי קאַסעווערן, נאָך אין אַ גרעסערן פּחד און ציטערניש אַרײַן. דאָך כאַפּט ער בײַם שאָטן, בײַ זײַן דם־שׂונא, דעם בערעזעוון שטעקן פֿון איר האַנט אַרויס, און נעמט זיך פֿון דער חיה אָפּשלאָגן.

נאָר וואָס מער ער ממיתט, אַלץ פֿאַרביסענער ווערט זי, די קאַץ, און נאָך אויסגעצויגן־קרומער, און נאָך מער בלוי־פֿײַערדיקער ווערן אירע אויגן, וואָס טוען ניט קיין פּינטל, פֿאַרמאַכן זיך אַפֿילו אויף קיין רגע ניט, און ס'שלאָגט פֿון זיי, פֿון אָט די ניט־פּינטלענדיקע אויגן, מיט אַן אומברחמנותדיקן זשאַר אין פּנים אַרײַן.

און ער בלײַבט שוין אָן כּוחות, און ווערט מיט אַ קאַלטן שווייס באַגאָסן, און פֿילפֿאַרביקע רייפֿן דרייען זיך און שווינדלען פֿאַר אים, אָט באַלד פֿאַלט ער . . . אָבער ער מוז דאָך, אַרי קאַסעווער, פֿון אָט דעם בלוטיקן שׂונא, פֿון אָט דער חיה רעה, פֿון אָט דער שוואַרצער קאַץ זיך אָפּשלאָגן, זי דערהרגענען, פֿון איר פּטור ווערן, ווײַל טאָמער ניט, ווערט זײַן לעבן שוין גאָר פֿאַרשפּילט און פֿאַרפֿאַלן.

נאָר זי, אָט די ווילדע קללה מיט די בלוי־פֿײַערדיקע קרומע ניט־פּינטלענ־דיקע אויגן, הגם שוין אַ צעבלוטיקטע, מיט דער רויטער סלינע פֿון אָפֿענעם מויל, טרעט ניט אָפּ, אַנטלויפֿט ניט, קערט זיך נאָר פֿונעם בערעזעוון שטעקן אָפּ און וואַרפֿט זיך באַלד ווידער אויף אים, נאָר שוין פֿון אַן אַנדער זײַט און . . . שטעקט אים אירע לאַנגע און שאַרף־שפּיציקע נעגל אין גאַרגל אַרײַן.

און ער ווערט מיט בלוט פֿאַרגאָסן, און דער בערעזעווער שטעקן פֿאַלט אים פֿון האַנט אַרויס . . . וויל ער זי, די שוואַרצע חיה, וואָס ליגט אים אויפֿן האַרצן, און די נעגל פֿון די פֿאָדערשטע פֿיס אין זײַן האַלדז אַרײַנגעשטאָכן,

מיט די הענט פֿון זיך אַפּרײַסן, אויף דער ערד אַראָפּוואַרפֿן, דעם אָטעם און אַ ביסל לופֿט כאַפּן, ווײַל אָט באַלד וועט ער דערשטיקט ווערן, אַרי קאַסעווער, נאָר ער קאָן זיך אַפֿילו פֿון אָרט ניט רירן, — שוין אויף דעם קיין כּוח ניט געבליבן.

און זי, די שוואַרצע קאַץ, גאָר פֿאַרקערט, צו־זיך געקומען, הויבט אָן צופֿרידן מורקען און צו שפּריצן אים אין די אויגן אַרײַן מיט אירע בלוי־פֿײַער־דיקע פֿונקען, וואָס בריִען אים אונטערן נאַקעטן שאַרבן... נאָר שרײַען, צו הילף רופֿן, קאָן ער ניט, — דער קול איז אים שוין פֿון לאַנג פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. ער הערט אָבער ווי איר שאָטן דאָרטן, אין די נאַכטיקע בערג, לאַכט... ביז אַהער־צו האָט ער נאָך פֿון איר גילגול דאָ אויף דער ערד, פֿון איר שאָטן, קיין קול ניט געהערט. און פֿון אָט דעם געלעכטער פֿאַלט ער שוין פֿון וויגנשטול מיטן פּנים אויפֿן דיל אַראָפּ.

און דערנאָך, אַז ער געפֿינט זיך שוין, אַרי קאַסעווער, אין בעט ליגן, אין דעם צימערל, ווו אויך דאָרטן שפּאַרט זיך דער פֿענצטער אָן אין דער געדיכ־טער בלאָווקײַט פֿון די מעקסיקאַנער בערג, און די בלוי־פֿײַערדיקע פֿונקען פֿונעם נאַכטלעמפּל פֿאַלן אויף דער וואַנט, ווו ס'הענגען קרום די צוויי אייל־בילדער: די קליינע שטיבלעך מיט די גרין־מאַכיקע שטרוי־ און שינדל־דעכער, און אַרויף־צו, כּמעט אונטער דער סטעליע דער ברענענדיקער וואַלד, וואָס זי, לאָטי, שוין אין דעם טאָג, אַ שעה צוויי פֿאַרן נעמען זיך דאָס לעבן, האָט בײַם אַלטן קינסטלער געקויפֿט, — זי פֿלעגט זיי גערן און מיט ליבשאַפֿט קויפֿן, אָט די בילדער, און ניט נאָר ווײַל געפֿעלן און צום האַרצן איר געווען, נאָר אויך געוואָלט זיי, די קינסטלערס, פֿון יענער זײַט ים געקומענע, געבן מיט וואָס אַ טאָג איבערלעבן: מאָלן וועלן זיי דאָך סײַ ווי סײַ, אָבער הונגעריקע, און שוין נאָר מיטן פֿײַער אין דער נשמה, וואָס קאָן גיך אויסגעלאָשן ווערן.

און דאָרטן, שוין אין יענעם צימער מיט די צוויי קרום־הענגענדיקע אייל־בילדער אויף דער וואַנט, ליגנדיק אַ פֿאַרמאַטערטער, נאָכן ביטערן געשלעג מיט דער שוואַרצער קאַץ, אין זײַן בעטל, שוין אין שטאַרקער פֿיבער־היץ, שוין ניט קיין היגער, און בײַ דער זײַט פֿון פֿענצטער, צו די בערג אַרויס, פּיקט אים דאָס נאַכטלעמפּל מיט די בלוי־פֿײַערדיקע פֿונקען אונטערן שאַרבן און יענער הונט, לאַפּאַ, מיטן אַנגעווייקטן שטריקל אויפֿן האַלדז, דער פֿאַרטריבענער פֿון הויף, וויעט אויפֿן וועג צו די שוואַרץ־אַנגעכמאַרעטע הימלען, וואָס שפּאַלטן זיך פּלוצעם, און אַ זון, אַ ווײַסע, אַ נידעריקע, באַווײַזט זיך, און אונטער דעם

ראַבינע־בוים מיט די עטלעכע פֿאַרטרוקנט־פֿאַרפֿלאָמטע בלעטער, טוט אַ פֿינקל דאָס פֿון ערגעץ אַנגעטראָגענע ביסל שניי...

און ער פֿאַרט, אַרי, מיטן בײַנאַכטיקן וואַלד, ווו ס'קלאָגט אַ פּילין, ווו אויפֿן וואָגן ליגט אַ מת, און אויך פּלוצעם דאָרטן, אין דעם וויכער־רוישנדיקן ערבֿ־ווינטערדיקן וואַלד, שפּאַלטן זיך איבער זײַן קאָפּ די הימלען און ס'גייט אַרויס אַ טונקל־רויטע לבֿנה, און בײַ יענער פֿײַערדיקער שײַן דערזעט ער זיך, נאָך אַ קליין קינד, לעם זײַן טויטער מאַמע אויף דער פֿור זיצן... און באַלד דערזעט ער זיך שוין, אַרי, מיטן בערעזעווון דרענגל אין דער אויפֿגעהויבענער האַנט, צוריק אין דאָרף אַרײַן לויפֿן, צו זײַן טאַטן, צו אלימלך קאַסעווערן, און טרעפֿט אים דאָרטן, אין יענעם קאַיאַר, בײַ דעם פֿײַער פֿון ברענענדיקן אויוון, אין דעם טלית און תּפֿילין; און בײַם דערזען אים, דעם זון, אַרין, אויפֿן שוועל פֿון דער ניט־פֿאַרמאַכטער טיר, מיטן ווילד־אויסגעקרומטן פּנים, וואָס פֿרעגט בײַ אים, בײַם טאַטן:

— איז מײַן מאַמע געשטאָרבן?

און ער, דער טאַטע, וואָס ניט נאָר די אויגן, נאָר אויך די צעצווייטע שוואַרצע באָרד ווערט אים מיט אַ מאָל ווײַס, ענטפֿערט:

— יאָ.

— ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר דרײַ?

— יאָ.

— און איך בין געזעסן אויפֿן וואָגן לעם מײַן טויטער מאַמען?

— יאָ.

און מײַן מאַמע האָט מען געפֿירט בײַנאַכט מיטן וואַלד?

— יאָ.

— און פֿון וואָס איז מײַן מאַמע געשטאָרבן?... וואָס שווײַגסטו, טאַטע! מיט אַוועלכן טויט איז זי, מײַן מאַמע, געשטאָרבן?

און דאָ דערהערט זיך איר, פּערעלעס, משונהדיקער געוויין־געלעכטער און ער, דער טאַטע, אלימלך קאַסעווער, אין טלית און תּפֿילין, בײַם פֿלאַקערנ־דיקן אויוון, טוט אַ פֿאַל אויף דער ערד מיט אַ געשריי:

— דער שאַטן!.. דער שאַטן!..

און דער אייל־בילד אויפֿן וואַנט, דער ברענענדיקער וואַלד, צעפֿלאַקערט זיך וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער און פֿלאַמיקער פֿאַר זײַנע, אַרי קאַסעווערס דול־באַנומענע אויגן, דער פֿײַער אין די צווײַגן וויכערט, קנאַקט, און די

ביימער ברעכן זיך און פֿאַלן, און שיטן אָן אויפֿהער, אָן אָפּשטעל בלוי־פֿײַער־דיקע סנאָפּעס פֿונקען אין דער געדיכטער בלאָווקײַט פֿון די בערג און דאָרטן צווישן יענע סנאָפּעס פֿונקען, גייט אַרום דער שאָטן... אָבער ניט אירער, ניט לאָטיס, ניט יענער באָרוועסער שאָטן אין דער ווײַסער טויטערס קלייד, ניט יענער שאָטן מיט די נקמה־דאָרשטיקע אויגן... און ס׳איז אויך ניט דער שאָטן פֿון דער מאַמען... נאָר דאָרטן גייט אַרום אַהין־און־צוריק יענער שאָטן, אין דעם געקווייטלט־פֿאַרביקן שלאַפֿראָק, און די צוויי שוואַרצע אויגן כּישופֿן און רופֿן... רײַסט ער אויף, אַרי קאָסעוווער, דעם פֿענצטער:

— אַזאַראַ, — שרײַט ער צו יענעם שאָטן מיט ווילדער פֿרייד, — אַזאַראַ, אַזאַראַ, איך גיי צו דיר... אַזאַראַ, איך וויל ניט אַלט ווערן... אַזאַראַ, איך וויל זײַן יונג... מיט דיר, אַזאַראַ, בין איך יונג... איך גיי צו דיר, אַזאַראַ... —

און ער שפּרינגט אויפֿן פֿענצטער־ברעט אַרויף, טוט מיטן רעכטן פֿוס אַ שפּאַן אַהין, און ער, אַרי קאָסעוווער, נחמן נאַהאַדיִערס אייניקל, דער זון פֿון הדסה און אלימלכן, דער פּלימעניק פֿון ברוך־בערן און אַנדען, פֿאַלט ניט ווײַט פֿון איר, פֿון לאָטיס, באָרוועסן שאָטן, צווישן די בערג, אין דער געדיכטער נאַכטי־קער בלאָווקײַט אַרײַן.

## ח

און דערנאָך, אַז שוין פֿאַרענדיקט מיט די ווײַטע, מיט די נאָהאָדיִער שאָטנס, וואָס זײַנען אים, אלישען בן מאיר, יאָרן נאָכגעגאַנגען: שוין נאָכן דערציילן פֿאַר די, וואָס האָבן אויג־און אויער, פֿאַר יענע וואָס קאָנען פֿאַר־שטיין און מיט דער נשמה אויפֿנעמען וואָס דער אַלטער כהן האָט דאָרטן, בײַ די בערג פֿון ירושלים, אין זײַן עלנטקײַט, געוואָלט זאָגן... דאָ, אַז שוין געהאַלטן פֿאַרן בית־דין פֿון די קומענדיקע דורות מיט זײַן טאָכטער, מיט דאַליען, זיך שטעלן, — ניט אָפּלייגן, ניט פֿאַרהאַלטן זיך מער, ווײַל די טעג זײַנע אין דעם שקיעה־טאָל האַלטן אין אויסגיין און מיט זילבערפּראָסט באַדעקט צו ווערן... נאָר בײַם גיין מיט שיינדלען, אַליין איז זי שוין ניט בכּוח, אַ ביסל עסנוואַרג אויף דער וואָך אײַנקויפֿן, טאָקע ניט ווײַט פֿון זײַן דירה, פֿון דער באַוווּסטער רחוב אַבֿרהם שטערן, אין דעם „סופֿער־סאַל": אָט דעמאָלטן, אין יענעם פֿרימאָרגן, כאַפּט אים דער מלאך־המוות דאָרטן פּלוצעם אָן בײַם גאָרגל און אַזוי, אַז דער אַלטער שרײַבער פֿאַרלירט דעם באַוווּסטזײַן און די וועלט אַרום זיך, אַלע שײַנען און קאָלירן ווערן מיט אַ מאָל פֿון זײַן אויג אויס־געלאָשן, און ער טוט אין אַ פֿינצטערניש אַ פֿאַל אַרײַן. און אַז מענטשן, אויף שיינדלס געשריי, הויבן אים פֿון דער ערד אויף, — אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, אַ באַדעקטן מיט קאַלטן שוויס, און שיינדל ברענגט אים צו זיך, ווייסט ער פֿאַרט ניט, אלישע בן מאיר, וואָס מיט אים איז דאָ פֿאַרגעקומען און געשען. ער פֿילט נאָר דעם בריִענדיקן ווייטיק אין דעם רעכטן פֿוס, — פֿונעם פֿאַלן אויף די שטיינערנע טאָוולען.

און שוין נאָכן זײַן פֿונעם רופֿא, וואָס שאָקלט מיטן קאָפּ: אַלטקײַט... אַוודאי ניט־גוט!— און זי, שיינדל, ווי תּמיד אין אַ שווערער שעה, נעמט אירע לעצטע כּוחות צונויף אויף צו העלפֿן אים, אלישען, בײַשטיין און איבערקומען, זײַן מוט און גרויסן ביטחון ניט אָנווערן: זי, שיינדל, וויקלט אים אײַן דעם פֿוס, גיט אים אונטערצולעגען דאָס האַרץ, ס'זאָל ניט פֿאַרחלשט ווערן, שוין גאָר פֿון די כּוחות זיך ניט אַרויסשלאָגן, לייגט אים אין בעט אַרײַן, שליסט אײַן דעם קול

המוסיקה און ער, אלישע בן מאיר, צעבראָכן, מיטן געפּיל פון פאַרמישפּט־קייט, ווערט אונטער באַכס צוויי פידלען מיטן אָרקעסטער איינגעשלאָפן און כאַפּט זיך אויף שוין ערגעץ־ווו אין מיטן דער נאַכט, טוט אָן די ברילן און דער־זעט אין זיין שמאָלן פענצטער דעם ירושלימער הימל, דעם געדיכט־בלויען, מיט די גרויסע ווייס־צעגליטע שטערן, — די אייביקע ליכט פאַר דער ערד אין דער פינצטערניש און ווערט אויפגעריכט, — די פרייד פון לעבן טוט ווידער, און אויף ס'ניי אַ שלאַג אין זיינע אַלטע ביינער און ער טראַכט:

— מיט אַזאַ איין ברעקל בלויקייט אין אויג, מיט אַזאַ איין בליציקן שטערן אין דער נשמה, מיט אַזאַ רגע אייביקייט פון גאָט, וועט דער טויט צו מיר ניט קאָנען צוטרעטן.

און דאָ, אַז ניט געקאָנט מיט דער נאַכט־צעשטערנטער שיינקייט זיך אָנ־זעטיקן, מיט דער חלל־בלויקייט די נשמה אָנקוויקן און אָנקווענלן, דאָ עפנט זיך אויף די טיר און עמעצער קומט אין זיין צימער אַריין. שוין נאָר פונעם אָנ־שפּאַרן זיך אין בעט, נעמט ביים אַלטן שרייבער די פרייד, די בלוי־צעשטערנטע, אין האַרצן זיך לעשן. דעם אַריינגעקומענעם זעט ער ניט, אָבער זיין שאָטן, וואָס פאַרנעמט מיט אַ מאָל, און מיט אַזאַ חוצפה די גאַנצע וואַנט, דערקענט ער יאָ... ער דערקענט אים גלייך דעם ביינערדיקן, דעם מלאך־המוות, וואָס אין דער פרי, אין „סופּער־סאָל", איז פּלוצעם אויף אים דאָרטן אָנגעפאַלן, און ער, אלישע, על־פּי נס, האָט זיך פון אים אָפּגעשלאָגן און קוים מיטן לעבן אַרויס.

— אומזיסט מיינסטו, — דערהערט אלישע יענעמס קול. — סתם דאַכט זיך דיר, אַז אין דער פרי האָסטו מיך בייגעקומען. טיפּשות! נאָך ניט געבוירן געוואָרן אַזאַ בן־אדם, וואָס זאָל זיך מיר קאָנען קעגנשטעלן. נאָך אַזאַ בן־אישה אויף דער וועלט ניט געווען. — און ער טוט אַ טרייסל די בעט. — דו ווייסט דאָך, דאָס לעבן איז אומדערבאַרעמדיק, בלוטדאָרשטיק, פול מיט אַכזריות. דער איינציקער דאָ אויף דער וועלט וואָס טראָגט אין האַרצן רחמים, בין איך...

— דו, דו מלאך־המוות, דו ביסט דער איינציקער בעל־רחמים דאָ אויף דער וועלט? פון דיין זאָג אַליין קאָנען אַלע בלוטן פאַרגליווערט ווערן אין די אָדערן. דאָס האָסטו מיט דיין רחמים דערטרונקען אין די גריבער אָנדער־האַלבן מיליאָן קינדער אין דעם הייסן בלוט פון זייערע מאַמעס...

— דאָרטן איז מיין האַנט ניט געווען. דאָרטן איז געווען די האַנט פון

גאָט... איבערן לעבן און טויט פֿון פֿעלקער, באַזונדערס איבערן לעבן און טויט פֿון דעם אויסדערוויילטן פֿאָלק, פֿון די בני־ישׂראל, הערשט ער איינער, דער באַשעפֿער פֿון אַלע וועלטן... מײַן האַנט איז דאָרטן, אין די גריבער בלוט, אין די חנק־אויוונס, ניט געווען, ניין, ניט געווען!... איך בין דער ממונה נאָר איבער דער יחידישער, נאָר איבער דער איינצלנער נשמה... און פֿאַר אָט דער עלנטער נשמה האָב איך רחמים. האָב איך דאָך דיר הײַנט דאָרטן, אין דעם סופּער־סאַל, געשענקט דאָס לעבן.

— איז נאָך וואָס ביסטו ווידער צו מיר געקומען? ס׳איז ניט פֿאַר קיין מענטשנס כּוח צו טרעפֿן זיך מיט דיר טאָג־אײַן און נאַכט־אויס אויג אויף אויג. נאָר פֿונעם הערן דעם סקריפּ פֿון דײַנעביינער און זען דעם אָפּשײַן פֿון די שטערן אין די אויגלעכער פֿון דײַן געלן שאַרבן... קום ניט צו מיר, גרויסער בעל־רחמים, פּרוּוו מיך ניט, איך בין שוין גענוג אויסגעמאַטערט פֿון אויס־שטיין די נסיונות און יסורים דאָרטן, אויף די טײַכן פֿון רוסלאַנד, און אויך פֿון דער אומדערוואַרטער עלנטקײַט דאָ... אויב דו האָסט טאַקע יאָ אין דײַנע איבערגעטרוקנטע ביינער אַ סימן פֿון רחמים, טאָ לאָז מיך פֿאַרענדיקן די ווידוי, לאָז מיך זיך שטעלן מיט מײַן טאָכטער פֿאַרן בית־דין פֿון די קומענ־דיקע דורות...

— דאָס איז שוין געווענדט ניט אין מיר, נאָר אין דיר!

— אין מיר? הוי, ווי איך וויל לעבן, ווי איך וויל זיך ניט שיידן אַפֿילו מיט דעם פֿון דער זון פֿאַרשרפֿטן בוריאַן־שטענגל אויף די שיפּועים פֿון די ירו־שלימער בערג, הוי, ווי איך וויל זיך ניט שיידן...

— דײַנע טעג, בן מאיר, וואָס דער אייבערשטער האָט דיר באַשערט, זײַנען שוין לאַנג אויסגעגאַנגען. דו לעבסט שוין נאָר אויף מײַן חסד, אויף מײַן רחמים... אָבער מײַן רחמנות אויף דיר האָט זיך שוין אויך געענדיקט. רחמנות האָט אויך אַ מאָס און אַ וואָג. לייג איך דיר פֿאַר, שוין אין זכות פֿון דײַנע אָבות די כּהנים און לוויים, אריכת ימים פֿון יענעם אינדזל...

— פֿון יענעם אינדזל? פֿון יענע קינדערשע יאָרן, פֿון די פֿרי און יונג אין בלוט דערטרונקענע? דו ווילסט, ס׳גייט דיר צוליב עפּעס אין לעבן אַרײַן, אַז איך זאָל נעמען לעבן פֿון יענעם אינדזל, אַז איך זאָל לעבן אויפֿן בלוט פֿון מײַנע קינדער... ניין, גרויסער בעל־רחמים, ניין! פֿון יענע קינדערשע יאָרן, פֿון יענעם בלוטיקן אינדזל, וויל איך אַפֿילו קיין איין רגע לעבן ניט נעמען!

— נו, — טוט דער מלאך־המוות, און מיט אַ חוזק־געלעכטער, אַ סקריפּנ־

דיקער, פֿון די טרוקענע ביינער אַרויס, ווידער אַ טרייסל דעם זקנס בעט. —
נו, טאַ וואַרט, וואַרט אויף מיר יעדער רגע פֿון טאָג, און פֿון דער נאַכט . . . —
און דער שאָטן זײַנער הייבט אָן פֿאַמעלעכן, וואַקלענדיק זיך, פֿון דער וואַנט
אַראָפּגיין.

און דער אַלטער אלישע בן מאיר, שוין מיטן אומברחמנותדיקן גזר־דין פֿון
וואַרטן יעדער רגע אויפֿן טויט, בלײַבט ליגן מיטן פּנים צום שמאָלן פֿענצטער,
נעמט זוכן דאָרטן יענע וווּנדער־שײַנענדיקע שטערן אין די הימלען, אין די
געדיכט־בלויע, כאָטש שנײַד זיי, אָט די געדיכטע בלויקײַטן, מיט אַ מעסער,
נאָר ער זעט שוין דאָרטן גאָרניט, — אויסגעלאָשן און פֿאַרשווונדן געוואָרן, ווי
דער אָנהייב פֿון אייביקן פֿאַרפֿאַלן . . . דערפֿאַר אָבער דערזעט ער דאָרטן, אין
דעם שמאָלן נאַכטיקן פֿענצטער צו די ירושלימער בערג, ווי ס׳גייט דאָרטן
אויף אַ פֿלאַם־פֿײַער און אַ המון, אַ צונויפֿלויפֿעניש, אָן ערבֿ־רבֿ, האַקן מיט
טעמפּע העק אַ היוכן אַלטיאַריקן ברייט־צעצווײַגטן גרין־און פֿול־בלעטערדיקן
דעמב . . . זיי האַקן אונטער דעם שטאַם, שפּאַלטן און פּערטלען, וואַרצלען אים
אויס, און וואַרפֿן אויפֿן פֿײַער. לויפֿט ער אַהין, אלישע בן מאיר, מיט דעם
קראַנקן, מיט דעם צעשלאָגענעם פֿוס, כאַפּט פֿון שײַטער־פֿלאַקער אַ שטיק
שטאַם אַרויס, וואַרפֿט אים אויף זײַנע אַלטע פּלייצעס אַרויף און טראָגט, אָן
איינגעבויגענער ביז צו דער ערד, ערגעץ־ווּו אָן אָרט צו געפֿינען, אויף ס׳נײַ צו
פֿאַרפֿלאַנצן, ס׳זאָלן נײַע וואָרצלען שלאָגן, ס׳זאָל ווידער צעצווײַגט און
פֿילבלעטערדיק ווערן, נאָר ער פֿאַלט, דער אַלטער אלישע בן מאיר, אונטער
שווערן שטאַם . . . און דאָ נעמען יורן און אויפֿגיין אין זײַן צעוויכערט־און
צעווייטיקטער נשמה שורות:

און ווידער בין איך ווײַט,\
און צווישן שטומע ווענט אין שווײַגן קאַכיקן געבליבן.\
אין בראַנד פֿון פֿלאַם\
דער לעצטער וווּנדער מײַנער ברענט . . .

די שקיעה־שטראַלן, בלוטיקע, אין צאָרן,\
אָן וואָג און מאָס\
אונטער קאַלטן שטאָל,\
אונטער שאַרפֿע קאָסעס פֿאַלן.

דער לעצטער וווּנדער ווערט פֿאַרברענט,\
אין הייסן אַש זי ראַנגלט זיך, די שקיעה.\
איך וויים, איך וויים עס שוין פֿון לאַנג,\
ווי נאָר אין וואַלד די האַק אַרײַן,

די ערשטע פֿאַלט דאָרטן,
די שענסטע סאַסנע.

צווישן שטומע ווענט
אין שווײַגן קאַכיקן,
אויפֿן בראַנד פֿון אַש
מיטן לעצטן וווּנדער מײַנעם ברען איך...

און מיטן קאַיאַר, נאָך צו־זיך ניט געקומען פֿונעם נעכטיקן פֿאַלן אויף די שטיינערנע טאָוולען, פֿונעם פֿאַרלירן די וועלט אַרום זיך, נאָך מיטן שטאַרקן ווייטיק אין דעם צעשלאָגענעם פֿוס, און אויך פֿון די בײַנאַכטיקע זעונגען: דאָס קומען פֿון דעם בעל־רחמים, דעם מלאך־המוות, און הייסן וואַרטן אויף זיך אין יעדער רגע פֿון מעת־לעת; און אויך פֿונעם אַרויסכאַפּן דעם נאָך לעבעדיקן דעמבן־שטאַם פֿון דעם שײַטער־פֿלאַקער אויף די ירושלימער בערג, אויף די פּלייצעס אים אַרויפֿוואַרפֿן און טראָגן, אַן אײַנגעבויגענער ביז צו דער ערד, און זוכן אַ אָרט וווּהין אויף ס׳נײַ צו פֿאַרפֿלאַנצן, און אַזאַ אָרט אין גאַר דער וועלט ניט קאָנען געפֿינען, און אַן אויסגעמאַטערטער אונטער דער שווערער, ניט צו פֿאַרשטעלן זיך, אונטער דער ברייִקער משׂא פֿאַלן.

און דאַך, נאָך דעם אַלעמען, ווי תּמיד מיטן קאַיאַר זיך אויפֿגעהויבן, ווי דער טאַטע זײַנער מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן אויף משיחן אַרויסגעקוקט און יעדן טאָג אויף דער גאולה געוואַרט; ער, זײַן צאַרנדיקער טאַטע ר׳ מאיר בן אריה הכּהן ז״ל, וואָס האָט ערגעץ־ווו אין די פֿרעסט זײַן צוויי און אַכציק־יאָריקע נשמה אַן תּרעומות דעם ריבונו של עולם אָפּגעגעבן און קיינער ווייסט ניט ווער ס׳האָט אים צו קבֿורה געבראַכט און ווו זײַן געביין געפֿינט זיך דאָרטן, בײַ דער וואָלגע; ער, זײַן טאַטע, פֿלעגט מיטן שטראַל אויף טאָג לויפֿן מיט טלית און תּפֿילין צום ערשטן מנין, צו עבֿודת הבורא... און אַזוי אויך זײַן זון, אלישע, שטייט אויף מיטן קאַיאַר, וואַרפֿט אויף די אַקסלען דעם געשטרײַפֿטן וואָלענעם שאַרף אַרויף, אַפֿילו אין די זומער־טעג, און גייט צום טיש, ווו ס׳ברענען די שוואַרצע אַזכּרה־ליכט, נאָך אַ שפּאַן ווײַטער מיט זײַן שליחות מאַכן, הגם ער ווייסט ניט צי דער סוף פֿון זײַן צוואה וועט דער־גיין, צי די לעצטע פֿײַערדיקע רינגען פֿון דער נשמה וועלן שוין דאָ ווײַטער, אין דעם לאַנד פֿון זײַנע אָבֿות, זיך אויף דער ליכטיקער וועלט אַרויס־קײַקלען... די וואַנט וואָס ווערט דאָ פֿאַר אים אויפֿגעשטעלט, ווערט דאָך פֿון טאָג צו טאָג ברייטער און העכער. און אפֿשר וועט ווידער אַ נס געשען...

האָט ער דאָך דעמאָלטן, אלישע בן מאיר, ווי נאָר פֿון תּפֿיסה, פֿון סמערדי־אַקאָווס, פֿון די דזשונגלשווילי־קעלערן אַרויס, בײַם נעמען זיך שרײַבן פֿון וועגן די וווּנדערלעכע גלות־ייִדן, די באיארס, בײַם אָנהייבן זיך שלאָגן אויף לעבן און טויט קעגן אַלע פֿאַרלענדער־און אַפּלייקענערס פֿון זײַן פֿאָלק און לשון... האָט ער דאָך אויך דעמאָלטן און דאָרטן, אויף די טײַכן פֿון בבֿל־רוס־לאַנד, ווו אַלע פֿידלען און האַרפֿעס זײַנען פֿאַרבלוטיקטע, און מיט צעריסענע סטרונעס אויף די ווערבעס געהאָנגען, האָט ער דאָך, אלישע בן מאיר, אויך דעמאָלטן ניט געגלויבט, אַז ער וועט אַפֿילו איין געדרוקטע שורה פֿון „ערבֿ" בײַ זײַן לעבן זען... און ס'איז דאָך געשען אַ נס!

און נאָך, און דאָס סאַמע וויכטיקסטע, און דער עיקר: באַלד נאָכן אַרויס־גיין פֿון תּפֿיסה, בײַ די וואַסערן פֿון דניעפּער־טײַך, איז ניט נאָר שרײַבן „ערבֿ", נאָר שרײַבן פֿון רעכטס אויף לינקס, אויף ייִדיש, שוין אַ סכּנה פֿאַרן לעבן געווען, — מ'האָט געקאָנט בײַנאַכט קומען, דאָס אָנגעשריבענע פֿאַר זײַנע אויגן אויפֿן פּײַער אַרויפֿוואַרפֿן און אים, אלישען, צוריק אין די מ.ג.ב.־קעלערן, אָדער אין אַ משוגעים־הויז פֿאַרשפּאַרן און דאָרטן אים אַ משוגעים־העמדל אָנטאָן. און דאָ, בײַ די בערג פֿון ירושלים, קאָן ער, דער זקן, אלישע בן מאיר, שרײַבן אויף זײַן לועזית־לשון, אויף ייִדיש, און קיינער וועט אים דערפֿאַר פֿון בעט בײַנאַכט ניט אויפֿהייבן, אין בית־סהר ניט אַרײַנזעצן, חלילה!

ער קאָן און ער מעג, און מיטן קאַיאַר — נאָכן אָנבײַסן, וואָס שיינדל גרייט פֿאַר אים צו, אויפֿשטייענדיק נאָך פֿריער, נאָך דער נאַכט פֿון קראַמפּן און ווייטיקן אין די געשוואָלענע פֿיס — צום טיש גיין, צו זײַן פּינקס, און דער־ציילן ווײַטער פֿון וועגן זײַן לעבן דאָרטן, און אויך דאָ, וואָס איז כּולו ייִדיש, און פֿאַר אים, פֿאַר דעם אַלטן כּהן, פֿאַר אלישע בן מאיר, איז ייִדיש כּולו קודש.

# ט

און פֿון דעסטוועגן, און נאָך אַלעמען — און זאָלן עס אַלע וויסן — הגם אין אַזאַ לעבן פֿון אַליין־ און עלנטקייט, און אַזוי פֿון דעם ערשטן טאָג פֿון געבוירן ווערן דאָרטן, אויפֿן דאָרפֿישן גאָרטן, בײַ דער שקיעה, ווי אַ פֿײַער־דיקער צייכן און אַנזאָג פֿון הימל... און יענע שקיעה, ווי אַ בלוטיקן ניגון, דעם לאַנגן און שווערן דערנערוועג אין זײַן נשמה געטראָגן, דאָך אין טיפֿן יִיאוש קיין מאָל ניט אַרײַנגעפֿאַלן, און דעם לעבעדיקן גלויבן אין זײַן גלות־פֿאָלק, אַפֿילו שוין בײַ די אַזכּרה־ליכט, ניט אָנגעווירן; און אויך האָט ער געגלייבט, אלישע בן מאיר, און מיט אַלע ירושה־צאַרנדיקע רמ״ח אבֿרים זײַנע, אַז אויב ער איז דאָרטן, אין דעם פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל אין די געדיכטענישן פֿון די פּאָלעסיער וועלדער, בײַ דעם איינציקן ייִדן אין דאָרף, בײַ דעם ווילדן מאמין, בײַ דעם צאַרנדיקן כּהן געבוירן געוואָרן, האָט אים דער אייבערשטער אויף דער וועלט געבראַכט און מיט אַ שליחות געשיקט... און טאַקע צוליב אָט דער שליחות פֿון אומקום אים געהיט, ווײַל שוין פֿון קליינערהייט האָט דער טויט אויף זײַן לעבן געלויערט. און אויך איצטער, שוין בײַם סוף פֿון זײַנע טעג, אין דעם שקיעה־טאָל, גלייבט ער, אלישע בן מאיר, אַז כּל זמן ער גייט ווײַטער מיט זײַן שליחות, זיצט בײַם שרײַבטיש שוין דאָ, בײַ די בערג פֿון ירושלים, פֿון קאַיאָר ביז האַלבן טאָג, און זאָגט אָפֿן, וואָס ער פֿילט פֿאַר זײַן חובֿ צו זאָגן, וועט דער מלאך־המוות ניט קאָנען צו אים צוטרעטן.

און זײַן אַליינקײַט, ווי זײַן גורל, איז אים קיין מאָל שווער ניט געווען. דער אַלטער כּהן האָט קיין מאָל זײַן גורל פֿון זיך ניט געוואָלט אַראָפּוואַרפֿן, ניט געוואָלט אַפֿילו זיך אַ ביסעלע פֿאַרגרינגערן, אויף פּשרות גיין, נאָר אומעטום זײַן גורל מיט אַחריות געטראָגן, ווײַל געוווּסט: ווער ס׳וויל צום קוואַל זיך דערקלײַבן, דער מוז אַנטקעגן דעם שטראָם גיין, מיט די צעבושעוועטע כוואַליעס אויף לעבן און טויט זיך ראַנגלען, אויפֿן ליידיקן און וויסטן ברעג אָפֿט מאָל אויף אומקום אַרויסגעוואָרפֿן ווערן... און אויפֿשטיין, און ווידער אין רוישיקן טײַך אַרײַן, און ווידער מיט אַלע כּוחות, און מיטן גאַנצן גלויבן

פֿון אַ ייִדן אין די צעבושעוועטע וואַסערן אַנטקעגן דעם שטראָם גיין, אויף די פּיס אויפֿהאַלטן זיך, און ניט לאָזן זיך מיטן אַראָפּ־צו־וואַסער פֿאַרטראָגן ווערן. אַוודאי איז עס שווער, הוי, ווי שווער, אָפּט מאָל שוין איבער די מענטשלעכע כּוחות, און דערצו נאָך מיט אַזאַ בלוטיקער שקיעה אין דער נשמה... און דאָך איז זײַן אַליינקײַט, אָט דער גורל, מיט יצירה־פֿרייד און מיט ווײַטער, מיט פֿאַרבאָרגענער ליכט געבענטשט.

און נאָך: זײַן אַליין־און עלנטקײַט ווייסט ניט פֿון לאַנגווײַל און פֿון אומעט, ווײַל זײַן אַליין־און עלנטקײַט איז תּמיד, און אומעטום, מיט בענקשאַפֿט פֿול... זײַן אַליין־און עלנטקײַט וויל ניט, מאָנט און פֿאָדערט פֿון אים ניט, אַפֿילו אין די שווער־און געפֿערלעכסטע צײַטן, צו פֿאַרבײַגיין מיט פֿאַרמאַכטע אויגן עוולות און פּשרות, — אַלע מינים פּשרות פֿירן דאָך צו אייגענער געפֿאַלנקײַט, צו אויסגעליידיקטקײַט, צו פֿאַלשקײַט, און דער עיקר: צו בגידה.

און דער אַלטער כּהן, אלישע בן מאיר, רופֿט און בעט אין די קאַיאָרן, פֿון דעם שקיעה־טאָל, פֿאַרן זעצן זיך צום שרײַבטיש, בײַ די שוואַרצע אַזכּרה־ליכט אַל תּשליכנו לעת זיקנה ורוח קדשך אל תּקח ממני, און מיט פֿאַרכט, און מיט ייראת־הכּבֿוד שטעלט ער זיך מיט זײַן טאָכטער, מיט דאַליען, פֿאַרן בית־דין פֿון קומענדיקע דורות: דעמאָלטן, נאָך אין יענע יאָרן, פֿאַרן פֿאַרמאַכן דעם כאַרקאָווער, אין דער דעמאָלדיקער הויפּטשטאָט פֿון אוקראַינע, דעם ייִדישן מלוכה־טעאַטער, — מ'האָט זיך נאָך גאָר ניט געקאָנט פֿאַרשטעלן, אַז דאָס איז שוין אַ אָנהייב פֿונעם חורבן... דעמאָלטן האָט זיך איבער דעם לאַנד פֿון אומענדלעכער ברייט און לענג, וווּ קיינמאָל פֿאַרגייט ניט די זון, אין דעם מאָרגן־און טרוימלאַנד פֿון סאָציאַליזם, דאָרטן, האָט זיך געשטעלט אַ פֿינצ־טערניש, און שוין אַזאַ, אַז אַפֿילו דער חושך מצרים איז געווען ניט מער ווי אַ ליכט־שפּיל. און ניט אויף אַ טאָג, און ניט אויף אַ חודש, נאָר אויף יאָרן...

און דאָס איז געקומען שוין נאָך יענער פֿינצטערניש, שוין נאָכן באַרויבן־און באַגזלענען די אָרעמע פּויערים, שוין נאָכן צונעמען בײַ זיי די דעסיאַטינע ערד, דעם פֿערד און אַקער, דעם וואָגן און שליטן, און פֿאַרטרײַבן זיי אין די קאָלכאָזן און יענע, די מיליאָנען „קולאַקעס” — זייערע ווײַבער און קינדער ווערן קיין סיביר אין בהמה־וואַגאָנען געפֿירט און זיי, די מענער, טאַטעס, זין און ברידער, יענע ווערן אין די ווײַט־צפֿונדיקע, אין די אומקום־ און קנעכט־שאַפֿט־לאַגערן פֿאַרשיקט... און די, שוין אין די קאָלווירטן פֿאַרטריבענע, שוין בײַ זיך אין דער היים פֿאַרבליבענע, דאָ זײַנען זיי, גאַנצענע דערפֿער, פֿון

הונגער אויסגעשטאָרבן, — מאַמעס האָבן זייערע טויטע קינדער אין די אויוונס אויפֿן פֿײַער פֿון די אויסגעהאַקטע סעדער, אין די טעפּ געקאָכט... און די וואָס האָבן מיט די לעצטע געשוואָלענע כּוחות צו די גרויסע שטעט זיך דער־קליבן, יענע האָבן זיך שוין דאָרטן אויף די גאַסן, הינטער די טויערן, אויף די טרעפּ פֿון די אַרײַנגאַנגען, געוואַלגערט טויטע, שוואַרץ־אויפֿגעלאָפֿענע, מיט פֿאַרגליווערטע קללות אין די ווײַס־אָפֿענע אויגן.

און דאָ, באַלד נאָך דעם, ניט צו געבן קיינעם דעם אָטעם איבערכאַפּן, ניט דערלאָזן עמעצן קומען צו־זיך, מיט איין קלאַפּ אַלע אומצופֿרידענע פֿון וועג אָפּראַמען, דאָ האָט זיך איבערן גאַנצן לאַנד יענער גרויל־שוידערלעכער שאָס פֿון נעוואַ־טײַך, פֿון לענינגראַד דערהערט, און די ראַדיאָ הילכערס האָבן שוין אויפֿן אָרט געוווּסט, און תּיכּף צו וויסן געגעבן: די פֿאַרשאָלטענע שונאים פֿון פֿאָלק, די פֿאַררעטער פֿונעם אַרבעטער־קלאַס, די טראָצקיסטן האָבן דער־מאָרדעט דעם געטרײַען תּלמיד פֿון לענינען, און דעם געטרײַען מיטקעמפֿער פֿון סטאַלינען, דעם פֿלאַמיקן קעמפֿער פֿאַר קאָמוניזם, דעם באַגײַסטערטן טריבון פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָליוציע, סערגיי מיראָנאָוויטשן קיראָוו.

און דאָך, הגם שוין דעמאָלטן אין שטאָט, און אויך אין די דערפֿער גוזען ווי מ׳טראָגט פֿון די שטאָלן און קלוניעס די פֿון הונגער אויסגעגאַנגענע, די שוין אויפֿן פֿראָסט פֿאַרפֿרוירן־געוואָרענע פּויערים, פֿרויען און קינדער, מ׳לייגט זיי ווי קלעצער, בײַ דער ליכט פֿון דער שפּעט־אויפֿגייענדיקער לבֿנה, אין די „דרינזשעלעס״, אין די לאַנגע, ניט־געקאָוועטע, שליטנס אַרײַן... און דער עלטערער ברודער זײַנער, אהרן, דער דאָקטער, דער אַלטער ציון־טרוימער, דער פֿאַרליבטער אין ביאַליקן — איצט קאָן ער שוין, אלישע, אויך יענעמס נאָמען דאָ דערמאָנען, און אויך וועגן אים דערציילן, יענער איז שוין אויף דער אמתער וועלט, און יענע, די בלוטיקע האַנט פֿון דער קאַגעבע, קאָן שוין צו אים ניט דערלאַנגען — און דער עלטערער ברודער זײַנער, אהרן, וואָס איז דעמאָלטן געשיקט געוואָרן צו באַשטעטיקן, ווי אַ דאָקטער, אַז די פּויערים זײַנען פֿון דיסטראָפֿיע געשטאָרבן... מיט אים, מיט אהרנען ז״ל איז דעמאָלטן אלישע איבער די דערפֿער אַרומגעפֿאָרן, אַלץ צוגעזען און מיט דער נשמה צוגעקוקט, און בײַ ביידע ברידער האָבן אַלע בלוטן מיט פּראָטעסט און מרידה געשלאָגן.

און אלישע האָט זיך דעמאָלטן, אין זײַנע יונגע יאָרן, „אָפּן שיידוועג״ געפֿונען, צווישן די צוויי פֿײַערן געווען, צווישן די צוויי ברידער, אהרן און

פינחסן,ביידע פֿײַערדיקע כּהנים... אהרן, אויף צוועלף יאָר עלטער פֿון אלישען, יענער האָט געלעבט און געוווייטיקט פֿאַר ציון, און דער צווייטער, פּינחס, עלטער פֿון אלישען אויף אַכט יאָר, דער האָט געטראָגן פֿײַער אויפֿן מיזבח פֿון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַלער רעוואָליוציע. און ביידע כּהנים זײַנען אים, אלישען, געווען נאָענט, און ביידע פֿײַערן האָבן אויסגעבריט זײַן נשמה, און ביידע האָבן זיי אים צו זיך געצויגן, און ער איז „אָפּן שיידוועג״ דעמאָלט אַ פֿאַרלוירענער געשטאַנען.

און דאָך האָט ער זיך נאָך דעמאָלט ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אלישע, אויפֿן געדאַנק ניט געקאָנט אַרויפֿנעמען, אַז פֿון וועג האָט אָפּגעראַמט קיראָוון ניט קיין אַנדערער, נאָר ער אַליין, סטאַלין, און מ׳גייט אַרײַן אין אַ דזשונגל־שוויל־צײַט, און ס׳וועט זיך אויף יאָרן אַ פֿינצטערניש אַזאַ איבערן גאַנצן לאַנד שטעלן... ערשט שפּעטער, אַז זײַן ברודער, דער פֿאַרגלייבטער אין דעם מאַרקסיסטישן משיח, אין לענינען, דער אַלטער פּאַרטיזאַן, פּינחס, וועט באַלד נאָכן שאָס בײַם נעוואַ־טײַך, אַרעסטירט ווערן, און אים, אלישען, וועט מען אין שרײַבער־פֿאַרבאַנד אַרויסרופֿן, און דאָרטן וועלן צוויי גרויע מאַקינטאָשן אים פֿאָרלייגן אָנשרײַבן, שוין אַ ווײַסער בויגן פּאַפּיר געווען צוגעגרייט, אָפּזאָגן זיך פֿון זײַן ברודער, פֿון דעם פֿאַרשאָלטענעם שונא פֿון פֿאָלק... און אין מיטן דער נאַכט וועט ער, אלישע, אויפֿגעוועקט און גערופֿן ווערן בײַצוזײַן און צוזען ווי ס׳ווערט אַרעסטירט זײַן שכן, ווי מ׳רײַסט אַרויס פֿון לעבן דעם יונגן אוקראַיִנישן דיכטער, איוואַן קאַליאַניקן, ווי יענער געזעגנט זיך מיט זײַן ווײַב און מיטן שלאָפֿנדיקן קינד, ערשט דאַ האָבן זיך בײַ אים, בײַ אלישען מיט אַ מאָל די אויגן ברייט און ווײַט אויפֿגעעפֿנט.

און ער האָט דעמאָלט, אלישע, וואַרטנדיק פֿון הײַנט אויף מאָרגן, אַז אָט קומט מען בײַנאַכט אויך אים פֿון לעבן, ווי קאַליאַניקן, אַרויסרײַסן, און אויך ער וועט דאַרפֿן מיט שיינדלען און מיט זײַן שלאָפֿנדיקן קינד, מיט דאַליען, זיך געזעגענען... דעמאָלט האָט ער, אלישע, שוין אויך אָנגעהויבן צו זען מיטן אויג פֿון זײַן נשמה, ווי איבער זײַן ייִדיש פֿאָלק אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, אין דעם לאַנד פֿון אַלע גרויסע און ליכטיקע האָפֿענונגען, שטעלט זיך גאָר אַ פֿינצטערע נאַכט, שוין אָן אַ טאָגן... און אויך האָט ער דעמאָלט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין און באַנעמען, צום געדאַנק קומען, אַז דער טראָצקיזם איז מיט אַנטי־סעמיטיזם, מיט אַ באַזונדער מין שׂינאת־ישׂראל, געקניפּט און געבונדן, אַז דאָס פֿאַרמאַכן אין קיעוו דעם פֿאַרלאַג „קולטור־ליגע״, דעם אינסטיטוט פֿאַר

ייִדישער קולטור, דעם כאַרקאָווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער, די יוגנטלעכע צײַטונג „יונגע גוואַרדיע״, די קינדער צײַטונג „זײַ גרייט״, די צײַטשריפֿטן דער „ייִדישער פּויער״... „דער קוסטאַר״... — איז ניט אַ פֿאַרבײַגייענדיקס, אַ גאַרניט־אויסן־זײַן, אַ בלא־יודעים, נאָר פֿון פֿריִער באַטראַכט און באַרעכנט גע־וואָרן... און טאַקע אין גיכן, מיט איין קלאַפּ, האָט מען אַלע ייִדישע שולן, העכער טויזנט צוויי הונדערט, אויף אוקראַינע און ווײַסרוסלאַנד, אין איין טאָג פֿאַרמאַכט, אין איין טאָג!

אָט דעמאָלט, אַז אלישעס און שיינדלס קינד, דאַליע, האָט אין ערשטן קלאַס באַדאַרפֿט אָנקומען, דעמאָלט איז שוין קיין ייִדישע שול אין ערגעץ ניט געווען. און אויך דעם איינציקן ייִדישן קינדער טעאַטער אין לאַנד, אויך אים האָט מען גלײַך פֿאַרמאַכט, — ייִדישע קינדער זאָלן קיין טעאַטער ניט האָבן, און אַ ייִדיש וואָרט ניט קאָנען הערן.

און ער, אלישע, וואָס איז שוין דעמאָלט אויפֿן שיידוועג ניט געשטאַנען, נאָר אונטער די בערג, אויף די וואַסערן פֿון דניעפּער זיך געפֿונען, געוואָלט דאָרטן אויף די ווערבעס זײַן פֿידל אויפֿהענגען, און אויף יענע ווינטן זיך נעמען שרײַבן ווײַטער דעם ראָמאַן „שקיעה״, וואָס ער טראָגט אין דער נשמה, דעם ווײ־געשריי קעגן אומברענגען אַ תּקופֿה, איינע פֿון די שענסטע און רײַכסטע, און פֿאַרביקסטע, אין דער העלדיש־און טראַגישער וועלט געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק...

אָבער אַחוץ דער סכּנה פֿון שרײַבן אַזאַ ראָמאַן און שטעלן אויך אונטער דער האַק זייערע לעבנס, שיינדל און דאַליעס, שוין אויסער דעם, ווו געפֿינט מען אַזאַ ווינקל אויף צו אַנטרינען און נעלם ווערן פֿון דעם „ניט־דרימלענ־דיקן אויג״, און קאָנען ערגעץ דאָרטן כאַטשבי דעם ערשטן בוך „שקיעה״ פֿאַר־ענדיקן... נאָר אַזאַ מקום־מנוחה אין ערגעץ ניט געקאָנט געפֿינען.

ף

און שוין נאָך דער געדיכטער פֿינצטערניש אין דעם דזשונגלשווילי־לאַנד, שוין נאָך די בלוטיקע יאַגאַדאַ־ און יעזשאָוו־יאָרן, שוין נאָך די פּראָצעסן איבער דעם „טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישן טעראָריסטישן צענטער" און דעם „רעכטן אָפּנויג", שוין נאָכן צעשיסן זיי, לעניִנס אַלטע פֿרײַנט, זינאָוויעוון און קאַמע־ניעוון, בוכאַרינען, ריקאָוון און טאָמסקין... שוין נאָכן אומברענגען אַלע אַלטע באָלשעוויקעס, די אָנפֿירער פֿון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע און פֿון דעם בירגערקריג, וואָס האָבן ניט געקאָנט אויסשטיין די פּײַניקונגען אין די קעלערן און זיך פֿאַר דער גאַנצער וועלט אין אַלץ מודה געווען... — די נעכט זײַנען פֿול געווען מיט שוואַרצן פּחד, מיט ווייגעשרייען פֿון ווײַבער און קינדער בײַם אַרויסבאַגלייטן די מענער און טאַטעס צום איבערגעפּולטן „שוואַרצן וואָראָן"... און הינטער דער וואַנט הערן זיי, אלישע מיט שיינד־לען, זיצנדיק ביידע בײַ דאַליעס בעטל, אינעם אָנטאָן, און וואַרטן, אַז אָט באַלד וועלן זיי זיך אויך אַהער אַרײַנרײַסן... פֿון הינטער דער וואַנט הערט זיך, ווי דעמאָלטן, אין יענער נאַכט, אין כאַרקאָוו, ווען מ'האָט דעם יונגן דיכטער איוואַן קאַליאַניקן פֿון לעבן אַרויסגעריסן און זי, זײַן ווײַב, די שוואַרצ־ברעמיקע און שוואַרצאויגיקע, האָט דאָס קינד, וואָס האָט זיך, ווי נאָר מ'האָט אים, דעם טאַטן פֿון שטוב אַרויסגעפֿירט, מיט אַ ביטערן געוויין אויפֿגעכאַפּט, מיט אַן אוקראַיִניש ליד גענומען אײַנשטילן:

אוי, או פּאָלי זשיטאָ
קאָפּיטאָמי זביטאָ
פּיד בערעזאָו מאָלאָדאָיו
קאָזאָטשענקאָ וביטאָ.*

---

*) הוי, אין פֿעלד דעם קאָרן
מיט די טלאָען אויפֿגעשלאָגן,
אונטער דער יונגער בערעזע
דעם יונגן קאָזאַק דערהרגעט...

און איצטער דאָ, שוין בײַם דניעפּער־טײַך, וואָס ליגט אין גרינעם פֿראָסט פֿאַרקאָוועט, און אונטערן פֿענצטער פֿאַלט אַ בלויער שניי, הינטער דער וואַנט, זינגט אויך אַ יונג ווײַבל, וואָס מ׳האָט בײַ איר דעם מאַן אַרעסטירט און זי שטילט אײַן איר דרײַ־חדשימדיק קינד אויף ייִדיש, מיט שלום־עליכמס וויגליד:

בײַ דײַן וויגל זיצט דײַן מאַמע,
זינגט אַ ליד און וויינט,
וועסט אַמאָל פֿאַרשטיין מסתמא,
וואָס זי האָט געמיינט...

שוין נאָך יענע שוואַרצע און בלוטיקע נעכט־יאָרן, שוין קיין שטוב ניט געבליבן ווו מ׳זאָל ניט באַוויינען אַ מאַן, אַ זון, אַ טאָכטער, אַ טאַטן, אַ מאַמע, אַ ברודער און שוועסטער... טאָקע נאָר על־פּי נס, טאָקע נאָר פֿון אַ העכערן כּוח איז ער, אלישע, ווידער דעמאָלטן פֿון טויט ניצול געוואָרן — נאָך יענע שוואַרצע און בלוטיקע יאָרן, איז סמערדיאַקאָוו דער צווייטער, און מיט אַן אומפֿאַרשעמט־חוצפּהדיקן שמייכל אין די געפֿאַרבטע וואָנצעס, די רעכטע האַנט אונטערן לאַץ פֿון דעם שינעל פֿאַררוקט, אין דער לינקער די זיך־רייכערנדיקע ליולקע, און מיט זײַן קאַווקאַזער אַקצענט געזאָגט:

— דאָס סאַמע טײַערסטע בײַ אונדז, איז דער מענטש!

און אויך האָט ער דעמאָלטן געמאָלדן:

— לעבן איז געוואָרן בעסער, לעבן איז געוואָרן פֿריילעכער!

און באמת, אין דעם דזשונגלישווילי־לאַנד איז אַ קאַפּעלע רויִקער געוואָרן, מ׳האָט זיך בײַם לייגן שלאָפֿן אַנגעהויבן אויסטאָן, אַראָפּנעמען די שיך פֿון די פֿיס... און די פּאָטען, נאָך בײַ זיך אין די הײַזער פֿאַרבליבענע, האָבן אויף אַלע שפּראַכן און קולות, גענומען זאָגן און זינגען דעם מיזמור צום גרויסן סטאַלין.

און ער, יענער גילגול, זײַנער, האָט דעמאָלטן, נאָכן וועלן פֿאַראַקערן די מעזשעס, וועלכע מ׳האָט גאָר ניט געקאָנט און דער עיקר, גאָר ניט געטאָרט פֿאַראַקערן... גענומען מיט זיך, און אויך מיט דער וועלט, דעם חשבון און דעם סך־הכּל מאַכן, די אונטערשטע שורה אונטערפֿירן. — ער איז דאָך שוין צו אַ בן־שלושים דערגאַנגען, און דעם גאַנצן וועג אין דער נשמה געטראָגן די שווערע קינדער־ און ביטערע כוטער־יאָרן, הגם דאָרטן, אין דעם יונגן ווייטיק, איז זײַן וואָרט אויפֿגעגאַנגען: אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, בײַ דער שקיעה, דער־הערט ווי עמעצער פֿון וואַלד הייסט אים זאָגן:

כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס, פֿאַלן פֿון די הייכן,
כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס, יאָגן פֿון דער ערד . . .

און שוין אויך אין דער נשמה, ווי פֿײַערדיקע רינגען, געטראָגן דעם ביילים־בילבול, די ערשטע וועלט־מילחמה, יענע וואַנדער־און וואַגלדיקע ייִדן, די אַרויסגעטריבענע פֿון זייערע היימען, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין יסורים אויף דער ערד, אין בתי־מדרשים, אין די קלויזן און שולן, אויפֿן אונטערגעשפּרייטן שטרוי, די קרבנים האָבן געהאַלטן אין איין טראָגן די שוואַרצע מיטה, און אין די פֿאַלעס פֿון די קאַפּאָטעס זייגקינדער צום הייליקן אָרט . . . און דערנאָך די פּעטליורישע בלוטיקע פּאָגראָמען . . . און שפּעטער דעם טרויער און די שקיעה פֿון שטעטל, — דעם טרויער און די שקיעה פֿון דער דערוואַרטער, פֿון דער לענין־גאולה. פּיטשע האָט דעמאָלטן דעם בית־מדרש, ווּהין ס׳זײַנען אַנגעוואַלגערט געוואָרן קלעצער, אונטערגעצונדן . . . און ווען מ׳האָט אים דאָרטן, אין דער מיליציע געפֿרעגט:

— צו וואָס האָסטו דאָס געטאָן?

האָט ער געענטפֿערט:

— כ׳האָב געוואָלט הערן ווי אין דעם פֿלאַקער פֿון פֿײַער רוישט מײַן וואַלד!

אין יענער צײַט האָט אים שיינדל די צווייטע טאָכטער געבוירן, לאָרעלען, וואָס האָט נײַע פֿרייד און אויך נײַע זאָרגן אין זייער שווערן לעבן אַרײַנגעבראַכט. זי, לאָראַ, איז שוין אונטער די געוויטער־פֿאַרוואָלקנטע הימלען געבוירן געוואָרן, — פֿון היטלער־דײַטשלאַנד זײַנען געגאַנגען שרעקלעכע ידיעות פֿון בלוטיקע קרישטאָל־נעכט . . . די גרוי־גרין־שוואַרצע חיילות האָבן עסטרײַך און טשעכאָסלאָוואַקיע געטראָטן און דעם האַקנקרײַץ איבער פּוילן אויפֿגעהויבן, איבער יענע דרײַ מיט אַ האַלבן מיליאָן ייִדן . . . און יענער גילגול זײַנער האָט שוין דעמאָלטן געהערט ווי ער, ר׳ אבוש דער חריף, שרײַט:

— דער דײַטש גייט, דער טויט קומט . . . דער מולך פֿון מערבֿ גייט, דער אַחרית־הימים קומט! קיין גואל, קיין משיח וועט אָבער ניט זײַן! ניט זײַן!

און אויך האָט ער שוין דעמאָלטן, יענער גילגול, דעם פֿאַרלוירן און ייִאושדיקן קול געהערט:

— אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ, און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ . . .

און באַלד, אין יענעם סוף זומער, אין דעם ערשטן האַרבסטיקן פֿאַרטאָג,

האָבן די נאַציסטישע גאַרגלשנײַדער אַריבערגעטראָטן די פּוילישע גרענעץ און גענומען פּאַרוויסטן אַלץ וואָס אויף זייער וועג און אַרום זיך געטראָפֿן, מיט ווילדקײַט באָמבירט און חרובֿ געמאַכט שטעט און דערפֿער, פֿון דער הייך און פֿון דער נידער געשאָסן און געהרגעט זקנים, ווײַבער און קינדער...

און די צווייטע וועלט־מילחמה האָט זיך אָנגעהויבן. דערווײַל דאָרטן, אויפֿן מערבֿ, מיט פֿראַנקרײַך און ענגלאַנד, מיט די רודף־שלומניקעס, מיט די, וואָס האָבן היטלערן, די צווילדעוועטע חיה, מיט שעפֿעלער, מיט קליינע פֿעלקער, דעם שאָוויניסטישן משוגעת געוואָלט שטילן, און האָבן אים דערמיט נאָר דעם אַפּעטיט צערייצט.

און דאָ, אויפֿן מיזרח, מיט צוויי וואָכן שפּעטער, ווען די פּאָליאַקן און ייִדן פֿון וואַרשע האָבן צוזאַמען מיטן רעגולערן מיליטער נאָך העלדיש פֿאַר־טיידיקט די באַלאַגערטע קרוינשטאָט, ווען אויף פֿאַרשידענע פֿראָנטן האָט נאָך די פּוילישע אַרמיי געשטעלט אַ פֿאַרצווייפֿלטן ווידערשטאַנד, זײַנען די סאָווע־טישע טאַנקען און אינפֿאַנטעריע אַריבער די פּויליש־סאָוועטישע גרענעץ... און דעמאָלטן, דורך אַ גוואַלטיקער איבערמאַכט פֿון צוויי זײַטן געדריקט, האָט זיך דער פּוילישער ווידערשטאַנד באַלד אײַנגעבראָכן.

און דערנאָך, בימים ההם, אין דער שטאָט בריסק, איז אַ פּאַראַד, אַ פֿאַרברידערונג פֿון סאָוועטישן און נאַצישן מיליטער פֿאָרגעקומען, אַ פֿרײַנט־שאַפֿט, וואָס איז „מיט בלוט געפֿעסטיקט געוואָרן"... די פֿרוכט פֿון דעם טרויעריק־באַרימטן סטאַלין־היטלער־פּאַקט, וואָס האָט פּוילן צווישן סטאַלינען און היטלערן צעטיילט: דאָרטן, אויף יענעם מיליטערישן פּאַראַד, אין בריסק, האָבן בשכנות געפּלאַטערט די פֿענער מיטן האַקנקרייץ און סערפּ־האַמער, און ס'האָבן זיך אויסגעמישט די טענער פֿון „אינטערנאַציאָנאַל" מיטן האָרסט־וועסעל־ליד... און דאָס האָבן געהערט ניט נאָר די בריסקער ייִדן, נאָר אויך די טויזנטער ייִדישע פּליטים פֿון שטעט און שטעטלעך, וואָס די נאַציס האָבן געברענט, און דאָרטן געפּײַניקט, געשענדט און געהרגעט.

און באַלד האָט סטאַלין אויך גענומען צו „באַפֿרײַען" ליטע, לאַטוויע, עסטאָניע, בעסאַראַביע... און טויזנטער מענטשן, פֿון אַלע פֿעלקער, פֿון אַלע שטאַנדן און שיכטן, באַזונדערס סאָציאַליסטן, ציוניסטן, בונדיסטן, כּלי־קודש, און שפּעטער אויך גענומען אין הורט אַרעסטירן צענדליקער טויזנטער פּליטים און פֿאַרשיקט זיי אין די ווײַטסטע מקומות, אין די קאַלטסטע קאַנטן פֿון צפֿון

רוסלאַנד און סיביר, ווו אַ סך האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם הונגער און קעלט, באַזונדערס זקנים און קינדער, און זײַנען דאָרטן אומגעקומען.

און דעמאָלטן, אין יענע טעג, איז אלישע אויף די וואַסערן פֿון דניעפּער־טײַך, אין זײַנע פֿיר כּמעט־ליידיקע וועגט פֿאַרבליבן, — קיין ביאַליסטאָק, לעמ־בערג, טשערנאָוויץ, קישיניעוו און ווילנע ניט געפֿאָרן, — וואָס קאָן ער דאָרטן זאָגן די פּונעם דײַטש אַנטרונענע, און די „באַפֿרײַטע" ייִדישע שרײַבער? — ער איז בײַם אַלטמאָדישן שרײַבטיש געזעסן און דעם צווייטן בוך „פּאַלעסיער וועלדער" געשריבן, און אין די נעכט געהערט, ווי דער חריף, ר' אַבוש שרײַט:

— דער דײַטש גייט, דער אחרית־הימים קומט... קיין גואל, קיין משיח וועט אָבער ניט זײַן, ניין!

און אויך געהערט יענעם פֿאַרלוירן און פֿאַרייִאושט קול:

— אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ, און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ!

# יא

און ס׳האָבן זיך געשטעלט די וויסט־און אַכזריותדיקע יאָרן פֿון דער צוויי־טער וועלט־מילחמה, און אלישע האָט שיינדלען מיט די צוויי קליינע קינדער פֿון אונטערן פֿײַער געהאַלפֿן אַרויספֿאָרן; און דערנאָך, אין וואַנדער־און וואָגל, פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן מיט זיי, אין דעם אוזבעקיסטאַנער, אין דעם ווײַטן כאָרעז־מער קאַנט, פֿינף הונדערט קילאָמעטער אַראָפּ־צו דעם צעווילדעוועטן אמו־דאריא־טײַך, צו די קאַראַקומער מידבר־זאַמדן; און פֿון דאָרטן איז ער, אלישע, שוין אויף דער מילחמה אַוועק, און אויף גאַנצע פֿינף יאָר — פֿון וועגן דעם, און אויך פֿון שיינדלס לעבן דאָרטן מיט די צוויי קינדער, שוין אין קורצן, אַ טראָפּן אין יסורים־ים, פֿריער דערציילט — און נאָך דער מילחמה, ווידער על־פּי נס מיטן לעבן אַרויס, האָט אים ניט נאָר לארא, נאָר אויך זי, די עלטערע, דאַליע, ניט דערקענט. און אויך ער, אלישע, האָט זײַנע צוויי קינדער קוים געקאָנט דערקענען.

און זיי האָבן געלעבט דאָרטן, אונטערן רינענדיקן דאַך, צווישן די דלד־אמותדיקע ווענט, אין דער שטוב מיט די הילצערנע סקריפּענדיקע טרעפּ, מיט די פּרימוסן און עמערס וואַסער בײַ די טירן, און די טעג זײַנען אויפֿגעגאַנגען אָן פֿרייד, און אָן האָפֿענונגען פֿאַרגאַנגען — אַלע געדאַכטן און קאַליר־פֿאַר־בלענדענישן האָבן זיך מיט אַ מאָל אָפּגעטאָן, די לוחות זײַנען געלעגן אין בערג אַש פֿון אוישוויץ, טרעבלינקע, מײַדאַנעק, באַבי־יאַר... און ער איז איבערן טיפֿן טאָל, אלישע, אַרומגעגאַנגען, מיט זאַמדן נאָך ניט פֿאַרשאָטן געוואָרן, ס׳האָט נאָך דאָרטן איבערן דנאָ אַ רויט ריטשקעלע געפֿלאָסן און אַ ווײַבל, דעם קאָפּ צום נאַקן פֿאַרוואָרפֿן, דעם ווײַסן פּנים צו דער זון, אויך אַ ווײַסע, אַ בלינד־געוואָרענע, אויף די אויסגעצויגענע הענט ווײַסע ביינדעלעך געהאַלטן, און שוין מיט אַ הייזעריקן קול נאָך אַלץ גערופֿן און געפֿרעגט:

— דינהלע, קינד מײַנס... מאַמע... טאַטע... אָט דאָס זײַנען מיר די ביינדעלעך פֿון אײַער פֿינגער פֿאַרבליבן? דינהלע, קינד מײַנס... מאַמע... טאַטע... ווו זײַט איר?.. דינהלע, זײַנען אָט די ביינדעלעך פֿון דײַנע הענטעלעך?

און די ווײַסע בײַנדעלעך אונטער דער האַרבסטיקער ווײַסער זון האָבן אויף אירע אויסגעצויגענע הענט געציטערט און געשוויגן... און דער טאָג איז אויך ווי דעמאָלטן, אין יענעם מאָנטיק, אין דעם יום־כּיפּורדיקן, אַ קאַלטער און שטאַרק ווינטיקער געווען, פֿון די ביימער שיטן זיך וואַקס־געלע בלעטער און אויף די נאַקעטע צווײַגן וויגן זיך די טונקל־רויטע הענגלען קאַלינעס, — די לעצטע שקיעה־פֿונקען פֿונעם זומער!.. אין יענעם באַבי־יאַר־טאָג.. — און די קריסטלעכע, די ציוויליזירטע, די קולטור־וועלט, זי וועט דאַרפֿן פֿאַר יענעם טאָג באַצאָלן! ס׳וועט איר באַבי־יאַר, און פּאָנאַר, און אוישוויץ, און טרעבלינקע, און מײַדאַנעק ניט געשענקט און ניט פֿאַרגעבן ווערן! זאָל זי, אָט די וועלט, אויף סליחה און מחילה, און אויף שיכחה ניט האָפֿן! און אויך דאָס בלוט פֿון תתנ״ו, און פֿון ת״ח און פֿון ת״ט, און פֿון תרע״ט און תר״פ, וועט ניט געשטילט ווערן... פֿאַר יענע טײַכן בלוט פֿון די קהילות פֿון שפּײַער, וואָרמס, מיינץ, קעלן, וואָס די נוסעי הצלבֿ האָבן פֿאַרגאָסן, און פֿאַר די קאָזאַקישע, פֿאַר די כמעלניצקי־שחיטות אין די הונדערטער קהילות, פֿאַר נעמיראָוו און טולטשין, פֿאַר פּאָלאָנע און קרעמינעץ וועסטו, וועלט, דאַרפֿן און מוזן באַצאָלן! און פֿאַר די גאָנטאַ־ און פּעטליוראַ־פּאָגראָמען... דו הערסט מיך, בלוטיקע וועלט, דער יום־הדין גייט, און וועט אינגיכן אויף דיר קומען! דאָס איז ניט נקמה־דאָרשט, ניין! דאָס איז דער דאָרשט נאָך גערעכטיקײַט! — פֿאַר פֿאַרברעכנס, פֿאַר פֿאַרגיסן אומשולדיק בלוט, מוז די שטראָף קומען!...

אין יענעם באַבי־יאַר־טאָג, אין דעם יום־הכּיפּורים, צען טעג נאָכן אַרײַנמאַרשירן פֿון די דײַטשן אין דער קרוינשטאָט פֿון אוקראַיִנע, קיין קיעוו — די לאַווורע־קלויסטערס אויף די בערג האָבן פֿרום און ניצחונדיק־פֿאַרשיכּורט אין אַלע הייליקע גלאָקן געקלונגען... און באַלד איז די שטאָט אויפֿגעטרייסלט געוואָרן פֿון די אויפֿרײַסן, פֿון די קאַסטנס דינאַמיט, וואָס די גרויע מאַקינטאָשן, די סמערדיאַקאָוו־לײַט, פֿאַרן פֿאַרלאָזן די שטאָט, האָבן אין די קעלערן פֿון די מויערן, אויף דער שפּיגלגאַס, אויף קרעשטשאַטיק, אין די נעכט אונטערגעלייגט: ס׳האָבן גענומען קראַכן און זיך ברעכן און פֿאַלן מויערן, איינער נאָכן אַנדערן, וואָלקנס שטויב, ציגל און גלאָז, כּמאַרעס רויך און זײַלן פֿײַער האָבן אין די הימלען אַרײַן זיך געהויבן... און תּיכּף איז אומעטום, אויף אַלע ווענט און טויערן, אויף די דרײַ לשונות, רוסיש, אוקראַיִניש, דײַטש, אויף גראָבן, אויף פּאַק־פּאַפּיר, דער באַפֿעל אַרויסגעהאָנגען געוואָרן:

„זשידעס פֿון דער שטאָט קיעוו און אומגעגנט! מאָנטיק דעם 29 סעפּטעמ־

בער 1941 יאָר צו 7 אַזייגער אינדערפֿרי דאַרפֿן קומען מיט די זאַכן, געלט, דאָקומענטן, ווערטפֿולע חפֿצים און וואַרעמע מלבושים אויף דער דאַראַגאַ־זשיצקע גאַס, לעבן ייִדישן בית־עולם. פֿאַר ניט־מעלדן זיך — טויט־שטראָף, פֿאַר באַהאַלטן זשידעס — טויט־שטראָף, פֿאַר פֿאַרנעמען זשידאָווסקי וווי־נונגען — טויט־שטראָף".

אין יענעם טאָג, אין דעם יום־כּיפּור־מאַנטיקדיקן, אין דעם קאַלטן און שטאַרק ווינטיקן, וואָס טראָגט ביטערן רויך פֿון שׂרפֿות און לעצטע ווײַניקע ריחות פֿון עפּל, און ברענגען אויך קולות פֿון שאַרעס פֿייגלען, וואָס פֿליען אויף ווינטער צו די וואַרעמע לענדער און טײַכן... און זיי, פֿון דער גרויסער און אַלטער שטאָט, די קיעווער ייִדן, וואָס לעבן דאָ שוין טויזנט יאָר, נאָך איידער אַן אוקראַיִניש פֿאָלק איז אויף דער וועלט אויפֿגעקומען, זיי, די אור־אַלטע תּושבֿים, גייען פֿון פֿאַרטאָג אָן, פֿון דעמיעווקע און פֿאָדאָל, פֿון פּעטשערסק און קורעניאָווקע, ייִדן בעלי־מלאָכות, שוסטער און שנײַדער, סטאָליער און בלעכער, מאַליער און שמידער, קוואַליפֿיצירטע און אַלטע אַרבעטער פֿון פֿאַבריקן און זאַוואָדן, מיט ווײַב און קינד, אנשים, נשים וטף... אין די טויזנטער, אין די צענדליקער טויזנטער, פֿון דער פֿינצטער־שעה, ווײַל מורא געהאַט צו פֿאַרבלײַבן אַן איבעריקע מינוט אין שטוב, מ'זאָל זיי פֿאַרן ניט־אויספֿילן דעם באַפֿעל אויפֿן אָרט דערשיסן, און דער עיקר זייערע קינדער...

גייען זיי, די ייִדן, עלנטע, פֿון אַלעמען פֿאַרשטויסן, אָן אַ גואל און אָן אַ שומר, אַ צעטומלטער המון, אָן אַ וועגוויַיזער און וואָרטזאָגער, אויפֿגע־טרייסלט און פֿאַרלוירענע, ניטאָ צו וועמען זיך קערן און ווענדן, בײַ וועמען אַן עצה פֿרעגן און הילף בעטן, ייִדענעס טראָגן אויף די העלדזער קרענץ ציבעלע... און בײַ די טויערן שטייען, אין די אויסגענייטע העמדער, די נעכטיקע שכנים און שפּאָטן, און חוזקן, און רעדן אָפֿן, און מיט פֿײַערדיקער שׂינאה:

— נו, אַ לויב דיר, קעניגין אין הימל!

— גענוג זיי! פֿעט געוואָרן אויף אונדזער בלוט...

— זיי האָבן אונטערגעצונדן און אויפֿגעריסן דעם קרעשטשאַטיק!

— די דײַטשן וועלן זיך שוין מיט זיי ספּראַווען...

— מ'פֿירט זיי אַרויס.

וווהין!

— אַהין, קיין פּאַלעסטינע.

— צע דאָברע... דאָס איז גוט, זאָל מען זיי, די פֿאַרשאָלטענע, אַהין פֿירן... — און מיט געלעכטערס, און ווי אויף קאַטאָוועס, רײַסט מען פֿון די פֿאַרבײַגייענדיקע ייִדן די קופֿערטן און קלומיקעס פֿון די הענט אַרויס, וואַרפֿן זיי אין הויף אַרײַן, און ווען דער ייִד וויל זײַנע זאַכן אָפּנעמען, לאָזט מען אים אין הויף ניט אַרײַנגיין און ווערט מיט די פּיס אָפּגעטריבן.

און אין דעם פּײַן־און טרויער־געווירבל, קאָפּ־און־קאָפּ, גייט מען ווײַטער, צווישן די מויערן שׂינאה און רציחה; מיט איבערגעפֿולטע אויגן צער און מיט אומבאַהאָלפֿענעם צאָרן אין די הערצער, די פּיס ברעכן זיך אונטער אויף אָט דער שטיף־מאַמע־ערד... לית דין ולית דײַן... און אַרום די ווילד־געוואָ־רענע דײַטשן מיט די פֿינצטערע בליקן און מיט די גלאַנציקע באַגנעטן אויף די ביקסן, און אויך שוין יענע, די הײַדאַמאַקעס, כמעלניצקי־און גאָנטאַס אייניק־לעך, די אוקראַינישע פּאָליציי אין די שוואַרצע שינעלן און מיט שווערע שטעקנס.

— וואָס קאָנען מיר דאָ טאָן? — פֿרעגט איין ייִד בײַם צווייטן. — ווי אַזוי קאָנען מיר זיך דאָ אַליין, מיט די הוילע הענט, העלפֿן? וואָס שווײַגט איר?

— גייט, ייִד איינער, גייט, בלײַבט ניט שטיין... מ׳וועט אונדז פֿון די פּיס אומוואַרפֿן און צעטרעטן! וואָס ווילט איר זאָלן מיר דאָ טאָן מיט די וויינענ־דיקע קינדער אויף די הענט און מיט די קראַנקע און מיט די קאַליקעס אויף די קינדער־וועגעלעך? גייט, ייִד איינער, גייט... מיט אײַער קעפּל פֿון דער ניי־מאַשין קלאַפּט איר מיר אָפּ דעם אַקסל... גייט!

און זיי זײַנען געגאַנגען אַהין, די קיעווער ייִדן, צום ווינקל פֿון יענער אין דעם באַפֿעל אָנגערופֿענער גאַס, וואָס לעם דעם ייִדישן בית־הקבֿרות, אויף לוקיאַנאָווקע, דאָרטן, ניט־ווײַט געפֿינט זיך דאָך די באַן־ליניע, די פֿראַכט־סטאַנציע, פֿון וואַנען מ׳וועט זיי, די ייִדן, פֿון דאַנען אַרויספֿירן.

— וווּהין?

— איר פֿרעגט שוין ווידער? מיסתמא קיין פֿראַנקרײַך, קיין ענגלאַנד, און אפֿשר גאָר קיין אַמעריקע... יענע פֿעלקער וועלן דאָך אונדז מיט ווײַב און קינד, מיט אונדזערע זקנים און זקנות אַ מקום מיקלט געבן... גייט, גייט!

און זיי גייען, און זיי אײַלן זיך, די ייִדן, יאָגן אונטער איינער דעם צווייטן, פֿאַרלויפֿן דעם וועג, — מ׳דאַרף בײַצײַטנס קומען און פֿאַר די קינדער און קראַנקע, פֿאַר די מיד און פֿון די פּיס־פֿאַלנדיקע זקנים און זקנות אַן אָרט אין די וואַגאָנען פֿאַרנעמען, — מ׳הערט דאָך ווי דאָרטן, אויף דער באַן־סטאַנציע,

פֿײַפֿן שוין די לאַקאָמאָטיוון... ס'איז גאָר קיינעם אויפֿן געדאַנק און אויפֿן זינען ניט אויפֿגעקומען, אַז זיי גייען דעם לעצטן וועג, צום באַבי־יאַר, צום אַכזריותדיקן טויט.

און ערשט שפּעטער, אַז שוין דערנעענטערט זיך אַהין, צו לוקיאַנאָווקע, — צום אַלטן ייִדישן בית־עלמין זיך דערקליבן, ערשט דעמאָלטן און דאָרטן האָבן זיי דערהערט די קוילנוואַרפֿער שיסן... אָבער זיי זײַנען שוין אַרײַן צווישן די צוויי רוצחים־ווענט, צווישן די אויסגעשטעלטע דײַטשישע באַוואָפֿנטע תּלינים מיט די צערייצטע וועלפֿהינט אויף די רימענס און אויך צווישן צוויי רייען אוק־ראַינישע הײַדאַמאַקעס, וואָס האָבן גלײַך גענומען מיט די שטעקנס ביז בלוט שלאָגן, אויסטאָן נאַקעט, און טרײַבן די פּאַרטויבטע און צעמזיקטע ווײַטער, צו דעם באַרג־אָפּריס:

— שנעל, יודע, שנעל!...

— שווידטשע, זשידי, שווידטשע! גיכער, זשידעס, גיכער!...

און צו פֿאַרנאַכט־צו, בײַם ווינטיקן זון־זעצן־זיך, ווען צענער טויזנטער ייִדן זײַנען שוין אין באַבי־יאַר געהרגעט געלעגן, און קליינע קינדער, וועלכע מ'האָט אַהין לעבעדיקערהייט געוואָרפֿן, האָבן זיך געטרונקען אין דעם בלוט פֿון זייערע מאַמעס... אָט דעמאָלטן, בײַם יום־כּיפּורדיקן טאָג־פֿאַרגיין, האָט אַ נאַקעטער און צעממיתטער בלינדער זקן, זײַן צעבלוטיקטן פּנים צום הימל אויפֿגעהויבן און געבעטן:

— ריבונו של עולם, העלף מיר דו, העלף מיר דערגיין צום טויט, דו זעסט דאָך, אַז איך זע ניט דעם וועג און ס'ניטאָ ווער ס'זאָל מיר אַ האַנט געבן!...

און דאָ, בײַם יום־כּיפּורדיקן טאָג־פֿאַרגיין, די ווײַסע זון זינקט שווער אַרײַן אין דער געדיכטער, אין דער טונקעלער בלוטיקײַט, דאָ עפֿענען זיך די שערי־רחמים, און דער־וואָס־לעבט־אייביק טוט מיטן בלינדן זקן דעם לעצטן חסד, ברענגט אים, דעם נאַקעטן און צעבלוטיקטן, צום ראַנד פֿון דעם באַרג־אָפּריס און דער דײַטש, „גאָטס שטראָפֿנדיקע האַנט״, מיט די אַרויפֿגע־קאַטשעטע אַרבל, פֿאַרשפּריצט מיט מאַרך און בלוט, שוין אַ מיד־געוואָרענער, שיסט ניט דעם בלינדן זקן, נאָר שאַרט אים מיטן עלנבויגן פֿונעם באַרג אין טאָל, וואַרפֿט אים אין באַבי־יאַר אַראָפּ...

און דערנאָך, נאָכן אַראָפּוואַרפֿן אים אַהין, דעם בלינדן זקן, האָט זיך מיט אַ מאָל אַ שוואַרצע קדמון־פֿינצטערניש געשטעלט, אַ תּהו־ובֿהודיקע, ווי פֿאַר מעשׂה בראשית און באַלד, אויך אַזוי פּלוצלינג, ווערט אָט די געדיכטע חשכות

צעשפּאָלטן און צעפּאַלן, און פּיר פּלאַמענדיקע זײַלן, אַרומגערינגלט מיט וואָלקנס בליציקע פּײַערשטראַלן, שנײַדן אַדורך אַלע זיבן הימלען מיט די צען ספּירות, און דער כּיסא־הכּבֿוד מיט זײַנע אַלע אין־סופֿיקע פֿינקל־און וווּנדער־שײַנען, אויף וועלכן די מקובלים האָבן אים, דעם אל רחום וחנון, דעם שדי אַרויפֿגעזעצט, פֿאַלט אין טאָל, אין דעם אָנגעפּולטן מיט בלוט פֿון ייִדן, אין באַבי־יאַר אַרײַן, און שוין אויף אייביק, אויף דורי־דורות!

# יב

און דעמאָלטן, אַז דער כּסא־הכּבֿוד, וואָס איז אויף די זיבן פּייער־דימענטן און אויף די אין־סופֿיקע פּיל־פֿאַרביק־בליציקע שייַנשטיינער געשטאַנען, און זייַן הייך איז טויזנט מאָל טויזנטער און צען־טויזנט מאָל צען־טויזנטער מאָסן און אַלע דרייַ הונדערט צען עולמות זייַנען אויף אים אָנגעשפּאַרט געווען — — אַז ער, אָט דער כּסא־הכּבֿוד מיטן באַשעפֿער פֿון אַלע וועלטן און פֿון דעם זיבעטן הימל, וואָס אויף אים האָט זיך געפֿונען דער צדק, צדקה, די שאַצ־קאַמערן פֿון לעבן, פֿון ברכה, פֿון פֿרידן, און אויך דער טוי פֿון מחייה־מתים זייַן — — אַז דער כּסא־הכּבֿוד מיטן רחום וחנון איז אין דעם הייסן בלוט, אין באַבי־יאַר אַרייַנגעפֿאַלן און ער, אלישע בן מאיר בן אריה הכּהן, איז אין יענעם סוף־טאָג, בייַם אונטערגיין פֿון דער זון, אַ ווייַסע, ווי אַלע בלוטן וואָלטן אויך פֿון איר אין באַבי־יאַר אַרויסגערונען — — אין יענער שעה, אין דער שטאָק־פֿינצטערניש, אין דער נאַכט פֿון אויסגעלאָשענע שטערן, בייַ די ביז צו די ברעגן צער און צאָרן־ברינעמער געבליבן שטיין, דעמאָלטן, שוין אָן אַן אָנלען און אָנשפּאַר, האָט אין זייַן האַרצן זיך ווידער צעטליעט יענער אַלטער באַגער, יענער ווילן פֿון אַ קלאַפּ טאָן מיט דער טיר און אַרויס פֿון אָט דער וועלט — — פֿון אָט דער וועלט, ווו אַלע געדאַכטן און פֿאַרבלענדענישן האָבן זיך פֿון אים אָפּגעטאָן און די לוחות פֿון דער אייראָפּעיִשער קולטור זייַנען פֿאַר זייַנע אויגן געלעגן אין די בערג אַש פֿון באַבי־יאַר, פֿון אוישוויץ, טרעבלינקע, פֿון מייַדאַנעק ——

נאָר דאָ האָבן זיך אין זייַן נשמה אָנגעהויבן צינדן, איינע נאָך דער אַנדערער, די אזכּרה־ליכט און ער האָט דערהערט אַ קול:

— אָט די אייביק־הייליקע אַזכּרה־ליכט טאָרן אין דיר ניט אויסגעלאָשן ווערן! יענע האַרבסטיקע שקיעה בייַ דייַן געבוירן ווערן אויף די גערטענער אין וויַטן פּאַלעסיער דאָרף, יענע פֿלאַם־פֿייַערדיקע שקיעה איז דיר באַשערט געוואָרן צו טראָגן ביזן סוף פֿון דייַנע טעג, ביז דייַן האַרץ וועט אין בלוטיקן טרויער אויסגיין . . . גורל, אלישע, גורל!

און דאָ, בײַם באָבי־יאַר, אין יענער שעה, אין דער ייִאוש־פֿינצטערער, גראָד דאָרטן און דעמאָלטן האָט ער שוין מער ניט געצווייפֿלט, שוין מער פֿאַר קיין אײַנרעדעניש ניט געהאַלטן, שוין מיטן גאַנצן האַרצן געגלייבט, און שוין אויף קלאָר און זיכער געוווּסט: די פֿלאַם־פֿײַערדיקע שקיעה וועט ער דאַרפֿן טראָגן ווײַטער אויף אָט דער פֿאַרבלוטיקטער ערד, ווײַל אַ שליחות האָט ער אויסצופֿילן.

און פֿאַר אָט דער שליחות איז ער געבוירן געוואָרן דאָרטן, אויף דער גרוי־און זומפּיקער ערד, אין די פּאָלעסיער וועלדער, בײַ דעם דאָרפֿסייִד, בײַ דעם הייסבלוטיקן און צאַרנדיקן כּהן, בײַ דעם דלפֿון, בײַ דעם וואָגלער איבער די גלות־מאַרקן און יאַרידן, מיטן גרין־פֿאַרזשאַווערטן בעזמען אין קעשעניע און מיטן ווינטשפֿינגערל אין די שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן תּמיד אַרויס־געקוקט און געוואַרט אויפֿן גואל־צדק, אויף משיחן.

און געשטאָרבן איז ער, יענער ווונדערלעכער טרוימער, בשעת דער מילחמה, אין עלנט און אַליינקײַט, ערגעץ בײַ דער וואָלגע, און קיינער ווייסט ניט ווּהין זײַן געביין איז אַהינגעקומען, ווי קיינער ווייסט ניט אַוווּ דער געביין פֿון זײַן זון, פֿון פּינחסן, וואָס סטאַלין האָט אים אויפֿן אייביק־ווײַסן צפֿון געשאָסן, געפּײַנט זיך, און אויך אַוווּ איז דער אַש פֿון זײַן טאָכטער עטל און איר קינד, ליבעלע, וואָס היטלער האָט זיי לעבעדיקערהייט בײַם שוואַרצן ים פֿאַר־ברענט ——

און ער האָט דאָרטן, אלישע בן מאיר, בײַם באָבי־יאַר, אין יענער ייִאוש־פֿינצטערער שעה, די שליחות אויף זיך גענומען, הגם נאָך ניט געוווּסט די וואָג און די גרויס אירע, זיך אַפֿילו ניט פֿאַרגעשטעלט די נײַע רדיפֿות און גזרות, די נײַע סכּנות, וואָס לויערן און קומען שוין אָן. . . און אויך ניט געוווּסט מיט אַ וועלכן וועג וועט ער קאָנען אַהין מיט זײַן שליחות דערגיין, און אַז ער וועט שוין יאָ אַהין, נאָך יאָרן פּײַן און צער, נאָך טורמע און ביטערער עלנטקײַט, שוין אַ פֿאַרמאַטערטער צו די בערג פֿון יהודה אָנקומען, וועט ער דאָרטן אַ וויסטן בילבול, אַן עלילת דם אויף זיך טרעפֿן, און ער וועט אויך דאָרטן אַ פֿרעמדער און אַ לועזית זײַן ——

און אויך דאָרטן, בײַם באָבי־יאַר, ווּהין דער כּסא־הכּבֿוד מיטן באַשעפֿער פֿון אַלע וועלטן איז אַרײַנגעפֿאַלן, אין יענער ייִאוש־פֿינצטערער שעה, ווען געוואָלט מיט דער טיר אַ קלאַפּ טאָן און פֿון אָט דעם גולם־וועלט אַרויס, דאָ

האָט זיך אים פֿאַר די אויגן געשטעלט זי, שיינדל, וואָס מ׳האָט בײַ איר אין די בלי־יאָרן דעם ניגון, דעם איינציקן גרויסן טרוים פֿון איר נשמה אַרויסגעריסן און איז בײַ דער איינציקער האָפֿענונג געבליבן, אַז ער, אלישע, וועט אויך איר ניגון אויסשרײַען, — זיי זײַנען דאָך מיט איין ליבע־און לעבן דאָ אויף דער ערד, און מיט איין און דעם זעלביקן ניגון ביידע ביזן טויט פֿאַרקניפּט און פֿאַר־בונדן געוואָרן ——

און אויך האָט זיך צו אים דאָרטן, בײַם באָבי־יאַר, בײַ יענער סוף־וועלט, אין יענער יִאוש־פֿינצטערער שעה זי, מאַלי, אין איר גרויסער שיינקייט באַוויזן, ווי אין יענער זאַווערוכע־נאַכט בײַ דער פּלוצעמדיקער לבֿנה־שײַן, וואָס האָט זיך דורך די געוויטער־כמאַרעס, דורך די לילא־רויטע, דורכ־געשלאָגן און צווישן די שוואַרצע הורבעס שניי געפֿאַלן, דאָרטן האָט ער זי דעמאָלטן, מאַלין, געפֿונען בײַם ברונעם וווּהין די פּעטליורא־הײַדאַמאַקעס האָבן איר מאַמע אַרײַנגעוואָרפֿן, פֿריער מיט דער שווערד איר אָפּגעהאַקט די פֿינגער, וואָס האָבן זיך אין אָט די ברונעם־ברעטער אָנגעכאַפּט אויף ניט אָפּצו־רײַסן זיי.

אין יענער פֿאַרווייע־נאַכט האָט אויך מאַליס מאַמע פֿון יענעם פֿאַרלאָזטן ברונעם, ווי זײַן אייגענע מאַמע, וואָס די פּעטליוראָווצעס האָבן זי פֿונעם אייבערשטן טרעפּל, פֿונעם באַן־וואַגאָן אויף דער ערד, אויף די שטיקער שטיינקוילן אַראָפּגעוואָרפֿן, אויך זי, מאַליס מאַמע, האָט פֿון דאָרטן, פֿון יענעם ברונעם, בײַ אים געמאָנט:

— יִינגל, פֿאַרגעדענק, און פֿאַרגעס דאָס ניט!

און אויך זײַן מאַמע האָט אים דאָרטן, בײַ יענעם ברונעם אירע רייד דער־מאָנט: מיט דײַן זיכּרון זאָלסטו לעבן! אַז דעם זיכּרון, מײַן קינד, לעבט מען פֿון גאַנצפֿרי ביז נאַכט... אַ קורץ לעבן אין אַ קליין וועלטל!

און אויף מאָרגן, נאָך יענער נאַכט־פֿאַרווייע, נאָכן איבערלאָזן זי ליגן, מאַלין, אויף דער קאַנאַפּע מיטן אָפּגעדעקטן ווײַסן פּנים, און געמיינט אַז זי איז שוין טויט... דעמאָלטן, בײַם אַוועקגיין פֿון דער באַבריצער־הוטע, מיטן טאָרבעלע אויפֿן אַקסל און מיט דער רעגנבויגנדיקער טרער אויף די וויִעס, דעמאָלטן, האָט ער פֿאַר דער אויפֿגייענדיקער זון, פֿאַר די שײַנענדיקע שנייען איר, מאַלין, זײַן שבֿועה געגעבן:

ניט קיין שטריק וועט מײַן לעבן דערוואָרגן,
ניט קיין סערפּ וועט פֿאַרשנײַדן מײַן האַרץ...

און זי האָט זיך אין יענער שוואַרצער שעה, בײַם באַבי־יאַר, אַז ער איז בײַ דעם סוף־וועלט געשטאַנען, בײַם סאַמע ראַנד פֿונעם אָפּגרונט, און געוואָלט אַ קלאַפּ טאָן מיט דער טיר, אויך זי, מאַלי, האָט זיך דאָרטן צו אים באַוויזן — און אלישע האָט זיך אַהיים אומגעקערט און ווידער אַרײַן אין די פּאַלעסיער וועלדער, צו יענע ייִדן, צו די קרובֿים פֿון די שפּעטערדיקע באַיאַרס פֿון „ערבֿ", וואָס האָבן שוין נאָכן גרויסן חורבן געהאַט אַ סך מער וואָס צו זאָגן, אָנזאָגן, און צו וואָרענען די לעבן־געבליבענע און די קומענדיקע דורות ——

דאָרטן, אויף די דניעפּער־וואַסערן, אין דעם הילצערנעם הײַזל, אויפֿן צווייטן גאָרן, אונטערן געלעכערטן דאַך, — גיסט אַ רעגן דאַרף מען אַ מולטער אויפֿן שרײַבטיש אַוועקשטעלן, דאָרטן, אינעם קליין צימערל, צווישן די דרײַצן שכנים, געגומען די „פּאַלעסיער וועלדער", דעם דריטן בוך פֿאַר־ענדיקן, וואָס נאָך פֿאַר דער מילחמה, אָנגעהויבן; בײַ יענע ייִדן, וואָס האָבן ווי די וועלדער געקאָנט אויסשטיין אַלע שניי־געוויטערס, אַלע שלאַג־רעגנס, אַלע פֿריר־פֿרעסט און גלי־היצן, און ניט אײַנגעבראָכן ווערן, און מיט דער נשמה צו דער ערד ניט פֿאַלן, פֿראַוווען בריתן און חתונות, און פֿרייען זיך מיט שבתים און יום־טובֿים און אויך, ברוך־השם, נעמען אַ גוטן טרונק אָקעוויט אין אַ פֿראָסטן און וואָכעדיקן טאָג... אָט בײַ יענע ייִדן, בײַ די זיידעס זײַנע, וואָס מיטן שווערן טראָט אויף דער ערד, האָט ער דעמאָלטן, אין יענער ייִאוש־שוואַרצער שעה, בײַם באַבי־יאַר, ווײַטער געשעפּט מוט און ביטחון, דאָר־שטיקײַט צום לעבן און צו שיינקײַט, טיפֿן גלייבן אין זײַן פֿאָלק, אין זײַנע אומ־אויסשעפּלעכע כּוחות און אייביק־גײַסטיקע קוואַלן ——

און אין אַ יאָר אַרום, טאַקע אין יענעם צימערל אונטערן רעגנדיקן דאַך, בײַם ווינטער־שטעלן־זיך, די „פּאַלעסיער וועלדער" קיין מאָסקווע אַוועק־געפֿירט, ווײַל דאָ, בײַם דניעפּער־טײַך, איז שוין ניט געווען ווו אַ ייִדיש בוך צו דרוקן, הגם געהאָפֿט און געוואַרט אַז אָט באַלד וועט דער „נאַצמינדפֿאַרלאַג" און אויך די צײַטונג „שטערן" ווי פֿאַר דער מילחמה, אָנהייבן לעבן... אַ חודשלעכער זשורנאַל האָט דאָך שוין אָנגעהויבן דערשײַנען און אלישע האָט דאָרטן די ערשטע קאַפּיטלען פֿון דעם דריטן בוך „פּאַלעסיער וועלדער" אָפּגעדרוקט ——

און אין מאָסקווע האָט דער „עמעס״־פֿאַרלאַג די „פֿאַלעסיער וועלדער״ גלײַך אָנגענומען און די „אייניקײַט״ האָט אַפֿילו וועגן דעם געגעבן צו וויסן; אין דעם ייִדיש־אַנטיפֿאַשיסטישן קאָמיטעט האָט זיך שטאַרק געטומלט, מ׳האָט געהאַלטן בײַם אָפּשיקן „די פֿאָסט״־דערציילונגען, לידער, רעפּאָרטאַזשן — קיין אַמעריקע, און אויך דאָרטן אָנגעטראָפֿן אויף אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין ענגלאַנד . . .

און זיך באַגעגנט דאָרטן, אין די מיט די טעפּעכער געשפּרייטע צימערן פֿון דעם ייִדישן אַנטי־פֿאַשיסטישן קאָמיטעט, און אין דעם ייִדישן מלוכה־טעאַטער, מיט בערגעלסאָנען און דעם ניסתּר, מיט האַלקינען און קוויטקאָן, מיט פֿעפֿערן און מאַרקישן, — אַלע זײַנען זיי פֿול געווען מיט שעפֿערישע פּלענער: דעם גרויסן ייִדישן חורבן צו פֿאַראייביקן און די ירושה־אוצרות פֿאַר די קומענדיקע דורות צו פֿאַרהיטן . . . און ער האָט ניט געוווּסט, אלישע, אַז ער זעט און רעדט מיט זיי, מיט אָט די ווונדערלעכע שאַפֿער, שוין דאָס לעצטע מאָל —

און ווען עמעצער וואָלט עס אים דעמאָלטן דאָרטן געזאָגט, וואָלט ער אויף יענעם ווי אויף אַ משוגענעם געקוקט, — נאָך אַזאַ בלוטיקער וועלט־מילחמה, נאָך באַבי־יאַר און פּאָנאַר, נאָך אוישוויץ און מײַדאַנעק, נאָכן פֿאַלן פֿון אַזוי פֿיל ייִדישע שרײַבער אויף די פֿראָנטן; נאָך דעם אַלעמען וועט מען אין ראַטנפֿאַרבאַנד, נאָכן שווערן ניצחון איבערן נאַציזם, מאַכן אַ שחיטה אויף די לעבן־געבליבענע, און אויף די שווער־פֿאַרוווּנדיקטע אין די שלאַכטן ייִדישע שרײַבער? ווער האָט אין אַזוינס גאָר געקאָנט גלייבן? . . . הגם אויף אַלעמענס פּנימער איז שוין דעמאָלטן אַ שאָטן אונטער די אויגן געלעגן: דוד האָפֿשטיין איז שוין געווען אַרעסטירט —

און ווי נאָר אַהיים זיך אומגעקערט, אַזוי איז די שרעקלעכע ידיעה פֿון וועגן מיכאָעלסעס טויט אָנגעקומען, און דער אופֿן פֿון אומברענגען אים דאָרטן, אין מינסק, פֿון שפּאַלטן אים דעם קאָפּ . . . און דערנאָך, אויף אַזוינס דאָך און פֿאָרט ניט געווען צו ריכטן זיך, האָבן די פּריטשמעליענדיקע און שוואַרצע בשׂורות אָנגעהויבן דערגיין: פֿאַרמאַכט דעם ייִדישן אַנטי־פֿאַשיסטישן קאָמיטעט, די „אייניקײַט״, דעם „עמעס״־פֿאַרלאַג, און דעם ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין מאָסקווע, — פֿאַר דער מילחמה אַלע ייִדישע שולן אויף זיבן שלעסער פֿאַרשלאָסן און איצטער, נאָך דער מילחמה —

און באַלד קומט שוין דאָס אַכזריותדיקע, — די בלוטיקע סמערדיאַקאָוו־האַק ווערט איבער די קעפּ פֿון אַלע ייִדישע שרײַבער אויפֿגעהויבן: שוין אַרעסטירט מאַרקישן און קוויטקאָן, בערגעלסאָנען און דעם ניסתר, האַלקינען און פֿעפֿערן, און... און... און אויך דאָ אין קיעוו, ווערט פֿאַרמאַכט דער קאַבינעט פֿון ייִדישער קולטור, ייִדישע ביכער פֿון אַלע ביבליאָטעקן ווערן אויף שײַטער־הויפֿנס געברענט און די בלײַענע אותיות פֿון די דרוקערײַען ווערן אויפֿן פֿײַער צעשמאָלצן...

און ייִדישע שרײַבער און וויסנשאַפֿטלער, איינער נאָכן אַנדערן, נאַכט נאָך נאַכט ווערן אויך דאָ, פֿון זייערע געלעגערס און פֿון לעבן אַרויסגעריסן, און ער, דוד וואָלקנשטיין, דער מחבר פֿון דעם ניט־דערשריבענעם ראָמאַן „בלוט״, האָט זיך פֿון זינען געריררט, און ווי נאָר ס׳פֿאַלט צו די נאַכט מיט אַ קישן אונטערן אָרעם איבער די גאַסן אַרומגעלאָפֿן — — — און דאָס זעלביקע קומט פֿאָר אויך דאָרטן, אין אָדעס און אין מינסק, און אין טשערנאָוויץ און אין ווילנע, און אין קישיניעוו, אומעטום, איבערן גאַנצן לאַנד, וווּ ס׳איז נאָר אַ ייִדישער אות און אַ ייִדיש וואָרט פֿאַראַנען, פֿון מערבֿ ביזן ווײַטן מיזרח, און דאָס איז געטאָן געוואָרן אָפֿן, און פֿאַר די אויגן פֿון גאָר דער וועלט און דער עיקר, פֿאַר די אויגן, וואָס האַלטן זיך פֿאַר דעם עמוד האש פֿון ייִדישן פֿאָלק און... האָבן צוליב אידעאָלאָגישע און פֿאַלש־פֿאַרפֿירערישע נאַציאָנאַלע אײַנשטעלונגען אַ פֿולן מויל מיט כּנרת־וואַסער אָנגענומען און פֿאַררעטעריש געשוויגן. און מיט אָט דעם שוויגן געהאָלפֿן אָפּהאַקן דעם שוין אַזוי אויך פֿאַר־בלוטיקטן, דעם ווונדערלעכן שבֿט־צווײַג — — — וועט עס ניט פֿאַרגעסן און זיי קיין מאָל ניט פֿאַרגעבן ווערן!

און שוין גאָר אַ נײַע, שוין גאָר אַ ווײַטערדיקער רינג האָט זיך דעמאָלטן — און שוין אויף קיין מאָל ניט געשטילט און געקילט צו ווערן — אָנגעהויבן אין זײַן, אין אלישע בן מאירס, נשמה אַרײַנשנײַדן: אייגענע ברידער, פֿון איין טאַטע־מאַמע, זאָלן אין משך פֿון יאָרן שטיין און צוקוקן מיט פֿאַרלייגטע הענט ווי שאָפֿערס און וויסנשאַפֿטלער פֿון זייער פֿאָלק ווערן אומגעבראַכט און שווײַגן? אַזאַ שרעקלעך־גרויליקע קללה קאָן מען אַפֿילו אין דער תּוכחה ניט געפֿינען... קיין איין פֿאָלק אין דער וועלט, אויף דער גאָרער ערד, ווייסט ניט פֿון אַזוינס!

און ער איז אַרומגעגאַנגען דעמאָלט, אלישע בן מאיר, אין דעם שינעל

בײַם באַבי־יאַר, שוין מורא געהאַט צו שטעלן אַ פֿוס אויף דער פֿאַרבלוטיקט־הייליקער ערד, אָן לשון געבליבן, די פּען אין האַנט אַרײַן מער ניט געקאָנט נעמען, אַרומגעגאַנגען אַ בעל־חובֿ... נאָר זי איינע, שיינדל, האָט אים דאָרטן, אויף די וואַסערן פֿון דניעפּער־טײַך, מיטגעפּילט און פֿאַרשטאַנען, געטראָגן אויף זיך דעם עול פֿון פֿאַרדינען אויפֿן שטיקל ברויט... און געוואַרט טאָג־אײַן און טאָג־אויס, פֿון נאַכט צו נאַכט, פֿון שעה צו שעה, אַז אָט קלאַפּן זיי אָן, די גרויע מאַקינטאָשן, אין טיר———

# יג

און דאָ, בײַם וואַרטן אויף די גרויע מאַקינטאָשן, וואָס קאָנען אין יעדער רגע אַרײַן און אויך אים, אלישען, שוין דעם לעצטן, פֿון לעבן מיטן וואָרצל אַרויסרײַסן און אויך אויף זײַן וואָרט, וואָס האַלט דאָרטן, בײַם באַבי־יאַר, בײַ די צער־ און צאָרן־ברינימער, אין די נעכט פֿון אויסגעלאָשענע שטערן, צו צײַטיקן און רײַפֿן, — גראָד דעמאָלטן און דאָרטן האַלט דאָס וואָרט זײַנס מיט קוואַל־זאַפֿטן פֿון דורות אָנגעגאָסן ווערן, מיט כּוחות זיך אָננעמען אויף צו קאָנען ווײַטער איבערן תּהום ציִען די גאָלדענע קייט נאָך דעם גרויסן חורבן פֿון ייִדישן פֿאָלק; זיך געגרייט שטעלן, נאָך דעם רויטמאהדיקן פּאָגראָם אויף דער ייִדישער קולטור און זײַנע שאַפֿערס; אויף קידוש־השם גיין, און ניט דער־לאָזן, אַז נאָכן אומקום פֿון דוד בערגעלסאָן, פֿון דעם ניסתּר, פֿון פּרץ מאַר־קישן און דוד האָפֿשטיין, זאָל דער ליכטיקער פֿאָדעם איבערגעריסן ווערן; אויף יענעם רײַף־געוואָרענעם וואָרט זײַנעם ווענלן זיי, סטאַלינס גרויע מאַקינ־טאָשן, אין מיטן דער שניי־וויכערדיקער נאַכט אַרײַן, צונויפֿפּאָרן און צוקניפּן אים צו די רוצחים אין ווײַסע כאַלאַטן, און די בלוטיקע תּליה אויך אויף זײַן וואָרט אַרויפֿוואַרפֿן און קיינער אין דער וועלט וועט קיין פּיפּס ניט טאָן, און יענע וואָס האָבן געטראָגן אין די פֿאַלדן דעם חלף אויפֿן ייִדיש־לשון — ווי ס'האָט נאָך אין אָנהייב פֿון דעם יאָרהונדערט בעל־מחשבֿות געזאָגט — יענע וועלן זיך אַפֿילו אין דער שטיל פֿון פֿאַרגעניגן די הענט רײַבן...

און דאָ, בײַם אָנשרײַבן די שורות, שוין נאָכן איבערשפּאַנען דעם שוועל פֿון די פֿינף און זיבעציק יאָר, וואָס זײַנען דאָ, אין דער מדינה, ווי זײַנע זיבעציק יאָר, אויך פֿאַרשוויגן געוואָרן, — זײַנע גלות־ייִדן, די באַיאַרס, זײַנען דאָ ניט צום האַרצן, זיי, אָט די באַיאַרס, מאַכן דאָך צונישט דעם שלילת הגלות, — דאָ, בײַם אַראָפּנידערן טיפֿער אַהין, אין דעם שקיעה־טאָל, ווו די זון פֿאַר־גייט און גייט שוין מער ניט אויף, — דער אַלטער כּהן ווערט אָבער ניט אײַנגעבראָכן, ער איז נאָך פֿול מיט לעבן, זײַן נשמה איז נאָך אין פֿלאַם־

פֿײַער... דאָך געאײַלט זיך, ווײַל דער מלאך־המוות, ווי ער האָט אים צוגע־זאָגט, אלישען, קאָן דאָך אין יעדער רגע זיך אַרײַנשטעלן.

נאָר דאָ, בײַם אײַלן זיך צו פֿאַרענדיקן דעם צווייטן ספֿר פֿון וועגן די בלו־טיקע רינגען אויף דער נשמה און וועלן נאָך דערלעבן צו זען אים אַ געדרוקטן צווישן צוויי טאָוולען, דאָ האָט אָבער אלישע בן מאיר געמוזט אויף וואָכנלאַנג די פּען אַוועקלייגן: זי, שיינדל, איז שוין מיט איר געזונט אין אַ שווערן מצבֿ אַרײַן, אין אַ לעבן־סכּנה געשטעלט געוואָרן, און ער האָט דאָרטן, בײַ די בערג פֿון ירושלים, און דערצו נאָך ערבֿ דעם ווינטער, ניט געקאָנט אַליין אַן עצה זיך געבן און געמוזט מיט שיינדלען פֿון ירושלים, צו דער טאָכטער, צו לאַרען, קיין קרית־ים אַריבערפֿאָרן.

און שווער איז אים געווען דעם זקן צו משנה מקום זײַן. און ניט נאָר דער־פֿאַר ווײַל צו זײַן שמאָלן פֿענצטער בײַטאָג, און צו די דרײַ שוואַרצע קי־פּאַריסן בײַנאַכט, וואָס וויגן זיך צווישן די אַזכּרה־ליכט אויף זײַן טיש, צוגעוווינט געוואָרן, נאָר ווײַל ער ווייסט, אלישע בן מאיר, אַז דער מזל זײַנער וועט זיך שוין אין ערגעץ ניט בײַטן, און קאָן זיך שוין אין ערגעץ ניט ענדערן. דער גורל זײַנער, ווייסט ער, איז שוין דאָרטן, אויפֿן האַרבסטיקן גאָרטן, בײַם זון־זעצן־זיך, בײַם געבוירן ווערן אין דעם ווײַטן דאָרף בײַם יידן, אין די פּאָלע־סיער וועלדער, געחתמעט געוואָרן.

און אויב, און ווי באַלד אַזוי, וואָלט ער דאָך באַדאַרפֿט, דער אַלטער אלישע בן מאיר, אַפֿילו אין די הרי־חושך אַרײַן גיין, — סײַ ווי סײַ וועט זיך אויך דאָרטן גאָרניט ניט אַנדערשן, און ווו ער זאָל שוין ניט זײַן, און וווהין ער זאָל שוין ניט קומען, וועט ער דאָך בײַ די אַזכּרה־ליכט, וואָס ברענען אין זײַן נשמה, שרײַבן... פֿונדעסטוועגן איז אים ביז גאָר שווער געווען פֿון יענער, פֿון דער ירושלימער, עלנטקײַט אַוועקפֿאָרן: זײַן עלנטקײַט דאָרטן האָט זיך פֿאָרט געטוליעט צום כּותל־מערבֿי, — פֿון דאָרטן, פֿון יענע אייביק־הייליקע שטיינער, האָט דאָך אין די נעכט פֿון אויסגעלאָשענע שטערן געפֿינקלט זײַן זיידנס טרער, און אין זכות פֿון יענער טרער, דאָס ווייסט ער אויך, אלישע, איז ער דורך אַזוי פֿיל טויטן אַהער אַ לעבעדיקער דערגאַנגען.

און אויך האָט דאָ, אין ירושלים, זײַן עלנטקײַט אַן אַדרעס געהאַט. מ׳האָט אים געקאָנט אין טעלעפֿאָן־בוך געפֿינען, אַ חסיד זײַנער פֿון ניו־יאָרק, צי פֿון פּאַריז, האָט אים געקאָנט אָנקלינגען, אין שטוב אַרײַנגיין, אַ וואַרעמע האַנט געבן, אַ גוט וואָרט זאָגן; און אויך אַ בלאַט, אַ צײַטשריפֿט, אַ בוך, און בריוו

פֿלעגט אַהינצו גיין... און איצטער, אַז ער וועט משנה מקום זײַן, באַזעצן זיך דאָרטן, אַנדערהאַלבן קילאָמעטער פֿונעם ים, בײַ די ווילד־פֿאַרוואָקסענע געפֿאַלדעוועטע בערגלעך ווײַסע זאַמדן, וועט שוין אויך אָט דער פֿאָדעם מיט דער אויסערלעכער וועלט איבערגעריסן און פֿאַרוואַלגערט ווערן.

אָבער אויך ניט אין דעם איז דער אָפּהאַלט געווען און די גאַנצע שווערי־קײַט געלעגן. סוף כּל סוף וועט מיט דער צײַט, דער אייבערשטער זאָל אים נאָר יאָרן געבן, דער איבערגעריסענער פֿאָדעם צונויפֿגעבונדן און צונויפֿ־געקניפּט ווערן: ווער ס'וועט דאַרפֿן און נאָר וועלן, וועט אים אויך דאָרטן, בײַ די זאַמדן, בײַם ים געפֿינען... מורא האָט ער געהאַט, אלישע בן מאיר, אַז בײַם אָוועקגיין פֿון ירושלים וועט זיך דאָס וואָרט און די שכינה פֿון אים אָפּטאָן. שוין דאָרטן האָט ער דאָך אין די קאַיאָרן, בײַם עפֿענען דעם איינציקן און קראַנקן אויג, און אויך נאָך חצות, בײַם אײַנדרימלען אין דער בלוטיקער שײַן פֿון די אַזכּרה־ליכט, געבעטן:

— אל תשליכני לעת זיקנה ורוח קדשך אל תקח ממני.

און ער געדענקט נאָך גוט, אלישע בן מאיר, יענע לאַנגע וואָכן און חדשים, יענע טעג און נעכט, וואָס ליגן אים נאָך ביז איצט אויפֿן האַרצן, יענע צוויי יאָר נאָכן פֿאַרלאָזן דעם דזשונגלשווילי־לאַנד, און מיט אָוועלכע שווערקײַטן, און שוין מיט די לעצטע כּוחות און... בײַם אָנקומען אַהער, אין דעם אויסגעצ־בענקטן לאַנד, אין דער אויסגעבענקטער מדינה, געלאָפֿן אַהער ניט נאָך אַ דאַך איבערן קאָפּ, נאָר נאָך אַ דאַך איבער זײַן שעפֿערישן לעבן, האָט מען אים דאָ פֿון אָנהייב אָן געגעבן צו וויסן און גלײַך געזאָגט:

— דו ביסט דאָ אַ לועזית, אַ פֿרעמדשפּראַכיקער!

און ער איז פֿון דעם אויפֿגעטרייסלט, דערשיטערט, און פֿאַרלוירן געוואָרן. און הגם נאָכן פֿאַרוואַרפֿן אים אין דעם מושבֿ זקנים, האָט מען אים דעם פּרס פֿון ראש הממשלה געגעבן, וואָס האָט אויך שפּעטער דעם מצבֿ פֿון ייִדיש דאָ מיט גאָרנישט ניט געענדערט... און ער איז ווײַטער אַ דערשטוינ־טער אַרומגעגאַנגען: ער, אלישע בן מאיר, איז אויך דאָ, אין דער מדינה, וואָס איז אויפֿן בלוט פֿון זײַן ייִדיש פֿאָלק אויפֿגעקומען, ער איז אויך דאָ אַ פֿרעמדער? —— און צוויי יאָר האָט ער די פּען אין האַנט אַרײַן ניט געקאָנט נעמען, אַרומגעגאַנגען אויפֿן ראַנד פֿון ייאוש: אויב אַזוי, אויב בײַ זיך אין דער מדינה איז ער אַ לועזית, טאָ ווּהין זאָל ער זיך שוין אַהינטאָן? — און ער איז צוויי יאָר אַ פֿאַרלוירענער אַרומגעגאַנגען, געמיינט, אַז ער וועט שוין אין זײַן

לעבן קיין איין שורה מער ניט אָנשרײַבן, זײַן לעבנסווערק וועט בלײַבן ניט־פֿאַרענדיקט, און מיט זײַן שליחות וועט ער ניט דערגיין, פֿאַלן דאָ, און אין טרויער אויסגיין.

נאָר דעמאָלטן, אין יענעם צושטאַנד און בראָך זײַנעם, בײַם אָנקומען אַהער, נאָכן איבערלאָזן די קראַנקע טאָכטער זײַנע, דאַליען, מיט אירע צוויי קינדער, בײַ די קאַרפּאַטן־בערג, ווו אין די וועלדער גייט דאָרטן אַרום די שאַרפֿע האַק, און געלאָפֿן פֿון דעם סמערדיאַקאָוו־לאַנד, ווו אַלץ איז אין נאָמען פֿון מאַרקס׳ תּורה דערלויבט און געכשרט, ווו ס׳איז גאָר קיין אָפּשטעל און אָפּהאַלט, קיין שום גרענעץ פֿאַר הפֿקרות און אַכזריותן, ווו מ׳קאָן חרובֿ מאַכן אַ טויזנטיאָריקע קולטור און אומברענגען אירע שאַפֿער... דעמאָלטן, נאָכן לויפֿן מיט שײַנדלען פֿון יענעם לאַנד, שוין ביידע אין זיקנה־יאָרן, ביידע געלאָפֿן נאָך אַ דאָך איבערן פֿאַרבלוטיקטן ייִדיש... אַרומגייענדיק דאָ, אין דעם טרוים־לאַנד, צוויי יאָר אַ פֿאַרלוירענער, געהאַלטן שוין בײַם פֿאַלן מיט זײַן שליחות און פֿון טרויער אויסגיין: דעמאָלטן איז מיט אים, מיטן אַלטן כּהן, מיט אלישען בן מאיר, דער נס געשען: אין איינער אַ געדיכט־רעגנדיקער מדבר־ווינטיקער נאָכט, בײַ די בערג פֿון ירושלים, זײַנען זיי, די באָיאַרס, צו אים אַהין אַרײַן...

און מיט אַ מאָל איז אים דער קוואַל ווידער געעפֿנט געוואָרן, די שכינה האָט אים ווידער דאָרטן אַ שלאָג געטאָן, און דער אַלטער כּהן האָט זיך צו דער עבֿודת־קודש געשטעלט, גענומען ווײַטער פֿון די וויי־ און צאָרן־ברינימער האָפֿענונג און גלויבן שעפּן, מיט אַלע כּוחות ווײַטער זיך ראַנגלען, די באָיאַר־מילחמה פֿירן מיט די אַפּלייקענער און אויסראָטער, ווו זיי זאָלן ניט זײַן און ווו זיי זאָלן זיך ניט געפֿינען, ווײַל אין יעדן אַפּלייקענער און אויסראָטער זיצט אַ פֿאַרשטעלטער און פֿאַרבאָרגענער שׂונא פֿון ייִדישן פֿאָלק.

און ער האָט דאָרטן, בײַ זײַן שמאָלן פֿענצטער צו די בערג פֿון ירושלים, טאָג־אײַן און טאָג־אויס, אין שבתים און יום־טובֿים, אין זײַן עלנטקײַט און בענקשאַפֿט, בײַ די דרײַ שוואַרצע קיפּאַריסן, וואָס וויגן זיך בײַנאַכט אין דער בלוטיקער שײַן פֿון די אַזכּרה־ליכט אויף זײַן שרײַבטיש, און אויף דער וואַנט האָלט אַבֿנר לאַנדע אין איין קריצן מיטן בלאָוון נאָגל:

— אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ און אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ...

אָבער דאָרטן, אין ירושלים, אין יענע צען יאָר — אַגבֿ האָט חיים נחמן

ביאַליק פֿאַר די צען יאָר פֿון זײַן לעבן דאָ, אין ארץ ישׂראל, אַרומגערינגלט מיט יִראת הכּבֿוד, מיט אַכפּערונג און מיטן זיצן אויבנאָן אין מיזרח וואַנט, פֿאַר־הייליקט און פֿאַרגעטערט, דאָך האָט ער פֿאַר די צען יאָר פֿון זײַן לעבן דאָ, אין ארץ ישׂראל, קיין איין ליד ניט אָנגעשריבן. און די סיבה פֿון דעם איז אַ פּראָסט און פּשוטע: זיך אָפּגעריסן פֿון דעם שטאָם, פֿון דעם גלות־ייִד, און דערמיט דעם קוואַל פֿון זײַן שאַפֿן מיט שטיינער פֿאַרוואַרפֿן... — דאָרטן, אין ירושלים, אין זײַן אַליין־און עלנטקײַט, האָט ער, דער אַלטער און קראַנקער אלישע בן מאיר, נאָכן אינפאַרקט, נאָך די פֿיר אָפּעראַציעס אויף די אויגן, שוין מיט דער קנאַפּער ראיה, כּמעט אַ סגי־נהור, אָבער בײַ יענעם גלות־קוואַל זײַן לעבנסווערק פֿאַרענדיקט, די לעצטע דרײַ ספֿרים אָנגעשריבן, יעדער שורה אויסגעפֿײַלט און יעדער ייִדיש וואָרט מיטן בלוט פֿון זײַן האַרצן אָנגעגאָסן און דערנאָך זיי, די אַלע זיבן ספֿרים, צווישן צוויי האַרטע טאָוולען אַרײַנגענומען און פֿאַרחתמעט.

און אויך דאָרטן, אין ירושלים, פֿון יענעם גלות־קוואַל, פֿון יענע ווײ־און צאַרן־ברינימער, די ערשטע צוויי ביכער פֿון די רינגען אויף דער נשמה אָנגע־שריבן און אָפּגעדרוקט, און אויך דאָרטן, בײַם שמאָלן פֿענצטער פֿון די אויסגעברענטע בערג, בײַ די דרײַ קיפּאַריסן, דעם דריטן און צוועלף קאַפּיטלען פֿונעם פֿערטן בוך רינגען אויף דער נשמה אָנגעשריבן — — —

און איצטער דאַרף ער ירושלים פֿאַרלאָזן, דעם וואַנדער־שטעקן אין דער אַלטער האַנט אַרײַן נעמען, ווידער גיין גלות־אָפּריכטן, און דער גלות איז דאָ פֿאַר אים, פֿאַרן באַיאָר, דער שווערסטער, דער ביטערסטער, דער טראַגיש־סטער: זיך גאָר דאָרטן, אויף די וואַסערן פֿון דניעפּער־טײַך, ניט געקאָנט אויף אַזעלכס ריכטן, אויסמאָלן און פֿאַרשטעלן, און ווען עמעצער, אַפֿילו דער נאָענסטער זײַנער, וואָלט אַהין געקומען און געזאָגט, באַוויזן אים שוואַרץ אויף ווײַס, און אויך מיט אַלע פֿאַרבן און קאָלירן אויסגעמאָלט, אַפֿילו דעמאָלטן, וואָלט ער, אלישע בן מאיר, זײַנע אויערן און אויגן ניט געגלייבט און געהאַלטן עס פֿאַר מעשׂה־שׂטן...

— גורל, אלישע, גורל!

— גורל פֿון אַ ייִדישן שרײַבער...

און ביידע, אלישע מיט שיינדלען, האָבן די כּתבֿ־ידן, די ביכער, דעם שרײַבטיש מיט די אַזכּרה־ליכט גענומען, און אויך אַלע גילגולים זייערע, די

פֿרייד און ווײ־יאָרן פֿוןביידנס הונדערט פֿופֿציק יאָר... און משנה מקום געווען.

— וועלן אויך זיי, די באַיאָרס, אַהין קומען, צום אַלטן שרײַבער, וואָס רוישט ווי דער עלנטער דעמב אויפֿן ערבֿ־ווינטערדיקן ווינט אין אָפֿענעם פֿעלד?

און דאָרטן, שוין אויפֿן נײַעם מקום־מנוחה, בײַ די ווילד־פֿאַרוואָקסענע ווײַסע זאַמדן, פֿונעם ווינט געקנייטשט און געפֿאַלבט, דאָרטן, שטייענדיק בײַם ים, האָט ער, אלישע בן מאיר, פֿאַר זיך אַליין, קיינער זאָל ניט הערן, די נשמה זײַנע אַרויסגעזונגען:

שלאָגט דער ים מיט כוואַליעס בלויע,
מיט זילבער־פֿײַערדיקע נאָך פֿון קדמון אָן,
ערגעץ גייט נאָך אויף די זון אין טרוימען,
און דאָ זי גייט שוין צו דעם דנאָ.
איך שטיי בײַ שאָטנס מײַנע צוויי,
פֿון קליינערהייט געווען זיי ניט צעשיידן,
פֿרייד און ווײ
געבונדן האָבן תּמיד מײַנע טריט.
און איצטער דאָ, אין שקיעה־ ליד
פֿאַרבליבן בלויז דער פֿלאַם פֿון ווײ,
די פֿרייד מײַנע אין קנוילן רויך געדיכטע, —
זיי שלאָגן פֿון דעם שטיין אַרויס
פֿאַר דער גרויסער לעצטער שׂרפֿה...

# יד

און אלישע בן מאיר, וואָס טראָגט אין זײַן נשמה דעם צער און די שײַנ־קײַט פֿון דער שקיעה אויף דעם יעסענדיקן גאָרטן אין די פּאַלעסיער וועל־דער, וואָס אין זײַנע אָדערן שלאָגן יענע ביטערע כוטער־יאָרן, אָבער אויך דעם געזאַנג פֿון די בלויערלעך אין דער פֿאַרשנייט־ווינטערדיקער וועלט, דעם שיכּורן פֿײַף פֿון די שטאָרן צווישן די ברוין־געפּלאַצטע קנאָספּן אין די פֿרײַיאָריקע נאַסע, נאַקעטע־בלאָווע סעדער, ווו פֿון די צווײַגן פֿאַלן ברעקע־לעך זון אויף די שוואַרצע גסיסה־שנייען; דעם צאַרט־הייסן טרעל פֿונעם לאַרך איבער דער אויסגעגרינט־צעצוויטעטער ערד... זיי, די פֿייגלען, וואָס זײַנען פֿול מיט רוח־הקודש און מיט חכמה, זיי, אונטער יענע הימלען, האָבן שוין דעמאָלטן אים, דעם ווײַטן גילגול זײַנעם, קאָליר פֿון וואָרט און ריטעם פֿון שורה געלערנט.

און אלישע בן מאיר, וואָס אין זײַנע בלוטן רוישן יענע וואַסערפֿאַלן אויף די סקאַלעס, ווו ער איז מיט פּיטשען אין די לבֿנה־נעכט אָפּט געזעסן, אָן אַ וואָרט איינער צום צווייטן אויסרעדן, און געהערט פֿון די קוסטעס אַרויס דעם געזאַנג פֿון סאָלאָוויי, — איין מאָל נאָר האָט אים דאָרטן, בײַ די לבֿנה־פֿאַלנ־דיקע וואַסערן, פּיטשע געזאָגט:

— איז מילא, איך בין אַ משוגענער, כי־כי... דאָס ווייסן דאָך אַלע. אָט גיי איצטער, אין מיטן דער נאַכט, קלאַפּ אָן אין אַ פֿענצטער, וועק אויף אַ ייִדן פֿון שלאָף, וואָס ס׳חלומט זיך אים ארץ־ישׂראל, ווו אויף די ביימער וואַקסן ווייכע קיכעלעך מיט צימרינג און פֿונעם הר־ציון רינען ריטשקעס מילך מיט האָניק, כי־כי! ער, אַבֿרהם אָבֿינוס אייניקל, ער וועט דאָרטן נאָר דאַרפֿן מקיים זיין די מיצווה פֿון פּריה־ורבֿיה און זאָגן דאָרטן, אין ירושלים, ביים כּותל־מערבֿי, תּהילים... כי־כי! אָט גיי און קלאַפּ אָן איצטער אין אַ פֿענצטער, וועק אויף אַ ייִדן פֿון זײַן חלום און פֿרעג בײַ אים אויף פּיטשען, וועט ער דאָך גלײַך זאָגן: „פּיטשע? אַ משוגענער!" און דו אַליין, הייליקע שאָף, דו אַליין ווייסט עס דאָך אויך גוט... איז מילא, אַז איך זיץ דאָ און הער דעם סאָלאָוויי, מילא, אויף דעם

בין איך אַ משוגענער, כי־כי... אָבער דו, דו ביסט שוין אויך, צי דו גרייטסט זיך ערשט ווערן אַ משוגענער? — און פלוצלינג אים אָנגענומען ביז ווייטיק פֿאַרן אַקסל: — מיטן אויער, יינגל, מיטן אויער וועסטו דאָ גאָרניט ניט הערן. דאָ דאַרף מען, הייליקע שאָף, הערן מיט דער נשמה... כי־כי! — און פֿון דעם קרום־בערעזעווןביימל אַראָפּגעכאַפּט און אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף זיך דעם נאַסן קיטל און באַרוועסערהייט אַוועקגעלאָפֿן צום אַלטן בית־עלמין, ווו ברוך־בער נאַהאַדיִער זיצט און קוקט אין דעם שײַטער־פֿײַער אַרײַן — — —

און אלישע בן מאיר, וואָס טראָגט אין זײַן נשמה דעם צער און די שיינ־קײַט פֿון דער שקיעה, די ביטערע כוטער־יאָרן און דאָס געזאַנג פֿון די בלויער־לעך אין דער פֿאַרשנייט־ווינטערדיקער וועלט, דעם לבֿנה־רויש פֿון דעם וואַסער־פֿאַל אויף די סקאַלעס, פּיטשעס און ברוך־בערס שײַטער־פֿײַער אויפֿן בית־עלמין, די תּפֿיסה פֿון דעם דזשונגלשווילי־לאַנד, די אַזכּרה־ליכט אין די נעכט פֿון אויסגעלאָשענע שטערן, דעם פֿײַערדיקן צאָרן פֿאַרן עלילת־דם, פֿאַר דעם שוואַרצן בילבול אויף אים שוין דאָ, אין דער אויסגעטרוימטער מדינה... — ער, דער גרויסער בעל־נסיון, האָט שוין ניט געגלייבט און גאָר ניט געהאָפּט דאָרטן, אין די פֿון ווינטן געפֿאַלבטע און ווילד־פֿאַרוואַקסענע בערגלעך זאַמדן, די פֿאַרבאָרגענע שיינקײַט מיט זײַן קראַנקן אויג דערזען און אין די ריזל־קאַכיקע ים־כוואַליעס דעם תּהום־ניגון דערהערן, — יענעם ניגון וואָס מ׳דאַרף אים ניט מיטן אויער, נאָר מיט דער נשמה הערן, ווײַל אויב נאָר מיטן אויער הערן, לייגט ער זיך, דער שטורעמדיקער ים־רויש, שווער אויפֿן האַרצן: וואָס נעענטער צום ברעג אַלץ אומרויִקער ווערן זיי, די כוואַליעס, דערפֿילן דעם אָנקום פֿון סוף... גראָד דעמאָלטן, בײַם דערגרייכן אַהין, צום ברעג, צום אויסגעבענקטן אַחרית־הימים, צו זייער טרוים פֿון מנוחה און שלווה, גראָד דאָרטן שטאַרבן זיי, די כוואַליעס, אין גרויסע ווייטיקן, גייען אויס מיטן קאַכיקן וויי־געשריי אין די זאַמדן... הערן דאַרף מען אים, דעם ווינטערדיקן ים, מיט דער נשמה, דעמאָלטן קאָן מען דעם ניגון פֿון תּהום, פֿון תּהו ובֿוהו פֿאַר מעשה־בראשית דערהערן, יענעם אייביקן ניגון ווען טויט און לעבן איז געווען איינס, ניט צעטיילט — — —

און אלישע בן מאיר איז דאָ צום אָרט צוגעבונדן געוואָרן, יענעם ניגון פֿון די ים־טיפֿענישן דערהערט, — יענער ניגון האָט אויך גענומען אַרײַנפֿאַלן אין די אַזכּרה־ליכט אויף זײַן טיש, וואָס פֿון אים זעט ער אין די נעכט, פֿון דער רעכטער האַנט, די עלעקטרישע שײַנען פֿון דער אַלטער שטאָט עכּו, און פֿון

לינקס דעם כּרמל־באַרג, פֿון אונטן ביז אַרויף, אין שנורן קאַרעלן־ליכט; פֿון יענע נאַכטיקע שײַנען, פֿון דעם תּהומיקן ים־ניגון, ווערט ער, דער אַלטער אלישע בן מאיר, אויפֿגעטרייסלט, וואַרפֿט אַרויף דעם געשטרײַפֿטן ברייטן וואַלענעם שאַרף, ווי אַ טלית אויף זײַנע אַקסלען, און לאָזט זיך ווידער גיין אַהין, צו יענע פֿאַרלענד־און פֿאַרניכטונגס־יאָרן, כּדי צו שטעלן זיך דאָרטן מיט זײַן טאָכטער, מיט דאַליען, פֿאַרן בית־דין פֿון די קומענדיקע דורות.

און פֿון דאַנען, איבער ווײַט־און ברייטקײַטן, איבער ימען און בערג, איבער שטעט און לענדער, פֿון דעם אָבֿות־חלומות־לאַנד, וואָס דורות גלות־ייִדן האָבן מיט זייער איבערמענטשלעכער פּײַן און גבֿורה, מיט זייערע טײַכן בלוט און מיט זייערע ביינער פֿאַרשאָטענע טאָלן, אויף ס'נײַ געגנומען דאָ אויף די חורבֿות אויפֿבויען; פֿון דאַנען, פֿון צווישן די אַזכּרה־ליכט אויף זײַן טיש, פֿון דעם שקיעה־טאָל, ווו די ווינטערדיק־נידעריקע הימלען אין שוואַרץ־בלאָווע כמאַרעס, ווי פֿאַרבאַקן בלוט, פֿאַרגיסן זײַן פֿענצטער מיט מבול־רעגן און ער זעט קוים, אין מיטן טאָג, די אָנגעשריבענע אותיות פֿון אונטער דער פען אַרויס... פֿון דאַנען, פֿון דעם ציון־לאַנד, וווהין ער, אלישע בן מאיר, אויף די זיקנה־יאָרן, אַ צעווייטיקטער, מיט די פֿײַערדיקע רינגען אויף דער נשמה, איז געלאָפֿן פֿון דאָרטן, פֿון דעם סמערדיאַקאָוו־לאַנד, אַהער־צו נאָך אַ דאַך איבערן לעבן און דער עיקר נאָך המשך און קיום פֿון דער טויזנטיאָריקער שפּרודלדיקער שעפֿערישקײַט פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק; פֿון דאַנען, פֿון זײַן עלנטקײַט, רעדט ער, דער אַלטער כּהן, צו זײַן טאָכטער אַהין, אין די קאַר־פּאַטן־בערג, ווו די שאַרפֿע האַק גייט דאָרטן אין די נעכט איבערן וואַלד אַרום... פֿון דאַנען, שוין פֿון צווישן די זאַמדן, בײַם ים, וואָס רוישט מיט די זילבער־פֿײַערדיקע כוואַליעס, שרײַט ער, דער אַלטער טאַטע, צו זײַן קינד:

— איך הער, טאָכטער מײַנע, איך הער ווי די קייט אויף דײַן נשמה קלינגט אָפּ בײַ יעדן טראָט דײַנעם דאָרטן, בײַ די באַוואַלדיקטע קאַרפּאַטן־בערג, אין די דאָרפֿישע שנייען, וואָס זײַנען אויסגעפֿאַלן שוין צום דרײַצנטן מאָל נאָך אונדזער אַוועקפֿאָרן, נאָך אונדזער איבערלאָזן דיך דאָרטן איינע אַליין — — —

און די קייט דײַנע, טאָכטער, קאָנסטו דאָרטן פֿון דײַן נשמה ניט אַראָפּ־וואַרפֿן און בלײַבן לעבן... איך ווייס, בענקשאַפֿט מײַנע, איך ווייס, אַז בײַ יעדער פּרוּוו צו באַפֿרײַען די נשמה פֿון דער קייט, שנײַדט זי זיך אײַן נאָך טיפֿער אין דײַן לײַב און לעבן אויף אומצוקומען אין שווערע און אין אומ־

מענטשלעכע לײַדן. און איך פֿיל דאָ, טאַכטער, אין מײַנע זאַמדן, בײַם ים, יענעם טרויער דײַנעם, וואָס איז שוין אין אַ ייִאוש־פֿײַערדיקן ראָד אַרײַן אויף ניט דורכצורײַסן און ניט אויפֿצוברעכן.

טאַכטער, דאַליע מײַנע, און אויך גורל דײַנער, ביידע זײַנען מיר אין דעם פֿאַרשלאָסן־פֿײַערדיקן ראָד מיט אַכזריות אַרײַנגעוואָרפֿן געוואָרן. און ווען? נאָך באַבי־יאַר און פּאָנאַר, שוין נאָך אוישוויץ, טרעבלינקע און מײַדאַנעק, שוין נאָכן שרעקלעכן פֿאַרלענד און פֿאַרניכטונג, קיין שום אַנטלויפֿן פֿון זיך, קיין שום איבערקערן דעם פּעלץ האָט דאָך ניט געהאָלפֿן... גראָד נאָך יענעם גרעסטן חורבן אין דער געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק, גראָד דעמאָלטן איז די קללה אַזוי אויגנשײַנלעך און אומברחמנותדיק מקוים געוואָרן: „דײַנע זין און דײַנע טעכטער זײַנען צו אַנדערע פֿעלקער אָוועק, — צו יענע וואָס האָבן גוט געוווּסט אַז מ'ברענט און מ'שטיקט ייִדן, טאָג און נאַכט, וואָכן, חדשים, יאָרן, אַלט און יונג, מאַמע און קינד, זעקס מיליאָן, און געשוויגן, צו הילף ניט געקומען, אַ קינד פֿונעם בראַנד־ און חניקה־אויוון ניט אַרויסגעראַטעוועט...

— און דײַנע זין און דײַנע טעכטער זײַנען צו אַנדערע פֿעלקער אָוועק, און דײַנע אויגן קוקן עס צו, און דו בענקסט נאָך זיי גאַנצע טעג און דו קאָנסט זיך ניט העלפֿן״ — —

און אין בלוטיקן טרויער שלאָגט זיך מײַן האַרץ, און איך זע דיך, טאַכ־טער, אין די שנייען, אין די אַנהייב־ווינטערדיקע, אין די גרינלעך־פּראָסטיקע, אין די עטוואָס־זוניקע פֿרימאָרגנס, שוין נאָך דעם ווי די שכנה דײַנע, די אַלטע מאַלאַניאַ, וואָס וווינט איבערן שליאַך אין דער שטוב מיטן בלעכענעם דאַך, ווי פֿאַר דער מילחמה האָט דאָרטן געלעבט דער ייִד מיטן ווײַב און פֿיר קינדער, באַזאָרגט דאָרטן דעם דאָרף מיט קעראָסין פֿאַרן לעמפּל, מיט נאָדל־פֿאָדעם און זאַפּאַלקעס, מיט סערפּ און קאָסע פֿאַרן פֿעלד און אויך בריוועלעך צו זייערע קרובֿים קיין קאַנאַדע געשריבן... און ווי נאָר די דײַטשן זײַנען אַהין אַרײַן האָבן זיי, די גוים, געהאָלפֿן טרײַבן דעם ייִדן מיט זײַן ווײַב און קינדער צום וואָגן, אויף אַרויסצופֿירן זיי אין וואַלד אַרײַן הרגענען.

איך זע דיך דאָרטן, טאַכטער, אין די שנייען, אין יענע אַנהייב־ווינטער־דיקע, אין די עטוואָס זוניקע פֿרימאָרגנס בײַ די קאַרפּאַטן־בערג, שוין נאָך דעם ווי די שכנה דײַנע איבערן שליאַך, די אַלטע מאַלאַניאַ, פֿאַרקויפֿט דיר מיטן ברייטן שמייכל אירן דאָס קריגעלע מילך... און נאָך דעם באַגלייטסטו אַרויס אין שול אַרײַן דײַן טאַכטער, וואָס האָט דעמאָלטן, צוריק מיט צוועלף יאָר, אַ

ברעקל נאָך, אַ נײַן חדשימדיק קינד, פֿון מײַנע הענט ניט געוואָלט אַראָפּגיין, ווי געפֿילט, אַז מיר שיידן זיך אויף תּמיד... אַגבֿ, ערגעץ אין מײַן נשמה טליִעט נאָך אַ פֿונק האָפֿענונג, אַז זי וועט חתונה האָבן מיט אַ ייִדן און קומען צו אונדז, און אויך דו מיט זיי, טאַטעטער מײַנע, און די מאַמע דײַנע וועט שוין מער ניט ליגן דאָ, שוין דאָס דרײַצנטע יאָר, גאַנצע נעכט מיט אָפֿענע אויגן און קיינע שלאָף־מיטלען העלפֿן איר ניט — — —

און דערנאָך, נאָכן אַרויסבאַגלייטן דאָס קינד אַהין, אין דער דאָרפֿיש־פֿרעמדער שול אַרײַן, זע איך דיך, טאַטעטער, צו דײַן קנעכטשאַפֿט גיין, דו שפּאַנסט איבער די אָנגעוויייטע רויטלעכע הורבעס שניי און באַגלייטסט שוין, אונטערוועגנס, דאָס אַלטע יאָר פֿון דײַן לעבן אַרויס, וואָס האָט דיר אויך איבערגעלאָזט אַ בלוטיקן שניט אין דער נשמה... דו שלעפּסט דאָרטן, טאַטעטער, קוים אַרויס די פֿיס פֿון די טיפֿע רויטלעכע שנייען און טראַכסט:

— און מיט וואָס וועט קומען, און וואָס וועט מיר ברענגען דאָס נײַע יאָר?

און דו וואָרטסט ניט פֿון ערגעץ, ניט פֿון די הימלען און ניט פֿון דער ערד, אויף אַן ענטפֿער. און דו ווילכט גאָר דעם ענטפֿער ניט האָבן, דו האָסט פֿאַר אים מורא, פֿאַרן ענטפֿער, ווײַל דו ווייסט... און פֿון די כאַטעס שלאָגן רויכן מיט ריחות פֿון געפּאַרעטער פּאַלאָווע און געקאָכטע קאַרטאָפֿל מיט שאָלעכץ, און פֿון דעם נאַקעטן טאָפּאָל אַראָפּ שרײַט אַ קראָ, און דו גייסט, טאַטעטער מײַנע, איבער די רויטלעכע שנייען אַהין, צום אַמאָליקן פּריצישן מאַיאָנטיק, צו דער שול, צו דײַנע תּלמידים, וואָס רופֿן דיך אונטער די אויגן זשידאָווקאָ...

און דאָ איז אים, דעם אַלטן אלישע בן מאיר, די פֿון ווייטיק־אָנגעגליטע פּעץ פֿון האַנט אַרויסגעפֿאַלן: שטיי נאָר, — זאָגט ער צו זיך אַליין, — שטיי נאָר, וואַרט! דײַן שטעלן זיך מיט איר, מיט דײַן טאָכטער, מיט דאַליען, פֿאַרן בית־דין פֿון די קומענדיקע דורות, קאָן דאָך אויף איר איצטער אַ שווערן אומגליק ברענגען, דעם קאָפּ אירן אונטער דער האַק לייגן... שווײַג, אלישע, שווײַג, טראָג דײַן ווייטיק אין דער נשמה ווײַטער, ביז אין קבֿר אַרײַן.

שווײַג, אלישע, שווײַג! דער בית־דין פֿון די קומענדיקע דורות וועט אַליין וויסן אין וואָסער אַ צײַט און מצבֿ איר האָט געלעבט און וועט קאָנען אַרויסטראָגן דעם גערעכטן פּסק־דין... און אויב עמעצער וועט פֿון דאָרטן, פֿון די קומענדיקע דורות, וועלן אַ שטיין וואַרפֿן, טאָ זאָל ער דעם שטיין וואַרפֿן אויף מיר, און ניט אויף דיר, טאָכטער!

שווײַג, אלישע בן מאיר, שווײַג! דײַן איטלעך וואָרט דאָ, פֿון דײַן שקיעה־

טאָל אַרויס, קאָן דאָך איר דאָרטן, דײַן טאַכטער, די גרעסטע יסורים און שווערסטן בראָך אין לעבן ברענגען... יענע, די סמערדיאַקאָוו־לײַט, יענע וועלן זי פֿאַר דײַנע רייד דאָ אין די וויסטע קאַנטן, אין דער אייביקער פֿאַרפֿרוירנקײַט אויף אומקום פֿאַרשיקן, און קיינער וועט זיך דאָ פֿאַר איר ניט אײַנשטעלן, און קיינער וועט דאָ דעם קול זײַנעם פֿאַר איר ניט אויפֿהייבן, ווײַל זי, די טאָכטער דײַנע, וועט דאָך אַהין, אין דער ווײַסער פֿינצטערניש פֿאַר־טריבן ווערן ניט ווי אַ מודה אָני־מלמד...

פֿאַר יענעם, פֿאַרן אונטערוועגנס־מלמד, פֿאַר יענעם, וואָס פֿאַרשאַרפֿט דאָרטן, אין דעם דזשונגלשווילי־לאַנד, נאָך מערער און נאָך שטאַרקער דעם מעסער פֿון שׂינאה צום ייִדן... און יענער, דער אונטערוועגנס־מלמד, האָט דאָך דאָרטן קיין שום ווערט ניט: די וואָס ווילן באמת פֿאַרן אַהער און ניט פֿאַרקערעוועז פֿון עסטרײַך, פֿון ווין, אויף אַנדערע וועגן, אין אַנדערע לענ־דער... פֿאַר יענע וואָס ווילן מיטן גאַנצן האַרצן קומען אַהער, קיין ארץ־ישׂראל, פֿאַר יענע זײַנען דאָך דאָ פֿאַראַנען גענוג און איבערגענוג אול־פּאַנען... און אין צוויי וואָכן אַרום, נאָכן קומען אַהער, וועט שוין יעדער פֿון זיי קאָנען זאָגן:

— אני לא יהודי, אני ישׂראלי!

אָבער פֿאַר יענעם, פֿאַרן אונטערוועגנס־מלמד, הויבט מען דאָ אויף קולי־קולות, מ׳שרײַט פֿון איין עק וועלט ביזן צווייטן, איבער די אַרבע פּינות־העולם, — יענער, דער אונטערוועגנס־מלמד, איז דאָך, חלילה, ניט עפּעס אַ פּרץ מאַרקיש, אַ דוד האָפֿשטיין, אַ דוד בערגעלסאָן, דער ניסתּר — — —

— גענוג, אלישע בן מאיר, גענוג! מ׳קאָן דיר נאָך ניט מוחל זײַן דאָ יענע שורות דײַנע: — זאָג מיר, גרויסער נבֿיא, ווײַל מײַן האַרץ גייט אויס פֿון טרויער, זאָג מיר, זײַנען עס טאַקע דאָ, אין דער באַנײַטער ייִדישער מדינה, יענע, וואָס גאָטס לעבעדיקער אָטעם פֿון אַלע פֿיר ווינטן איז אַרײַן אין זייערע פֿאַרטריקנטע ביינער?... זאָג מיר, נבֿיא, איז דאָס די טרייסט און דער לוין פֿאַר די צוויי טויזנט גליענדיקע פּײַן־יאָרן, פֿאַר די אַכזריותן פֿון דער וועלט מיטן צלם און האַלבער לבֿנה? איז דאָס, נבֿיא, דער שׂכר, דער לאַרבערקראַנץ פֿאַר די אַלע מיתות בית־דין, פֿאַר די אַלע שײַטערס פֿון דער אינקוויזיציע און פֿאַר די פֿײַער־פֿלאַמען פֿון אוישוויץ? זאָג מיר, גרויסער נבֿיא, האָבן מיר טאַקע באַדאַרפֿט גיין מיטן דערנער־וועג צוליב אָט די אַפּלייקענער און אָפּשפּעטער פֿונעם געטלעכן גלות־פֿאָלק?

— שווײַג, אלישע בן מאיר, שווײַג, אָט די עטלעכע שורות, אָט די רייד דײַנע צום נבֿיא, קאָן מען דאָך דיר ביז הײַנטיקן טאָג דאָ ניט מוחל זײַן. מ׳האָט דאָך דיר פֿאַר זיי, פֿאַר די שורות, אין אַ שטילן חרם אַרײַנגעלייגט, שווײַג, אַלטער כּהן, שווײַג! — אָבער דער אַלטער כּהן קאָן ניט שווײַגן, און שרײַט פֿון די זאַמדן דאָ אַרויס:

אין דעם תּאווה־שוים אויף דײַנע ליפּן,
אין די פּנימער אין אײַערע, די זאַטע,
אין די אָפּגעדעקטע חרפּות פֿון די אויגן
פֿאַרגאַנגען איז די זון פֿון ווײ און צאָרנדיקע טאַטעס,
פֿון יענע וווּנדער־דורות טרוימער
אויף אויסגעזוונטע מאָרגנס
און אויף לעבעדיקע זוימען.

# טו

און אין יענעם טאָג, אין דעם ישׂראל־ווינטערדיקן, אין דעם דורכגע־נומענעם מיט ריחות פֿון מאַראַנצן און מיט אוגערקערס ערשט פֿון דער בייט אַראָפּ, דעמאָלטן, אַז אלישע בן מאיר האָט פֿאַרן בית־דין פֿון די קומענדיקע דורות ניט געקאָנט דאָס וויכטיקסטע און זײַן אַנגעווייטיקסטע וואָרט זאָגן... אין יענעם טאָג, צו־פֿאַרנאַכט־צו, די זון דאָ, אַ גרויסע, אַ הייסע, אַן אָנגע־גליטע, כמעט אַ תּמוזדיקע, זינקט אין די ים־כוואַליעס אַרײַן, און דער הימל איבערן כּרמל־באַרג, ווו אליהו הנבֿיא האָט גובֿר געווען די נבֿיאי־הבעל, פֿון הימל פֿײַער אַראָפּגעבראַכט און דעם קעניג אַחאָבֿן, און דעם גאַנצן פֿאָלק באַוויזן, אַז ה׳ הוא האלהים, און אויך דאָרטן, אויפֿן באַרג, דעמאָלטן, געטויט פֿיר הונדערט פֿאַלשע נבֿיאים... דער הימל איז איצטער איבערן כּרמל־באַרג, בײַם טאָג־זעגן־זיך, אַ גרויס־געבויגענער שפּיגל, אַן אויסטערליש־פֿאַרביקער, ווו די וואָלקנס בײַטן מיט יעדן פּינטל און אויגנבליק דעם אויסזען און די קאָלירן, און פֿלוצלינג, און ממש מיט אַ מאָל, ווערט אָט דער שפּיגל צעבראָכן, די פֿײַערדיקע שפּליטערס אויסגעלאָשן און ס׳פֿאַלט צו די געדיכטע פֿינצ־טערניש; אָט דעמאָלטן, אין דער אומגעריכטער און פֿאַרבאָרגענער שעה פֿון שײַן־פֿאַרגיין, האָט ער, אלישע בן מאיר, דעם באַיאַרס, דעם אַלטן עקיבֿאָס, דעם אויפֿגערעגטן און האַרציקן קול דערהערט:

— דער וואַלד, אלישע, איז גרויס מיט זײַן רוישן, דאָס פֿעלד איז שיין מיט זײַן זאַנג, און דאָס וואָרט איז גרויס און שיין און שטאַרק מיט זײַן אמת... אָבער יעדער בוים, אלישע, רוישט פֿאַר זײַן וואַלד, יעדער זאַנג באַשײַנט זײַן פֿעלד, און איטלעך וואָרט דאַרף אין האַרצן אַרײַן. אַן דעם מענטשן מיט דער אָפֿענער נשמה איז דאָך אַלצדינג טויט... און פֿאַר וועמען, אלישע רוישסטו? גלייבסטו טאַקע אַז דײַן וואָרט, דאָס צעבלוטיקטע און צעיסורימטע, וועט צו די קומענדיקע דורות דערגיין און דאָרטן בײַ זיי, בײַ יענעם ווײַטן בית־דין, אַן אָפֿן אויער און אָפֿן האַרץ געפֿינען? ביסטו טאַקע זיכער, אַלטער כּהן, אַז דו און דײַן

טאָכטער, דאַליע, וועלן דאָרטן, אין יענע דורות, מיטגעפּיל, און דער עיקר, גערעכטיקייט, טרעפֿן? פֿון דײַן פֿײַער, אלישע, וועט פֿאַר זיי בלײַבן נאָר אַש!

— אַקעגן וואָס, עקיבֿא־פֿרײַנט, צוליב וואָס, עקיבֿא־חבֿר זאָגסטו עס מיר?

— הער מיך מיט דער נשמה ווײַטער, הער מיך, אלישע, און דו וועסט דערנאָך אויף מײַנע רייד אָרויפֿקומען, ווי איינער וועלכער גייט פֿון אַ פֿאַרוואָרפֿן שטעגל אויפֿן ברייטן שליאַך אָרויף... הער דעם אַלטן זקן, עקיבֿאָן באַיאַר, וואָס האָט נאָר וואָס מיטן מלאך־המוות געמאַכט אַ גוטע כוסע...

— שוין לאַנג אַז די שיכּורסט מיטן מלאך המוות?

— שוין אַ היפּש ביסל יאָרן. ווי נאָר ער קומט צו מיר, אַזוי שטעל איך תּיכּף אויפֿן טיש אָרויס דעם יין־שׂרף און מאַך מיט אים אַ באַיאַרישן לחיים, די ביינער ווערן אים אַזש פֿאַרפֿלאַמט... נאָר הער ווײַטער דעם אַלטן זקן, עקיבאָן באַיאַר, וואָס שיכּורט אין די בין־השמשותין מיטן מלאך־המוות, הער אים, אלישע, הער אים דעם אַמאָליקן קלעזמער, וואָס פֿלעגט נאָך די פּאַגראָמען וואַנדערן אויף זײַן כּישוף־וועגעלע פֿון שטעטל צו שטעטל און אַפֿילו דאָרטן געשפּילט אויף זײַן באַיאַרישן פֿידל, וואָס קיין מאָל האָט אויף דעם ניט געפּלאַצט קיין סטרונע... געשפּילט דאָרטן אין די געסלעך, פֿאַרשאָטענע מיט פֿאַרבלוטיקטע פֿעדערן און צעריסענע קישנס און איבערבעטן: געשפּילט צווישן די הײַזער מיט אויסגעזעצטע פֿענצטער, געשפּילט דאָרטן פֿריילעכסן און וואַלעכלעך, געשאָטן מיט ווערטלעך און קאַטאָוועסלעך, מיט קאַלאַמבורן און בדחנות... ניט געלאָזט ייִדן אַרײַנפֿאַלן אין ייִאוש.

— און ווען, עקיבֿא־פֿרײַנט, וועסטו מיך פֿונעם פֿאַרוואָרפֿן־שטעגל אויפֿן ברייטן שליאַך אָרויפֿפֿירן?

— פֿאַמעלעכן, דעם טעטרע־האָן איז דער גאַנצער ווינטער אין וואַלד איין נאַכט... שלאָג מיך ניט איבער, אלישע, שווײַג און הער, וואָס אין דעם געל און שוואַרץ־געוואָרענעם באיאר־פּינקס, וואָס קרישלט זיך שוין פֿון אַלטקייט, הער וואָס דאָרטן, אין יענעם פּינקס, איז פֿאַרשריבן געוואָרן. און פֿאַרשריבן האָט עס דער לעצטער בעל־פּינקס, דער וואַלד־ייִד, דער פּאַלעסיער תּושבֿ, גבֿריאל באַיאַרס נאמן, זכריה, דער גרויסער שווײַגער אין דער מישפּחה, וואָס די קינדער זײַנען בײַ אים איינס נאָכן אַנדערן קליינערהייט געשטאָרבן, און ערשט פֿאַרן טויט, אַ צעשלאָגן און צעדראָשענער מיט דרענגלעך פֿון די גוים, צעיושעטע פֿון שׂינאה, ערשט פֿאַרן טויט האָט ער, זכריה, צונויפֿגערופֿן זײַנע אויסגעשטאָרבענע קינדער, די אויסגעחלומטע אייניקלעך, געשטעלט פֿאַר זיי

אַ געדעקטן טיש, וויַין און פֿאַרבײַסן, און דעמאָלטן גערעדט פֿאַר זיי זײַנע רייד וועלכע ער האָט אַ לעבן לאַנג אויסגעשוויגן...

— און אַ לאַנג אויסגעשוויגן וואָרט, עקיבֿא, אַ לאַנג אויסגעשוויגן וואָרט איז ווי לאַנג אויסגעשטאַנענער וויַין.

— יאָ, אלישע, אָבער אויך ווי אַ רײַף געוואָרענער זאַנג וועלכן מ׳טאָר ניט לאָזן איבערשטיין, איבערצײַטיקן, און זיך אויסשיטן לבֿטלה... דאָרטן, אין יענעם אַלטן באַיאַר־פּינקס, וואָס ליגט איצטער בײַ מיר און איך האָב אים ניט וועמען דאָ איבערגעבן: סטיסיע איז פֿון בענקשאַפֿט און טרויער אויסגעגאַנגען, דניאל דער מומע ליבעס, דער גאָטס־געבענטשטער קינסטלער און אויך ער, אברהם באַיאַר, דער אַלטער סאָלדאַט און פּאַרטיזאַנער, זיי זײַנען דאָ געפֿאַלן... די לעצטע באַיאַר־דעמבעס פֿאַלן דאָ און פֿאַלן!...

— און די יונגע, עקיבֿא־פֿרײַנט, די יונגע באַיאַרס דאָ, עזרא, דער נאָמען נאָכן ערשטן באַיאַר, וואָס האָט זיך צוריק מיט דורות באַזעצט אין די פּאַלעסיער וועלדער, און ער, עזרא, דײַן אייניקל, דײַן טאָכטערס זון, וואָס דניאל האָט אים אין דער צײַט פֿון דער צווייטער בלוטיקער וועלט־מילחמה פֿון סטיסיעס הענט גענומען און האָט אים, עזריקן, אויף זײַנע אויסגעלאָמעטע הענט אין טורמע, געבראַכט אַהער צו טראָגן, און אברהמס אייניקל, דער נאָמען נאָכן גרויסן באַיאַר, נאָך יצחקן, וואָס איז אומגעקומען אין דער וועלפּישער באַלקע... און זיי, עקיבֿא־פֿרײַנט, זיי, די אייניקלעך?

— דאָרטן, אלישע, דאָרטן, אין יענעם באַיאַר־פּינקס, האָט דער גרויסער שווײַגער זכריה פֿאַרשריבן מיט סופֿרישער טינט, ווי איין מאָל, אין אַ פֿרײַ־ווערסנעדיקן טאָג פֿונעם יאָר תרמ״ד, ערבֿ פּסח, האָט ער דערהערט פֿון יענער שטאָל, וואָס איז די ווײַטסטע פֿון זײַן שטוב און טיפֿער אין וואַלד געשטאַנען, ווי די אָקסן דאָרטן רעווען. ס׳איז אָבער ניט געווען דאָס אומרויִק־בענקענדיקע רעווען צו די ערשטע יונגע גראָזן אונטער דער אויפֿגייענדיקער זון, וואָס פֿאַרשיט שוין די קאָרעטעס מיט וואַרעמע שטראַלן. דאָס רעווערײַ פֿון די אָקסן איז געגאַנגען פֿון דאָרטן אַ דערשראָקענער, און ס׳האָט זיך אויך געהערט אַ קלינגערײַ פֿון די קייטן, וואָס די צוגעבונדענע אָקסן האָבן זיך פֿון זיי געריסן. און אויך דער וואָלפֿהונט, וואָס איז פֿאַרויס געלאָפֿן, האָט זיך בײַ דער שטאָל אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן וואָיען. אַזעלכס האָט זיך נאָך מיטן הונט ניט געטראָפֿן, עפֿנט ער, זכריה, די טיר, לויפֿט אַהין אַרײַן, און דערזעט אין מיטן דער שטאָל אַ טונקלברוין בערעלע שטיין, פֿון אַ חדשים צוויי די גרויס.

האָט זכריה פֿאַרשטאַנען, אַז מיט דער מוטער, מיט דער בעריכע, איז אַן אומ־גליק געשען, אפֿשר גאָר אין די היי־יאָריקע הייכע און שטורמישע פֿאַרפֿלייץ־וואַסערן דערטרונקען געוואָרן. און דאָס בערעלע האָט זיך על־פּי נס אַהער־צו געראַטעוועט.

נעמט זכריה דאָס בערעלע אין זאַק און ברענגט עס צו זיך אין הייפֿל אַריין. אַ צער־בעלי־חיים. ווערט די חיה וואָס ווײַטער אַלץ מער פֿאַרהיימישט, לאַשטשעט זיך וואָס ווײַטער אַלץ מער צו זכריהן, בעט מ׳זאָל דעם קראַצן הינטער די אויערן... און אַזוי אַ חודש נאָך אַ חודש. און ס׳גייט אַזוי אַוועק אַ יאָר. נאָר אין איינעם אַן אָוונט ווערט דער בער פֿון הויף, ווי דער מולד פֿון הימל, פֿאַרשוווּנדן. גייען אַוועק פֿון יענעם אָוונט פֿיר יאָר און זכריה, נאָכן ברענגען צו קבֿורה אויך די ווײַב, אומקערנדיק זיך פֿונעם בית־עלמין אַהיים, ער, דער וואַלד־תּושבֿ, וואָס קען דאָ מיט פֿאַרמאַכטע אויגן איטלעך וועגל און שטעגל געפֿינען, ווייס יעדער אויסגאַנג און דורכגאַנג, ער זכריה, נאָכן מקבר זײַן די ווײַב, פֿאַרלירט די וועלט אַרום זיך און ווערט אין וואַלד פֿאַרבלאָנדזשעט.

און ער גייט, זכריה, און גייט, און דער ווינטערדיקער טאָג גייט אויס, און די כּוחות גייען אים אויך אויס, און די נאַכט פֿאַלט צו מיטן שטאַרקן שבֿט־פֿראָסט און מיט דער מעטעליצע פֿון דער ערד ביזן הימל. שבֿט ניע בראַט!

און ער פֿאַלט, זכריה, אין דעם בײַנאַכט־פֿראָסטיקן געוויטער, וואָס ווייעט שוין אַרײַן אין די ביינער, די פֿיס אין די וואַלינקעס הויבן אָן פֿאַרקליאַקנעט און פֿאַרהילצערט ווערן, קוים מיט אַ פֿינגער אַ ריר צו טאָן. ליגט ער אַזוי, זכריה, און קאָן זיך אַפֿילו אַהין, אונטער די יאַדלע־וואָרצלען, ניט פֿאַרקלײַבן, פּרוּוון זיך דאָרטן פֿון דעם צעווילדעוועטן בוראַן באַהאַלטן, און דעם לעבן ראַטע־ווען. און דאָ דערפֿילט ער אַז די ערד אונטער אים ברעכט און וואַלגערט זיך אײַן. און ער פֿאַלט ערגעץ־ווּהין...

און דאָרטן, אין דער אײַנגעפֿאַלענער פֿינצטערער גרוב, שטייט אַ וואַרע־מער און אַ געדיכט־שווערער ריח, וואָס פֿאַרשלאָגט דעם אָטעם, און באַלד טאַפּט ער אָן מיט דער האַנט אַ האָריקע פֿעל, — באַדעקט אים, זכריהן, אַ טויטשוויס: ער איז אין אַ בערלאָגע, אין אַ הייל פֿון אַ בער, וואָס ווינטערט דאָ, אַרײַנגעפֿאַלן... און די חיה, אַז דערפֿילט אין זײַן הייל, לעם זיך, אַ מענטשן, הייבט אָן מיט צאָרן דיכען און סאָפּען, און כאַפּט אים גלײַך אין זײַנע לאַפּעס אַרײַן. זאָגט זכריה ווידוי... און דאָ דערפֿילט ער ווי די חיה נעמט אים לעקן

די האַנט. טוט אים זכריה אַ קראַץ הינטערן אויער. די חיה ווערט צוריק אײַנגעשלאָפֿן. און מיטן אײַנשטילן זיך פֿון דער זאַווייע גייט ער, זכריה, בשלום פֿון דער הייל אַרויס.

און עקיבֿא באַיאַר ווערט דאָ אַנטשוויגן. וואַרט ער, אלישע. נאָר אַז עקיבֿא, נאָכן אָנקלאַפּן דעם ציביק און נאָכן פֿאַררייכערן, שווײַגט אויך ווײַטער, זײַן פּנים מיט דער ווייך־געקרײַזלטער שנייוויײַסער באָרד גייט אין דעם ליולקע־רויך, ווי אין אַ כמאַרע אַרײַן, דעמאָלטן, נאָך אַלץ די ליכט ניט אָנגעצונדן, נאָך אַלץ אין דעם טונקעלן, אין דעם בין־השמשותדיקן צימער, נאָר בײַ דער שײַן פֿון די לאַמטערנס, וואָס דערלאַנגען אַהער־צו פֿון דרויסן; דעמאָלטן, אַז ער, עקיבֿא באַיאַר, רייכערט און שווײַגט, די שוואַרצע אויגן זײַנע פֿון אונטער די צונויפֿגעצויגענע געדיכטע זילבערברעמען טוען זיך אים אַלע מאָל אַ צינד אָן, דעמאָלטן שלאָגט אים אלישע איבער דעם שווײַגן און פֿרעגט:

— עקיבֿא־פֿרײַנט, זײַנען מיר שוין פֿון יענעם פֿאַרוואָרפֿענעם שטעגל אויפֿן ברייטן שליאַך אַרויפֿגעגאַנגען?

— יאָ, אלישע, אַרויפֿגעגאַנגען.

— און וווּהין לויפֿט ער און פֿירט דער שליאַך?

— צו די ווײַטע דורות. צו יענעם בית־דין פֿאַר וועלכן דו ווילסט זיך מיט דײַן טאָכטער, מיט דײַן דאַליע, שטעלן. אָבער אין יענעם בית־דין וועלן זיצן עמיצור יַעַריס אייניקלעך, זײַן נאָכקום, זײַן פּליד, זײַנע וויכאָוואַנצעס, זײַן זרע־קודש . . .

— און ווער, פֿרײַנט מײַנער עקיבֿא, און ווער איז דער עמיצור?

— מײַן אייניקל, דער זון פֿון מײַן טאָכטער, פֿון מײַן דאַליע, וואָס איז אין קימפּעט־פֿיבער אויף דער נאָסילקע אין סמערדיאַקאָוו דעם צווייטנס טורמע אויסגעגאַנגען, און סטיסיע האָט דאָס קינד אירס, דאַליעס, נאָכן ברית־מילה אין דעם בײַנאַכטיקן טהרה־שטיבל אויפֿן פֿאַרשנייטן אַלטן בית־עלמין, צו זיך אין דאָרף אַרײַן צוגענומען. דעמאָלטן, אין יענעם בלוטיקן זיבן און דרײַסיקסטן יאָר, איז עס באַזונדערס אַ גרויסע אײַנשטעלעניש געווען. דעמאָלטן, אין יענעם פֿינצטערן יאָר, איז אַ ברית־מילה פּונקט אַזוי געפֿערלעך געווען ווי פֿאַר אַנוסים אין שפּאַניע אין די צײַטן פֿון דער אינקוויזיציע . . . און דערצו נאָך פֿאַר איר, פֿאַר סטיסיען, פֿאַר דער פּאַרטייערין, פֿאַר דער פֿאַרזיצערין פֿון דאָרפֿסראָט, אַרום איר האָט שוין די ערד אַזוי אויך געברענט: דער רויטער קאָמאַנדיר שמואליק און זי, טאַמאַראַ, און זייער דרײַצניאָריקע פֿײַערדיקע טאָכטער,

דניאלה, זיי זײַנען שוין צעשאָסן געוואָרן אין די קעלערן פֿון ענקאַוועדע. כיירוס, אברהם, דניאל און איווע, זײַנען שוין אויך געוועזן אין זייערע הענט... און סטיסיע האָט נאָכן ברית־מילה, טאָקע אין יענער נאַכט, דאָס קינד גענומען און עס אין דאָרף, צו זיך אין שטוב אַוועקגעפֿירט, און פֿינף יאָר איז זי, סטיסיע, דעם קינד אַ געטרײַע און איבערגעגעבענע מאַמע געווען. פֿון די דײַטשן, און איבער די בײַנאַכטיקע ברענענדיקע תּבֿואה־פֿעלדער אויף פֿערד־און־וואָגן געיאָגט, און פֿון טויט־סכּנה אַרויסגעפֿירט. איר אייגן קינד, איר זון, איר צווייטן זרחלען, האָט זי איבערגעלאָזט דאָרטן, אין שפּיטאָל, אַ קראַנקן, און די דײַטשן האָבן אים שפּעטער, דעם דרײַצניאָריקן זון אירן, דעם פּאַרטיזאַן, זרחלען, בײַם קלויסטער אויפֿגעהאַנגען.

דעם ערשטן זון אירן, זרחלען, דער נאָמען נאָכן עלטערזיידן, וואָס פֿלעגט קומען צו סטיסיען אין חלום און שיקן זי אין שליחותן און סטיסיע פֿלעגט אים פֿאָלגן און גיין... יענעם ערשטן זון אירן, זרחלען, האָט דער אַטאַמאַן אַנגעל געהרגעט, און אויך דעם מאַן, דעם גרויסן חלום אירן, נחומקען, וואָס האָט זיך אויף די רוצחים געוואָרפֿן מיט אַ בענקל, האָבן זיי אין רוקן אַ מעסער אַרײַנגעשטאָכן: און זי, די מומע ליבע, וואָס האָט דעם אַטאַמאַן אין פּנים אַרײַן געזאָגט: — ווי איז צו אײַך, קריסטן, אַ בראָך צו אײַער גאָט יעזוסן, וואָס כּדי צו זײַן „אַ גוטער קריסט״ דאַרף אַ קינד טויטן זײַן מוטער. אײַער גלויבן איז אַ בלוטיקער און מערדערישער... — זי, די מומע ליבע, די טרייסטערין אין דער מישפּחה, די שיינע און שטאָלצע באַיאַר־טאָכטער, מיטן גוטן טרויעריקן שמייכל אויפֿן עקשנותדיקן פּנים, מיטן שטענדיקן, אַפֿילו אין די שווערסטע שעהען, לעבנסדאָרשטיקן צאַפּל אין די קאַרע אויגן. זי, די מומע ליבע, נאָך אַן אַ סימן פֿון גרויקײַט אין דעם געדיכטן גלאַנציק־שוואַרצן קאָפּ האָר, זי, די מומע ליבע, מיטן קלוגן וואָרט און ווערטל, אַזאַ הויכע סאָסנע, אַ פֿרייד געווען אויף איר צו קוקן, זי האָבן די באַנדיטן לעבעדיקערהייט אין וואַלד באַגראָבן, און קיינער ווייסט ניט ווו דער קבֿר מיט איר געביין געפֿינט זיך...

דעם צווייטן זון אירן, און ווידער אַ נאָמען נאָכן עלטערזיידן, זרחלען, אים, איר קינד פֿון דניאלן דער מומע ליבעס, אים האָט זי געמוזט, סטיסיע, כּדי צו ראַטעווען פֿון די דײַטשן די צוויי און זעכציק באַיאַר־קינדער, וואָס האָבן שוין געוואַרט אויף איר הינטער פּאַלטאַווע: אים, איר קינד, זרחלען, האָט זי איבערגעלאָזט אין דעם ברענענדיקן שטעטל, אַ קראַנקן אין שפּיטאָל און די דײַטשן האָבן אים, דעם דרײַצניאָריקן פּאַרטיזאַן, וואָס האָט מיך דעם „בלינדן״

סטאַרעץ מיט דער באַנדורע, איבער די מאַרקן און יאַרידן אַרומגעפּירט, און וואָס מיר האָבן דאָרטן באַדאַרפֿט זען און הערן, האָבן מיר געזען און געהערט און תּיכּף עס אַהין, צו אברהמען אין וואַלד אַרײַן איבערגעגעבן... אים, זרחלען, האָבן די דײַטשן צוויי מאָל געהאַנגען. דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך מיט אַ געשריי: „מערדער, מערדער... מאַמע, איך האָב דיך ליב!" פֿון דער תּליה אָפּגעריסן. און איך, עקיבֿא, האָב עס געהערט און געזען אין מיטן טאָג, בײַ דער גרויסער ליכט פֿון דער זון... און אויפֿן פּלאַץ פֿאַרן קלויסטער, וואָס האָט געקלונגען מיט אַלע זײַנע גלאָקן, איז אַ זונטיקדיקער המון אין די ווײַסע רויט־אויסגענייטע העמדער געשטאַנען און גרויל־שווײַגנדיק צוגעקוקט. איין אַלטער גוי האָט זיך איבערגעצלמט בשעת מ'האָט אים, דעם ייִנגל, דאָס צווייטע מאָל געהאַנגען. און איך בין געשטאַנען מיט דער פּעטליע אויפֿן האַלדז און געוואַרט אַז אָט־אָט קלאַפּן זיי אַרויס פֿון אונטער מײַנע באָרוועסע פֿיס די טאַבורעטקע, צי דאָס קעסטל, איך געדענק שוין ניט אויף וואָס איך בין געשטאַנען... און איווע, מײַן שוועסטער איווע, פֿון מײַן רעכטער האַנט אויף דער תּליה, זי, איווע, איז שוין געהאַנגען, און דער ווינט האָט זי טויטערהייט אונטער דער זון געוויגט מיטן ניגון פֿון די פֿאַלעסיער וועלדער.

און דאָ פֿאַרוואַרפֿט ער, עקיבֿא, און שפּאַרט אָן דעם שנייווײַסן קאָפּ אין דער בין־השמשותדיקער טונקעלער וואַנט: — ווּהין, פֿרעג איך דיך, אלישע, ווּהין קאָן איך זיך מיט מײַן טרויער אַהינטאָן? איך בין מיט מײַן טרויער אַהער געלאָפֿן, צו דעם לאַנד פֿון די אָבֿות... ווּהין, פֿרעג איך דיך, אַלטער כּהן, ווּהין זאָל איך זיך שוין איצטער אין אָט דער וועלט מיט מײַן אייביקן טרויער אַהינטאָן, מיט אָט דעם סנה־פֿײַערדיקן טרויער? בײַ אים, בײַ מײַן אייניקל, בײַ עמיצורן?...

— עקיבֿא־פֿרײַנט, עקיבֿא מײַנער, דײַן אייניקל, דײַן דאַליעס זון, הייסט דאָך עזריק, אַ נאָמען נאָכן שטאָם־פֿאָטער פֿון די באַיאַרס, פֿון אָט די גרויסע און וווּנדערלעכע ייִדן, טאָ פֿאַרוואָס רופֿסטו אים גאָר עמיצור, און רופֿסט אים ניט בײַ זײַן אַלטן, בײַ זײַן שיינעם און אמתן נאָמען?

נאָר עקיבֿא ענטפֿערט ניט. אין זײַנע ברייט־צעעפֿנטע אויגן צינדן זיך אָן צוויי פֿײַערלעך, און באַלד נעמט ער ווידער אָנקלאַפּן דעם ליולקע־ציביק מיט טערקישן טוטין.

# טז

און עקיבֿא ניט האָבן וווּהין אַהינטאָן זיך מיט זײַן גרויסן טרויער, דעם אייביקן, זינקט וואָס ווײַטער און אַלץ טיפֿער אין זיך אַרײַן, אין זײַן נשמה, אין דער ייִדישער, אין דער רחבֿותדיקער, אין דער פֿאַרנעם־ און אַרומנעמיקער, וואָס טראָגט אין זיך די פֿריידן, און דער עיקר, די פּײַן און ליידן פֿון אַלע דורות, — פֿון די ייִדן מיט די וואַנדערשטעקנס אין דעם מידבר סיני, פֿון דער עקדת־יצחק אויפֿן מוריה־באַרג, ביז צו דער עקדת יצחק אין דער וועלפֿישער באַלקע, אין די פּאַלעסיער וועלדער, וווּהין דער מלאך איז ניט געקומען אַרויסשלאָגן דעם מעסער פֿונעם רוצחס האַנט... דעמאָלטן, אין יענעם בין־השמשות, ווערט אויך עקיבֿאס שניי־ווײַסער קאָפּ פֿאַרשלאָגן מיט דער געדיכט־פּיאַלעטער שײַן פֿון די לאַמטערנס, וואָס דערלאַנגט אַהער־צו, אויפֿן זעקסטן גאָרן, פֿון דרויסן. און די אויגן זײַנע ווערן אויך פֿאַרשטעלט מיט די גרוי־פֿלאַקסענע שטיקער שמעקנדיקע כמאַרעס רויך, וואָס שלאָגן פֿון זײַן ליולקע־ציביק אַרויס.

און דאָ, אַ פֿאַרטראַגענער און ווײַט פֿונעם ים־רויש, וואָס ווערט געשטאַרקט מיטן שטעלן זיך פֿון דער נאַכט, הערט נאָר יענעם ניגון פֿון די וואַלד־ווינטן, וואָס פֿאַרוויגן איוועז אויף דער תּליה... דאָ דערהערט ער מיט אַ מאָל, אלישע, עקיבֿאס קול, דעם אויפֿגעפֿלאַמטן אין צאָרן:

— און מײַן אייניקל, — נעמט עקיבֿא וואָרפֿן פֿון זײַן נשמה ניט קיין ווערטער, נאָר אָנגעגליטע שטיינער, ווי פֿון שײַטער אַרויס. — מײַן אייניקל, דער איינציקער זון פֿון מײַן איינציקער טאָכטער, וואָס איז אין דער נאַכט פֿון איר מאַנס, פֿון דניאלס אַרעסטירט ווערן, טאַקע אין יענער נאַכט האָט מען זי פֿון שפּיטאָל גענומען... זי, די שווער־געווינעריין, האָט מען פֿון בעט אויפֿגעהויבן, הגם זי איז אין גרויסן קימפּעט־פֿיבער געווען. בײַם אַרײַנטראָגן זי אין תּפֿיסה, דאָרטן איז זי אויף דער נאָסילקע אויסגעגאַנגען און מ׳האָט מיר איר גוף, אַפֿילו די טויטע טאָכטער ניט אָפּגעגעבן, איך זאָל זי קאָנען צו קבֿר ישׂראל ברענגען, אויפֿן הייליקן אָרט באַהאַלטן, האָבן וווּהין צו קומען, קאָנען אין איר מצבֿה־שטיין אָנקלאַפּן און אַרומנעמען...

און אָט דעמאָלטן האָט סטיסיע מײַן דאָליעס קינד, דאָס עופֿעלע פֿון מײַן

אומגעבראַכטער טאַכטער, נאָכן ברית אויפֿן אַלטן פֿאַרשנייטן בית־עלמין, פֿון דעם טהרה־שטיבל צו זיך גענומען און געוועזן אים דאָרטן, אין דאָרף, פֿינף יאָר, אַן איבערגעגעבענע און געטרײַע מאַמע, מיט גאָרניט ניט־אונטער־געשיידט און מיט גאָרניט ניט־אָפּגעטיילט פֿון איר אייגן קינד. און אַז היטלער, ימח שמו, איז אויף רוסלאַנד אָנגעפֿאַלן, האָט זי אים, עזריקן, פֿון די דײַטשישע רוצחים, פֿון אונטערן פֿײַער, און פֿון די בײַנאַכטיקע ברענענדיקע תּבֿואה־פֿעלדער אַרויסגעפֿירט, איר קינד, איר זרחלען, האָט זי איבערגעלאָזט אַ קראַנקן דאָרטן... און דערנאָך האָט זי אים, עזריקן, איבערגעגעבן אין די הענט פֿון זײַן טאַטן, וואָס אויף די מילחמה־וועגן געטראָפֿן, פּונקט ווי זי האָט דאָרטן אַבושלען, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואָרענען:

— ייִדן, דער דײַטש גייט, דער אחרית־הימים קומט... אָבער אַן אַ גואל, אַן אַ משיח! די נבֿיאים האָבן אײַך אָפּגענאַרט, אָפּגענאַרט, אָפּגענאַרט!... ייִדן, זאָגט נאָך זיך קדיש, דער דײַטש גייט, דער טויט קומט, קיין קינדער וועלן נאָך אײַך ניט בלײַבן, ניט בלײַבן!

ער, דניאל, דער מומע ליבעס זון, דער קינסטלער, האָט זיך דעמאָלטן פּשוט על־פּי נס פֿון טויט געראַטעוועט. בײַם עפֿענען די טויערן פֿון דער טורמע, — די דײַטשן זײַנען שוין אויפֿן שוועל פֿון שטאָט געשטאַנען, און מ׳האָט די אַרעסטירטע אין ערגעץ ניט געקאָנט אַרויספֿירן: בײַם עפֿענען די תּפֿיסה־טויערן, האָט מען באַפֿוילן:

— פּאָליטישע אויף רעכטס!

— קרימינעלע אויף לינקס!

און דניאל, אין זײַן תּמימות־און אויפֿריכטיקײַט, אין זײַן אָפֿן־און נאַקעט־טער אמתדיקײַט, ער, דניאל, האָט פֿאַרנומען אויף רעכטס, נאָר דאָ האָט אים עמעצער אַ שטאַרקן שטויס געטאָן און אויף לינקס פֿאַרקערעוועט... און ער איז לעבן געבליבן. און יענע, וואָס זײַנען אויף רעכטס געגאַנגען, אויף יענע, אויף די פּאָליטישע, איז גלײַך אַ פֿײַער פֿון קוילנוואַרפֿערס געעפֿנט געוואָרן.

און דניאל האָט מיטן קינד אויף די הענט, אויף די אויסגעדרייט־און אויסגעלאָמעטע אין סמערדיאַקאָווס תּפֿיסה־קעלערן, דורך גאַנץ מיטלאַזיע, דורך אוזבעקיסטאַן און טורקמעניע, דורך פּערסיע און איראַק קיין ארץ־ישׂראל צום לאַנד פֿון די אָבֿות דערטראָגן: אַליין איז שוין דניאל אויסגעשעפּט און צע־בראָכן געוואָרן, הויט און ביין, נאָר מיטן באַיאַרישן צאָרן און פֿײַער אין דער נשמה: מיט זײַנע הענט די ערד ניט געקאָנט גראָבן און אויך דעם פּענדזל

האַלטן... האָט מען בײַ אים דאָס קינד אין קינדער־היים פֿון אַ קיבוץ, וואָס טראָגט שוין דאָרטן די אַחריות פֿאַרן קינדס חינוך, פֿונעם געבוירן ביז צום גיין אין מיליטער־דינסט; דאָרטן, אין די קיבוצישע קינדער־היימען, וווינען זיי, די קינדער, צוזאַמען, טאָגן און נעכטיקן, לערנען דאָרטן און שפּילן זיך, ווערן דאָרטן געשפּײַזט און געקליידט... שיין! גרויסאַרטיק! אויסנעמלעך! סאַמאַ־ראַדנע! אַהין־צו, אין יענע קינדער־היימען, טאָר אָבער אַ ייִדיש וואָרט ניט אַרײַן, חס־ושלום! די שפּראַך פֿון די באַיאַרס טאָר דאָרטן ניט געהערט ווערן... זי דאַרף אויסגעמעקט ווערן פֿון זיכּרון... הערט און שטוינט! אין דער צײַט ווען אין מיזרח־אייראָפּע ווערן אומגעבראַכט מיליאָנען ייִדן, אנשים נשים וטף, קינדער ווערן לעבעדיקערהייט געוואָרפֿן אין באַבי־יאַר, אין פּאָנאַר, אין דער וועלפֿישער באַלקע, אין אַלע גריבער און תּהומען פֿון וואַלד און סטעפּ... ייִדן ווערן געשיקט און געברענט אין די גאַזאָויוונס פֿון אוישוויץ, טרעבלינקע, מײַדאַנעק... אין דער־אַ צײַט ווערט דאָ אומגעבראַכט זייער שפּראַך. די שפּראַך פֿונעם פֿאָלק, דער וווּנדערלעכער ייִדיש, דער לשון פֿון דער מומע ליבע, פֿון יצחק באַיאַר. און שלמה המלך האָט געזאָגט אין חדש תּחת השמש! אַ ווינט פֿליט אָן פֿליגלען, אַ כמאַרע גייט אָן פֿיס, און די זון ברענט אָן פֿײַער... מ׳האָט דאָ געפֿונען די נאָדל און פֿאַרלאָרן דעם פֿאָדעם!

און עקיבֿא רײַסט מיט אַ מאָל אַרויס זײַן ווײַסן קאָפּ פֿון דעם פּיאַלעט־שאָטן אויף דער וואַנט, שטעלט זיך אויף, טוט אַ פּאַמקע דעם פֿאַרלאָשענעם ציביק און נעמט טריטלען הין און קריק, פֿונעם פֿענצטער צו דער טיר:

— יאָ, — רעדט ער שוין ניט אַזוי מיט צאָרן, ווי מיט דעם טיפֿן און ניט־געשטילטן טרויער, — יאָ, מ׳האָט דאָ אין דעם אויסגעווייטיקטן, אין דעם פֿון דור־דורות געטרוימטן, אין דעם אויסגעבלוטיקטן לאַנד פֿון די אָבֿות, דעם פֿײַערדיקן פֿאָדעם, דעם עמוד־האש פֿאַרלאָרן, און נאָר אונדזער גרויסער גאָט אין הימל ווייסט, צי מ׳וועט אים שוין קאָנען געפֿינען. וואָס מ׳פֿאַרזייט, דאָס גייט דאָך אויף... מ׳דאַרף ניט, אלישע, מ׳דאַרף ניט אָנצינדן די ליכט. אין דער נאַכט זײַנען אַלע וועגן גלײַכע... אַז סטיסיע, אין אירע אַלטע און אויסגע־יסורימטע יאָרן, שוין נאָכן העלפֿן דאָרטן, בײַם דניעפּער־טײַך, יענע יונגע באַיאַרס, וועלכע זי האָט פֿונעם דײַטש געראַטעוועט, אויף אוראַל אַרויס־געפֿירט, געהאָלפֿן זיי נאָך דער מילחמה אַ דאַך איבערן קאָפּ, שוין דאָרטן, בײַם דניעפּער־טײַך, אויפֿשטעלן; אַז זי, סטיסיע, נאָך דער זעקסטאָגיקער מילחמה, האָט זיך אַהער, צו דער ייִדישער מדינה דערקליבן, האָט מײַן אייניקל, דער זון

פֿון מײַן אומגעבראַכטער טאַכטער, עמיצור יערי... דער פֿריערדיקער נאָמען זײַנער, עזרא, איז אים דאָ ניט אָנגעשטאַנען, דער שטאַם־פֿאָטער פֿון די באַיאַרס, עזרא אָבֿינו, איז דאָך געווען אַ גלות־ייִד... און אויך יענער, עזרא הסופֿר, איז דאָך געווען אַ גלות־ייִד, געגאַנגען מיט די ייִדן פֿון בבֿל קיין ארץ ישׂראל מיט זייער לשון, און זייער לשון איז ניט אַלט געווען קיין טויזנט יאָר, נאָר זיבעציק... און זייער לשון איז פֿונעם פֿאָלק ניט אויסגעשמידט און ניט אויסגעפֿײַלט געוואָרן, און צוועלף מיליאָן ייִדן אין דער גאָרער וועלט, ווי נאָר די זון גייט אויף און פֿאַרגייט, האָבן אויף אַראַמעיש ניט גערעדט, און חסי־דיזם, בונדיזם און ציוניזם, און אַ וועלט־ליטעראַטור האָבן זיי ניט געשאַפֿן... הער, אלישע, שלאָג מיך ניט איבער, הער, דער ריבֿ־הלשונות איז ניט געווען קיין קריג פֿון שפּראַכן...

— און וואָס דען איז עס געווען?

— טויזנט יאָר האָט ייִדיש געהיט און געהאַלטן טײַער דעם לשון פֿון דער תּורה, און פֿון דער גמרא, קינדער האָבן געלערנט אין חדר: וידבר — און ער האָט גערעדט, ד׳ — גאָט, אל משה — צו משהן, לאמר — אַזוי צו זאָגן... און אין די ישיבֿות האָבן בחורים, און ייִדן מיט בערד, ניט נאָר געטײַטשט און געפּילפּולט, נאָר אויך געדרייט מיטן גראָבן פֿינגער אויף ייִדיש... ניין, אלישע, ס׳איז ניט געווען קיין ריבֿ־הלשונות, ניין, דאָס איז געווען אַ קריג פֿאַרן קיום פֿונעם ייִדישן פֿאָלק! דאָ איז געגאַנגען אַ ביטערע מילחמה פֿונעם פֿאָלק קעגן זײַנע אָפּלייקענער און פֿאַרלענדער... אלישע, אויף וואָסער שפּראַך אַ פֿאָלק רעדט, די שפּראַך איז די נאַציאָנאַלע! די שפּאַניער, די פֿראַנצייזן, די איטאַליענער, זיי וועט גאָר ניט אײַנפֿאַלן צו זאָגן, אַז ווי באַלד די עוואַנגעליע, דער ברית־חדשה זייערער, איז אין לאַטיין, און מ׳טוט אויך תּפֿילה אויף לאַטיין, דאַרף די נאַציאָנאַלע שפּראַך זייערע זײַן ניט פֿראַנצייזיש, ניט שפּאַניש, ניט איטאַליעניש, נאָר לאַטיין!... ווען אַזאַ איינער קומט און זאָגט זיי אַזוינס, וואָלט מען אים פּשוט געהאַלטן פֿאַר אַ משוגענעם. דאַנטע האָט זײַן „געטלעכע קאָ־מעדיע״, נאָך צוריק מיט הונדערטער יאָרן געשאַפֿן אין דער פֿאָלקסשפּראַך, און אין יענער צײַט איז דאָך לאַטיין געווען די קולטורשפּראַך פֿון גאַנץ אייראָפּע... און דאָ, בײַ אַזאַ צעבליטער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור, בײַ אַזעלכע אוצרות פֿאָלקלאָר, דאָ האָבן די אייניקלעך פֿון די משׂכּילים, פֿון אָט די אַסימיליאַטאָרן, און אין יעדן אַסימיליאַטאָר זיצט דאָך אַ פֿאַרבאָרגענער אַנטי־סעמיט... זיי, די אייניקלעך פֿון יענע משׂכּילים, די הערצעליסטן, וואָס רופֿן

זיך ציוניסטן, און צו ציון האָבן זיי אַ גאָר קנאַפּן שייכות, — ציון איז הייליג־קײַט! ציון איז תורה! ציון איז פֿאָלק! און זיי, די הערצעליסטן, זײַנען דאָך אַטעיסטן. כּופֿרים בעיקר. שבת־גוים, אָפּלייקענער פֿונעם גוי קדוש, פֿונעם ייִדישן פֿאָלק! און דער־בן־יהודה־לשון, וואָס זיי האָבן דאָ מיט צוואַנג און מיט בגוואַלד, מיט שטעקן און פֿײַער אײַנגעפֿירט, אָט דער געקינצלטער אַראַבי־זירטער לשון האָט אַזאַ שייכות צו דעם לשון פֿון תּנך, צו דעם לשון פֿון די נבֿיאים, ווי די שפּראַך פֿון דער תּל־אָבֿיבֿער זונה האָט אַ שייכות צו דעם לשון פֿון דער ירושלימער שולמית פֿון שיר־השירים... שלאָג ניט איבער, אלישע, הער וואָס ווײַטער איז געשען, הער וואָס עקיבֿא באַיאַר וויל דיר דאָ, און דער עיקר, זאָגן: הער, בן מאיר, הער, אַלטער כּהן, הער עקיבֿאן וואָס אויף זײַן פֿידל האָט קיינמאָל ניט געפּלאַצט קיין סטרונע און מ׳האָט אים מיט אַ מאָל איבער־געהאַקט די פֿיר סטרונעס, אַלע פֿיר...

— עקיבֿא־פֿרײַנט, כ׳וועל גיין אויפֿקאָכן אַ קענדל וואַסער און דיר מאַכן אַ גלאָז טיי.

— ניין, מ׳דאַרף ניט, וואַרט אלישע, שפּעטער... הער אים, דעם באַיאַר, וואָס די שוואַרצע דײַטשן האָבן אים שוין די אָנגעזייפֿטע פּעטליע אויפֿן האַלדז פֿאַרוואַרפֿן, און די פּאַרטיזאַנער, די באַיאַרס, וואָס האָבן מיט אַ שיסערײַ, ווי פֿון אונטער דער ערד אויף די פֿערד אַרויסגעיאָגט, דעם קאָפּ זײַנעם פֿון דער תּליה אַרויסגענומען: איוועז און זרחלען, סטיסיעס זון, האָט מען שוין פֿון די תּליות אַראָפּגענומען טויטע... און אַז סטיסיע איז אַהער געקומען האָט ער, עמיצור יַערי, קיין קרובֿישאַפֿט צו איר ניט אַרויסגעוויזן און דעם ייִדישן לשון מיט וועלכן זי, סטיסיע, האָט אים פֿאַרוויגט, געפּעסטעט און געכאָוועט, ניט פֿאַרשטאַנען. און נאָך מער, ער האָט אַפֿילו ניט געוואָלט הערן פֿון זײַנע קינדער־יאָרן דאָרטן, בײַ די באַיאַרס... ער איז דאָך שוין דאָ איבערגעקנאָטן אויף די הויוון און געבאַקן געוואָרן אויפֿן פֿײַער פֿון שלילת־הגלות. זײַן איינצי־קער גײַסטיקער פֿאָטער דאָ, בן־גוריון, האָט דאָך געזאָגט, אַז דעם תּלמוד דאַרף מען אויך פֿאַרברענען! דאָרטן, אין די צוויי טויזנט יאָר גלות, דאָרטן איז געווען וויסט און פּוסט און חושך...

— עקיבֿא־פֿרײַנט, אפֿשר דיר געבן אַ גלעזעלע קאָניאַק?

— ניין, אלישע, ניין. וואָלט איך געקאָנט פֿאַרגיסן מײַן טרויער, מײַן ווייטיק, מײַנע אויסגעלאָשענע חלומות און בענקשאַפֿטן מיט בראָנפֿן, וואָלט איך געקאָנט לעשן אין מײַן נשמה דעם פֿײַערדיקן חורבן פֿון מײַן פֿאָלק, דעם

קינדער־געשריי פֿון באַבי־יאַר, פֿון פּאָנאַר, פֿון דער וועלפֿישער באַלקע, וואָלט איך קיין מאָל ניט געקאָנט זײַן ניכטער, כ׳וואָלט דאָך תּמיד געווען טויט־שיכּור... ער האָט גאָרניט געוואָלט, עמיצור יַערי, אַז סטיסיע זאָל אים דאָ דערמאָנען זײַנע ערשטע פֿינף יאָר לעבן דאָרטן. ער האָט זיך געשעמט און געקרימט פֿון זיי, פֿון יענע פֿינף יאָר. ער האָט מורא געהאַט אַז זײַנע חבֿרים, די סאַברעס, די ישׂראלים, די ספּירטאָוונע קינדער פֿון יהושע בן־נון... אַז זיי זאָלן, גאָט באַהיט, זיך דערוויסן, אַז ער, עמיצור יַערי, איז געבוירן געוואָרן בײַ יענע גלות־ייִדן, וואָס זײַנען געגאַנגען ווי שאָף צו דער שחיטה... זיי, די סאַברעס וועלן דאָך קאָנען טראַכטן, אַז אויך אין אים, אין עמיצורן, איז פֿאַרבליבן עפּעס־וואָס פֿון די גלות־ייִדן, פֿון די באַיאַרס... נאָר אַז מ׳שפּאַרט אים צו צו דער פֿײַערדיקער גלות־וואַנט, גייט ער אײַן, עמיצור יַערי, אַז מ׳קאָן פֿון דאָרטן, פֿון יענע באַיאַרס, עפּעס־וואָס יאָ יַרשענען... און דו, אלישע בן מאיר, דו ווילסט זיך מיט דײַן טאָכטער, מיט דײַן דאַליע, פֿאַרן בית־דין פֿון די קומענדיקע דורות שטעלן? ווער וועלן דאָרטן און דעמאָלטן זײַן די שופֿטים אונדזערע? עמיצורס ישׂראלים? דו האָסט געוויס באַמערקט, אלישע, דו האָסט דאָך זיכער געזען ווי כוואַליעס אין יַם לויפֿן, ווי זיי ווערן פֿון די ווײַטנס געטריבן צום ברעג? זיי לויפֿן, אלישע, איינציקווײַז, יעדער כוואַליע באַזונדער, נאָר בײַם צוקומען צום ברעג גייען זיי זיך צונויף, יאָגן אַלע אינאיינעם אַרויף אויפֿן ברעג און ווערן דאָרטן פֿאַרפֿאַלן... און דער אַלטער ים, אלישע, דער אייביק לעבעדיקער, זינגט ווײַטער אין די טיפֿענישן זײַן אייביקן ניגון! — און דער באַיאַר, עקיבֿא, לאָזט זיך פֿון שטוב אַרויסגיין...

— עקיבֿא־פֿרײַנט, — פֿאַרהאַלט אים אלישע בײַ דער טיר. — און וואָס איז דאָ געוואָרן מיט עמיצורס טאַטן, מיט דניאלן, דער מומע ליבעס, מיטן קינסטלער? און וואָס איז דאָ געשען מיט איר, מיט סטיסיען, און אויך מיט אים, מיט אַבֿרהמען און מיט זײַן אייניקל, מיט יצחקן, דער נאָמען נאָכן גרויסן באַיאַר, דעם קדוש?

— פֿון זייער לעבן דאָ ווייסטו אַליין... איך וועל גיין. פֿאַראַן, אלישע, אַן אַלטע אינדישע אגדתא, אַז בודאָה האָט פֿאַרן טויט אַרויסגעלאָזט אַ פֿײַל פֿון בויגן און דאָרטן ווי די פֿײַל איז געפֿאַלן, דאָרטן פֿליסט אַ טײַך אין וועלכן מ׳קאָן אָפּוואַשן די זינד און דעם טרויער פֿון לעבן... קיינער האָט נאָך ביז הײַנט יענע וואַסערן ניט געפֿונען. וועל איך אויך גיין, אלישע, וועל איך אויך גיין זוכן יענעם טײַך... — און ער איז פֿון שטוב אַרויס.

# יז

און בײַ יענער שײַן פֿון די אַזכּרה־ליכט, אין זײַן שקיעה־טאָל, שוין צופֿוסנס דעם כּרמל־באַרג, אין די געזעגענע ים־ווינטן, נעמט ער זיך, דער אַלטער ייִדישער שרײַבער, דער אייביקער אָבֿל, אלישע בן מאיר, ווי שוין אַנומלט צוגעזאָגט עקיבֿאן: ניט פֿאַרבײַגיין און אויסמײַדן, ניט פֿאַרשווײַגן און פֿאַרבאַרגן, נאָר פֿון וועגן אים פֿון דער מומע ליבעס און שמריהס זון, פֿון דניאלן, פֿון דעם צווייטן באַיאַר־קינסטלער, פֿון זײַן סוף־לעבן דאָ דערציילן; אָבער ניט ווײַט אין צײַט און אויך ניט ברייט אין סבֿיבֿה אַרײַנגיין, ווײַל פֿון יענע יאָרן און פֿון יענעם אַרום ווייסט מען שוין, ס'איז אין געדרוקטן וואָרט געגנוג פֿאַראַן.

אַרויפֿגייענדיק מיטן קינד, וואָס אויף די אויסגעדרייטע הענט, ווי נאָר געשטעלט דעם ערשטן טראָט מיט עזריקן אויף דער ערד פֿון די אָבֿות, ווו יעדער מײַל איז דאָ מיט גבֿורה פֿול און מיט בלוט פֿאַרגאָסן, האָט ער, דער באַיאַר־קינסטלער, מיט דער מאַמעס גרויסער נשמה, און מיטן טאַטנס גרויסע משיח־זוכנדיקע אויגן —ביידע, ניט די מאַמע, ניט דער טאַטע, ביידע האָבן זיי ניט קיין קבֿרים: וווּהין זייער געביין איז אַהינגעקומען ווייסט נאָר איין גאָט אין הימל — אַרויפֿגייענדיק מיטן קינד אויף דער ערד פֿון אַבֿרהם אָבֿינו און יהודה המכּבי, האָט דניאל אויף די קני זיך געשטעלט און געקושט די ערד און פֿון גאַנצן האַרצן געדאַנקט גאָט, וואָס האָט אים נאָך אַזוי פֿיל סכּנה־וואַנדער און וואָגל אַהער, מיט דאַליס קינד קיין ארץ־ישׂראל געבראַכט, ווו ער וועט מיטן פּענדזל אין די ציינער, מיטן נאַציאָנאַלן צער און ניט־געשטילטן צאָרן, מיט דעם פֿײַער און דעם באַיאַרישן גורל אויף ס'נײַ אויפֿמאָלן, און שוין גאָר אין אַן אַנדער פֿאַרב און ליכט, יענע בילדער זײַנע, וואָס זיי האָבן דאָרטן, אין די קעלערן פֿון סמערדיאַקאָווס תּפֿיסה, צעשניטן און פֿאַרברענט. און אויך האָט ער דעמאָלטן, אין יענער שעה, צופֿאַלנדיק מיטן פּנים צו דער ערד, געגלויבט, אַז אויך זי, סטיסיע, און מיט זייער קינד, מיט זרחלען, וועלן שפּעטער, ווי נאָר די מילחמה וועט זיך ענדיקן, אַהער אין לאַנד אַרײַן צו אים קומען.

זי, סטיסיע, וואָס האָט אין יענע שחיטה־יאָרן פֿון תרע״ט און תרפ״א, אין דער פּעטליוראַ־צײַט, דעם מאַן, דעם גרויסן חלום אירן, נחומקען, אין בלוט אויף דער ערד געלאָזט ליגן און מיטן געהרגעטן קינד אויף די הענט אים, דניאלקען, פֿון דער שטוב, וואָס די רוצחים האָבן פֿון אַלע פֿיר ווינקלען אונטערגעצונדן, פֿונעם פֿלאַקער־פֿײַער און שטיקנדיקע וואָלקנס רויך דורכן קעלער אַרויסגעפֿירט, דעם לעבן אים דעמאָלטן געראַטעוועט, דערנאָך אים לערנען געשיקט און געהאָלפֿן אויפֿן קינסטלער־וועג אַרויפֿגיין און דער עיקר: זי, סטיסיע, איז דאָך זײַן גרויסע ליבע, די ערשטע, די איינציקע געווען: ער האָט שוין דעמאָלטן, דער דרײַצניעריקער, אין דער לבֿנה־פּראַסטיקער נאַכט, פֿונעם ברענענדיקן שטעטל געלאָפֿן נאָך סטיסיען אַהין, קיין מאַהילנע, צום דאָרף, ווי אין דעם גלחס שטוב, מיט אַנגעפּעלצטע און באַוואָפֿנטע באַנדיטן אַרומגערינגלט, האָבן זיי געהוליעט, — דער באַטקאָ אַלעס לעוואַדאַ, דער אַטאַמאַן זיראַ־זירקאָ, און זי, די בלאָנדע, די אַטאַמאַנשע.

די ליבע זײַנע צו דאַליען, די שפּעטערע, איז שוין גאָר אַן אַנדער געווען. ניט קיין קלענערע אַוודאי. אָבער אַן אַנדערע, ווי זיי ביידע, סטיסיע און דאַלי, זײַנען גאָר אַנדערע און פֿאַרשידענע געווען... מיט סטיסיען איז געווען די פֿרייד פֿון דער צעצוויטעטער ערד, די שיינקײַט און באַגײַסטערונג פֿון זריחת־השמש, דער פֿאַרשיכורטער ליבע־געזאַנג אין די פֿאַרטאָגן אין ווינטערדיקן וואַלד פֿון אַ טעטרע־האָן, וואָס הערט ניט ווי דער יעגער דערנעענטערט זיך, און אויך דעמאָלטן, אַז די קויל טרעפֿט אים, פֿילט ער ניט, דער טעטרע־האָן, דעם ווייטיק און זינגט נאָך אַלץ ווײַטער... און יענע ליבע זײַנע, די שפּעטערע, צו דאַלין, דאָרטן, אין יענער ליבע, איז געווען ריינער פֿײַער, וואָס האָט אים אין די יאָרן פֿון פֿינצטערניש געלויכטן, ניט געלאָזט דעם וועג פֿאַר־לירן, אין פֿאַרביטערטקײַט, אין שוואַרצן ייִאוש אומקומען; אָדער נאָך ערגערס, אין גלײַכגילט אַרײַנפֿאַלן... יענע ליבע, דאַליס, יענער פֿײַער ברענט נאָך ביז איצטער אין זײַנע ביינער און יענע, די סטיסיע־ליבע, איז נאָך אַלץ אין זײַן נשמה די צעצוויטעטע פֿרייד פֿון דער ערד.

אָבער נאָך דער מילחמה, נאָך די טײַכן בלוט און בערג מיט אַש, נאָך דעם גרעסטן און ווייטיקסטן חורבן פֿון ייִדישן פֿאָלק אין זײַן לאַנגער געשיכטע, האָט ער שוין, דניאל, מער ניט געוואַרט אויף זיי, אויף סטיסיען און זייער קינד, אויף זרחלען, וואָס איז געבענטשט געווען מיט טאַלאַנט, און וואָלט געוויס דער

קינסטלער פֿון דער באַיאַרישער גבֿורה און אומקום געוואָרן: זרחל, איז דאָך אין דער שׂרפֿה, אין דעם בראַנדפֿײַער, אין דעם קאַמף מיט לייב און לעבן, און דערעיקרשט מיט דער נשמה זײַנער געוועזן דאָרטן: ער האָט מיט דער נשמה געזעזן און דעם גאַנצן ווײַ אין איר אַרײַנגעזאַפּט. און אַ קינסטלער מאָלט דאָך מיט דער נשמה! און אויב איינער מאָלט נאָר מיט די אויגן, אַזאַ איינער איז גאָר ניט קיין שאַפֿער, — נאַטוראַליזם, אָפּבילדן און אָפּמאָלן, איז ניט יצירה, נאָר מלאכה... — ער האָט שוין דעמאָלט, נאָך דער מילחמה, געוווּסט דניאל, אַז זרחלען און איוועזן האָבן די דײַטשן אויפֿגעהאַנגען און אים, דעם שווער זײַנעם, עקיבֿאן, דעם ווונדערלעכן ייִדישן קלעזמער, האָבן די באַיאַרס, די פּאַרטי־זאַנער, באַוויזן פֿון דער תּליה אַ לעבעדיקן אַראָפּנעמען.

און אויך האָט ער שוין געוווּסט דעמאָלטן, דניאל, אַז זי, סטיסיע, עקיבֿא און אבֿרהם, זיי וועלן זרחלס, איוועס קבֿרים, און די וועלפֿישע באַלקע, דעם ברודער־קבֿר, ניט איבערלאָזן: די ווערבינקער גויִים וועלן דאָך באַלד יענע הריגה־גרוב פֿאַרשיטן און מיט דער ערד אויסגלײַכן, ס׳זאָל אַ סימן, און אַ זכר ניט פֿאַרבלײַבן, ווײַל ניט נאָר די נאַצישע, נאָר אויך זייערע הענט זײַנען אין ייִדיש בלוט ביז צו די עלנבויגנס פֿאַרגאָסן: אויך זייערע הענט זײַנען דאָרטן אין בלוט פֿון דעם הונדערט פֿינף יאָריקן זקן, פֿון זייער שכן, פֿון יצחק באַיאַר, וואָס האָט נאָך אַ שעה פֿאַרן טויט די ערד געאַקערט.

און אויך האָט ער געוווּסט, דניאל, אַז אַרויסרײַסן זיך פֿון יענעם דזשונגל־שווילי־לאַנד איז פּשוט אוממעגלעך, ס׳איז ווי וועלן מיטן קאָפּ די שטאָלענע וואַנט דורכברעכן, און דערצו נאָך דאַרפֿן זיי דאָרטן, די אַלטע, פֿאַר די יונגע באַיאַרס, וואָס קערן זיך אום פֿון דער מילחמה, און אויך פֿון די ווײַטע אוראַלער בערג, ווּ סטיסיע האָט זיי פֿון די דײַטשישע רוצחים אויסבאַהאַלטן און אויסגעהיט, זיי דאַרפֿן דאָרטן, די אַלטע באַיאַרס, פֿאַר יענע, פֿאַר די יונגע, פֿאַר די לעבנגעבליבענע, וואָס וועלן בײַם אומקערן זיך, קיין טאַטע מאַמע, קיין ברודער און שוועסטער ניט טרעפֿן, פֿאַר יענע דאַרפֿן זיי אַ שטוב העלפֿן אויפֿ־שטעלן, און מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ זיי באַוואָרענען, און דער עיקר אין ייִאוש ניט לאָזן אַרײַנפֿאַלן, חתונות דאָרטן אָפּשפּילן און אויפֿן באַיאַר־שטאַם זאָלן נײַע צווײַגן וואַקסן.

און ער, אבֿרהם באַיאַר, וועט דאָך פֿון דאָרטן אַוודאי, ער זאָל אַפֿילו איצטער די מעגלעכקײַט האָבן, פֿון אָרט זיך ניט רירן: ער האָפֿט נאָך אַלץ,

אַבֿרהם, אַז זײַן טאָכטער רחל און איר מאַן גבֿריאל, אָט די צוויי יונגע באַיאַרס, די דרײַסטע און אײַנשטעלערישע, די באַדאַכט־און באַרעכנטע פּאַרטיזאַנער, װעלן נאָך פֿון ערגעץ, פֿון אַ קאָנצלאַגער, צו זייער קינד און צו אים, צום טאַטן, לעבעדיקע קומען. אין די נעכט, דאָרטן, אין דער כאַטע אונטערן שטרויענעם דאַך, הערט ער אין דעם רויש פֿון װאַלד זייערע טריט.

און ער, דניאל, אין יענע יאָרן, שוין נאָך דער מילחמה, שוין נאָכן אויפֿקום פֿון דער מדינה, האָט זיך אַליין אויך פֿון דאַליעס קינד אָנגעהויבן צו דערװײַטערן, שוין זעלטן װען אַהין, אין דער קינדערהיים, אויף די בערג, זיך דערקליבן, און אַז שוין אַהין זיך יאָ אויפֿגעהויבן, אַ קאַלטקײַט און אָפּגעפֿרעמדקײַט געפֿילט, און דער עיקר: ביידע האָבן שוין דאָרטן קיין איין לשון ניט געהאַט.

און אויך דעמאָלטן, אין יענע יאָרן, שוין אינגאַנצן װײַט, און שוין גאָר אָפּגעפֿרעמדט געװאָרן פֿון זײַן עלטערן ברודער, פֿון דודן, װעלכן ער האָט ביז זײַן קומען אַהער, אין לאַנד אַרײַן, קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען, פֿון װעגן אים נאָר געהערט דער מאַמע דערציילן, אַז ער, דוד, האָט אין דער דאָ מירער ישיבֿה געלערנט, און דער ראש־ישיבֿה אַליין האָט צו טאַטע־מאַמע געשריבן, אַז זיי מעגן זיך מיט זייער זעכצניעריקן זון, מיט דודלען, גרייסן, ס׳װאַקסט אַ גדול בישׂראל, מאַמעס בענטשן זיך שוין הײַנט מיט אים... האָבן בײַם טאַטן, בײַ שמריהן דעמאָלטן, נאָך יענעם בריוול, געפֿינקלט אין די אויגן די װינטשפֿינגערלעך אַ האַלב יאָר כּסדר: ער האָט זיך שוין געזען, שמריה, זיצן בײַם אָרון־קודש לעם זײַן זון, דעם גרויסן רבֿ בײַ ייִדן, און אויך האָט ער זיך געזען גיין, שמריה, איבער יענער שטאָט, מיט די שפּיגל־גאַסן, אין אַ נײַער קאַפּאָטע, אין אַ געװענטענעם „געקאָטשעטן" קאַשקעט, אין כראָמאַװע שטיבלעטן און אַלע טײַטלען אויף אים מיט די פֿינגער: אָן־אָ גייט ער, דעם רבֿס פֿאָטער, רבֿ שמריה...

און אָט דעמאָלטן, אַז בײַ שמריהן האָבן אין ביידע גרויסע שװאַרצע אויגן געפֿינקלט די װינטשפֿינגערלעך, גראָד דעמאָלטן האָט עס געטראָפֿן: אין יענער נאַכט װען זיי, כּיירוס, איװע און אַדריאַן, זײַנען אויף גבֿריאלס פֿערד־און־װאָגן געלאָפֿן שװאַרצן די רוסישע גרענעץ, גראָד אין יענער נאַכט, אין דעם ערשטן געװיטער־פֿרילינגדיקן רעגן, װאָס איז מיט אַזאַ אימפּעט אויף דער אָנגעקװאָלן־יוירנדיקער ערד געפֿאַלן, די קרומע פֿײַערדיקע בליצן האָבן

פֿון די שוואַרצע הימלען געיאָגט אין די וועלדער אַרײַן, ביימער דאָרטן געשפּאָלטן און מיט פֿײַער זיי אַרומגעכאַפּט, גראָד אין יענער נאַכט, אַז יצחק באַיאַר האָט צו זײַן טאָכטער, צו כיירוסן געזאָגט:

— איך וויל ניט אַז דו זאָלסט זיך אָפּשטעלן, איך וויל גאָר ניט אַז דו זאָלסט אין מיטן וועג וואַרפֿן דײַנע לוחות, צו פֿיל בלוט און יסורים קאָסטן זיי דיר, פֿון אַ תּורה קאָן זיך אָפּזאָגן נאָר דער, וואָס האָט פֿאַר איר קיין בלוט ניט פֿאַרגאָסן... גיי דיר מיט דײַן וועג, זאָל זיך עקיבֿא פֿאָרן אויף זײַן כּישוף־וועגעלע, זאָל זיך שיפֿרה גיין מיט איר וועג, איך וועל גיין מיט מײַן וועג... לאָמיר אַלע גיין! ערגעץ אויף די וועגן דאַרף דאָך און ס'מוז דאָך געלייזט ווערן אונדזער גורל, און אויך אַלעמענס גורל.

גראָד אין יענער נאַכט ווען זי, די מומע ליבע, נאָכן אַרויסבאַגלייטן יענע פֿור מיט כיירוסן און איוען, גייענדיק אין יענער צעווילדעוועטער פֿינצ־טערניש, צווישן די בליצן און דונערן, אָן אַ וועג, מיטן צעווייקטן פֿעלד און וואַלד, און איז קוים צום דאָרף, צום לירניקס כאָטע זיך דערקליבן, האָט זי פֿון דער ווײַטנס שמריהס קול דערהערט. נאָך אַזאַ פֿאַרצווייפֿלט־דערשראָקן געשריי פֿון אים ניט געהערט. אַ געשריי פֿון איינעם, וואָס פֿאַרלירט דאָס טײַערסטע, דעם תּמצית, דעם תּכלית פֿון לעבן און ווערט צו אַן אָפּגרונט געשטופּט, און אין שוואַרצקײַט אַרײַנגעוואָרפֿן... דערהערט אָט דעם יִיאוש־דערשראָקענעם געשריי און בײַם אַרײַנגיין אין שטוב דערזען דעם זון, וואָס איז שוין אַנדערש אין אויסזען, אין הילוך און אין שטעל, שוין ניט ווי אין זײַן קומען אַהיים אין די פֿריערדיקע יאָרן: דעמאָלטן איז דודל אַרומגעגאַנגען אין אַ שוואַרץ קאַפּאָטקעלע, אין אַ שוואַרצן קאַפּעליושל, אַ גרויסער טלית־קטן, שיין געקרײַזלטע פּאות, דער בלייכער פּנים שוין באַבערדלט... און אַצינד איז דעם זון גאָר ניט צו דערקענען, קיין סימן פֿון באָרד און פּאות, און אַ קורץ רעקל... פֿאַרשטייט זי שוין, די מומע ליבע, שמריהס געשריי. אויך פֿאַר איר איז עס אַ גרויסער צער. אָבער וואָס ווײַטער און וואָס מערער זי הערט זיך אײַן אין שמריהס רייד, און דער עיקר אינעם זונס אָפּענטפֿערן דעם טאַטן, זעט זי אײַן, אַז דאָ גייט אַ קריג שוין ניט פֿאַר באָרד און פּאות, נאָר שוין גאָר פֿאַר עפּעס אַנדערש.

און לויט דעם ווי זיי קריגן זיך, ווי איינער שלאָגט איבער דעם אַנדערן, ווי יעדערער רעדט שוין פֿאַר זיך אַליין, הערט שוין אַפֿילו ניט וואָס דער צוויי־

טער זאָגט, איז צו זען, אַז צו אַ פּשרה וועלן זיי ניט קומען, איינער וועט דעם צווייטן ניט אָפּטרעטן און יעדער איינער פֿון זיי וועט דאָ בײַ זײַנס, ווי בײַ אַ הייליקײַט, אויף תּמיד בלײַבן שטיין. אין שמריהס קול, אַחוץ פֿאַרצווייפֿלטקײַט און שרעק, הערט זיך שוין אויך חוזק און ביטול:

— דו... דו... דו... דו ווילסט ווערן דער ליכטיקער גואל־ישׂראל?... קיין ארץ־ישׂראל וועט אונדז פֿירן משיח בן דוד און ניט דער שנעק דודל שמריהס... און ניט דײַן דאָקטער הערצל, דער דײַטש מיט דער פּריצישער באָרד! אין דעם לאַנד פֿון די אָבֿות וועט אונדז פֿירן דער געזאַלבטער פֿון גאָט... ער וועט צונויפֿנעמען אַלע, דו הערסט, אַלע ייִדן פֿון דער וועלט...

פֿאַלט אים דאָ דער זון אין די רייד אַרײַן, און אין זײַן קול צאָרן און פֿאַר־ביטערטקײַט, אָבער אויך גרויס רחמנות: מ'וויל אַ מענטשן ראַטעווען, פֿון אַ גרוב אַרויסשלעפּן, לאָזט ער זיך ניט.

— איז וואַרט אויף תּחית־המתים... און לויף צום רבין, רײַס אים די באָרד, אַז ער זאָל דיר אַראָפּברענגען משיחן אויף אַ ווײַסן פֿערד. ליג אין דײַן קײַלעכדיקער גרוב!...

און ער איז דעמאָלטן, אין יענער פֿרי־פֿרילינגדיקער נאַכט, אין דער שלאָקסרעגנדיקער און צעווילדעוועטער, אין דער נאַכט פֿון כּיירוס און איוועס לויפֿן אויף גבֿריאלס פֿערד־און־וואָגן שוואַרצן די רוסלענדישע גרענעץ, דעמאָלטן, אין יענער נאַכט, ווען יצחק באַיאַר האָט געזאָגט: זאָלן אַלע גיין מיט זייערע לוחות, ערגעץ־ווו אויף די וועגן דאַרפֿן דאָך און ס'מוז דאָך געלייזט ווערן אונדזער גורל... — דעמאָלטן, גראָד אין יענער נאַכט, איז אויך ער, דוד שמריהס, פֿון דער היים קיין ארץ־ישׂראל אַוועקגעגאַנגען.

אַצינד ווייסט ער שוין, דניאל, ווּהין יענע וועגן מיט כּיירוסעס לוחות האָבן פֿאַרפֿירט און צו וואָסער תּכלית געבראַכט... ער ווייסט שוין, דניאל, מיט וויפֿל בלוט יענע וועגן און לוחות זײַנען פֿאַרגאָסן געוואָרן און ווערן נאָך אַלץ ווײַטער און ווײַטער, שעה נאָך שעה, אָן אָפּשטעלן און אָפּהאַלטן, אַז איבערשלאָגן און איבעררײַסן, מיט בלוט און טרערן פֿאַרפֿלייצט; ער ווייסט שוין, דניאל: יענע וועגן צום גרויסן און אייביק־זוניקן טאָג ווערן מיט מענטש־לעכע ביינער געהאַטעט און ברוקירט.

מיט איר, מיט כּיירוסן, וואָס איז אין טראַצקיס סוויטע געווען און אויך מיט אים, מיט לענינען, זיך אָפּט באַגעגנט, מיט איר, מיט כּיירוסן, וואָס האָט די

ערשטע דעם פֿײַער צווישן די באַיאַרס אַרײַנגעטראָגן, געגאַנגען מיט יענע וועגן אין אַלע ווײַטע און פֿאַרוואָרפֿנסטע פֿאַרשיקונגען, אין די טיפֿסטע טײַגע־וועלדער און טונדרעס געווען; געגאַנגען מיט אירע לוחות אויף די הענט, אין יסורים און ווייטיקן זיי געטראָגן, איר ליבע און איר קינד, וואָס זי האָט דאָרטן, אין די אייביקע שנייען, געהאַט, ניט פֿאַרהיט; אין ניקאָלײַ דעם צווייטנס אַכראַנקע־קעלערן די גרעסטע פּײַניקונגען געליטן און אויסגעשטאַנען... מיט איר, מיט כײַרוסן, האָט ער, דניאל, דאָס ערשטע און איינציקע מאָל אין לעבן, זיך געטראָפֿן דאָרטן, בײַ דעם אויספֿאָרשער פֿון דער ענקאַוועדע, בײַ ווינאָגראַדאָוו־ווײַנטרויבן... און אויך בײַ אים, בײַ יענעם אויספֿאָרשער, אין יענער נאַכט, אויך זיי, איוועז, שיפֿרהן און אַבֿרהמען, דאָרטן געטראָפֿן, — אַלע גייערס זײַנען אַהין, צו די קעלערן, צו סמערדיאַקאָוו דעם צווייטנס בלוטיקסטער אַכראַנקע דערגאַנגען!

און מיט אים, מיט זײַן ברודער, מיט דודן, האָט ער זיך שוין געטראָפֿן דאָ, דניאל, און אויך דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, אין דעם לאַנד פֿון די אָבֿות, וווּ ייִדן האָבן שווער, מיט אַלע זייערע כּוחות, און ביזן זיבעטן שווייס געאַרבעט; מיט ברויט צו זאַט ניט אָנגעגעסן זיך, און אָפֿט מאָל אויך מיט וואַסער ניט אָנגעטרונקען, דעם דאָרשט אין די גרויסע ברי־היצן ניט געקאָנט שטילן, פֿון דער מאַליאַריע־קדחות געליטן, און מיטן האַמער שטיינער געשפּאָלטן און געדריבלט, וועגן געלייגט איבער באַרג און טאָלן; מיטן אַקער די פֿאַרוויסט־געוואָרענע, די מיט בוריאַן־פֿאַרוואַקסענע ערד אויפֿגעאַקערט, פֿון ווילד־וואַרצלען און שטיינער זי אָפּגערייניקט און פֿאַרזייט; די זומפּן אויסגעטריקנט און מיט פּרדסים פֿאַרפֿלאַנצט.

און דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט דער ביקס אויפֿן אַקסל בײַטאָג, און מיט דער ביקס אויפֿן פֿערד בײַדערנאַכט, — פֿון פּלוצעמדיקע אַראַבישע אָנפֿאַלן זיך באַשיצט און באַוואָרנט... און אַלע צוזאַמען, געקניפּט און געבונדן, אין קיבוצים, אַ דאַך איבערן לעבן אויפֿגעשטעלט; און אויך זיי, די ייִדישע טעכטער, האָבן די שווערסטע אַרבעטן דאָ געטאָן; זיי, אָט די גלות־קינדער, האָבן דאָס לאַנד אויפֿגעלעבט, צו אַ מלוכה־לעבן צוגעגרייט... און ער, דניאל, מיט די אויסגעדרייטע הענט אין די קעלערן פֿון סטאַלינס אַכראַנקע, ער האָט ווינציק־וואָס געקאָנט עמעצן העלפֿן, און דערפֿון שטאַרק געליטן.

ערשט שפּעטער, אין דער באַפֿרייאונג־מילחמה, בשעת די אַראַבישע

מלוכות, אַלע אינאײנעם, האָבן די יונגע מדינה באַפֿאַלן, דעמאָלטן האָט ער, דניאל, אונטערן הארמאַטן־פֿײַער, ווי אַ פֿאַרבינדלער, דעם באַפֿעל פֿאַרן קאָמאַנדיר פֿון דער פֿאָדערליניע, צו זײַן ברודער, צו דודן, געטראָגן, און אַ שפּליטער פֿון אַ סנאַריאַד האָט אים, דניאלן, געטראָפֿן. דאָך האָט ער דעמאָלטן, שוין אַ שווער פֿאַרווּנדיקטער, דעם באַפֿעל צו דודן דערטראָגן . . . אָבער דאָס איז שוין געווען זייער צווייטע באַגעגעניש און דניאל האָט אים שוין איצטער, דעם ברודער, כּמעט ניט געזען, — אַנגעהויבן די שײַן פֿון דער וועלט פֿאַרלירן; ער האָט אין יענער רגע נאָר געדאַנקט דעם גורל, וואָס אויך ער, דניאל, האָט געקאָנט פֿאַרן לאַנד זײַן בלוט געבן . . .

# יח

און יענע, די ערשטע באַגעגעניש מיט אים, מיטן ברודער, מיט דודן, וואָס איז פֿאָרגעקומען שוין גאָר אומגעריכט, שוין אין אַ צײַט אַרום נאָך זײַן, דניאלס, קומען אין לאַנד אַרײַן, שוין שפּעטער, שוין נאָכן אָפּגעבן דאָס קינד אין דעם קיבוצישן קינדערהיים, ווײַל מיט די אויסגעדרייטע הענט ניט געקאָנט עפּעס אָפּקאָכן און אויסוואַשן, און קיין רחמנות־הילף פֿון קיינעם ניט געוואָלט האָבן . . . און אַליין זיך געלאָזט מיטן שטעקן וואַנדערן איבערן לאַנד, איבער בערג און טאָלן, ווו געטאָגט דאָרט ניט גענעכטיקט, געקוויקט זיך מיט די בלוי־קײַטן פֿון ים און הימל: אויפֿגעציטערט געוואָרן פֿון די זון־אויפֿגאַנג־און פֿאַר־גאַנגען: אַזאַ שלל און שפֿע, אַזאַ רײַכקײַט און גערעטעניש פֿון פֿאַרבן און קאָלירן, אַזוי פֿיל און אַזאַ שײַן און ליכט, אַזוי פֿיל און אַזאַ בלענד־און שאָטנ־דיקײַט, אַזאַ צוויט און בלי, אַזאַ שיינקײַט דאָרטן, אויף די טײַכן פֿון רוסלאַנד ניט געזען, אַפֿילו אויך ניט דאָרטן, אויפֿן קרימער־האַלבאינדזל, און אויך ניט דאָרטן, אין די בערג פֿון קאַווקאַז.

דעמאָלטן, שוין באַלד נאָכן קומען אַהער־צו, ווי נאָר אויף דער ערד דעם פֿוס דאַ געשטעלט, תּיכּף אָנגעהויבן צו זוכן אים, און צו נאָכפֿרעגן זיך אויפֿן ברודער, אויף דודן באַיאָר: און ניט צוליב הילף און אָנשפּאַר, נאָר געבענקט און געוואָלט אַן אייגענעם, אַ נאָענטן מענטשן דאַ האָבן. אָבער קיינער און אין ערגעץ, ניט אין שטאָט און אין דאָרף, האָט פֿון אַ דוד באַיאָר געהערט און געוווּסט.

ערשט שפּעטער־צו, שוין גאָר ניט געהאָפֿט און געגלויבט, און אויפֿן ווײַטן ברעג ים, אין דעם זומערדיקן פֿאַרנאַכט, אַז די כוואַליעס האָבן אָפּגעמעקט די צייכענונגען וואָס ער, דניאל, האָט מיטן שטעקעלע אויפֿן זאַמד אָנגע־שטריכלט, — געלערנט זיך מיט די אויסגעדרייטע פֿינגער דעם פּענדזל האַלטן, נאָר דאָס שטעקעלע, אַ פֿריש־אָפּגעבראָכן צווײַגל פֿון אַ צעבליטער אַקאַציע־בוים, פֿאַלט אים פֿון האַנט אַרויס און דאָס אָנגעשטריכלט־און אויפֿן זאַמד אָנגעקריצטע ווערט פֿון די כוואַליעס אָפּגעמעקט און אַראָפּגעשווענקט

און ער, דניאל, נעמט ווידער און נאָך אַ מאָל, און אויף ס'נײַ אויפֿן זאַמד קריצן, און מיט דעם באַיאַרישן עקשנות, און מיט דעם צאָרן פֿון ניט־אונטערגעבן זיך, פֿון בײַקומען דעם וויסטן ווילן פֿון יענע, וואָס האָבן אים דאָרטן, אין די סמער־דיאַקאָוו־קעלערן, די פֿינגער אויסגעבראָכן, ער זאָל מער ניט קאָנען מאָלן זײַנע „בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע" געמעלעכצן, אָט די „ווילד־אָפּגע־שטאָנענע געטאָ־ייִדן"...

ערשט דאָרטן, גאָר אויפֿן ווײַטן ברעג ים, און דעמאָלטן, אין יענעם זומערדיקן, מיט שקיעה־פֿײַער באַשאָטענעם פֿאַרנאַכט, אַז ער, דניאל, האָט מיטן שטעקעלע אַזוי עקשנותדיק און מיט אַזאַ צאָרן געוואָלט אויפֿן זאַמד אָנקריצן ווי מ'האָט זי, כּיירוסן, אין דעם צעריסענעם העמד, אַ באָרוועסע אַראָפּגעפֿירט אין דעם צעמענטענעם בלינדן קעלער מיטן שיפּוע־פֿאַרבלו־טיקטן דיל אויף אויסצופֿילן דאָרט איבער איר סטאַלינס גזר־דין, און זי, כּיירוס, שוין קוים אויף די פֿיס געשטאַנען, ראַנגלט זיך מיטן תּליון, מיט דעם האָריק־קודלאַטן און רויטפּנימדיקן גוי, ווערט זיך מיט אַלע כּוחות, לאָזט זיך ניט מיטן פּנים צו דער וואַנט שטעלן... דאָ, אַז ער, דניאל, וויל מיט די אויסגע־לאָמעטע פֿינגער אויפֿן נאַסן זאַמד, בײַם פֿלאַמיקן זונפֿאַרגייַן, מיטן שטעקעלע דאָס אָנשטריכלען און אויסקריצן, דאָ, ניט ווײַט פֿון אים, מיטן ברעג, גייט איינער פֿאַרביי און שטעלט זיך אויף אַ רגע אָפּ, אַפּנים פֿון די, וואָס דאַרפֿן דאָ גאָרניט דורכלאָזן און פֿון אויג ניט אַרויסלאָזן; און אפֿשר גאָר פֿון מענטש־לעכן נײַגער, פֿון וועלן זען ווי אַזוי אַ דערוואַקסענער, אין אַ שוואַרצער באָרד, זיצט אויף די שפּיצפֿינגער אַן אָנגעטאָנענער אויפֿן פֿאַרנאַכטיקן ליידיקן ברעג ים, און גראָבט מיט אַ שטעקעלע אין זאַמד, — וואָס זוכט ער דאָרטן, און וואָס וויל ער בײַם זונפֿאַרגיין, בײַ אָט דער פֿלאַמיקער שקיעה דאָרטן אין זאַמד געפֿינען? נאָר באַלד טוט יענער, דער פֿאַרבײַגייער, אַ הייב מיט די אַקסלען, ווי געזאָגט: ווער קאָן עס וויסן, און ווער קאָן עס אויף אַלץ אין לעבן אַ באַשייד און אַן ענטפֿער האָבן? און שפּאַנט זיך אַוועק זײַן וועג ווײַטער.

אָבער דניאל האָט מיט זײַן קינסטלערישן אויג ניט נאָר יענעמס, דעם פֿאַרבײַגייערס, גאַנג און זײַן הולך אויפֿגעכאַפּט — די קורצע הייזלעך מיט די פּרענדזלעך, דעם פֿון דער זון ביז שוואַרץ פֿאַרברענטן, שטײַף־מוסקלדיקן און יאַדערדיקן קערפּער, יענעמס גלאַנציקע זילבערהאָריקע שלייפֿן, נאָר דער עיקר: יענעמס גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן אים דאָ פּלוצעם אין האַרצן אָנגעקלאַפּט... הייבט ער שוין מער ניט אויף דאָס אַרויסגעפֿאַלענע

שטעקעלע פֿון די אויסגעלאָמעטע פֿינגער, שטעלט זיך אויף די פֿיס און פֿאַר־האַלט אים, יענעם, דעם פֿאַרבײַגייער: נאָר אַז יענער בלײַבט שטיין און דרייט זיך אויס צו אים מיטן פּנים, ערשט דעמאָלטן דערזעט ער, דניאל, אַז דער מענטש וואָס האָט אים נאָר וואָס אויסגעזען אַזוי נאָענט און אייגן, דער־עיקרשט די אויגן זײַנע, די שוואַרצע און גרויסע, געזען אַפֿילו אין זיי די צוויי ווינטשפֿינגערלעך פֿון זײַן טאַטן, פֿון שמריהן... דערזען אָבער נאָך אַ מאָל יענעמס פּנים און די אויגן, ווערט אים קלאָר, דניאלן, אַז ער האָט דאָ אַ טעות געהאַט.

— אין אָט דעם לאַנד פֿון חלומות, — לויפֿט אים דורך, דניאלן, אַ געדאַנק — אין אָט דעם לאַנד פֿון חלומות קאָן זיך דאַך אַלץ אויסדאַכטן און אויסווײַזן. און דערצו נאָך בײַ אָט דער פֿאַנטאַסטישער שקיעה איבערן ים, וואָס קאָן פֿאַר־בלענדן און פֿאַרפֿירן!...

און דאַך, שוין נאָכן סליחה בעטן פֿאַרן פֿאַרהאַלטן און אָפּשטעלן, דאַך טוט ער, דניאל, אַ פֿרעג בײַ יענעם:

— רופֿט מען אײַך ניט אַ מאָל דוד?

— יאָ, מ'רופֿט מיך דוד.

— און אײַער פֿאַמיליע איז באַיאַר?

— ניין, מײַן פֿאַמיליע איז בן־גיורא.

ווערט ער שוין דאָ, דניאל, שטאַרק פֿאַרחידושט וואָס בן־גיורא, ווי געהערט איינער פֿון די אָנגעזעענסטע און וויכטיקסטע מענטשן אין יישובֿ, גייט דאָ אַרום, אויף דעם ליידיקן און פֿאַרוואַרפֿענעם ברעג ים, שוין בײַם זון־זעצן־זיך, איינער אַליין... בעט ער בײַ יענעם ווידער סליחה און לאָזט זיך אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג, אַהין־צו, וווּ ער האָט דאָרטן אויף נאַכט אַ געלעגער. אָבער דאָ שטעלט אים שוין יענער, בן־גוריא, אָפּ און נעמט זיך בײַ אים, בײַ דניאלן, פֿונאַנדערפֿרעגן: ווי לאַנג איז ער אין לאַנד, פֿון וואַנען אַהער, און דורך וועלכע וועגן געקומען?

קוקט אים דאָ דניאל ווידער אָן דעם פֿאַרבײַגייער, און ווי פֿריער זעט אים אויך איצטער יענעמס פּנים, בײַם פֿלאַם פֿון זונפֿאַרגיין, דאָך און פֿאָרט אויס צו זײַן נאָענט און אייגן; און נאָך מער: בײַ די שטיקער שקיעה־פֿײַער אין די קוואַליעס זעט ער ווידער, דניאל, ווי אין יענעמס אויגן פֿינקלען דעם טאַטנס ווינטשפֿינגערלעך... זאָגט ער צו אים, דניאל:

— אויף איין פֿוס איז פּשוט אוממעגלעך איבערגעבן און אויסמאָלן. אַ

נאַכט איז דאָך געווען אַ יאָר, און אַ טאָג — אַן אײביקײט. איך האָב שוין אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז אַ שטיין וועט גיכער אַרויפֿשווימען אויפֿן וואַסער, ווי איך מיטן קינד וועלן זיך דערקלײַבן צו ארץ־ישׂראל... און וויפֿל מ׳זאָל ניט מאָלן און פֿאָרשטעלן, וועט דאָך סײַ ווי סײַ פֿאַר דאָס וויכטיקסטע פֿון דער נשמה קיין ווערטער ניט זײַן. און אויך די פֿאַרבן און קאָלירן פֿון אַלע רעגנבויגנס, מיט אַלע זייערע שאָטנס און שאַטירונגען, וועלן דאָ זײַן ווי אַ קראָפּליע אין ים. מײַן וועג האָט זיך דאָך אָנגעהויבן בײַם טויער פֿון דער טורמע, טאָקע ווי נאָר היטלער איז אָנגעפֿאַלן אויף רוסלאַנד...

— איר זײַט געגאַנגען פֿון סאָוועט־רוסלאַנד מיט אַ קינד?

— יאָ. אָבער ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפֿן. געלאָפֿן און געפֿאַלן. געקראָכן מיט צעבלוטיקטע קני און עלנבויגנס, מיטן קינד אויף דער פּלייצע, איבער דער ערד...

— אײַער פֿרוי איז פֿאַרבליבן דאָרטן?

— יאָ, דאָרטן, אין סאָוועט־רוסלאַנד... אין דער נאַכט ווען מ׳האָט מיך אַרעסטירט, אין יענער נאַכט, אין דער זאַווערוכעדיקער, איז זי, מײַן דאַלי, געגאַנגען צו קינד, נאָר אויך זי, די געווינערין, וואָס איז אין גרויסן קימפּעט־פֿיבער געווען, אויך זי האָט מען אין יענער נאַכט מיטן נאָר וואָס געבוירן עופֿעלע אַרעסטירט... יאָ, יאָ, אַרעסטירט... און אויף דער נאָסילקע געבראַכט אין טורמע אַרײַן, וווּ זי איז טאָקע באַלד, אויף דער נאָסילקע, אויסגעגאַנגען.

— אַ ווילדער צופֿאַל!

— אָ, ניין, ניט קיין צופֿאַל! דאָרטן, אין דעם סאָציאַליסטישן דזשונגל־שווילי־לאַנד, דאָרטן ווערן נאַכט נאָך נאַכט, טאָג נאָך טאָג אַרעסטירט טויזנטער, טויזנטער, טויזנטער... ניטאָ קיין שטוב וווּ מ׳זאָל ניט באַווייִנען אַ טאַטן, אַ מאַמע, אַ ברודער, אַ שוועסטער. פֿון דאָרטן, פֿון די באָלשעוויסטישע טורמעס און לאַגערן, האָט זיך נאָך קיינער ניט אומגעקערט. סײַדן פֿאַרברעכער...

און דאָ, אויפֿן ברעג פֿון צערוישטן ים, וווּ פֿון דער נאָר וואָס גרויסער זון וויגט זיך נאָך אויף די וואַסערן אַ בלוטיק דין ריפּטעלע, און די שטיקער שקיעה־פֿײַערן אין די כוואַליעס ווערן לילאָווע און לעשן זיך: דאָ, בײַם אויסגיין פֿון טאָג, דערהערט דניאל דעם ענטפֿער און אויסטײַטש, וואָס שוין ניט

איין מאָל איז אין אַ סך קיבוצים, ווו אויף די ווענט פֿון די קלובן הענגען סטאַלינס פּאָרטרעטן, געהערט דאָרטן:

— רוסלאַנד, דאָס ערשטע לאַנד פֿון סאָציאַליזם אין דער וועלט, איז אַרומגערינגלט מיט בורזשואַזע לענדער, וואָס פֿאַרשיקן אַהין שפּיאָנען און שעדיקער... קאָנען אוודאי זײַן און זיך טרעפֿן דאָרטן פֿעלערן, אַפֿילו טראַ־גישע פֿאַלן... אָבער ס׳איז איצטער ניט די צײַט פֿון פֿירן מיטן סאָוועטן־פֿאַר־באַנד פּערזענלעכע חשבונות!

— ניין, ס׳איז ניט קיין פּערזענלעכער חשבון! דאָס איז אַ מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער חשבון מיטן סאָוועטישן קאָמוניזם... איר וועט עס שפּעטער אויך דערזען, די אויגן וועלן זיך אײַך שפּעטער עפֿענען, ס׳וועט שוין אָבער זײַן צו שפּעט! מסכּים, אַז איצטער, אין דער צײַט פֿון דער מילחמה, ווען אַלע פֿעל־קער פֿון רוסלאַנד געפֿינען זיך אין אַזאַ שווערן און בלוטיקן געראַנגל מיט די היטלעריסטישע האָרדעס, אין אַזאַ צײַט דאַרף מען ניט, און מ׳טאָר ניט, פֿירן מיט סטאַלינען קיין חשבונות... אָבער פֿאַרוואָס פֿאַרשווײַגט איר דאָ אויך די פֿאַרניכטונג פֿונעם ייִדישן פֿאָלק אין מיזרח־אייראָפּע, אין פּוילן, אין אוקראַינע, אין ווײַסרוסלאַנד, אין רומעניע, אין אונגאַרן, אומעטום, וווּהין דער דײַטש שטעלט נאָר זײַן געקאָוועטן שטיוול, אַזוי הרגעט ער דאָרטן אויס די ייִדן... פֿאַרוואָס, — שרײַט שוין דניאל מיט ווייטיק איבערן גאַנצן ברעג ים. — פֿאַר־וואָס שווײַגט איר וועגן דעם?... און אויך זיי, די אַמעריקאַנער ייִדן, זעקס מיליאָן ייִדן! זיי האָבן אַנגענומען אַ פֿולן מויל מיט וואַסער... דאָס וועט דאָך אײַך קיין מאָל ניט פֿאַרגעבן און ניט געשענקט ווערן!

— מיר האָבן די ייִדן פֿון מיזרח אייראָפּע געוואָרנט, מיר האָבן זיי פֿאַר דער מילחמה געוואָרנט און געזאָגט: פֿאַרלאָזט דעם גלות און גייט קיין ארץ־ישׂראל... זײַנען אָבער זייערע אויערן געווען דאָרטן פֿאַרשטאָפּט פֿאַר אונדזער וואָרט און פֿאַר אונדזער וואָרענונג! זיי האָבן זיך פֿון גלות ניט גערירט... און וואָס האָט זיי דאָרטן געהאַלטן, וואָס? צו וואָס זײַנען זיי דאָרטן אַזוי צוגעבונדן געוואָרן, צו וואָס? וואָס האָבן זיי ניט געקאָנט איבערלאָזן דאָרטן, אין דעם בלוטיקן גלות? זייער מישמאַש־לשון, די פֿאַרגליווערטע און פֿאַרשטיינערטע, אָרטאָדאָקסישע, די בעלי־מופֿתים, די חסידאָרניעס, דאָס כאַפּן שיריים פֿונעם רבינס טיש, די פֿאַרעיפּושטע מיקווה... די וועלט־לעכקײַט זייערע? וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט דאָרטן זייער וועלטלעכקײַט געקאָנט האָבן? אַן ערד און אָן וואָרצלען!... וואָס האָבן זיי דאָרטן געקאָנט

איבערלאָזן און פֿאַרלירן, וואָס? די גרויסע אַרכיטעקטור אין די הילצערנע שטעטלעך מיט די שטרויענע דעכער? גוואַלדאָוונע אַרכיטעקטור פֿון די קלויזן און בתי־מדרשים? די וואַנט־געמעלעכצן דאָרטן, די בילדלעך אויף די הגדות און כּתובות, די אויסגענייעכצן אויף די פּרוכותן?... וואָס, וואָס, פֿרעגט זיך, וואָס האָבן זיי דאָרטן ניט געקאָנט איבערלאָזן, פֿאַרוואָס האָבן זיי דאָרטן געדאַרפֿט איַנשטעלן זייער לעבן? פֿאַרן טשאָלנט, פֿאַר דער געקנאָבלטער פּעטשע, פֿאַר די געפּעפּערטע געפֿילטע פֿיש, פֿאַרן קוגל? צי אפֿשר גאָר פֿאַרן רבינס ניגון, פֿאַר דעם חזנות און פֿאַר די פֿאַר לידלעך מיט די עטלעכע ווערט־לעך פֿון פֿרעמדע מײַלער געבומען!

פֿון אָט די רייד, הגם שוין ניט איין מאָל זיי דאָ געהערט, ווערט ער, דניאל, אויפֿגעציטערט און ווי אַלע באַיאַרס, אַז זיי ווערן שטאַרק אויפֿגערעגט און אויפֿגעצאַרנט, נעמט אים אָפּ דאָס לשון: דערהערט פֿון דעם פֿאַרבײַגייער אַזאַ שלילת־הגלות, און אין אַזאַ שאַרפֿקייט, אַזאַ וואַרפֿן און שלײַדערן מיט שׂינאה פֿון דער וואָגשאָל אַל דאָס פֿאָלקישע און ליכטיקע; דערהערט פֿון אים, פֿון דעם פֿאַרבײַגייער, ווי ער לייקנט אַלצדינג אַזוי אָפּ און פֿאַרמישפּט אויף אונטערגיין, גייט אים, דניאלן, אונטער אַ ווייטיקדיקער טרויער אונטערן האַרצן, און אַ קעלט איבערן גאַנצן לײַב... און יענער, דער פֿאַרבײַגייער, דער בן גיורא, שוין בײַם צופֿאַלן פֿון דער נאַכט, שוין בײַם אויפֿגיין פֿונעם גרויסן מולד, ווי אַ פֿאַרבלוטיקער שניטמעסער, איבערן צעכוואַליעט־רוישנדיקן ים, יענער, שוין פֿאַרן אַוועקגיין, גיט דאָ מיט אַ מאָל צו מיט ביטול:

— מ'איז געזעסן דאָרטן און געוואַרט אויף משיחן. איך האָב דאָרטן געקענט איינעם אַ ייִדן, וואָס איז געלאָפֿן צום טשערנאָבילער רבין רײַסן די באָרד, אַז יענער, דער צדיק הדור זאָל אים אַראָפּברענגען משיחן...

— ס'איז דאָך אײַער טאַטע, שמריה! — רעדט דניאל קוים אַרויס.

— און פֿון וואַנען האָט איר אים געקענט!

— ער איז אויך מײַן טאַטע, און די מומע ליבע...

— ווי רופֿט מען אײַך?

— דניאל... דניאל באַיאַר!

און דערנאָך, טאַקע דאָרטן, אויפֿן לײַדיקן ברעג ים, בײַ דעם שײַן פֿון דעם גרויסן מולד, דעם פֿאַרבלוטיקטן שניטמעסער, בײַם רוישן פֿון די רויטלעך־שוואַרצע כוואַליעס, האָבן זיי, די צוויי בלוטיק־נאָענט און פֿאַרפֿרעמדטע ברידער, גענומען אַמפּערן און ראַנגלען זיך, איינער דעם צווייטן דערווײַזן און

איבערשפּאַרן, צו שאַרפֿע און ביטערע רייד און קריגערײַ דערגאַנגען, ביז פּלוצלינג, אין מיטן אַט די גורלדיקע מחלוקתן, איז מיט אַ מאָל אַ פֿישער־שיפֿל, ווי פֿון ים אויפֿן ברעג אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן, מיט געדיכטע ריחות פֿון רויע פֿיש, און אים, דודן בן־גיורא, באַלד צוגענומען, און מיט אים אין צעכוואַליעטן ים אַרײַן... און ער, דניאל באַיאַר, ווי נאָר ווידער אַליין אויפֿן ברעג פֿאַרבליבן, הגם אַן אויפֿגערודערטער, אין צער און אין טרויער, דאָך שוין געצווייפֿלט צי האָט ער באמת דאָ, אויף אָט דעם ליידיקן און פֿאַרוואָרפֿענעם ברעג ים, מיט דודן, מיט זײַן ברודער, זיך געטראָפֿן?... אָבער באַלד פֿון זיך אַלע צווייפֿלען אָפּגעוואָרפֿן און דאָס שטעקעלע, דאָס פֿריש־אָפּגעבראָכן צווײַגל פֿונעם רײַך־צעבליטן אַקאַציע־בוים, פֿון הינטערן גאַרטל אַרויסגעשלעפּט, אויף די שפּיץ פֿינגער פֿון די פֿיס זיך ווידער געזעצט, ווי פֿריער פֿאַר דער באַגעגעניש מיטן ברודער, מיט דודן בן־גיורא, און בײַ דער שײַן פֿון מולד גענומען ווײַטער זיך לערנען האַלטן מיט די אויסגעדרייטע פֿינגער דאָס שטעקעלע און אויסקריצן אויפֿן נאַסן וואַרעמען זאַמד — אָבער שוין ניט ווי מ׳פֿירט זי, כיירוסן, אין דעם צעריסענעם העמד, אַ באָרוועסע, אין קעלער אַראָפּ צו שיסן זי דאָרטן, נאָר געוואָלט שוין אויסקריצן דאָ, בײַ דער לבֿנה־שײַן, יענע וועגן מיט וועלכע דער אַלטער יצחק באַיאַר האָט אין יענער, אין דער פֿרי־פֿרילינגדיקער, אין דער געוויטער־נאַכט געהייסן אַלעמען גיין און זוכן דאָרטן אויף זיי, אויף יענע וועגן, די גאולה פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק.

# יט

און דער מולד קאָסעט אָפּ דעם לעצטן שטערן אין די הייכן און פֿאַרגייט מיט אים אַהין, אין מדבר אַרײַן, און פֿון דאָרטן, פֿון דער פּוסטעניש, טראָגן זיך שאַקאַל־געהײַלן, וואָס פֿאַרגעדיכטערן דעם עלנט און די אַליינקײַט אין אָט דער וועלט; און דערצו נאָך נעמען פֿון ים שטאַרקער יאָגן די פֿײַכט־געזאַל־צענע ווינטן, וואָס באַשלאָגן נאָך מער מיט נאַסקײַט דעם אָנטאָן; אָט דעמאָלט, שוין אַ מיד געוואָרענער פֿון ראַנגלען זיך מיטן שטעקעלע, וואָס פֿאַלט פֿון די אויסגעדרייטע פֿינגער אַרויס און ער קאָן ניט, דניאל, אין דעם נאַסן זאַמד אויסקריצן יענע ווערטער וועלכע יצחק באַיאַר האָט געהייסן מיט זיי גיין די גאולה זוכן — — —

און אַז דאָס אָפּגעבראָכן צווײַגל פֿון דעם צעבליטן אַקאַציע־בוים זאָל פֿון די אויסגעדרייטע פֿינגער ניט אַרויספֿאַלן און יענע ווערטער זאָלן אין דעם נאַסן זאַמד יאָ אויסגעקריצט ווערן, וואָלט מען סײַ ווי סײַ אין דער מיט אַ מאָל געשטעלטער חשכות ניט געקאָנט זיי זען.

און ניט נאָר מיד פֿון ראַנגלען זיך מיטן שטעקעלע ס׳זאָל פֿון די פֿינגער ניט פֿאַלן, ווײַל אויב ער וועט ניט קאָנען, דניאל, צווינגען דעם פּענדזל יענע ווערטער מיט פֿאַרבן אויף לײַוונטן שאַפֿן, וועט דאָך זײַן ווײַטערדיקער לעבן קיין שום ווערט און זינען ניט האָבן... שוין ניט נאָר מיד פֿון ראַנגלען זיך מיטן שטעקעלע, נאָר שוין אויך אויסגעמאַטערט פֿון טראַכטן און איבערקלערן: פֿאַרוואָס האָבן יענע ווערטער געקאָנט אַזוי פֿאַרפֿירן און אָפּנאַרן און דער עיקר, ווּהין פֿירט און ווּהין וועט ברענגען דער לעצטער וועג פֿון זײַן אָפּגעפֿרעמדטן און ווײַט געוואָרענעם ברודער, פֿון בן־גיורא? איז דאָך אויך זײַן וועג, בן־גיוראס, אַזוי געראָטן, ביז גאָר ענלעך אויף שיפֿרהס וועג.

אויך זי, זייער שוועסטער, די שיינע און אויסגעשפּילטע שיפֿרה, אויך זי איז פֿון שׂינאה צום טאַטן, צו שמריהן, וואָס האָט זי, די דרײַצניאָריקע, געשמיסן אויפֿן הוילן לײַב פֿאַר די אויגן פֿונעם יאַריד־המון, אין מיטן טאָג, בײַ דער פֿרילינגדיקער זון, בײַ די אַרומיקע צעצוויטעטע סעדער... אויך זי,

שיפֿרה, איז געלאָפֿן ניט נאָר פֿונעם טאַטן, נאָר אויך פֿון איר פֿאָלק; איר קינד, באַלד נאָכן האָבן, אָפּגעגעבן אַ גויה — — —

און מיט וואָס, און ווי אַזוי דאַרף ער, דניאל, עמעצן און פֿריער פֿאַר אַלע־מען זיך אַליין דערקלערן, וואָס אויך מיט איר, מיט שיפֿרהן, האָט ער זיך אַזוי אומגעריכט און פּלוצלינג געטראָפֿן: איז עס טאַקע ניט מער ווי אַ צופֿאַל, על־פּי טראַף, צי דאָ גייען זיך פּשוט צונויף די וועגן פֿון זייער גורל?

מיט איר, מיט דער שוועסטער, וואָס איז נאָך פֿאַר זײַן געבוירן ווערן געלאָפֿן פֿון דער היים, פֿון טאַטע מאַמע, פֿון דער מישפּחה, פֿון איר פֿאָלק, הגם דעם פּעלץ ניט איבערגעקערט, אונטערן גלאָק ניט געשטאַנען, אין שמד־וואַסער ניט געטובֿלט זיך... אָבער ווער ס׳וויל האַלטן די וואָגשאָל און מישפּטן זײַן פֿאָלק, דער איז שוין אַליין אַ פֿאַרמישפּטער; ווער ס׳וויל ניט גיין אין די וועגן פֿון זײַן פֿאָלק, ווער ס׳לייקנט, זאָגט אָפּ פֿון לעבן, שטויסט און וואַרפֿט אָפּ, מאַכט צו־נישט דעם יסורים־און בלוטיקן וועג פֿון דורות, דער האָקט אָפּ דעם צווײַג אויף וועלכן ער זיצט און וועט מוזן פֿאַלן אַהין, אין תּהום אַרײַן... — מיט איר, מיט שיפֿרהן האָט ער, דניאל, דאָס ערשטע מאָל זיך געטראָפֿן דאָרטן, אין וואַלד, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען און גערופֿן די מאַמע זײַנע, זי זאָל זיך פֿון ערגעץ־ווו צו אים אָפּרופֿן, נאָר זי, די מאַמע, וואָס די באַנדיטן האָבן לעבעדיקערהייט אין וואַלד באַגראָבן, זי, די מאַמע זײַנע, האָט זיך פֿון ערגעץ אויף זײַן רוף און געוויין, אויף זײַן יִיאושדיקן געשריי ניט אָפּגערופֿן... טאַקע דעמאָלטן ווען ער, דניאל, דער צוועלף־יעריקער, איז איבערן וואַלד אַרומגעגאַנגען און די מאַמע גערופֿן, דעמאָלטן האָט ער זיך מיט דער שוועסטער, מיט שיפֿרהן, דאָרטן געטראָפֿן.

און דאָס צווייטע מאָל האָט ער זיך מיט איר, שוין אין יאָרן אַרום, אין דער ענקאַווּעדע, אין סמערדיאַקאָווס אַכראַנקע, בײַם אויספֿאָרשער געטראָפֿן. אין יענער נאַכט, אין דעם קעלער, ווו מ׳קאָן דיך ביזן טויט שלאָגן, די פֿינגער אויסדרייען, און דײַן געשריי זאָל פֿון קיינעם ניט דערהערט ווערן און צו קיינעם ניט דערגיין, דאָרטן, אין יענעם בלינדן און זומפּ־קעלער, דאָרטן האָט ער זיך אויך צום ערשטן מאָל געטראָפֿן מיט איר, מיט כיירוסן, — זי געזעסן אין דער צעריסענער העמד, אַ באָרוועסע... און אויך דאָרטן געטראָפֿן זי, איוועןֹ, מיטן צעשלאָגן און פֿאַרבלוטיקטן פּנים, און אויך אים, אבֿרהמען, דעם אַלטן פּאַרטיזאַן.

— אַוודאי, — טראַכט ער דאָרטן, שוין נאָכן מולד־פֿאַרגיין, אויפֿן ברעג

פֿון צעכוואַליעטן ים, אין דער מיט אַ מאָל געשטעלטער פֿינצטערניש, מיטן שטעקעלע אין די אויסגעדרייטע פֿינגער, — אַוודאי דאַרפֿן ייִדן האָבן זייער אייגן לאַנד, — רעדט ער אין די פֿײַכט־געזאַלצענע ווינטן אַרײַן, — און זייער לאַנד איז דאָ, אין ארץ ישראל, אָבער דאָס לאַנד דאַרף זײַן פֿאַרן פֿאָלק, און ניט דאָס פֿאָלק פֿאַרן לאַנד... אַ נײַ פֿאָלק קאָן מען איבער נאַכט ניט אויסקנעטן. אַפֿילו די צוועלף שבֿטים, שוין נאָך די פֿערציק יאָר וואַנדערן צוזאַמען אין מדבר, און אונטער דער האַנט פֿון משה רבינו... שוין נאָך די מתי־מידבר, שוין די נײַע דורות אין כּנען, שוין אין דעם לאַנד פֿון מילך און האָניק, האָבן זיי, די צוועלף שבֿטים, אין משך פֿון יאָרהונדערטער, ניט געקאָנט זיך צונויפֿגיסן און צונויפֿשטעלן... משה רבינו, יהושע בין־נון, שמואל הנבֿיא, די גרויסע מלכים שאול, דוד און שלמה, דער בית־המיקדש, זיי האָבן פֿון די צוועלעף שבֿטים ניט געקאָנט אויסקנעטן אָן אחד, אָן איין־פֿאָלק, וויל בן־גיורא פֿון ווײַטע און אָפּגעפֿרעמדטע עדות, פֿון שערבלעך, אויסקנעטן אַ נײַ פֿאָלק? פֿון שערבלעך וועט קיין מאָל קיין נײַע כּלי ניט ווערן!

און שוין אַ מיד־און פֿאַרמאַטערטער פֿונעם עקשנותדיקן ראַנגלען זיך מיטן שטעקעלע, — ס'זאָל אין די צעמזיקטע פֿינגער זיך האַלטן און קאָנען פֿאַרן פּענדזל זיך נעמען; און אויך אָן אויפֿגערעגטער און דערשלאָגענער פֿון דער פּלוצעמדיקער באַגעגעניש דאָ, אויפֿן ליידיק־פֿאַרוואַרפֿענעם ברעג ים, בײַ דעם פֿאַרגייענדיקן טאָג, בײַ דער שטוינענדיקער זשאַר־שקיעה אין די כוואַליעס; פֿון די אַמפּערנישן מיט אים, מיט בן־גיורא, ביז צו הייזעריק ווערן, פֿון ניט־קאָנען בײַם שטאַרקסטן ווילן, אין דער דעה מיט אים זיך אויסגלײַכן און דערעיקרשט, פֿון זייער פֿונאַנדערגיין זיך אויף קיינמאָל ניט קאָנען צונויפֿגיין און זיך צונויפֿרעדן, פֿון ווערן שוין ניט מיטן שטח ווײַט, ניט פֿון רחבֿותן און ימען צעשיידט, נאָר שוין דאָ, נאָענט, איינער לעבן אַנדערן, און זײַן מיט די הערצער אַזוי ווײַט, אַזוי יסורמדיק פֿאַרפֿרעמדט... — שוין אַ מיד־און פֿאַר־מאַטערטער פֿונעם באַרען זיך מיטן אָפּגעבראָכן צווײַגל, אָן אויפֿגערעגט־און צעבראָכענער פֿון דער גורלדיקער באַגעגעניש מיטן ברודער, הייבט ער זיך שווער אויף, דניאל, פֿון דער ערד, וויל מיט די אויסגעקרימטע פֿינגער צעקעמען די אויפֿן ווינט צעוויכערטע באָרד זײַנע, פֿאַרשטעקט דערנאָך דאָס שטעקעלע הינטערן גאַרטל, פֿאַרוואַרפֿט די צונויפֿגעבונדענע שיך איבערן אַקסל, און לאָזט זיך אַ באָרוועסער גיין מיטן ברעג ים אַהין, ווו ער האָט אַ נאַכטלעג, און קאָן דאָרטן אויך אַ געקעכץ פֿאַר זיך אָפּקאָכן.

און אַז דערקליבן זיך אַהין, שוין צו סוף־נאַכט, צום שנײַדערס הייזל, וואָס שטייט אַליין, און ווײַט פֿון דער שכונה, שוין אויף די פּיסקעס, ווו צוריק מיט אַ פּאָר חדשים, און אויך פּלוצעמדיקערהייט, אַ מקום־מנוחה, אַ דאַך איבערן קאָפּ געפֿונען: גייענדיק דעמאָלטן, אין יענעם אָוונט, און אויך מיטן ברעג ים, און אַרײַן אַהין, אין יענער כאַלופּע, אַ טרונק וואַסער בעטן, און אַז דער ייִד, שוין אין די טיפֿע יאָרן, דערזעענדיק ווי דער בערדיקער מאַנספּאַרשוין, דער באָר־וועסער, די שיך פֿאַרוואָרפֿן אויףביידע זײַטן אַקסלען, האַלט די קוואָרט אין די הענט, טוט ער דאָ אַ פֿרעג:

— אַ בעל־מום פֿון געבוירן אָן?

— ניין. פֿון סטאַלינס טורמעס... — און אים אין קורצן וועגן זיך און פֿון זײַן וואַנדער און וואַגל מיטן קינד אַהער דערציילט. האָט אים דער אַלטער שנײַדער ווידער געפֿרעגט:

— און איר אַליין, ווו ווױנט איר?

— אומעטום...

— איר קאָנט לעבן בײַ מיר אונטערן דאַך, אינעם בוידעם־שטיבל.

— איך האָב ניט מיט וואָס צו צאָלן.

— נו, גייט שוין גייט, צאָלן?... ניטאָ דאָרטן פֿאַר וואָס צו צאָלן! דאָרטן שטייט אַן אַלט און פֿאַרזשאַווערט אײַזערן בעטל, אַ טישל אויף דרײַ פֿיסלעך, פֿון אינדערפֿרי ביז אויפֿדערנאַכט האָט איר דאָרטן פֿאַר די אויגן דעם ים, די זון... לעבט אײַך דאָרטן, און גלייבט אין דעם אייבערשטנס השגחה. גלייבט מיטן גאַנצן האַרצן... לעבט אײַך דאָ אינעם בוידעם־שטיבל, וועט מיר דאָ אויך ווערן פֿריילעכער, כ׳וועל קאָנען ניט נאָר מיט מײַן אייזעלע, נאָר אויך מיט אײַך אויסרעדן אַ וואָרט. איך לעב דאָ אויך איינער אַליין. נאָך די פּעטליו־רישע פּאָגראָמען, שוין אויף דער עלטער, אַנטלאָפֿן קיין ארץ־ישׂראל. דאָרטן האָב איך, קיין בייז אויג זאָל ניט שאַטן, פֿיר זין, פֿיר טעכטער, פֿיר און צוואָנ־ציק אייניקלעך, זיבן אוראייניקלעך, געזונט זאָלן זיי מיר זײַן! אַוודאי האָבן אויך זיי, די זין און טעכטער, געוואָלט פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, אָבער ווי אַזוי, און דורך וואָנעץ פֿאָרט מען? ווי אַזוי הייבט מען זיך אויף פֿון אָרט מיט קינדער אין אַזאַ בלוטיקער צײַט? ס׳שלאָגן זיך די רויטע מיט די ווײַסע, די וועגן זײַנען פֿול מיט באַנדיטן... דאָס אייגענע לעבן קאָן מען אײַנשטעלן, אָבער ריזיקירן מיטן לעבן פֿון די קינדער? דערנאָך האָט אַ שײַן געטאָן לענינס זון, אַלע פּראָוועס און רעכט פֿאַר ייִדן, ממש אַ גן־עדן... און באַלד איז שוין אויפֿגעגאַנגען

סטאַלינס זון, טיר און טויער פֿאַרשפּאַרט, ניט אַרויס און ניט אַרײַן... איך לעב ניט בײַטאָג, איך שטאַרב ניט בײַנאַכט, דאָס האַרץ באַגיסט זיך מיר מיט בלוט: מ׳הערט, אַז די דײַטשן הרגענען אויס אַלע ייִדן. ס׳גלייבט זיך ניט. אין תּל־אָבֿיבֿ שטייט מען דאָך בײַ די קאַסעס נאָך בילעטן אין קינאָ... זאָג מיר, ברודער, זאָג מיר, הרגענען זיי ייִדן? ס׳איז אַן אמת? ווען זיי מיר דאָרטן אויסהרגענען מײַנע זין און טעכטער, מײַנע איידעמס און שניר, מײַנע אייניקלעך און אור־אייניקלעך... וועל איך, דער זקן, בלײַבן נאָך זיי דער קדיש־זאָגער? וואָס שווײַגסטו, ברודער מײַנער! וואָס שווײַגסטו! איר וועט מיר מוחל זײַן, אַז דאָס האַרץ וויינט, פֿאַלט פֿונעם אויג אַ טרער... מיך רופֿט מען ישׂראל, און ווי רופֿט מען אײַך?

— דניאל.

— אויך אַ שיינער נאָמען. קומט צום טיש, מירן אָפּפּאַסטן, נעמען עפּעס פֿאַרן גאַנצן טאָג אין מויל אַרײַן. אַטכײַען דאָס האַרץ, איך האָב אַ הייסע געפּעפּערטע פֿיש־קאַרטאָפֿליע מיט לאָרבער בלעטער. פֿון וואָסער אַליין, ברודער מײַנער, ווערט מען ניט זאַט. וואָסער ברעכט גרעבליעס... קווענקלט זיך ניט. איר וועט מיר דעם קאָפּ ניט אָפּעסן. וואַשט זיך די הענט און קומט צום טיש. צדיקים אין גן־עדן לענען זיך אויך אונטער נאָך מינחה־מעריבֿ דאָס האַרץ מיט אַ שטיקל ליוויתן און מיט אַ ביסל ווײַן.

און דניאל האָט בײַם זקן, וואָס איז נאָך געווען פֿעסט אין טראָט און שטאַרק אין האַנט, אַן אייזעלע און אַ וועגעלע אויף צוויי רעדער געהאַט, אַרומגעפֿאָרן אויפֿקויפֿן אַלטע און אָפּגעטראָגענע זאַכן, דערנאָך זיי איבער־געניצעוועט, איבערגעאַנדערשט, פֿון אַ ווײַבעריש קליידל, אַ קאַפּאָטע פֿאַר אַ קבצן צוגעשניטן, און פֿון אַ געלעכערטער קאַפּאָטע אַ פּאָר קינדערשע הייזלעך צונויפֿגעשטעלט, און געהאַט אויף זײַן אויסקומעניש; בײַ אָט דעם זקן, דעם שנײַדער, וואָס איז געווען פֿול מיט זאָרגן און שרעק פֿאַר זײַנע קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך, וואָס געפֿינען זיך דאָרטן, אין גלות, בײַ די דײַטשן, ניט געלעבט בײַטאָג און ניט געשטאָרבן בײַנאַכט, געלאָזט פֿאַלן פֿון אויג אַ טרער, און דאָך ליב געהאַט אַ ווערטל, אַ קאַטאָוועסל: טאַקע דעמאָלטן, דעם ערשטן אָוונט, בײַם עסן די אָנגעפּעפּערטע און איבערגעזאַלצענע פֿיש־קאַרטאָפֿליע, מיט אַ ביטערן שמייכל געזאָגט:

— ניט אויפֿן נאָמען פֿון טעאָדאָר הערצל, ניט אויפֿן נאָמען פֿון חיים ווייצמאַן, ניט אויפֿן נאָמען פֿון וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, ניט אויף די נעמען

פֿון אַט די בערן און לייבן, נאָר אויף מײַן נאָמען, אויפֿן נאָמען פֿון דעם פּאַטאַמסטאָוועגעם שנײַדער, אויף מײַן נאָמען הייסט דאָס לאַנד: ארץ ישׂראל! מיר רופֿט מען דאָך ישׂראל...

און אַט בײַ אַט דעם זקן, בײַ ר׳ ישׂראלן, בײַם שנײַדער, וואָס האָט אַלע קאַיאָר אָנגעטאָן טלית און תּפֿילין, פֿאַרנאַכט געדאַוונט מינחה־מעריבֿ, פֿרײַטיק, נאָך פֿאַרן זונפֿאַרגיין, ליכט געצונדן, דעם שבת־קודש געהיט, זײַן אייזעלע געלאָזט רוען און אַ גרעסער בינטל היי געגעבן: אַט בײַ אַט דעם זקן, בײַ ר׳ ישׂראלן, האָט דניאל פּלוצלינג אַ מקום־מנוחה, אַ מיקלט, אַ דאַך איבערן קאָפּ געפֿונען.

דאָרטן, אויפֿן בוידעם־שטיבל, וואָס איז מיט זון און עלנט געווען פֿאַר־פּלייצט, דאָרטן האָט ער זײַן אַטעליע גענומען גרייטן, געוואָלט זײַן לעבן דאָ אַ תּיקון געבן: אָנהייבן צו פֿאַראייביקן די באַיאָרס, נעמען זיך מיט אַלע כּוחות, ווי נאָר די פֿינגער זײַנע וועלן קאָנען האַלטן דעם פּענדזל, אויפֿן שוין אָנגע־צויגענעם לײַוונט, וואָס דער זקן, ר׳ ישראל, האָט אים געגעבן, צו מאָלן דעם ניט־געקרוינטן נשׂיא פֿון דעם דרײַצנטן שבֿט בײַ ייִדן, יצחק באַיאָר, וואָס הייסט צינדן דעם קאָלווירט, דעם גרויסן ווונדערלעכן פּרוכט־סאָד, די גערע־טעניש אויף די פֿעלדער, — דער דײַטש זאָל דאָרטן אויסגעברענטע ערד טרעפֿן, קופּעס אַש... און אויך מאָלן זי, סטיסיען, ווי זי יאָגט מיט פֿערד־און־וואָגן, האַלטנדיק דאָליס קינד אויף די קני, איבער די מילחמה־נאַכטיקע, איבער די פֿלאַקערנדיקע תּבֿואה־פֿעלדער, און אויך אים, דעם יונגן דיכטער, מיכאלן, וואָס האָט אונטערוועגנס, דערוויסנדיק זיך דאָרטן, אַז די באַיאָרס האָבן זייער קאָלווירט, די הײַזער פֿאַרברענט, דעם גרויסן סאָד אויסגעהאַקט, האָט ער זיך דאָס לעבן אין וואַלד גענומען, ווײַל ער וועט ניט קאָנען זײַן אַ זינגער פֿון חורבֿות און אַש...

און דעמאָלטן, טאַקע אין יענער סוף־נאַכט, נאָך דער באַגעגעניש אויפֿן ליידיקן ברעג ים מיט אים, מיטן ברודער, געוואָרט אַז אויך הײַנט, ווי אין אַלע פֿאַרטאָגן, וועט ער הערן, דניאל, בײַ זיך אונטערן דאַך, אַחוץ דעם וואָרקערײַ פֿון די טויבן, פֿון זײַנע שכנים, אויך דעם זקנס רייד צו זײַנע קינדער, צו די זין און טעכטער, צו די אייניקלעך און אוראייניקלעך, הערן ווי ער רופֿט און פֿאַר־בעט זיי, און יעדן איינעם בײַם נאָמען, זאָלן זיי קומען די אויגן אים צומאַכן, און צום הייליקן אָרט באַגלייטן... פֿון זײַנע רייד, פֿון דעם זקנס, און פֿון זײַן קול, שלאָגט מיט אַזאַ עלנטקײַט און בענקשאַפֿט, אַז איטלעך וואָרט זײַנס פֿאַלט אים,

דניאלן, מיט ווייטיק אויפֿן האַרצן. מיט וואָס אָבער זאָל ער גיין, און מיט וואָסער וואָרט זאָל ער קומען, דניאל, צום ייִדן און די עלנטקייט און די בענקשאַפֿט זײַנע מילדערן און אײַנשטילן? שוין אין איינעם אַ פֿאַרטאָג געפּרוּווט פֿון בוידעם אַראָפּגיין, צו ר׳ ישׂראלן אויפֿן בעט, צו זײַן צופֿוסנס זיך זעצן, געוואָלט אים גוטע נבֿואה און טרייסט ברענגען, אָבער ווי נאָר דעם מויל געעפֿנט, האָט דער זקן אים אָפּגעשטעלט:

— מײַנע טעג גייען אויס. מײַנע קינדער וועלן ניט קומען. איך רעד צו טויטע זין, צו טויטע טעכטער, צו טויטע איידעמס און צו טויטע שניר, און רעד צו טויטע אייניקלעך און צו טויטע אוראייניקלעך... דו, דניאל, דו וועסט מיך גיין באַגלייטן צום בית־עלמין. זאָג נאָך מיר קדיש.

און אין יענער סוף־נאַכט, נאָך דער באַגעגעניש מיטן ברודער, אַז מיטן ברעג צעכוואַליעטן ים צו דעם שטיבל זיך דערקליבן, האָט ער דאָרטן געטראָפֿן, דניאל, דאָס אייזעלע בײַ דער טיר ניט־אויסגעשפּאַנט שטיין און דעם זקן, ר׳ ישׂראלן, מיט אויפֿגעהויבענע הענט אַ טויטן, שוין אַ פֿאַרגליווערטן אויפֿן וועגעלע ליגן.

— אויך אָט די צוויי זקנישע קללה־הענט צו דער וועלט, — האָט דניאל באַיאָר אין יענעם טאָג אַ נדר געגעבן. — אויך זיי, אָט די צוויי הענט, וועל איך ווי פֿון שוואַרצן קדמון־שטיין אויסהאַקן.

# כ

און דניאל האָט דעם ייִדן, ר׳ ישׂראלן, וואָס פֿלעגט נאַכט נאָך נאַכט, פֿאַרן טאָג ווערן, מיט זײַנע שוין געהרגעטע זין און טעכטער, איידעמס און שניר, מיט די אייניקלעך און אוראייניקלעך רעדן, בעטן זיי קומען, כאָטשבי נאָך איין מאָל, פֿאַרן טויט, קאָנען אויף זיי אַ קוק געבן, און דערנאָך זאָלן זיי אים צום הייליקן אָרט באַגלייטן און די פֿיר זין זײַנע, קאָפּל, כעמע, צאליע און בערע, זיי זאָלן אויפֿן פֿרישן קבֿר קדיש זאָגן... אים, ר׳ ישׂראלן, וואָס איז געשטאָרבן אויפֿן וועגעלע מיט די אויפֿגעהויבענע קללה־הענט צו דער וועלט, אים האָט דניאל צום בית־חיים, צו דער אייביקער רו באַגלייט, בײַם פֿרישן קבֿר קדיש געזאָגט, שיבֿעה, ווי נאָך אַ טאַטן, געזעסן און דערנאָך דעם אייזל און וועגעלע פֿאַרקויפֿט, אַ מצבֿה־שטיין געשטעלט און פֿאַרבליבן שוין דאָרטן, אין יענעם שטיבל, איינער און אַליין לעבן — און דערנאָך, ווי פֿריער, ווי בײַ ישׂראלס לעבן, יעדן טאָג געגאַנגען אַהין, צום ווײַטן און לײדיקן ברעג ים, ווי אין די מאָרין־בלויע הייכן איז שוין געבליבן די קײַלעכדיקע, די ווײַס־מידע לבֿנה ווי שוין קיין כּוחות ניט געהאַט צו איר אָרט זיך דערקלײַבן און דאָרטן דעם טאָג איבערזײַן און אויף נאַכט זיך דערוואַרטן: און אַנטקעגן איר, אַט דער אויסגע־מאַטערטער לבֿנה, אויפֿן מיזרח, שימערן שוין, ביז ווייטיק אין די אויגן, צעבראָכענע זון־שפּיגלען אין די כוואַליעס... דאָרטן, אויף יענעם ברעג, אַז פֿאַר זון־אויפֿגיין, אָפֿטמאָל געזען דאָרטן ווי פֿון ים, פֿון שיפֿלעך מיט וועסלעס, טראָגט מען קאַסטנס אַראָפּ און פֿאַרשטאַנען, וואָס אין יענע קאַסטנס דאַרף ליגן: און אויך דעמאָלטן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָרטן, בײַם אויסלאָדן די שיפֿלעך, געפֿינט זיך דער ברודער זײַנער, בן־גיורא, וואָס גייט שוין דאָ מער ניט פֿאַרבײַ, און אויך די איבעריקע, די חבֿרים זײַנע ווייסן, אַז פֿאַר אים, פֿאַרן בערדיקן, וואָס גריבלט זיך דאָרטן מיט די אויסגעדרייטע פֿינגער אין זאַמד, פֿאַר אים דאַרף מען זיך ניט היטן — — — און ער, דניאל, האָט דאָרטן, אויף יענעם ברעג ים, בײַ דער ווילד־בלענדעניש פֿון די צעבראָכענע זון־שפּיגלען אין די כוואַליעס, אין די פֿײַכטע געזאַלצענע ווינטן, פֿון דער זריחה ביז דער שקיעה, ווידער און אויף ס׳נײַ, מיט באַיאַרישן עקשנות און צאָרן, די פֿנגער

זײַנע געלערנט און געצוווּנגען צו האַלטן מיט כּוח דאָס שטעקעלע און זײַן, דניאלס, דימיון־וועלט אין דעם נאַסן זאַמד אויסקריצן.

און אַזוי טאָג־אײַן און טאָג־אויס, אין שפּעטער שעה פֿון דער נאַכט אַ הייס ביסל געקעכץ געגעסן, אין אומרויִקן שלאָף פֿון ווייטיק זיך געדרייט, געפֿילט ווי מ׳ברעכט אים די פֿינגער אויס ער זאָל ניט קאָנען מאָלן... נאָר אין איינעם אַ קאַיאָר, שוין בײַם זון־אויפֿגיין, טאַקע דאָרטן אויפֿן בוידעם־שטיבל, ווו אונטערן דאַך טערקלען די היגע, די טונקל־ברוינע טויבן, דעמאָלטן, אין יענעם קאַיאָר, אַז פֿון ווייטיק זיך געקאָרטשעט, פּלוצעם אַ קול דערהערט: — גענוג דיר, דניאל, גענוג! גיי צום לײַוונט, גיי מאָלן, גיי אויספֿילן דײַן שליחות, און דײַנע הענט וועלן דיך פֿאָלגן, און די אויסגעלאָמעטע פֿינגער וועלן שוין טאָן דײַן ווילן... — און ער האָט יענעם קול געפֿאָלגט, פֿון זײַן געלעגער זיך באַלד אויפֿגעהויבן, פֿון טישל מיט די דרײַ פּיסלעך, וואָס אין וואַנט אָנגע־שפּאַרט, דעם צייכן־קרייד גענומען און אויפֿן שוין פֿון־לאַנג־אָנגעצויגענעם לײַוונט אָנגעהויבן אָנוואַרפֿן, בײַם זונאויפֿגיין, ווי בײַ איר, בײַ כײַרוסן, אין דעם צעריסענעם העמד, אַ באָרוועסע, נעמט מיט בײדע הענט צונויף די צעשאָטענע האָר, ווי בײַ איר, בײַ כײַרוסן, דאָרטן, אין דעם ענקאַוועדע־קעלער, שײַנען די גרויע אויגן, די פֿאַרטאָגיקע, לויכטן מיט פֿרייד... מיט דער פֿרייד פֿון קאָנען אויסשטיין און בײַקומען דעם טויט.

און הגם די פֿינגער זײַנע האָבן נאָך ניט־זיכער דעם קרײַד געהאַלטן און די ליניעס געבראָכן, די שטריכן געשלענגלט: און אויך געוווּסט, אַז ווען ער וועט די פּאַליטרע אין דער לינקער האַנט האַלטן, וועט דאָס פּענדזל אין דער רעכ־טער, שוין אין פֿאַרבן געטונקען, ניט קאָנען דעם דינסטן שטריך דורכפֿירן, און זײַן געראַנגל מיטן פּענדזל וועט וואָס ווײַטער שווערער און ביטערער ווערן, דאָך, און פֿאָרט, אַז נאָך אַזוי פֿיל יאָרן ניט שטיין מיטן קרייד אין האַנט בײַם מאָלברעט, און איצטער, בײַ דער גרויסער ליכט פֿון זון־אויפֿגיין, בײַם זיסן טערקלען פֿון די טויבן, אַז גענומען אויפֿן לײַוונט אָנצייכענען זי, כײַרוסן, אָט די טראַגישע געשטאַלט, אָט די טאָכטער פֿון די באַיאַרס, פֿון די פּאָלעסיער דעמבעס, וואָס איז צו זעכצן יאָר אין דער רעוואָלוציע אַוועק ברענגען די גאולה, און דער יסורים־וועג האָט זי אין סמערדיאַקאָוו דעם צווייטנס טויטן־קעלער אַרײַנגעפֿירט... בײַם נעמען אָנוואַרפֿן דעם קרבן־געשטאַלט אויפֿן לײַוונט, האָט אים, דניאלן, פֿאַר די לעצטע יאָרן, אַ הייסע פֿרייד אַרומ־געכאַפּט, — די פֿרייד פֿון יצירה, פֿון גלויבן אין זיך, אין די שאַפֿערישע כּוחות,

וואָס יוירן אין אים און שפּילן, זײַנען אין טרויער ניט אומגעקומען און די נשמה זײַנע איז ניט אויסגעלאָשן געוואָרן, און ער וועט בײַ אַלע נסיונות, וואָס וועלן זיך אים אויף זײַן ווײַטערדיקן וועג שטעלן, די שליחות אויספֿילן און ביזן סוף מיט איר דערגיין.

שפּעטער אָבער, שוין דעמאָלטן, אַז ער איז שוין מיט דער פּאַליטרע און פּענדזל בײַם מאָלברעט געשטאַנען, און ניט מיט די פֿאַרבן, נאָר מיטן פֿײַער פֿון דער נשמה, מיטן בלוט פֿונעם האַרצן געוואָלט דעם קרבן־געשטאַלט, כיירוסן, תּחית־המתים זײַן: דעמאָלטן, אין יענער צײַט, שוין נאָך דער מילחמה, אַז שוין דעם גאַנצן שוידערלעכן אמת פֿון וועגן דעם בלוטיקן חורבן פֿון ייִדישן פֿאָלק געוווּסט, שוין אויך פֿון סטיסיען אַ בריוו געהאַט וועגן דער „וועלפּישער באַלקע”, וועגן דעם אומקום פֿון די באַיאַרס, און אויך וועגן זייער זון זרחלען, וואָס די דײַטשן האָבן אויפֿגעהאַנגען, און צוויי מאָל, ווײַל דאָס ערשטע מאָל פֿון תּליה זיך אָפּגעריסן, און אויך זי, איוועז, האָבן זיי, די דײַטשן, אויף איין תּליה־באַלקן מיט זרחלען אויפֿגעהאַנגען, נאָר אים, דעם שווער זײַנעם, עקיבֿאָן, האָבן די באַיאַרס, די פּאַרטיזאַנער, אַ לעבעדיקן פֿון דער שטריק אַראָפּגענומען . . . — אָט אין יענער צײַט, אַז ער, דניאל, איז אין גרויסן טרויער, אין טיפֿן אַבֿלות אַרײַנגעפֿאַלן, פֿון ייִאוש ווידער ניט געקאָנט דעם פּענדזל אין האַנט אַרײַן נעמען, שוין אויפֿן ראַנד פֿונעם תּהום געשטאַנען, און ס׳האָט אים אַהין־צו, אין יענעם תּהום געצויגן, אָט דעמאָלטן האָט ער זיך מיט איר באַגעגנט דאָרטן, אין יענעם קיבוץ, ווו זײַן צווייטער זון, פֿון דאַלין, האָט זיך אויפֿגעהאַלטן און דערצויגן געוואָרן.

אין יענער נאַכט, נאָכן פּראָקלאַמירן מדינת ישׂראל, האָט מען אויך דאָרטן, אין יענעם קיבוץ, פֿון פֿרייד געוויינט, געקושט און געהאַלדזט זיך, פֿאַר־שיכּורטע פֿון שׂימחה די הויראָס געטאַנצט ביז קאָפּשווינדל און פֿון די פֿיס געפֿאַלן . . . אין יענער נאַכט, אַז אויך ער, דניאל, איז מיט באַגײַסטערונג און פֿרייד געוועזן אַרומגענומען, אין קאַראַהאָד אַרײַן, און געוואָלט מיט אַ פֿרוי טאַנצן, נאָר ווען ער האָט זײַנע הענט אויף איר אַקסל און לענדן אַרויפֿ־געלייגט, מיט זײַנע אויסגעקרומט־אײַנגעבויגענע פֿינגער, ניט־ווילנדיק, אין איר לײַב זיך אײַנגעגריבלט, האָט זי אים באַלד פֿון זיך, ווי אַ שיכּורן, ווי אַ געמיינעם נפֿש, אָפּגעשטויסן און שוין איינע אַליין אין ראָד אַוועק טאַנצן.

און ער, דניאל, אַ פֿאַרשעמטער און דערשלאָגענער איז בײַ דער וואַנט, שוין מיחוץ דעם קאַראַהאָד, אין אַ ווינקל שטיין געבליבן, הגם ניט געהאַט פֿון

וואָס פֿאַרשעמט און דערשלאָגן ווערן, ס'האָט שוין אַזוינס מיט אים איין מאָל געטראָפֿן און שוין געוווּסט, אַז מיט זײַנע הענט דאַרף ער זיך, באַזונדערס פֿון אַ פֿרוי, פֿון דער ווײַטנס האַלטן, — אָבער ניט תּמיד דערגייט ער, דער געדאַנק, צום האַרצן... — נאָר באַלד האָט ער דאָ, דניאל, אין זיך פֿאַרגעסן און מיט היתפּעלות גענומען צוקוקן ווי זי, טאַקע יענע פֿרוי, וואָס האָט אים נאָר וואָס פֿון זיך אָפּגעשטויסן, טאַנצט אין מיטן דער ראָד אַליין, ווי זי רירט זיך מיט די פֿיס צום פּאָל ניט צו, טראָגט זיך ווי אַ וויכער און מיט אַזאַ פֿײַער, אַז דער ראָד ווערט אַלע מאָל ברייטער און גרעסער, ווי מ'וואָלט זיך פֿון איר אָפּגערוקט, מורא געהאַט זי זאָל מיט איר פֿײַער עמעצן אָפּבריען...

אָבער ניט איר וויכערדיקער טאַנץ פֿאַרוווּנדערט און פּלעפֿט אים דאָ אַזוי, דניאלן, ניט דער טאַנץ פֿון דער פֿרוי, וואָס האָט אים נאָר וואָס מיט אַזאַ גיפֿטי־קער פֿאַראַכטונג און ביטול פֿון זיך מיט ביידע הענט אָפּגעשטויסן. ניין, ניט איר טאַנץ, און אויך ניט איר שיינער פֿאַרפֿלאַמטער פּנים פֿאַרחידושט און פֿאַרשטאַרט אים דאָ אַזוי, נאָר די אויגן אירע... אין אירע אויגן דערזעט ער מיט אַ מאָל די זעלביקע פרייד, יענע, וואָס ער האָט דאָרטן, אין דעם ענקאַ־ווועדע־קעלער, אין כּיירוסעס אויגן געזען, יענע פֿרייד פֿון אויסשטיין, פֿון קאָנען בײַקומען דעם טויט, און דער עיקר, אין אירע, אין אָט דער פֿרויס אויגן, איז די פֿרייד נאָך אַ גרעסערע, נאָך אַ שטאַרקערע, נאָך אַ פֿינקלדיקערע... און אין איר וויכערדיקן טאַנצן זעט ער שוין ניט נאָר טעמפּעראַמענט, מיטגע־ריסן־און פֿאַרכאַפּטקייט, אויפֿגערייצט־און אויפֿגעברויזטקייט, נאָר עפּעס מערער: זי וויל זיך, אָט די פֿרוי, מיט איר טאַנצן פֿון עפּעס־וואָס באַפֿרײַען, פֿון עפּעס אַ וויסטן קלעם אַרויסרײַסן, פֿון אַ געדיכטער פֿינצטערניש אַנט־לויפֿן... און אַז זי בלײַבט פּלוצעם, אין מיטן דעם געוויטערדיקן טאַנץ, שטיין, איר פּנים שוין קרײַד־ווײַס און דערשראָקן, אין די אויגן שוין קיין ברעקל פֿון יענער פֿרייד ניטאָ, זיי ווערן, אירע אויגן, מיט שוואַרצן טרויער פֿאַרלאָפֿן... דאָס געדויערט אָבער ממש עטלעכע רגעס, באַלד ווערט איר פּנים ווידער אויפֿגעפֿלאַמט, ווי אַ פֿײַער פֿון אונטערן אַש אַרויסגעריסן זיך, אין די אויגן גייט ווידער אויף יענע פֿרייד, און מיט אַ מאָל שוין ניט צו פֿאַרשטיין און צו באַנעמען, צעלאָזט זי דעם שיין פֿאַרקעמטן קאָפּ האָר, טוט זיי מיט ביידע הענט און מיט עפּעס אַ מין ציטער און צאַרטקײַט אַ גלעט, און גייט ווידער אַוועק, שוין מיט די צעלאָזטע האָר, אין איר פֿײַערדיקן טאַנץ אַרײַן.

און דאָ, אַז בײַ דעם און יענעם גענומען זיך דערוויסן פֿון וועגן דער פֿרוי,

הגם ניט געוווּסט צוליב וואָס פֿרעגט ער זיך, דניאל, אַזוי פֿונאַנדער, און צוליב וואָס דאַרף ער עס גאָר וויסן ... דאָ, אַז עמעצער זאָגט אים, אַז יענע פֿרוי איז פֿון די טויטן־לאַגערן, פֿון די על־פּי נס לעבן געבליבענע, זי קומט פֿון מאָל צו מאָל אַהער, אויף אַ יום־טובֿ־טאָג, צו אַן אָפּגעפֿונענער ווײַטער קרובֿה ... דאָ, אַז שוין געלאָזט זיך אַוועקגיין, ווײַל יענע פֿרוי שרעקט אים מיט איר האַלטן און פֿירן זיך, ווי ס׳וואָלט אַ שייכות געהאַט אויף צו אים, צו זײַן ווײַטערדיקן לעבן און גורל ... דאָ, אַז שוין געלאָזט זיך אַוועקגיין, געוואָלט וואָס גיכער אַהין, צום שטיבל, אונטערן דאַך, ווו ס׳שטייט זײַן מאַלברעט, זיך דערקלײַבן, די פֿרייד פֿון יענער פֿרויס אויגן אַריבערטראָגן אויפֿן לײַוונט, פֿאַר כיירוסן, ווײַל שוין אַ צײַט ווי ער מאַטערט זיך, דניאל, און קאָן די פֿרייד אין כיירוסעס אויגן ניט געבן ... דאָ, אַז שוין בײַם אַרויסגאַנג געווען, שטעלט זי אים, יענע פֿרוי, מיט אַ מאָל אויפֿן שוועל אָפּ, כאַפּט אָן זײַנע ביידע הענט, נעמט די אויסגעדרייטע פֿינגער זײַנע קושן, און איידער ער קומט צו זיך, דניאל, פֿאַרשווינדט זי, ווי אַ שאָטן ... לויפֿט ער, דניאל, שוין אַן אויפֿגעטרייסלטער, שוין גאָר אַ דערשראָקענער, שוין אין עפּעס אַ מין משונהדיקער פֿרייד און צער, נאָך אין אַזאַ מצבֿ קיין מאָל ניט געפֿונען זיך: לויפֿט ער, דניאל, צוריק אַהין, צום קאַראַהאַד, אָבער אויך דעם קאַראַהאַד טרעפֿט ער שוין דאָרטן ניט, — אַהין איז שוין דערגאַנגען, אַז אַלע אַראַבישע מלוכות זײַנען אויף איר, אויף דער יונגער מלוכה, אויף מדינת ישׂראל, מיט אַלע זייערע כּוחות אָנגעפֿאַלן.

אין יענע טעג, אַז די אַראַבער האָבן מיט שווערד און פֿײַער געוואָלט חרובֿ מאַכן, און פֿון דער ערד אָפּמעקן די מדינה, וואָס איז אויפֿן בלוט פֿון די זעקס מיליאָן ייִדן אויפֿגעקומען: דעמאָלטן, אין יענע גורלדיקע טעג, אַז ער, דניאל, האָט אונטערן האַראַמאַטן־פֿײַער, ווי אַ פֿאַרבינדלער, אין די אויסגעדרייטע פֿינגער דעם באַפֿעל פֿאַרן קאָמאַנדיר פֿון דער פֿאָדער־ליניע, צו זײַן ברודער, צו דודן, געטראָגן און אַ שפּליטער פֿון אַ סנאַריאַד האָט אים אויפֿן וועג געטראָפֿן, דאָך, שוין אַ שווער פֿאַרוווּנדיקטער, שוין אָנגעהויבן די שײַן פֿון דער וועלט צו פֿאַרלירן, דעם באַפֿעל אַהין צו דער פֿאָדער־ליניע, געבראַכט דעם ברודער, וואָס האָט בײַ אים דעם באַפֿעל פֿון צווישן די פֿינגער אַרויסגענומען, שוין ניט דערקענט און אויך זײַן אַרומנעמען אים, דניאלן, און הייסן קוש ניט געפֿילט: דעמאָלטן, אין יענע טעג, שוין בײַם אַרויסגיין פֿון שפּיטאָל, דערזעט ער זי, יענע פֿרוי, און ווידער אין דער אָפֿענער טיר, אויפֿן שוועל שטיין:

— מיך רופֿט מען וויקאַ. וויקאַ טאַל.

— און מיך דניאל...

— איך ווייס. איך וועל צו אײַך די טעג קומען.

— איר וועט צו מיר ניט טרעפֿן. מײַן שטיבל שטייט אַן אַ זײַט, שוין בײַ די זאַמדן. אַ פּאָר הונדערט מעטער פֿונעם ים.

— איך וועל טרעפֿן! — און איז באַלד אין שפּיטאָל אַרײַן, ווי דאָרטן וואָלט אויף איר עפּעס וויכטיקערס געוואַרט.

און ער, דניאל, וואָס האָט געטרוימט און געחלומט, אַפֿילו אין דער טיפֿעניש פֿון דער נשמה געגלייבט, אַז יענע פֿרוי, וואָס האָט אים דעמאָלטן מיט אַזאַ פֿאַראַכטונג און שׂינאה פֿון זיך אָפּגעשטויסן און דערנאָך, טאַקע אין יענער נאַכט, אויפֿן שוועל דאָרטן אָפּגעשטעלט און די אויסגעקרומטע פֿינגער אויסגעקושט, זי, יענע פֿרוי, דאַרף ער ערגעץ־ווו ווידער באַגעגענען; ער וועט איבערן גאַנצן לאַנד אַרומגיין, אַזוי לאַנג זוכן, ביז ער וועט זי געפֿינען... און איצטער, בײַם אַרויסגיין פֿון שפּיטאָל, אַז אויפֿן שוועל, און ווידער אויפֿן שוועל! זי געטראָפֿן שטיין, האָט ער זיך, דניאל, מער דערשראָקן ווי דער־פֿרייט: אין אירע גרויסע אויגן שוין קיין שום פֿרייד ניט געזען, איין שוואַר־צער און געדיכטער טרויער.

און זי איז געקומען. אָבער ניט ווי צוגעזאָגט, נאָר שוין שפּעטער, שוין דעמאָלטן, אַז ער האָט אויפֿגעהערט אויף איר צו וואַרטן, שוין ניט אַרומ־געדרייט זיך בײַם טאָג־פֿאַרגיין מיט דער בריִענדיקער בענקשאַפֿט אין האַרצן; געקומען איז זי, וויקאַ טאַל, און טאַקע בײַם סוף טאָג, בײַם אָנהייב פֿון דער שקיעה, אָבער אין דרײַ וואָכן אַרום, און ווידער אומגעריכט, און ווידער פּלוצעם אויפֿן שוועל פֿון בוידעם־שטיבל, אונטערן דאַך דערזען זי שטיין; און דער שיינער פּנים אויפֿגעפֿלאַמט, און דער רײַכער קאָפּ האָר אויסגעלייגט און אַקוראַט צוגעקעמט און דער עיקר: די גרויסע אויגן פֿול מיט פֿרייד, מיט באַגײַסטערונג, ממש מיט התלהבֿות. און אַן צו פֿאַרענטפֿערן און צו דער־קלערן פֿאַרוואָס און פֿאַרוועז זיך פֿאַרהאַלטן און מיט איר צוזאָג פֿאַר־שפּעטיקט, גייט זי גלײַך צו צום מאָלברעט:

— איך האָב געוואָלט זען אײַערן אַ געמעל.

— מײַנע פֿינגער פֿאָלגן מיך נאָך ניט.

— וועל איך אײַך העלפֿן.

— מיט וואָס קאָנט איר מיר דאָ העלפֿן?

— איך בין אַ סקולפּטאָר . . . — און פֿון איר רענצל אַרויסגענומען אַן אַלבאָם. — נאָט, טוט אַ קוק! — קוקט ער, דניאל זיך איַין, און ניט פֿון איידל־קייַט וועגן, נאָר פֿונעם גאַנצן האַרצן, זאָגט ער: — ווונדערלעך! ווונדערלעך און שרעקלעך . . . ס'איז אוישוויץ?

— ניין. ראַווענסברוק.

— ווונדערלעך און שרעקלעך, — זאָגט ער נאָך אַ מאָל. — פֿון וואָס קלעפּט איר?

— פֿון זאַמד . . .

— פֿון זאַמד?

— יאָ. אין שטילע פֿאַרנאַכטן, אַז ווינטן, אויפֿן ברעג ים, שאַר איך אַן אַ בערגל נאַסן זאַמד און מיטן שפּאַכטל אין דער האַנט שנייַד איך אויס פֿונעם זאַמד אַ באַרעליעף, שניץ אויס די געשטאַלטן, דעם אַרום . . .

— און דערנאָך? — פֿרעגט ער זי שטיל.

— דערנאָך פֿאָטאָגראַפֿיר איך דעם באַרעליעף און גיי אַוועק. דער ווינט פֿאַר דער נאַכט . . .

— ווונדערלעך און שרעקלעך!

— אפֿשר . . . ווו קאָן מען דאָ בײַ אײַך, זאָגט מיר, אויפֿזידן אַ גלאָז טיי?

# כא

און דעמאָלטן, אַז ער, דניאל, ענטפֿערט איר ניט, זאָגט ניט אַווּז מ׳קאָן דאָ אַ גלאָז טיי אויפֿקאָכן, בלײַבט פֿון איר פֿרעג שטיין אין דעם באַגילדעט־לילאָוון נעפּל, וואָס שלאָגט אַהער פֿון דער אין די כוואַליעס זינקענדיקער זון; בלײַבט שטיין מיט די ברייט־אויפֿגעעפֿנטע אויגן פֿולע מיט פֿרייד און שרעק... טוט זי צו אים אַ שמייכל:

— גוט, וועלן מיר טרינקען טיי שפּעטער. לאָמיר טאַקע פֿריער גיין צום יַם זיך אויסבאָדן. — און גלײַך פֿון איר רענצל אַ האַנטעך אַרויסגענומען, פֿון אונטערן דאַך, מיט די טרעפּעלעך אַראָפּגעלאָפֿן און ניט־וואַרטנדיק אויף אים, ווי געגעבן אים צײַט אויף קומען צו־זיך, אַליין געלאָזט זיך צום יַם גיין. און אַז ער האָט זי אָנגעיאָגט, אין פֿוס־טראָט מיט איר זיך אויסגעגלײַכט, פֿרעגט זי אים:

— די מאַמע פֿון אײַער זון, וואָס לעבט דאָרטן אין קיבוץ, אויך זי וועט אַהער צו אײַך קומען?

— ניין.

— פֿאַרוואָס?

— טויטע קומען נאָר צו חלום.

— זי איז אומגעקומען בײַ די דײַטשן?

— ניין, בײַ די באָלשעוויקעס. אין דער נאַכט ווען זיי האָבן מיך אַרעס־טירט, האָבן זיי אויך זי, די שווער־געווינערין, מיטן נאָר וואָס געבוירענעם עופּעלע אויף דער נאָסילקע געבראַכט אין טורמע... זי איז טאַקע אויף דער נאָסילקע געשטאָרבן.

— און ווער האָט צוגענומען דאָס קינד?

— מײַן ערשטע ווײַב.

— און מיט דער ערשטער ווײַב האָט איר געהאַט קינדער?

— געהאַט אַ זון... די דײַטשן האָבן אים אויפֿגעהאַנגען.

און דאָ איז זי מיט אַ מאָל ווײַס און באַלד שוואַרץ געוואָרן, אין אירע אויגן

ווידער יענער טרויער, וואָס קאָן זיך ניט אויסטרויערן, ניט אויסוועפּן, ניט געמינערט און געשטילט ווערן, — אַ טרויער, וואָס קאָן אין זיך קיין טראָ־פּעלע פֿרייד ניט אַרײַננעמען, אַ טרויער מיט וועלכן מ׳לייגט אין קבֿר אַרײַן.

— און איך האָב מײַן קראַנק קינד אַליין געטויט... אין דער מאַלינע, ווו ס׳זײַנען געווען פֿאַרשטופּט נאָך זעקס מענטשן... פֿאַרשלעפּערט... ס׳זאָל ניט וויינען... — און אַוועקגעשפּאַנט ווײַטער, און מיט אַ גיכערן און ברייטערן טראָט אַהין, צום ים, ווו די שקיעה־וואַסערן זײַנען נאָך געווען אין בלוטיקן פֿלאַם. און דאָרטן, ווי נאָר צום ברעג דערגאַנגען, דאָס אָנטאָן פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן און געגומען אויף אים וואַרטן. און אַז דניאל איז פֿון דער ווײַטנס, ווי אײַנגעגראָבן, געבליבן שטיין, און מיט נאָך ברייטערע צעעפֿנטע אויגן, פֿרעגט זי אים:

— איר האָט קיינמאָל ניט געמאָלט פֿון דער נאַטור?

— געמאָלט...

און איך האָב אויך געקלעפּט... טוט זיך אויס! — און זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן ברעג, ווו די כוואַליעס קאָנען זי דערלאַנגען. און ווען ער איז שוין לעם איר געזעסן און דעם קאָפּ אויף איר אַקסל אַוועקגעלייגט, האָט זי צו אים געזאָגט: — דניאל, כ׳ווייס ניט ווער, דער גורל, דער גזר, צי די השגחה האָט דאָ אונדז צונויפֿגעשטויסן, איך גלייב אין גאָט מיטן האַרצן, אָבער ניט מיטן געדאַנק. דער גאָט, וואָס איז אין בלוט פֿון זײַן פֿאָלק, יענער גאָט לייגט זיך ניט אויפֿן שׂכל... דניאל, מיר האָבן ביידע געקאָנט ערגעץ־ווו אומקומען אונטערן ראָד פֿונעם חורבן. איר דאָרטן, בײַ די קאָמוניסטן, נאָך פֿאַר היטלערס אָנפֿאַל אויף רוסלאַנד, אין אַ לאַגער. מיט אײַערע אויסגעדרייטע פֿינגער האָט איר דאָרטן געקאָנט אויסגיין פֿון הונגער... און אויב איך בין געבליבן לעבן, איז שוין ניט צו גלייבן, ס׳איז שוין תּחית־המתים... איך בין דאָך שוין געווען אויף דער שוועל, אין דער אָפֿענער טיר פֿון דער גאַזקאַמער. און דערנאָך דרײַ יאָר ראַווענסברוק... אַז אויפֿזעערין האָט מיך דאָרטן איין מאָל געשלאָגן נאָר דערפֿאַר, וואָס נאָכן אָפּשערן מיר דעם קאָפּ, זײַנען בײַ מיר די האָר גיך אָנגעוואַקסן, און דערצו נאָך געקרויזטע... פֿון אירע קלעפּ בין איך אויף דרײַ חדשים בלינד געוואָרן... דניאל, איר זעט סאַראַ לבֿנה ס׳גייט אויף פֿונעם ים? כ׳זע דאָך די סודותדיקע שײַן פֿון ווײַטע וועלטן! נעמט מיך אַרום, איך האָב אײַך ליב, דניאל, איר זײַנט אַ גרויסער קינסטלער מיט אַ פֿײַערדיקער נשמה... אַזאַ נשמה דאַרף איך איצטער האָבן. אין אַזאַ נשמה קאָן איך איצטער

זײַן פֿאַרליבט. ניין, פֿאַרליבט ניט. ליב האָבן, יאָ, שטאַרק ליב האָבן, ביז ווילד־קײַט... נאָר פֿאַרליבט? פֿאַרליבט קאָנען מיר שוין ביידע ניט זײַן, נאָך דעם וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, איבערגעטראָגן, איבערן טויט געגאַנגען, נאָך דעם קאָן מען שוין אין קונסט אַפֿילו אויך ניט זײַן פֿאַרליבט... אין פֿאַרליבט־קײַט ליגט אייביקײַט... און מײַנע סקולפּטורן זײַנען פֿון זאַמד, ס׳בלײַבט פֿון זיי נאָר אַ קאַפּיע אין אַלבאָם... און איר דניאל, איר וועט אײַער פֿײַערדיקע נשמה ניט קאָנען אויפֿן לײַוונט אויסברענען... נעמט מיך אַרום שטאַרקער, שטאַרקער, זאָלן אײַערע אויסגעדרייטע פֿינגער אַרײַן אין מײַנע ריפּן... איך וויל פֿילן פֿרייד, און אַזאַ, וואָס זאָל שלאָגן אין מײַן לײַב, אין מײַן נשמה, ווי אָט די זילבער־שוואַרצע כוואַליעס פֿון ים אונטער דער לבֿנה... וויפֿל זײַט איר אַלט?

— צוויי און פֿערציק.

— און מיר ווערט איין און דרײַסיק... איך וויל אַ קינד, אַ קינד... כ׳קאָן שוין אָבער ניט האָבן קיין קינדער... — און דניאל דערפֿילט דאָ ווי אירע אַקסלען הייבן זיך אָן טרייסלען, און וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער: זי וויינט, וויקאַ טאַל, ביטער און ייִאושדיק, נאָר שטיל, אָן אַ קול... און פֿון אָט די טרייסלענדיקע אַקסלען, פֿון אָט דעם געוויין אָן אַ קול, ווערט ער, דניאל, אויפֿגעשווידערט, און פֿון וועלן שטילן איר צער פֿאַלט ער צו מיט זײַנע ליפּן צו אירע, צו די מיט טרערן געזאַלצענע... און פֿון זײַנע קושן ווערן אירע אַקסלען שטילער און שטילער, ביז גאָר אײַנגעשטילט. און דאָ כאַפּט זי אים אַרום: — איך האָב געוויינט מיט טרערן?

— אַוודאי מיט טרערן.

— איך האָב דאָך ביז אַהער־צו ניט געוויינט מיט טרערן. די טרערן אין מײַנע אויגן זײַנען מיר אויסגעטריקנט געוואָרן דאָרטן, ווי די מילך אין מײַנע בריסטן נאָכן קינדס טויט... איך, די מאַמע־מערדעריןֹ, איך האָב דאָס קינד געהאַלטן בײַ דער ברוסט אַ גאַנצן טאָג, און ביז האַלבער נאַכט, ביז די גויה האָט עס בײַ מיר צוגענומען און אַוועקגעטראָגן... דאָס טויטע קינד איז געלעגן בײַ מײַנע פֿולע בריסטן און הייסע מילך איז פֿון זיי גערונען... קומט, דניאל, די זילבער־שוואַרצע כוואַליעס האָבן שוין אונדז גוט אויסגעשלאָגן די ביינער, קומט, מירן גיין אין אײַער שטיבל אויפֿזידן אַ קענדל וואַסער. איך האָב אין מײַן רענצל אַ ביסל טערקישע קאַפֿע און אויך אַ ביסל גרינעם ליקיאָר Brizard Marie, וואָס שמעקט מיט מיאַטע... דניאל, איך וועל מיט אײַך הײַנט

שיכּורן און פֿאַרשיכּורן די גאַנצע נאַכט, און אפֿשר דאָס גאַנצע לעבן מײַנס! איר ווייסט, מיט אײַער צעפּאַטלטן קאָפּ און צעשויבערטער באָרד זײַט איר דאָ, אויפֿן ברעג ים, אונטער דער ליכט פֿון דער לבֿנה, ענלעך אויפֿן גריכישן גאָט פֿון די ימען, ס'פֿעלט אײַך נאָר אין האַנט דער דרײַצאַניקער גאָפּל מיט וועלכן איר זאָלט קאָנען אַ טרייסל טאָן די ערד... — און אַז צונויפֿגענומען די האָר אין אַ קובליק, אַנגעהויבן זיך אָנטאָן: — מײַן פֿולער נאָמען איז וויקטאָריאַ, די געטין פֿון ניצחון! — און זיך צעלאַכט. דאָס ערשטע מאָל פֿאַר די לעצטע יאָרן הערט ער, דניאל, אַזאַ האַרציק־שפּרודלדיקן, אַזאַ זאַפֿטיק־פֿריידיקן געלעכטער.

און דערנאָך, שוין דאָרטן, שוין אומקערנדיק זיך פֿונעם ים אין שטיבל אַרײַן, דאָרטן האָט זי באַלד, ווי אַ באַלעבאָסטע, דאָס נאָפּטלעמפּל אָנגעצונדן, אין אויוועלע פֿײַער געמאַכט, דאָס קענדל וואָסער אָװעקגעשטעלט אויפֿזידן, אַ ווײַס סערוועטל פֿאַרשפּרייט און דעם גרינעם ליקער אַוועקגעשטעלט, די טערקישע קאַפּע אַרויסגענומען און די פֿיר פֿריש־שמעקנדיקע בייגל, די צוגע־ברוינטע און מיט מאָן באַשאָטענע, אויפֿן טיש אַוועקגעלייגט. און ער, דניאל, שטייט ווידער אַ פֿריידיק־דערשראָקענער, און ווידער מיט ברייט־צעעפֿנטע אויגן, ווי מיט אַ מאָל דאָ, אין דעם פֿאַרפֿלייצטן שטיבל מיט לבֿנה־שײַן, בײַ דער רויטער ליכט פֿונעם נאָפּטלעמפּל, וואָלט ער אַ גילגול דערזען: זי איז דאָך געראָטן, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, אין יענער שפּאַניערין, אין איזאַבעל דע פּאַרסעל, וואָס פֿראַנציסקאָ גאָיאַ האָט אויפֿן לײַוונט פֿאַראייביקט... אויך בײַ דער, בײַ וויקאָ טאָל, איז די שיינקײַט אַזאַ העלע, דער קאָליר פֿון פּנים אַזאַ צאַרטער, די אויגן אַזעלכע גרויסע און קאַרע, פֿולע מיט כּוח פֿון לעבן... האָט זי דאָ אויף זיך דערפֿילט, וויקאָ, זײַנע אויגן, זיך האַסטיק אויסגעדרייט, און געזאָגט צו אים:

— דניאל, מיר וועלן מיט אײַך זײַן גליקלעך. נאָך דעם וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט און אויסגעשטאַנען, נאָכן גיין איבער די פֿײַערן, וואָס דאַנטעס גיהנום האָט פֿון אַזעלכע ניט געוווּסט, נאָכן אַריבערשפּאַנען איבערן טויט, קומט אונדז גליק... ליקער טרינקט מען געוויינטלעך, צו ביסעלעך, טראָפּנ־ווײַז, נאָר מיר וועלן אויסטרינקען צו פֿולע כּוסות!

און אַז זיי האָבן שווײַגנדיקערהייט, נאָר אין די אויגן זיך אַרײַנגעקוקט, אויסגעטרונקען די פֿולע כּוסות גרינעם ליקער, וואָס שמעקט מיט מיאַטע, האָט זי אויף די פֿאַרלייגטע הענט אויפֿן נאַקן דעם קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן, אַ פּאָר מינוט

מיט צוגעמאַכטע אויגן געבליבן זיצן, ווי צו די ווײַטערדיקע טריט פֿון איר גורל זיך צוגעהערט, און דערנאָך, אַז אויפֿגערעגטע, דעם שנײַדערס קאַסטן, וואָס דניאל האָט זיך נאָך ביז אַהער צו אים ניט צוגערירט, אויפֿגעעפֿנט און פֿון דאָרטן אַרויסגענומען צוויי קישנס אין נײַע אײַנשיטן, נײַע ציכלעך און לײַלע־כער, וואָס שמעקן מיט נאַפֿטאַלין, אויפֿן אַלטן טערקישן דיוואַן אַ געלעגער אויסגעבעט, דאָס רויטע פֿײַערל פֿונעם נאַפֿטלעמפּל אויסגעלאָשן, און שוין בײַ דער בלאָוולעכער, בײַ דער בעז־שײַן פֿון דער לבֿנה, מיטן האַרצן צו גאָט זיך געווענדט, מִן המיצר גערופֿן, בײַ אים רחמים געבעטן און דערנאָך פֿאַרן שפּיגל אויף דער וואַנט, בײַ יענער אומרויִקער לבֿנה־ליכט, די האָר־נאָדלען פֿון קובליק אַרויסגענומען, מיטן קאָפּ די האָר אויף די אַקסלען צעשאָטן, די בײַטש בליציקע קאַרעלן און די אַראָפּהענגענדיקע אוירינגלעך אַראָפּגענומען, זיך אויסגעטאָן און ביידע זײַנען זיי אויסגעבענקטע, ווי פֿון מידבר־אויסגע־דאַרשטע, מיט דער להוטקײַט פֿון אויסגעהונגערטע צוגעפֿאַלן איינער צום אַנדערן אויף צו ווערן שוין איין לײַב, איין נשמה, איין גרויסע ליבשאַפֿט, וואָס צו איר זאָל גאָר קיין סוף ניט זײַן.

# כב

און שפּעטער, שוין ווײַט נאָך האַלבער נאַכט, שוין נאָכן אָנטרינקען און אָנחיותן זיך מיט דער פֿרייד און באַגײַסטערונג פֿון דעם ערדישן ברונעם, אַז זי ווערט אַ מיד־אײַנגעשטילטע אַנטשלאָפֿן, ליגט ער, דניאל, מיט אָפֿענע אויגן און ווייסט נאָך אַלץ ניט צי זי, וויקטאָריאַ טאַל, איז וואָר, צי חלום, אויסגע־בריטער דימיון, נאַכט־געשפּענסט, דער גילגול פֿון זיי בײדע, פֿון סטיסיען און דאַלין... די שווערע וויִעס פֿאַלן אים אַראָפּ, ווילן אײַנדרעמלען, האָט ער אָבער מורא אײַנשלאָפֿן, ווײַל מיט זײַן געשריי קאָן ער זי אויפֿוועקן און דער־שרעקן: אין דער־אָ צײַט, פֿאַרן טאָג ווערן, ברעכט מען אים דאָך די פֿינגער... שרײַט ער, דניאל, ניט פֿון ווייטיק, נאָר פֿון דעם, וואָס מיט די אויסגעלאָמעטע פֿינגער וועט ער ניט קאָנען מאָלן, זײַן נשמה, די באַיאָרישע, וועט דאָך אויס־געברענט ווערן אויפֿן ווינט... און דאָ, שוין בײַם סוף פֿון דער נאַכט, אַז אונטערן דאָך טערקלען זיך שוין צאַרט איבער די טויבן, דער שפּיגל אויף דער וואַנט הייבט אָן צו בלויען זיך און ס'טוט אין אים אַ צאַפּל דער ערשטער פֿאָדעם גאָלד פֿון זריחה, דאָ, אַז ניט אין שטאַנד זיך גובֿר זײַן, קאָן שוין מער ניט ראַנגלען זיך מיט די שווערע וויִעס, הייבט אָן אַרײַנצופֿאַלן אין שלאָף, דאָ דערפֿילט ער, דניאל, ווי בשעתן זיצן מיט איר אויפֿן ברעג ים, אַז אירע אַקסלען נעמען ווידער ציטערן, טרייסלען זיך, און וואָס ווײַטער שטאַרקער און שטאַר־קער... און משונה, שוין ניט צו פֿאַרשטיין: דער גאַנצער קערפּער אירער, דער נאָר וואָס הייסער, ממש אָנגעגליטער, ווערט מיט אַ מאָל קאַלט, אָפּגע־שטאָרבן און פֿאַרגליווערט. דער רעכטער פֿוס אירער, דער אײַנגעבויגענער אין דער קני, וואָס ליגט אויף זײַנעם, און אויך די רעכטע האַנט אירע, וואָס נעמט אים אַרום, טוען זיך קיין ריר ניט... די אַקסלען זײַנען בײַ איר נאָר הייס און ציטערן. אָט דער פּלוצעם קאַלט און פֿאַרגליווערט געוואָרענער גוף אירער מיט די הייסע זיך טרייסלענדיקע אַקסלען, שווידערן אים אויף, דניאלן, ביז גאָר. און אַז שוין קוים זי אויפֿגעוועקט און אירע אַקסלען מיט זײַנע קושן אײַנגע־שטילט, זאָגט זי צו אים, ווי פֿאַרענטפֿערט זיך, און ווי בײַ אים מחילה געבעטן:

— וואָס זאָל איך טאָן? מײַן קינד װײנט אין מיר...

— וויקאָ, דו האָסט געבראַכט דײַן קינד פֿאַר אַ קרבן...

— איך הייס ניט וויקאָ, נאָר אָסנאַ... וויקאָ האָט געהייסן מײַן דרײַ־חדשימדיק קינד... וויקאָ, וויקטאָריאַ, די געטין פֿון ניצחון! איך בין שוין געשטאַנען בײַ דער טיר פֿון דער גאַזקאַמער, נאָר די יונגע פֿרוי, וואָס איז געגאַנגען פֿאַר מיר, אַ וווּנדערלעכע פֿרויען־שיינקײַט, האָט זיך מיט אַ מאָל אויסגעדרייט און אָנגעשפּיגן דעם עסעסאָווען אַ פֿולן פּנים... מ׳האָט זי אויפֿן אָרט געשאָסן און פֿאַרהאַקט די טיר פֿון דער גאַזקאַמער. מיך האָט מען דער־נאָך אָוועקגעשיקט קיין ראַווענסברוק... גיט מיר אויך אַ סיגאַרעט.

— פֿאַרוואָס אירצסטו מיך נאָך אַלץ?

— איר זײַט נאָך מײַן סקולפּטור פֿון זאַמד... אַז איך וועל האָבן פֿון אײַך אַ קינד, וועל איך אײַך אויסהאַקן פֿון שטיין. אָבער קינדער, ווי ס׳האָבן מיר געזאָגט אַלע דאָקטוירים, קאָן איך ניט האָבן.

— וועל איך, — פֿרעגט ער זי מיט שרעק און קוקט איר אַרײַן אין די טיפֿע שוואַרצע גרויסע אַפּלען, ווו ס׳הייבט אָן צו טאָגן, — וועל איך אויך, ווי אַלע אײַערע זאַמד־סקולפּטורן, צעווייעט ווערן מיטן ווינט?

נעמט זי אַרײַן זײַן באָרד אין אירע שיינע הענט: — מײַן מאַן האָבן די דײַטשן געהרגעט פֿאַר מײַנע אויגן אין פֿערציקסטן יאָר. איר זײַנט בײַ מיר דער צווייטער מאַן אין מײַן לעבן. מיר איז גוט מיט אײַך, דניאל, מיט דיר... דעם לײַוונט וועסטו פֿאַרענדיקן, די פֿרייד פֿון אויגן, וואָס האָבן בײַגעקומען דעם טויט, וועסטו באַשאַפֿן... מיר וועלן ביידע שאַפֿן. בײַ אונדז ביידן זײַנען די נשמות אָנגעגליטע...

און אין צוויי וואָכן אַרום איז זי פֿון אים אַוועק, און אויך בײַם טאָג ווערן, ווען ער איז איבער דעם פֿרי־פֿרילינגדיקן וואַלד אַרומגעלאָפֿן, צו די טאָלן מיט די נאָך שוואַרצע שנייען געשריען, געררופֿן די מאַמע זײַנע, וואָס די באַנדיטן האָבן זי ערגעץ דאָרטן לעבעדיקערהייט באַגראָבן... — ער האָט איר צעטעלע, קוים איבערצולייענען, מיט אַ ציטערדיקער האַנט, מיט געבראָכענע אותיות אָנגעשריבן, אין דער אָנגעשפּאָלטן־הילצערנער ראַם פֿון דעם אַלטן שפּיגל אויף דער וואַנט געפֿונען שטעקן: „מער קאָן איך ניט... מיר קאָנען ביידע מער ניט זײַן צוזאַמען. ס׳איז ניט פֿאַר מענטשלעכע כּוחות. די ווייטיקן און די לעבעדיקע שאָטנס וואָס מיר טראָגן אין זיך שרײַען פֿון אונדז אין די נעכט אַרויס. און זיי וועלן קיינמאָל ניט אַנטשוויגן ווערן... — אָסנאַ־וויקאָ.“

פֿאַרשטעקט ער מיט זײַנע טרויעריק־פֿאַרצווייפֿלטע פֿינגער דאָס צעטעלע צוריק אין דער שפּאַרונע און קוקט מיט גלויבן, מיט זיכערקײַט אַפּילו, אין שפּיגל אַרײַן: אויך דאָרטן האָט זי דאָך געדאַרפֿט פֿון זיך אַ סימן איבערלאָזן: דאָרטן האָבן דאָך געמוזט פֿאַרבלײַבן אירע גרויסע אויגן, די פֿולע מיט ווילדער פֿרייד, און אויך יענע אויגן אירע, אין שוואַרצן קאַלטן טרויער: אויגן, ווי בײַנאַכטיק וואַסער אין אַ טיפֿן ברונעם. און ער האָט זיי טאַקע דערזען דאָרטן, די צוויי פּאָר אויגן אירע, אין דעם אַלטן געלן שפּיגל אויף דער וואַנט. טוט ער זיך אַ דריי אויס צו זיי, צו יענע אויגן, מיט אויסגעשטרעקטע הענט: אַסנאַ־וויקאַ!... נאָר אין די נידעריקע ווענט, שוין פֿאַרפֿלייצטע מיט זון, איז קיינער ניטאָ. אונטערן דאַך טערקלען די ברוינע טויבן, די וואָראָבעלעך צוויטשערן, פֿון ערגעץ ווייעט מיט סמאַלענע, אין זאַמד סקריפּעט אַ פֿורל און אַ זקניש קול זינגט אויס: אַלטע זאַכן! דער אַלטער שנײַדער, ר׳ ישׂראל, איז דאָ מיט זײַן אייזעלע פֿאַרבײַגעפֿאָרן... לויפֿט ער אַהין, דניאל, אויפֿן בוידעם־שטיבל, אפֿשר איז זי, דער גרויסער סוד פֿון זײַן גאַנצן לעבן, גאָר דאָרטן? אָבער שוין אונטערן הייסן דאַך שטייט אויפֿן לײַוונט די שלעכט אָנגעמאָלטע ביירוס מיט די ליידיקע אויגן, ווײַסע אויגן, מידבערדיקע, דערשראָקענע, ווי זיי וואָלטן פֿאַר זיך דעם טויט דערזען און ניט געהאַט וווהין צו אַנטרינען ווערן... לויפֿט ער ווײַטער, שוין אין דרויסן אַרויס, רופֿט זי דאָרטן שטיל, און העכער, און נאָך העכער, און שוין פֿאַרצווייפֿלט, ווי דעמאָלטן, אין זײַנע צוועלף יאָר, אין דעם פֿרי־פֿרילינגדיקן, אין דעם מיט וואַסער פֿאַרפֿלייצטן וואַלד, די מאַמע זײַנע גערופֿן.

און ער האָט אומעטום געזוכט, דניאל באַיאַר, אויך בײַ איר ווײַטער קרובֿה געווען, נאָר יענע אין שטוב ניט געטראָפֿן, זי איז אַ לערערין אינעם קינדער־היים, ווו זײַן זון ווערט דערצויגן: ניין, אַסנאַ איז שוין בײַ איר לאַנג ניט געווען... ער וויל זיך מיט זײַן זון זען? באַלד, איין רגע... — נאָר דער זון האָט שוין דעם טאַטן ווי ניט דערקענט, און אויך דעם לשון זײַנעם, ייִדיש, ניט פֿאַרשטאַנען. — ער איז אויך געגאַנגען אַהין, דניאל, אין דער קאַוויאַרנע, ווו מאָלער, געקומענע פֿון גלות, זיצן בײַ טישלעך, זופּן שוואַרצע טערקישע קאַווע און חקירהן, צי ס׳איז פֿאַראַן ייִדישע קונסט... ער איז שוין איין מאָל דאָרטן, דניאל, נאָך פֿאַר דער באַגעגעניש מיט וויקאַ טאַל, אין יענער קאַוויאַרנע געווען, זיי דעמאָלטן געזאָגט, אַז אַפּילו די פֿאַרבן בײַטן בײַם ייִדישן קינסט־לער זייערע קאָלירן... האָבן זיי געוואָלט זײַנס אַ בילד, צי אַ צייכענונג זען,

האָט ער דאָך ניט געהאַט וואָס זיי צו באַווײַזן, ער קריצט דאָך דאָ מיטן שטעקעלע בײַם ברעג ים אויפֿן נאַסן זאַמד... און די אויסגעלאָמעטע פֿינגער זײַנע אין די קעשענעס באַהאַלטן: אויף סטאַלינען טאָר מען דאָ קיין שלעכט וואָרט ניט זאָגן. ער האַלט דאָך אונטער, סטאַלין, די יונגע מדינה פּאָליטיש, און דער עיקר מיליטעריש... — זיי קאָנען פֿון רחמנות וועגן, נעמען קלײַבן פֿאַר אים נדבֿות, און אויך אויף קיצבֿה־ברויט אָוועקזעצן; אָבער איצטער, אַז זי, אַסנאַ־וויקאַ, איז בײַם טאָג ווערן פֿון אים אָוועק, אַ צעטעלע אין דער אַנגע־שפּאָלטענער ראַם פֿון דעם אַלטן געלן שפּיגל אויף דער וואַנט איבערגעלאָזט, איז ער אויך אַהין, אין דער קאָוויאַרניע, געגאַנגען זי זוכן, פֿרעגן זיך אויף איר; האָט אָבער קיינער דאָרטן ניט געהערט און ניט געקענט אַזאַ סקולפּטאָרין מיטן נאָמען וויקאַ טאַל... און שוין אויף אים, אויף דניאל באַיאַר, גענומען קוקן ווי אויף איינעם, וואָס איז שוין ניט בײַ די קלאָרע געדאַנקען. — און ער האָט זי טאָקע אין ערגעץ ניט געפֿונען, ווי אויך אירע טריט וואָלטן מיטן ווינט אין די זאַמדן אויף אייביק פֿאַרוויייעט געוואָרן.

און דערצו נאָך, אַז נאָך דרײַ וואָכן אַרומזוכן און אַרומבלאָנקען, נאָכן אַרומוואַנדערן און אַרומוואָגלען אונטער דער פּאַליענדיקער זון איבער די הייסע באַרג־ און טאָל־וועגן, נאָכן אָפּשטעלן יעדן איינעם און פֿרעגן, און פֿאַר אים אויסמאָלן זי און פֿאַרשטעלן, אַז צו זײַן מקום־מיקלט, צו זײַן שטיבל זיך אומגעקערט און דאָס צעטעלע אין דער שפּאַרונע אויך ניט געטראָפֿן — אין אַלע פֿיר ווינקלען אויף די קני געקראָכן, מיט דער באָרד דאָרטן געשאַרט, דעם קאַסטן אָפּגערוקט: בײַם אַרויספֿאַלן האָט דאָך דאָס צעטעלע געקאָנט מיטן ווינט פֿאַרטראָגן ווערן; ער האָט אָבער דאָס צעטעלע ניט געפֿונען און גענומען צווייפֿלען צי זי, אַסנאַ־וויקאַ, איז ביכלל דאָ געוועזן בײַ אים... זי איז ניט מער ווי אַ געדאַכט, אַ הייסער דימיון, די גרויסע בענקשאַפֿט זײַנע נאָך זיי ביידן, נאָך סטיסיען און דאַלין... און דאָ דערזעט ער ווידער אין אַלטן שפּיגל אויף דער וואַנט, צווישן די געלע פֿלעקן, יענע אויגן אירע, די פֿולע מיט פֿײַער־דיקע און ווילדע פֿרייד, און אויך יענע אין שוואַרצן קאַלטן טרויער, די אויגן, ווי בײַנאַכטיק וואַסער אין אַ טיפֿער קרענעצע; טוט ער זיך ווידער אַ דריי אויס מיט די אויסגעשטרעקטע הענט צו איר: אַסנאַ־וויקאַ! — נאָר קיינער איז אין שטיבל ניטאָ. די ברוינע טויבן טערקלען אין דער הייסער שקיעה, ס׳שמעקט מיט פֿאַרשטויבטע קרײַטעכצער, אין זאַמד סקריפּעט אַ פּורל און דער זקן, ר׳ ישׂראל, זינגט אויס: אַלטע זאַ־אַכן!... זי, אַסנאַ־וויקאַ, איז פּשוט זײַנע אַן אײַנ־

רעדעניש, אַ טעלערל פֿון הימל, אַ שרעקלעך־זיסער חלום, אַ פֿאַרפֿירערישער שאָטן... אָבער דער דיוואַן שטייט דאָך נאָך ניט פֿאַרבעט, ס׳ווייעט נאָך מיט מיאַטע פֿון גרינעם ליקער, און ער פֿאַלט צו, דניאל, צום געלעגער, וואָס שמעקט נאָך מיט איר לײַב... און ער פֿאַרבלײַבט אַזוי אויף דער גאַנצער נאַכט אויפֿן געלעגער, מיטן פּנים אין דעם קישן אויף וועלכן זי איז געלעגן.

און אַז מיטן טאָג־אויפֿגיין שוין מער ניט געקאָנט די זיך־קלעפּנדיקע אויגן אויפֿרײַסן, און איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן, האָט ער זיך אָבער באַלד פֿון זײַן אייגענעם געשריי אויפֿגעכאַפּט: געזען ווי די דײַטשן אין שוואַרצע שינעלן הענגען זײַן זון, זרחלען, און אויך ווי זיי הענגען זי, די וווּנדערלעכע איווע באַיאַר, וואָס האָט אים אין יענער וויכערדיקער נאַכט, ווען סטאַלינס פֿאַר־שווינען אין די גרויע מאַקינטאָשן האָבן זיי, איוועז און דניאלן, געפֿירט אין טורמע אַרײַן, דעמאָלטן אויפֿן וועג געזאָגט: — בײַ אַזאַ נסיון, דני, טאָר מען וועגן זיך ניט טראַכטן! אויב דו טרעטסט איבער דעם שוועל פֿון דער טורמע מיט שרעק פֿאַר זיך, אָדער פֿאַרן לעבן פֿון דײַנע נאָענטע, וועסטו ניט אויס־שטיין... דו וועסט גלײַך צעבראָכן ווערן! — און אַז מיטן טאָג־שטעלן־זיך פֿון זײַן אייגענעם גרויל־ און גורל־געשריי זיך אויפֿגעכאַפּט, לויפֿט ער צום אַלטן שפּיגל און דערזעט טאָקע זיי, די אויגן אירע, וויקאָ־אַסענס, די פֿולע מיט פֿײַערדיקער און ווילדער פֿרייד... איז ער תּיכּף פֿונעם שפּיגל אויפֿן בוידעם־שטיבל אַרויפֿגעלאָפֿן, צום מאָלברעט זיך געשטעלט: ער וועט כיירוסעס אויגן באַלד אָנפֿילן מיט יענער פֿרייד פֿון קאָנען בײַקומען דעם טויט! און ניט נאָר זי, כיירוסן, וועט ער, דניאל, דערמאָלן, ער וועט אויך יענע אויסגעהאַקטע דעמבעס פֿון די פּאַלעסיער וועלדער, די באַיאַרס, פֿאַראייביקן; און אויך יענעם נדר אויספֿילן, דעם זקנס, ר׳ ישׂראלס, צוויי טויטע, די אויפֿגעהויבענע און פֿאַרגליווערטע קללה־הענט צו דער וועלט, וועט ער, דניאל, באַיאַר, פֿאַר־אייביקן... זײַן שליחות וועט ער דאָ אויספֿילן, זײַן נשמה וועט ניט אויפֿן ווינט, נאָר אין שאָפֿן אויסגעברענט ווערן!

און אַז דרײַ וואָכן נאָכאַנאַנד, פֿון טאָג ווערן ביז נאַכט שטעלן־זיך, ניט געקאָנט מיט די אויסגעדרייטע פֿינגער אָנפֿילן כיירוסעס אויגן מיט יענער פֿרייד פֿון בײַקומען דעם טויט; די אויגן אירע, כיירוסעס, זײַנען ווײַסע, ליידיקע, און דערשראָקענע פֿאַרבליבן, ניט געהאַט ווי הין פֿונעם טויט צו אַנט־לויפֿן, און ווו הין פֿון אים צו אַנטרינען ווערן... אָט דעמאָלטן, שוין מיט אַלע חרובֿ־געוואָרענע האָפֿענונגען אין האַרצן, אַז שוין אָפֿן און קלאָר, שוין אין דער

גאַנצער שוידערלעכער נאַקעטקייט געזען, און אויך באַנומען אירע רייד, וואָס זײַנען אים דאָרטן, אונטער דער לבָנה, אין די ים־כוואַליעס דעמאָלטן געזאָגט געוואָרן: „אײַער נשמה וועט אויפֿן לײַוונט ניט אויסגעברענט ווערן״... יאָ, זי איז גערעכט געווען וויקאַ־אַסנאַ! און ער איז ווידער, דניאל, פֿאַר יענעם אַלטן געלן שפּיגל שטיין געבליבן, געוואָלט כאַטשבי יענע אויגן אירע דערזען, די אין שוואַרצן קאַלטן טרויער, ווי דאָס בײַנאַכטיקע וואַסער אין טיפֿן ברונעם; אָבער שוין אויך יענע אויגן אירע דאָרטן ניט געזען, נאָר דערזען דאָרטן, אין יענעם שפּיגל, זיך אַליין, זײַן גרוי געוואָרענע באָרד, די אײַנגעפֿאַלענע ניט־היגע אויגן... און פּלוצעם דערהערט ער פֿון דאָרטן, פֿונעם געלן שפּיגל, איר קול:

— דניאל, מיר קאָנען ניט זײַן צוזאַמען. ס'איז ניט פֿאַר מענטשלעכע כּוחות. די ווייטיקן און די לעבעדיקע שאָטנס, וואָס מיר טראָגן אין זיך, שרײַען אין די נעכט פֿון אונדז אַרויס, און זיי וועלן קיין מאָל ניט אַנטשוויגן ווערן...

און ער איז אויפֿן בוידעם־שטיבל אַרויף, פֿאַר די טערקלטויבן פֿון טאַר־בעלע די פּערלגרויפּן אויסגעשאָטן, פֿון מאָלברעט די ראַם מיטן לײַוונט אַראָפּגענומען, אין דרויסן אַרויסגעטראָגן, און דאָרטן אונטערגעצונדן... ער איז געשטאַנען, דניאל באַיאַר, און געוואָרט ביז כײַרוסעס ווײַסע, לײַדיקע, דערשראָקענע אויגן זײַנען אין פֿלאַקער אַרײַן, און זיך דערנאָך מיט די זאַמדן געלאָזט צום ים גיין. ס'האָט געהאַלטן בײַם סוף פֿון זון־זעצן־זיך. אין די שויבן פֿון די ווײַטע הײַזלעך האָבן דערברענט כײַרוסעס ווײַסע אויגן. ערגעץ דאָרטן, אין די זאַמדן, סקריפּען נאָך די רעדער פֿונעם שנײַדערס וועגעלע, און דער זקן, ר' ישׂראל, זינגט אויס:

— אַ־ל־טעע—זאַאַכן! — און ס'ווייעט מיט איבלדיקער זיסקייט פֿון פּוילנ־דיקע קאַווענעס, און אַ גרויסע פֿליג, אַ גרין־בײַכיקע, בײַסט אים ביז בלוט די אונטערשטע ליפּ, ניט אָפּצוטרײַבן זי... און ער דרייט זיך אַלע מאָל אויס, דניאל, ער וויל פֿאָרט זען דאָס שטיבל, וווּ זי, וויקאַ־אַסנאַ, וויקטאָריאַ טאַל, איז געווען מיט אים, — דעם גרינעם ליקער מיטן ריח פֿון מיאָטע געטרונקען מיט אים פֿון איין כּוס... נאָר דאָרטן שטייט אַ געדיכטער נעפּל. דאָס שטיבל איז ניטאָ. און אפֿשר איז עס דאָרטן גאָר קיין מאָל ניט געווען? און אויך זי, וויקאַ־אַסנאַ, אויך זי איז דאָך אַן אויסגעדאַכטעניש, אַ פֿאַטאַ־מאָרגאַנאַ אין מדבר...

# כג

און דערנאָך, אַז שוין ניט דאָרטן, אויף די בערג פֿון יהודה, בײַ יענע דרײַ קיפּאַריסן אין דעם שמאָלן פֿענצטער, וואָס האָבן אין די נעכט, בײַ דער פֿאַר־בלאָווטער לבֿנהקײַט, געוואָלט פֿאַרשאָטענען אויף דער וואַנט יענעם פֿאַר־בלוטיקטן אויפֿשריפֿט: אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ... — שוין ניט דאָרטן, אויף די אויסגעטרוימטע און אויסגעיסורימטע בערג, ווו זײַן עלנטקײַט איז נאָך גרעסער געווען פֿון יענער, בײַ די קיעווער בערג, אויף די וואַסערן פֿון דניעפּער־טײַך, וווהין ער פֿלעג אַרויסגיין נאָכן אָפּהאַרעווען דעם טאָג בײַם שרײַבטיש, בײַ דעם שוואַרצן פֿלאַם פֿון די אַזכּרה־ליכט, אין יענעם דזשונגלשווילי־לאַנד, אין יענער וויסטע־ניש, ווו פֿון די ווינטן פלאַצן אויפֿן פֿידל די סטרונעס פֿון ווייטיק... שוין ניט דאָרטן, אויף די יהודה־בערג, נאָר שוין דאָ, צופֿוסנס דעם כּרמל־באַרג, בײַ די ווילד־פֿאַרוואַקסענע זאַמדן, ווו ס'איז שוין אַפֿילו קיין עלנטקײַט אויך ניטאָ... דאָ, שוין נאָך די ווינטערדיקע רעגנפֿאַלן, שוין נאָך די שלאַקס־ און געוויטער־רעגנס, שוין נאָכן אָנצינדן די טרויער־צאַרנדיקע ליכט נאָך דניאלס אין די כוואַליעס אויסגעלאָשענער נשמה, זי צוגעשטעלט און מצרף געווען צו די אַזכּרה־ און אייביקע אַבֿלות־ליכט, וואָס ברענען אַרום זײַן טיש; דעמאָלטן, שוין נאָכן אָנצינדן דעם נר־תּמיד פֿאַר דניאלן דער מומע ליבעס, וויקלט ער זיך אײַן, אלישע בן מאיר, נאָך שטאַרקער און שטײַפֿער אין דעם וואָלענעם געשטרײַפֿטן שאַרף, הגם דער פֿרילינג איז שוין אין פֿולן ברי־און ברען, די ערד אין הייסן פֿילקאָליריקן צוויט, אין געדיכטע האָניק־ריחות, אין געזאַנג פֿון פֿייגלען, — אַפֿילו די גרוי־שוואַרצע קראָען קאַרקען שוין מילדער, ווייכער און זילבערדיקער...

און ער נעמט אײַלן, דער לעצטער בעל־תּפֿילה פֿון דעם גרויסן באַיאַר־שבֿט אויף די טײַכן פֿון רוסלאַנד, צום סיום־הספֿר, ווײַל ניט נאָר אין די פֿאַר־טאָגן, נאָר שוין אויך אין די סוף־טאָגן קומט ער, יענער, וואָס וויל דעם אַלטן שרײַבער פֿאַרמערן און פֿאַרלענגערן דאָס לעבן, נאָר בתּנאַי, אַז ער, אלישע בן

מאיר, זאָל די פֿאַרגרעסערטע און צולייג־יאָרן נעמען בײַ אים, בײַם גרויסן בעל־רחמים, בײַם מלאך־המוות, פֿון יענעם אינדזל יאָרן, וואָס פֿון די אומגע־בראַכטע אַנדערהאַלבן מיליאָן קינדער אין די טאָלן און באַלקעס, אין די סטעפּעס און וועלדער, אין די גאַזקאַמערן... ער קומט, יענער, שוין אַן אויפֿגערייצטער און אויפֿגעקאָכטער פֿון אלישע בן מאירס שטיינערנער עקשנות, פֿון זײַן קנאַישער אײַנגעשפּאַרטקײַט, פֿון זײַן ווילדן ניט־וועלן צו פֿאַרלענגערן זיך דאָס לעבן כאָטשבי אויף איין רגע אויפֿן חשבון פֿון יענעם בלוטיקן אינדזל קינדער־יאָרן... ער קומט יענער טאָג־אײַן און טאָג־אויס, פֿאַר זון־זעצן־זיך, און כאַפּט אים אָן, דעם זקן, מיט די שאַרף־ביינערדיקע פֿינגער פֿאַרן גאַרגל, און אלישען באַשלאָגן קאַלטע טראָפּנס און דאָס האַרץ הייבט אָן צו קלאַפּן מיט איבעררײַסן: איינס, צוויי.. און דער דופּק ווערט מיט אַ מאָל פֿאַרפֿאַלן; וועט זײַן אויסגעווייטיקט און אויסגעמאַטערט האַרץ זיך באַלד אָפּשטעלן און אויסגיין דאָ, אין די זאַמדן, בײַ דער שקיעה? איז עס שוין דער סוף זײַנער, און אויך דער סוף פֿון יענער שקיעה, וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן דאָרטן, אין דעם ווײַטן דאָרף פֿון די פּאַלעסיער וועלדער, ווו ער איז געבוירן געוואָרן בײַ דער נאַהאַדיִערן, אויפֿן סוף־זומערדיקן גאָרטן, אַ ניט־געבעטענער, שין גאָר אַן איבעריקער דאָרטן, צווישן די זיבן הונגעריקע און באָרוועסע קינדער, אין דער געדונגענער גויִשער כאַטע אונטערן שטרוי־ענעם שוואַרצן דאַך.

און ס'איז שוין טאָקע דער סוף פֿון זײַן געשריי דאָ אויף דער ערד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעמאָלטן, אין יענעם חצי־אלולדיקן פֿאַרנאַכט, אין די פּאַלעסיער וועלדער, ווו זײַן מאַמע, ליבע־שׂרה, די טאָכטער פֿון ר׳ אהרן הלוי, דעם נאַהאַדיִער, וואָס האָט געהאַנדלט מיט וואַלד און מיט פֿיך, געטריבן פּליטן און אין די פּרימאַרגנס געאַקערט אינעם טלית די ערד, וואָס איז געווען ניט אויף זײַן, נאָר אויפֿן גויס, אויף טערען גרימײַלעס נאָמען פֿאַרשריבן; צוזאַמען מיט די פֿיר זין, אין די טלית־קטנס, אונטער דער פּאַליענדיקער זון, געקאָסעט די לעבעדיקע זאַנגען, און דערנאָך שוין געבונדן אין סנאָפּעס, געפֿירט אין קלוניע אַרײַן און דאָרטן זיי מיט ציפּעס געדראָשן, אויף די ווייעלקעס געווייעט, אויף די געכּשרטע מילשטיינער געמאָלן און אַ ברכה געמאַכט נאָר אויפֿן ריפּטל ברויט, און אויך זײַנע אורחים, די וואַנדער־קבצנים, געגעבן עסן פֿונעם ווייצנס און קאָרנס, וואָס זײַנע אייגענע הענט האָבן מיט שווערער מי, אין שווייס פֿון פּנים, פֿון גאָטס ערד אַראָפּגענומען... — איז עס שוין טאָקע

דער סוף פֿון זײַן, אלישע בן מאירס, געשריי, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דאָרטן, אין די פּאַלעסיער וועלדער, ווו זײַן מאַמע, ליבע־שׂרה, די טאָכטער פֿון ר׳ אהרן הלוי, האָט אים, שוין דאָס אַכטע קינד, פֿאַרענדיק זיך אויפֿן גאָרטן, געבוירן צווישן די בלאָווע היפּטלעך קרויט און טונקל־ברוינע קעפּלעך מאָן, צווישן די דאַר־פֿאַרגעלטע קיִעכעס־בלעטער און יאָדער־שוואַרצע סאָניש־ניקעס, אין די ווײַניקע ריחות פֿון ווינטער־עפּל, בײַם לעצטן צוויט פֿון אַסטערעס און נאָסטורציע, בײַם קאַלטן פֿלאַם פֿון געאָרגינעס און ראַבינע־ביימער, שוין בײַם אָנהויב פֿונעם גאָלד־וויכערדיקן בלעטערפֿאַל: דעמאָלטן, אין יענעם אלולדיקן פֿאַרנאַכט, איז זײַן ערשטער געשריי אויף דער דאָזיקער ערד אַרײַנגעפֿאַלן אינעם געטומל און געפּילדער פֿון די שאַרעס פֿייגלען, פֿון די גראַקן און שטאַרן, פֿון די שוואַלבן און בושלען, דרעסלער און ווילדע גענדז, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אין די סטאַוו־ און טײַך־וואַסערן פֿאַרן אָפּפֿליען אין די וואַרעמע לענדער: און איצטער, שוין דאָ, אין דעם שקיעה־טאָל, וועט דער סוף פֿון זײַן געשריי אין די זאַמדן אַרײַנפֿאַלן און מיט די מידבר־ווינטן פֿאַרווייעט ווערן? וועט דער לעצטער געשריי זײַנער, פֿון אלישען בן מאיר, דער ביטערער געשריי פֿון מאַנען און פֿאָדערן, דער צאָרנ־דיקער געשריי פֿון דעם אַלטן באַיאַר, אַרײַנפֿאַלן אין דער חמימה, אין דער געדיכטער און פֿײַכטער, ווו אַ בלעטל אויפֿן בוים טוט זיך ניט אַ ריר, ווי פֿאַר־גליווערט געוואָרן: וועט שוין זײַן צאָרנדיקער געשריי אויסגיין דאָ אונטער די נידעריקע שווערע און גרויע הימלען, ווי מיטן אַש פֿאַרווייעט געוואָרן... וועט זײַן גרויסער געשריי שטאַרבן אונטער אָט די פֿאַרוויכערטע אַש־הימלען, בײַ די שוואַרצע פֿלאַמען פֿון די אַזכּרה־ליכט?

אָבער פֿון יענעם אָנהייב, פֿון דעם האַרבסטיקן, אין דעם גאָלד־געוויטער פֿון בלעטערפֿאַל, פֿון דעמאָלטן, פֿונעם אָנהויב־שקיעה אויפֿן דאָרפֿישן גאָרטן, ביז צום אויסלעש פֿון דער שקיעה דאָ, אין די זאַמדן, אונטער די פֿאַראַשטע הימלען: פֿון זײַן ערשטן געשריי אויף דער דאָזיקער ערד דאָרטן, אין די וועל־דער, צווישן די דעמבעס־ייִדן, ביז צו זײַן סוף־געשריי דאָ, אין זײַן אַליין־און עלנטקײַט, ווו די ערשטע פֿיר אויפֿגעגאַנגענע שורות אין זײַן לעבן באַגלייטן אים אין זײַן וואַנדער און וואַגל אויף שריט און טריט, אויף די וואַסערן פֿון דניעפּער־טײַך, און אויף די בערג פֿון ירושלים:

כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס, פֿאַלן פֿון די הייכן,
כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס, יאָגן פֿון דער ערד,

ווּהין איך זאָל ניט קומען, ווּהין איך זאָל ניט גרייכן,
בין איך פרעמד...

פון יענעם קומען אויף דער וועלט, פון יענעם ווײַטן, אָנהייב־געשריי זײַנעם דאָרטן און דעמאָלטן, ביז צו דעם איצטיקן, דעם ביזאָהעריקן, דעם סוף־שקיעה־געשריי זײַנעם דאָ, גייט דאָך, און לויפט, און שלענגלט זיך אַ לאַנגער און יסורים־בלוטיקער וועג פון זײַן פאָלק, און אויך פון זײַן אייגן שווער און נסיונדיקן לעבן, פון אַלע זײַנע גילגולים, וואָס האָבן קיין מאָל און אין ערגעץ ניט אויסגעטאָן די צורה, וואָס זיי האָבן פון זייער טאָטן און זיידעס, פון זייערע נאָענטע און ווײַטע דורות בירושה באַקומען... שוין פון יענעם פאַרנאַכט אָן, ווען דער טאַטע האָט אים, דעם פיריאָריקן אלישעלען, פון חדר געטראָגן און אויפן וועג זיך דערוווּסט אַז מ׳האָט פרײַגעשפּראָכן און רייניגעוואַשן בייליסן... מיט אַ מאָל אויפגעהויבן אים, אלישעלען, אויףביידע הענט אין דער הייך, ביז צו די הימלען, אויף די ווינטן, וואָס יאָגן פון די שוואַרץ־אָפּגע־בלעטערטע וועלדער, איבער אַלעמענס צעוויכערטע בערד, וואָס דרייען זיך שוין ווײַסע, מיט שניי פאַרווייעטע, ווײַל ווי נאָר דערהערט אַז דער עלילת־דם איז בטל און בייליס איז באַפרײַט געוואָרן, אַזוי האָבן ייִדן גלײַך פאַרוואָרפן הענט אויפן צווייטנס אַקסל און אין מיטן גאַס, שוין אין דעם שניי־וויכער, גענומען טאַנצן און זינגען, ווי אין שׂמחת־תּורה... און דערנאָך דער גמרא־מלמד, שמואל־יאָסל מיט דער פײַערדיקער באָרד, וואָס האָט אים געלערנט, אַז אין אַ פינצטערן גורל קאָן מען שוין קיין ליכט ניט אָנצינדן, אין אַ פינצטערן גורל וועלן זיך פאַרלעשן אַפילו די ליכט פון בית־המיקדש... און פיטשע אינעם ווײַסן נאָסן קיטל, אַ באָרוועסער, מיט דער שוואַרצער צעוויכערטער באָרד און מיטן תּמיד באַהאַלטענעם לינקן אויג: דער משוגענער פיטשע מיט זײַנע טיפע און רמזדיקע רייד, פיטשע, וואָס האָט אָפּגעסמט ליפּען און אויך זי, גאָלדע־רחלען, און שוין פון גרויסער ליבע!

און באַלד קומט אָן יענער טאָג פון דער ערשטער וועלט־מילחמה, מענטשן קאָפּ־אויף־קאָפּ, ניט דורכגיין און ניט אַדורכצושפּאַרן זיך, אַ מוראַשקע קאָן צעטראָטן ווערן: און דער קלויסטער אויפן באַרג קלינגט אויף צעריסן ווערן מיט אַלע קופערנע גלאָקן, און די אויסגעשפּאַנטע פערד טרייסלען אין דער היץ מיט די קעפּ און פריכען פונעם שטויב, און ניט נאָר גויעס און שיקסעס, נאָר אויך בערדיקע גוים וויינען שיכּורע אויף אַ קול... און די נאָוואָבראַנצעס וואַלגערן שוין קאַפּל אײַזיקס שטוב מיט פרענטעס אײַזן, וואָס

זיי האָבן פֿון זײַן אויפֿגעבראָכענער קלייט אַרויסגעשלעפּט, און אַנדערע פֿאַר־נעמען זיך מיט פּרענטעס אײַזן אַהין, אין דעם זאַמד־געסל, ברעכן דאָרטן די פֿענצטער און טירן, שלאָגן און ראַבעווען... נאָר דאָ, אין מיטן טאָג, הייבט אָן צו ווערן נאַכט, אַ לבֿנה נעמט אַרויפֿגיין און פֿאַרשטעלן די זון, אויף הימל גייען אויף שטערן, און די הינט אַרום וואָיען אַזוי, אַז ס׳גייט אַ קעלט איבערן לײַב.

— די ליקוי־חמה האָט אונדז געראַטעוועט פֿון אַ פּאָגראָם!

— יאָ... אָבער די ליקוי־חמה, ייִדן, איז אַ שלעכטער סימן.

— דער אייבערשטער וועט אויך אויף ווײַטער זײַן מיט אונדז...

און די בתּי־מדרשים ווערן פֿול מיט פּליטים, מיט ווײַבער און קינדער, אַרויסגעטריבענע פֿון זייער אײַנגעזעסענע און אויסגעוואָרעמטע היימען, ווײַל זיי, די ייִדן, די בייליסעס, זײַנען שׂונאים און דײַטשישע שפּיאָנען... און ס׳הייבן זיך אָן אַרײַנשנײַדן אין זײַן, אין אלישעלעס, קינדערשער נשמה, די ערשטע בלוטיקע רינגען.

און דערנאָך, אויף יענעם גורל־פֿײַערדיקן וועג, וויכערן פּעטליורא־שחיטות: די מאַמע אין איר שבתדיקער מאַטינע מיט די ברייטע אַרבל, מיטן זײַדענעם טיכל אויפֿן קאָפּ, מיט יענעם עקשנות אויף די ליפּן: „שווער, אוודאי שווער, נאָר מיר דאַרפֿן דאָס בײַקומען!" גייט צו דער באַן, — זי מוז פֿאָרן צו גאָלדע־רחלען, דאָרטן האָט אַ גרויסער אומגליק געטראָפֿן: זי האָט איר טאָכטער אַ טויטע דערזען ליגן אין פּיטשעס לינקן אויג ווען ס׳האָט זיך בײַ אים אויף אַ סעקונדעלע געעפֿנט... און זי דערקלײַבט זיך צו דער באַן, די מאַמע, און די פּעטליורישע קאָזאַקן אין די ברייטע שאַראַוואַרעס, טונקל־רויטע, ווי פֿאַרבאַקן בלוטן, זיי, די הײַדאַמאַקעס, העלפֿן איר אויפֿן דריטן טרעפּל פֿונעם וואַגאָן זיך אויפֿהייבן, אַ האַנט דערלאַנגט, נאָר באַלד פֿון דאָרטן, שוין פֿון דעם דריטן טרעפּל, מיט אַ רוצחישן, מיט אַ חיישן געלעכטער אויף דער ערד זי אַראָפּגעוואָרפֿן... און אים, אלישען, וואָס האָט אויף די באַנדיטן אַ געשריי אויפֿגעהויבן, אים האָט איינער מיט דער נאַהײַקע די פּלייצע ביזן ביין צעשניטן.

און די מאַמע איז געשטאָרבן. און ער איז געבליבן איינער אַליין. ער וויינט ניט, אלישע, ער קוקט מיט די איבערגעטרוקנטע אויגן, בײַ דער רויטלעכער שײַן פֿון די אויסגייענדיקע ליכט, אויפֿן ווײַסן בערגל, וואָס ליגט אויף דער ערד, מיט די פֿיס צו דער טיר, און זײַן נשמה גייט אַרײַן אין אַזאַ פֿײַערדיקן

רינג, אַז די טרערן וואָס שלאָגן פֿון האַרצן אַרויס ווערן אויפֿן וועג צו די אויגן אויסגעטרוקנט... אין פֿענצטער גייט שוין אויף אַ גרין־פֿראָסטיקער פֿרי־מאָרגן. די באַגרעבער מיט די אַנגעפּרוירענע בערד לייגן דאָס בערגל מאַמע אין מיטה אַריַין, וואַרפֿן אַרויף אַ שוואַרצן געוואַנט, און טראָגן פֿון שטוב אַרויס... און ער, אלישע, וואָס קאָן זיך נאָך אויף די פֿיס ניט שטעלן, מאַכט מיטן נאָגל אַ שמאָלינק סטעזשקעלע פֿאַר זיַין אויג צווישן די אַנגעוואָרפֿענע באַזילבערטע פּאַפּאָראָטן אויף דער טאַפּליע און זעט ווי די שוואַרצע מיטה אויף די איַינגעבויגענע אַקסלען וויגט זיך איבער די אַנגעשנייטע גערטענער, — מ׳טראָגט זי אַוועק פֿון אים, די מאַמע, אויפֿן בית־עולם, אויף תּמיד, שוין אויפֿן גאַנצן לעבן.

נאָר דעמאָלטן, נאָך דער מאַמעס טויט, נאָכן פֿאַרוואָרפֿן ווערן אויפֿן כוטער, ווי פֿון עלנטקיַיט מיטן קאָפּ אין דער תּליה אַריַין, און פּשוט על־פּי נס לעבן געבליבן: דעמאָלטן, שוין אויפֿן ראַנד פֿון תּהום, אויף די ווינטן וואָס רוישן אין די ראַבינע־קרוינעז, ווי אין פֿאַרטרוקנט־געוואָרענע שיַיטער־שקיעות: דעמאָלטן, אויף יענעם גורל־פֿיַיערדיקן וועג, נאָכן אַוועקגיין פֿונעם כוטער, באַגעגנט ער אינעם דאָרף, אין דער באַבריצער הוטע, יענע, וואָס איז געווען שיין ווי פֿיַיער און געזונט ווי וואַסער, מאַלי, וואָס האָט געהאַט זיַין מאַמעס קול... און נאָך יענעם קול האָט ער דאָך אַזוי געבענקט, נאָך יענעם קול געוואָלט גיין אַהין... צו דער מאַמע! און ביַי דער ערשטער באַגעגעניש האָט זי, מאַלי, מיט דער מאַמעס קול און מיט דער מאַמעס ווערטער געזאָגט צו אים: — דער האָגל האָט נאָך די פֿענצטער פֿון דיַינע הימלען ניט אויסגע־שלאָגן! — און ער האָט אין אירע אויגן, צום ערשטן מאָל אין זיַין לעבן, דערזען יענע אייביקע, די ניט־ערדישע פֿיַיערן פֿון פֿרייד און צער, וואָס זיַינען אים שוין אויף תּמיד אויפֿן דנאָ פֿון דער נשמה געבליבן ליגן. און גראָד פֿון דאָרטן, פֿון דער טיפֿעניש, פֿונעם סאַמע דנאָ, פֿון יענער פֿרייד און צער, פֿון יענע וויי־און צאָרן־ברונימער, הגם דורך גיהנומדיקע פֿיַיערן און אַנגעגליטע וואַלגער־שטיינער, איז זיַין פֿילבלעטער־און צעצוויַיגטער דיכטערישער בוים אַרויס־געוואַקסן און אַ ניט־אויסגעקרומטער, אַ ניט־איַינגעבויגענער, אַ ניט־איַינגע־הויקערטער, נאָר מיט אַ גליַיכן, שטאַרקן און הייכן שטאַם.

און געפֿונען האָט ער זי דעמאָלטן, אין יענער נאַכט, מאַלין, ווען ס׳זיַינען אויף אים געגאַנגען די זיך־רויכערנדיקע וויַיסע בערג, אַז ניט געווען שוין פֿאַר אים קיין וועלט, אַז שוין ניט געווען פֿאַר וועמען צו קלאָגן זיך... אַל־דאָס־

לעבעדיקע איז אַרויסגעריסן און פֿאַרטראַגן געוואָרן אין אַ וויסט־און ליידי־קײַט, אין אַ ווײַסער פֿינצטערניש, וואָס וואַיעט איבער דער ערד, ווי די ווינטן וואָלטן געיאָגט פֿון דורכגעלעכערטע הימלען. און ער פֿאַלט אין יענער נאַכט, אלישע, און הייבט זיך ווידער אויף פֿון די הורבעס שניי און רופֿט זי, מאַלין, וואָס אין דער פֿאַרווייעניש אַרײַן, האָט מורא צו פֿאַרבלײַבן דאָ, אויף דער ערד, און אָט דעם תּהו־ובֿהו, אָן מאַליס, אָן דער מאַמעס קול... אָן דער מאַמעס קול וועט אים די נאַכט, וואָס ווערט מיט יעדער רגע פֿאַרביטערטער, מיט דער אומברחמנותדיקער ווײַסער פֿינצטערניש פֿאַרשיטן... און ער האָט זי געפֿונען, מאַלין, בײַ דעם ברונעם, ווּהין די פּעטליוראָווצעס האָבן אַרײַנגעװאָרפֿן איר מאַמע, וואָס האָט זיך געוועהרט, מיט די הענט פֿאַר דער ברעט זיך אָנגעכאַפּט אויף ניט אָפּצורײַסן זיי, האָט מען איר די פֿינגער מיט אַ שווערד אָפּגעהאַקט און דערנאָך זיי, די אָפּגעהאַקטע בלוטיקע פֿינגער, פֿון דער ברעט אין ברונעם אַרײַנגעשאַרט... טאַקע דאָרטן, בײַ יענער קרענעצע, בײַ דער פּלוצעמדיקער לבֿנה־ליכט, וואָס האָט אויף אַ רגע געשפּאָלטן די כמאַרעס, דאָרטן האָט אלישע זי דערזען, מאַלין, ווי אַ פֿאַרווייעטן יאָוואָר־בוים בײַ דער קרענעצע איבערן וואַסער שטיין און רעדן מיט איר מאַמע... זי איז אים דעמאָלטן, מאַלי, פֿון גאָט געשיקט געוואָרן ניט נאָר צו שטילן און טרייסטן אים, נאָר דער עיקר העלפֿן אים קומען צו זיך, צו זײַן אייגענער נשמה, צו זײַנע אייגענע כּוחות, צום געלײַטערט־און געשליפֿענעם וואָרט פֿון דורות, וואָס מיט דעם וועט ער דאַרפֿן, אלישע, אין זײַן ווײַטער און שווערער שליחות גיין.

און דערנאָך איז אים אויך פֿון גאָט געשיקט געוואָרן זי, שיינדל, וואָס האָט זיך איבערן גורל־פֿײַערדיקן וועג געלאָזט מיט אים גיין, און מיט אַלע אירע כּוחות געהאָלפֿן אים זײַן שליחות אויספֿילן. זיי, מאַלי און שיינדל, האָבן אין די שווערסטע און פֿײַנלעכסטע יאָרן געהאָלפֿן אים אויסשטיין און בײַקומען. אַוודאי וואָלט ער נאָך ערגעץ־ווּ באַדאַרפֿט אויף יענעם וועג זיך אָפּשטעלן, אויף אייניקע שיידוועגן זיך פֿאַרהאַלטן, פֿאַראַן נאָך דאָרטן וואָס צוגעבן, אָבער דורכגיין איצטער, שוין אין דעם טיפֿן שקיעה־טאָל, נאָך אַ מאָל, און בײַ די שוואַרצע אַזכּרה־ליכט, יענעם גיהנומדיקן וועג, פֿון דעם ווײַטן דאָרף אין די פּאָלעסיער וועלדער, ביז צו די בערג פֿון ירושלים, איז שוין ניט פֿאַר זײַנע כּוחות, הגם ער איז נאָך פֿאַרליבט, דער אַלטער אלישע בן מאיר, ווי זײַנע זיידעס די ערד־ און וואַלד־ייִדן, אין דער וועלט, ווערט נאָך פֿאַרכּישופֿט פֿון אַ זילבער־טאָפּאָל בײַ דער שקיעה, פֿון אַ געשטרײַפֿט־ווײַסער בערעזע אין לבֿנה־

ליכט, פֿון דעם נאַקעטן עפּלבוים אין ראָזעווען צוויט, פֿון די ערד־ריחות נאָכן ערשטן פֿרילינגדיקן רעגן, פֿון אַ פֿייגל־טריל בײַם זון־אויפֿגיין... ער זעט אָבער, דער אַלטער ייִדישער שרײַבער, אַז די קאָליר־פֿײַערן אין זײַן שקיעה־טאָל לעשן זיך, דאָס קלעצל פֿאָדעם האַלט בײַם אויסגיין, זײַן שעה שלאָגט און ער ווערט גערופֿן אַהין, צו די שערי רחמים, צו דעם אור הגנוז... דאַנקט ער, דער אַלטער כּהן, אלישע בן ליבע־שׂרה, זײַן גורל פֿאַרן דורכפֿירן אים דורך אַלע פֿײַערן אַ געלײַטערטן, אַ ניט־אײַנגעבויגענעם, אַ ניט־אײַנגעפֿאַלענעם, אַ ניט־אײַנגעבראָכענעם, דער עיקר דורך יענעם פֿײַער אין תּפֿיסה, דורך יענער עמגעבע־וועלט, ווּ אַלדאָס לעבעדיקע ווערט אַרײַנגעזונקען, ווי די קו, וואָס ער, אלישע, האָט אַ מאָל, אין זײַנע ייִנגל־יאָרן, אויפֿן כוטער, געזען אין די זומפּן זינקען: דער קאָפּ מיט די הערנער האָבן זיך איר נאָך געוויגט איבער די גרויע מאָכן און פֿון אירע ברענענדיקע גרויסע אויגן אַנטקעגן דער שקיעה האָבן געקאַפּעט רויטע טרערן, קיינער האָט איר אָבער דאָרטן ניט געקאָנט העלפֿן.

און ער דאַנקט, דער נאַהאַדיִער, ר׳ אלישע, דעם פֿײַערדיקן גורל זײַנעם, וואָס גראָד דאָרטן, אין דער תּפֿיסה, ווּ אויך אים האָבן זיי, סמערדיאַקאָווס לײַט, פֿון לעבן געוואָלט אַרויסרײַסן פֿאַר שרײַבן ייִדיש, פֿאַר פֿאַרהאַלטן די אַסימילאַציע, ווי זיי האָבן שוין אומגעבראַכט בערגעלסאָנען, מאַרקישן, האָפֿ־שטיינען, דעם ניסתּר... דאָרטן, אין יענעם קאַלטן שטיינערנעם קאַסטן מיט דער סיוועד שײַן, ווי בײַם לעבן אויסלעשן זיך, ווי בײַם אַראָפּזינקען שוין אַהין, אין שוואַרצן תּהום אַרײַן, גראָד דאָרטן, אין יענער שטייענדיקער מיטה מיטן וואַפּנע־ריח, וואָס פֿאַרגייט ביז טרערן אין די אויגן, ווּ מ׳קאָן זיך ניט אַ דריי טאָן: דאָרטן, ווּ ער, אלישע, מורא האָבנדיק, אַז ער וועט דאָ ניט אויסשטיין און בײַקומען, און פֿון מורא האָבן, אַז ער קען דאָ, חלילה, אײַנגעבראָכן ווערן, געוואָלט דאָס לעבן זיך נעמען... און אַז בײַ דער גוססדיקער מיטה־ליכט שוין אָן אויסבייג דערזען און אין אים, אין יענעם שפּיץ שטיין, דעם קאָפּ געוואָלט זיך שפּאַלטן, דאָ האָט ער פּלוצעם יענעם וואָרן־קול דערהערט:

— פֿאַרלענד ניט, אלישע, דײַן לעבן! די צוררי היהודים וואַרטן נאָר אויף דעם... דו טראָגסט מײַן נאָמען! איך בין יענער וואַלד־ייִד, דער בראַצלאַווער חסיד, וואָס איז געגאַנגען אויף קידוש־השם ווען גוים האָבן געוואָלט פֿאַר־שוועכן דעם אָרון־קודש... דו דאַרפֿסט לעבן! איך בין קיינמאָל צו דיר ניט

געקומען, ווײַל צו חלום גייען מתים, און איך לעב אין דיר . . . דו טראָגסט ניט נאָר מײַן לעבן, נאָר אויך מײַן נשמה! מיר האָבן מיט דיר אַ שליחות . . .

און דער אַלטער כהן, אלישע בן מאיר, דאַנקט דעם פֿײַערדיקן גורל זײַנעם, וואָס גראָד דאָרטן, אין סטאַלינס שוואַרצער תּפֿיסה, אין די זומפּ־שטיל־קײַטן, אין די פֿאַרטויבטקײַטן, ווו דער מענטש און זײַן קול ווערט אין יסורים פֿאַרזונקען; וואָס גראָד דאָרטן, אין יענער שטיינערנער מיטה, בײַם ווערלן נעמען זיך דאָס לעבן, איז פֿאַר זײַנע אויגן אויפֿגעגאַנגען די גרויסע ליכט בײַ וועלכער ער האָט גאָר אַנדערש דערזען די וועלט, זײַן פֿאָלק, די וווּנדער־לעכע דעמבעס פֿון פֿאָלעסיער וועלדער, די באַיאַרס, וואָס קאָנען גיין מיט דער האַק אין האַנט קעגן דעם שונא, און אויך קעגן זייער גאָט . . . דערזען אין דער קלאָרער ליכט דעם גרויסן חורבן פֿון זײַן פֿאָלק, ניט די שואה, נאָר דעם חורבן! ניט קיין קאַטאַסטראָפֿע איז עס געווען, נאָר אַ חורבן, דער גרעסטער חורבן אין דער געשיכטע פֿון יידישן פֿאָלק! דאָרטן, אין דעם שטיינערנעם קאַסטן פֿאַרשטאַנען: זײַן פֿאָלק איז דער פּרובירשטיין פֿאַרן געוויסן פֿון דער וועלט, דער פֿײַערשטיין פֿאַר אַכזריות און הפֿקרות . . . אַז דער חורבן פֿון תרצ״ט־תש״ה, איז דער גרויסער בראָך פֿון דער וועלט־קולטור, פֿון דעם קריסטנטום, אַז די גאַזקאַמערן זײַנען די ווײַטערדיקע און פֿאַרגרעסערטע שײַטערס פֿון דער אינקוויזיציע, אַז ער, אַדאָלף היטלער, איז גאָר ניט געווען קיין מטורף, ווי מ׳וויל אים אויסמאָלן און פֿאַרשטעלן, ניין, נאָך אים זײַנען געגאַנגען זיבעציק מיליאָן דײַטשן . . . און מיט זייער הילף האָט ער מיט דער דײַטשישער אַקוראַט־און־פּינקטלעכקײַט פֿאַרווירקלעכט דעם פֿון פֿריער באַדאַכט־און באַטראַכטן חורבן פֿון דעם גײַסטיק־רײַכן, פֿון דעם פֿול מיט כּוח און לעבן אייראָפּעיִשן יידנטום; ער, אַדאָלף היטלער, איז פּשוט אַן אייניקל פֿון טאָמאַס טאַרקוועמאַדאַ, אַן אוראייניקל פֿון די נוסע הצלב, אַ ברודער פֿון באַגדאַן כמעלניצקי און סימאָן פּעטליוראַ . . .

און ער דאַנקט אויך, אלישע בן מאיר, דעם פֿײַערדיקן גורל זײַנעם, פֿון דער טיפֿעניש פֿונעם שקיעה־טאָל, פֿאַר די שווערע און יסורימדיקע, אָבער פֿריידיק־שאַפֿערישע און דערהויבענע, פֿאַר די אחריותדיקע „ערבֿ״־יאָרן, בײַ די שוואַרצע אַזכּרה־ליכט דאָרטן, אינעם שטיבל אויף די וואַסערן פֿון דניעפּער, אונטערן לעבערדיקן דאַך, ווו מ׳האָט באַדאַרפֿט אַוועקשטעלן אַ מולטער אויפֿן שרײַבטיש די כּתבֿ־ידן זאָלן פֿונעם רעגן ניט פֿאַרגאָסן און צעווייקט ווערן; דאָרטן, באַלד נאָכן אַרויסגיין פֿון דער תּפֿיסה, נאָך מיטן

אַפּגעשוירענעם קאָפּ, די גרויע מאַקינטאָשן האָבן יעדער רגע געקאָנט ווידער קומען נאָך אים: אַרום וויסט און פֿינצטער, דער פּחד פֿון אַרויספֿירן ייִדן אין פֿאַרמאַכטע וואַגאָנען איז נאָך ניט פֿאַרביי, דאָס ייִדיש וואָרט איז פֿאַרבלוטיקט, דערשטיקט און דערוואָרגן, אָט דעמאָלטן האָט ער, אלישע, גענומען דאָרטן שרײַבן „ערבֿ", זיך שלאָגן מיט זײַן וואָרט און נשמה קעגן אַלע שׂונאים פֿון ייִדישן פֿאָלק, קעגן די אָפֿענע און פֿאַרשטעלטע, קעגן די אַפּלייקענער און אָפּשפּעטער... און שפּעטער, אַז פֿון דעם דזשונגלשווילי־לאַנד, פֿון דעם סמערזיאַקאָוו־קיניגרײַך, ווי אַלץ איז דערלויבט, ווו אַ ווײַס ציגעלע קאָן פֿאַר די אויגן פֿון דער גאַנצער וועלט איבערגעפֿאַרבט ווערן אויף שוואַרץ... אַז ער איז פֿון דאָרטן מיט שיינדלען, איבערגעלאָזט די קינדער מיט די אייניקלעך, מיט די לעצטע כּוחות און האָפֿענונגען געלאָפֿן צו די בערג פֿון ירושלים נאָך אַ דאָך איבער זײַן שאַפֿערישן לעבן, איבערן קיום פֿון זײַן ייִדישן לשון, איבערן זאַפֿטיק־שפּרודלדיקן לשון פֿון די באַיאַרס; געלאָפֿן מיטן גרויסן און טיפֿן גלויבן אין האָרצן, אַז ער וועט ווי אַ ברודער אויפֿגענומען ווערן... אָבער אויך דאָ, אין מדינת ישׂראל, וואָס איז אויפֿגעקומען אויפֿן בלוט פֿון זײַן פֿאָלק, אויך דאָ, אין זײַן גרויסן טרוים, איז ער אַ פֿרעמדער, אַן איבעריקער, אַן אַנגעוואָרפֿענער, אַ ממזר, — אַ קללה פֿון דעם גלות!

און הגם אויך דאָ, בײַ די בערג פֿון יהודה, ווו פֿאַרטאָג קלעטערט ער, אלישע בן מאיר, מיטן געשטרײַפֿטן וואָלענעם שאַרף אויף די פּלייצעס, צום הר־הזיתים און שטעלט דאָרטן דעם מצבֿה־שטיין פֿאַר די אומגעקומענע און אומגעבראַכטע, וואָס האָבן אַפֿילו ניט קיין קבֿרים; פֿאַר זײַן שוועסטער און איר קינד, וואָס זײַנען לעבעדיקערהייט פֿאַרברענט געוואָרן בײַם שוואַרצן ים; פֿאַר דעם טאַטן, דעם זקן, וואָס האָט אויסגעהויכט די נשמה אין דער פֿאַרוואָרפֿנקײַט, ערגעץ בײַ דער וואָלגע, און ס'איז אַפֿילו ניט געווען ווער ס'זאָל אים צומאַכן די גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן אַ לעבן לאַנג אויפֿן גואל־צדק אַרויסגעקוקט; פֿאַר זײַן זיידן, וואָס האָט קיין שוחט ניט געקענט ווערן, ווײַל ניט געקאָנט פֿאַרגיסן אַ טראָפּן בלוט פֿון אַ בעל־חי, פֿאַר אים, דעם גרויסן בעל־רחמים, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אין חבֿרון; פֿאַרן ברודער, וואָס סטאַלין האָט געשאָסן; פֿאַר זײַן מאַמע, וואָס פּעטליוראַ האָט אומגעבראַכט...

— הגם אויך דאָ, בײַ די ברעגן פֿון ירושלים, בײַ די דרײַ קיפּאַריסן, וואָס וויגן זיך אין די נעכט אין זײַן שמאָלן פֿענצטער און ווילן פֿאַרשאָטענען אויף דער וואַנט יענע בלוטיקע שורה: אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ, און

אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ... **און אויך ווילן יענע דרײַ קיפּאַריסן פֿאַרוויגן יענע ליד אין זײַן האַרצן:**

כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס, פֿאַלן פֿון די הייכן,
כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס, יאָגן פֿון דער ערד,
וווּהין איך זאָל ניט קומען, וווּהין איך זאָל ניט גרייכן
בין איך פֿרעמד...

כמאַרעס, מאַמע, כמאַרעס,
הימלען שוואַרצע,
און די ערד גייט אונטער מיר צום האַרצן,
און דער וואַלד באַהאַלט פֿון מיר זײַן לשון,
רינט מײַן בלוט אין הייסן זאַמד דאָ
און ווערט אין פֿײַער אויסגעלאָשן.

**און הגם אויך דאָ, שוין צופֿוסנס דעם כּרמל־באַרג, ווו די ים־כוואַליעס שלאָגן אין די נעכט בײַ זײַן צוקאָפּנס און לאָזן זײַן ווייטיקדיקן אומרו און זאָרג ניט אײַנדרעמלען:**

בין איך דער לעצטער, דער סוף שוין פֿון אַ וועלט,
צי אפֿשר בין איך גאָר דער אָנהייב פֿון אַ דור אַ צווייטן?
נאָר דער וואָס דאַרף באַגעגענען, דער איז נאָך ניטאָ,
און דער וואָס דאַרף באַגלייטן מיך, קאָן מיך ניט באַגלייטן,
ווײַל אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ מ'האָט אים לאַנג שוין מײַן באַגלייטער...
שטיי איך טאַקע בײַ דעם סאַמע תּהום,
בײַם אָנהייב פֿון דעם אייביקן פֿאַרפֿאַלן?
מ'זעט דאָ קיינעם ניט,
מ'הערט דאָ ניט קיין קול,
ניט פֿון באַרג, און ניט פֿון טאָל!
איך רוף צו עמעצן מיט אַלע מײַנע כּוחות,
נאָר קיינער ענטפֿערט ניט.
דאָס בלוט פֿון ברודער מײַנעם שרײַט אין מיר,
איך ברען צוזאַמען מיט מײַן שוועסטער און איר קינד...
אויף וועגן ווײַטע זוך איך דאָרט די שלייפֿן פֿון אַ ראָד,
בײַ שקיעה פֿון דעם וואַלד וויל איך מײַן מאַמעס קול דערהערן...

**און דאָך, און פֿונדעסטוועגן, דאַנקט ער, דער אַלטער צאַרנדיקער כּהן, אלישע בן מאיר, פֿון דער טיפֿעניש פֿון דעם שקיעה־טאָל, פֿאַרן פֿאַרגיין, פֿאַרן אַראָפּנידערן אַהין... ער דאַנקט דעם פֿײַערדיקן גורל זײַנעם פֿאַר די „ערבֿ"־ און „רינגען"־יאָרן, פֿאַרן געבן אים די כּוחות פֿון זײַנע ייִדעס, די כּהנים און לוויים, אויסצושטיין און בײַקומען, ניט אײַנגעבראָכן ווערן און ניט פֿאַלן, ניט בייגן זיך און ניט דינען צו פֿרעמדע געטער... פֿאַרן ניט־אַרײַנפֿאַלן אין גלײַכ־**

גילט, אין פֿאַרביטערטקייט, אין שוואַרצן יִיאוש און גיין איינער אַליין מיט זײַן שליחות און גובֿר זײַן די לאַנגע יאָרן עלנטקייט...

און אויך דאַנקט ער ווײַטער, אלישע בן ליבע־שׂרה, דעם גורל זײַנעם, וואָס בײַ זײַן פֿײַער האָט ער אין די נעכט פֿון אויסגעלאָשענע שטערן די טיפֿ־קייט פֿון לעבן, און פֿון אַנדערע וועלטן דערזען; פֿאַר די ווײ־ און צאַרן־ברינע־מער, וואָס ער איז אין זיי ניט אומגעקומען, נאָר געשעפּט פֿון זיי די ליבע און די גרויסקייט פֿון זײַן ייִדיש פֿאָלק... און צום סוף דאַנקט ער, אלישע בן מאיר, פֿון די טיפֿענישן פֿון דעם שקיעה־טאָל, פֿון די בענקשאַפֿטן אין זײַן צעבלו־טיקטער נשמה, פֿאַר די זריחות און שקיעות, פֿאַר די וווּנדער־פֿונקען אין די טראָפּנס ראָסע, פֿאַר די לבֿנה־נעכט אין בערעזעווון וואַלד אויפֿן כוטער, פֿאַרן וואַסערפֿאַל אין די קינדער־יאָרן, פֿאַרן פֿרילינגדיקן בלויען שנייגלעקל, פֿאַר די ערשטע קרייִעס אויפֿן טײַך, פֿאַרן קלאַקאַטשען פֿון די ווילדע גענדז, קראַנ־שנעפּן, וואַלדשנעפּן און בושלען אין די הימלען, פֿאַר די זאַווערוכעדיקע שניי־פֿאַלן, פֿאַר די געוויטערדיקע שלאַקסרעגנס, פֿאַרן פֿײַף פֿונעם שטאַר אין נאַקעטן סאַד... אַ דאַנק דיר, פֿײַערדיקער גורל מײַנער!